זיינע געבענטשטע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן, זיין געניטקייט און דערפאַרונג אין קאָמערציעלע עניינים, זיין פלייס און פינאַנציעלע מעגלעכקייטן ווי אויך די קלאָרקייט אין מקח וממכר באַציונגען האָבן שנעל אַרויסגעפירט די הויף־ענינים פון בלאָטע... די געעשפטן זיינען געגאנגען גלענצנד. די אלע אויבנדערמאָנטע אייגנשאפטן זיינען אויך פרוכטבאר געווען פארן שטעטל אונדזערס. פיל בייגע־לייגט און מיטגעהאָלפן האָט ער צום אויפשטייג פונעם שטעטל — ווי ס'ווערט בולט און קלאָר אין ווייטערע שורות.

ער האָט אויך מער פאַרברייטערט יידישע באַשעפטיקונגען; ווערבירט האָט ער שטעטלשע יידן צו דער אַרבעט אין הויף, אין פעלדער ווי אויך אין וואַלד. ער האָט געזארגט אַז „ישראל עמך" זאָלן אַרבעטן און האָבן פרנסה. דערביי מוז אויך באמערקט ווערן, אז גאָר א אויסערלעכער פאקטאר — מכוח א מלוכה־דעקרעט האָט זיך אַריינגעמישט און מערער ווי פאַרדאָפּלט דער יידישער באַפעלקערונג פון אונדזער היימשטעטעלע. אויך ביי אַזוינע באַדינגונגען און אומשטאנדן האט ליבערמאַן פיל געהאָלפן מיטלבאַר ווי אויך אוממיטלבאר.

חשובער רעדאקטאָר! אַז איר לייענט „טוביהן" פון „שלום עליכם" און איר האַלט ביי זיין סדרה „לך לך" און „ויסעו", איז עס זיכער קיין דיכטערישע אויסטראַכטעניש און קיין שום פּאָעטישער פאָרטעל און „קיצל" צום לאַכן. ס'איז אן אמת, פולבלוטיקע לעבנסווירקלעכקייט וועגן וועלכער נאָר דער גרויסער „שלום עליכם" האָט געקענט אַזוי דערציילן — מיטן גוטן רייפן שמייכל און טרערנדיק אויג. אַזוי האָט טאקי יעדער ביטערניש ניט אויפגעהערט צו זיין ביטער, יעדער צרה איז געווען טאקי א צרה, אָבער מיר לייענען און לאַכן אָן צעזאַמענברעכן און צעפּלאַצן... „שלום עליכם" רעדט צו אונדז פון טוביהס מויל וועגן געשעענישן וואָס האָבן אויפגעטרייסלט און דערשיטערט יידישע לעבנס, אויסגעוואָרצלט און דעקלאַסירט פון זייערע היים־אָרטשאַפטן און פרנסות און „ויסעו"...

וועגן אַזוינע גזרות, אַזוינע באַדינגונגען און אומשטענדן וועל איך, שעיה קאַצאָוויטש, אויך אין ווייטערע שורות דערציילן.

נאָך א צייט לאַנג איידער איך בין אויף דער וועלט געקומען, איז אַרויס א מלוכה־דעקרעט פון רוסישן צאַר, אז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן די דערפער וווּ זיי וווינען, ווי אויך זייערע פרנסות און איינאָרדענען זיך אין שטעט און שטעטלעך. ווי איך האָב אַרויסגענומען פון געשיכטע־ביכער, וואָס איך האָב געלייענט, האט די גזרה אָנגעהאלטן שוין אינעם אנהויב פון נייַנצענטן יאָרהונדערט, שוין אין 1804 און געדאַרפט אַבסאָלוט און פולשטענדיק אויסגעפירט ווערן ביז 1808. די מאַכט־האָבער האָבן זיך אָבער טיילמאָל אַליין דערשראָקן, זעענדיק אַז ס'איז ניט אַזוי לייכט עס אויסצופירן... האָט מען עס טיילווייז פאַרהאַלטן: מען האָט דערלויבט יידן צו באַזעצן זיך אויף ערד אין „נייע רוסישע שטחים", אויף אלע געביטן

פאַרנומענע נאָך די רוסיש־טערקישע מלחמות, אין כערסאָן, ארום שווארצן ים און אויך ווייטער. זיי האָבן קיינמאָל ניט אָפּגעשאַפט דעם דעקרעט, אָבער טיילמאל האָבן זיי געפירט ווי א „הלכה ואין מורים כן...״ פון צייט צו צייט איז מען געקומען ווידער צו איבערצוחזרן אויף דעם דעקרעט און ווידער פאַראָרדנט דאָס זעלבע. און אָט קום איך צו דער סדרה פון „לך לך״ און „ויסעו״ אין קריוויטש אַריין. — דאָס איז געווען, ווי מען האָט מיר דערציילט אַכציקער יאָרן צי אויך ניינציקער — אינעם סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן ס׳אריינפאָרן קיין קריוויטש פון דערפער אַרום — „וילך איש ישראל ויבוא״. מערער אָדער ווייניקער וועל איך פאַרזוכן איצטער אויסרעכענען ווער, וואָס און ווי אויך פון וואַנען — האָבן געמאַכט „ויסעו״ אין אונדזער שטעטעלע אַריין: (כ׳ווייס ניט אויב ס׳איז שוין געווען אין מיינע ערשטע יאָרן).

לייבע קאַצאָוויטש און טאָדרעס סוד מיט זייערע משפחות „למטה כפר״ זאַדוביעניע, פינף וויאָרסט פון אונדזער שטעטל. ראובן און זיין זון אליהו מיט משפחה „מכפר״ פיליפּקע און אָנגעפאַנגען האָט מיט דעם אַ „דינאַסטיע״ פון אלי פיליפּקער. „ויבואו״ משפחה מאיר מכפר לאהויקע; געקומען אויך לייבע מיט זיין זון בערל מכפר יאזנע; צבי־הירש קאַצאָוויטש מכפר פּרודניקע. און אָט איז יהודה נפחא און משה־אברהם קאַידאַנאָוו. דן טייץ, אַ „סנדלר״ מכפר מאַצקי משה נפח (דער שמיד) אויך פון מאַצקי; דוב־בר פון דאָרף זדרעלעוויטש ויקרא שמו בישראל — בערל דער זדרעלעוויטשער. ווייטער נאָך שווימט אין זכרון: אברהם־מרדכי „סנדלר״ מכפר כורטאי — אברהם יצחק מיט אַן אַלטן טאַטן פון כורטאי ווי אויך יצחק מעלצער פון האָראָדזישצ׳ע און שמואל מכפר ניעוויע־רי. אַ פאַמיליע קאַצאָוויטש — אַ מוטער מיט דריי זין און טאָכטער פון דאָרף סיוועצע.

אָט די אַלע אויבנדערמאָנטע זיינען אַריינגעפאָרן צו אונדז אין שטעטל, מיט זייערע גרויסע משפחות — וואָס האָבן שוין „אויסגעוויקלט״ נאָך נייע משפחות און ס׳איז ענג געוואָרן מיטאַמאָל — אין דער שטעטלשער קליינער שולכל, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן נאָך אין זעכציקער יאָרן פון ניינצנטן יאָרהונדערט — ווי איך האָב געהערט דערציילן. ס׳איז אויך ניט צו פאַרגעסן אַז צווישן די אָנגעפאָרענע זיינען געווען אייניקע יידן „בעלי תורה״ און גאָר קיין פּראָסטע מענטשן אין „הליכות עולם״. איז ווו זשע קענען יידן נאָך אַזוי גוט זיך אויס־לעבן ווי אין אַ „שול״, אין א בית־מדרש? און אָט איז גאָר אַ מין ענגשאַפט... „ויאנחו בני ישראל״ — וואָס זשע טוט מען? — האָבן זיך פאַרשטענדלעך צו־נויפגעקליבן אַלע „שבעה טובי העיר״ און זיך עצה געהאַלטן. „ויאמרו״ — האָבן זיי זיך אַרומגעזען: — עס איז דאָך דאָ אַ יידישער פּריץ, „אדוני״ ליבער־מאַן. ס׳איז עפּעס א קלייניקייט? — איז מען טאַקע אַוועק צו אים „ואתחנן״ —

בעטן אים ער זאָל זיי אַרויסהעלפן און מיטהעלפן אין דער אַנגעווייטיקטער פּראַגע. „אַחרת מאין יבוא עזרי?" אויב ניט, וועלן דאָך יידן חס וחלילה ניט האָבן ווו מתייחד זיין זיך מיטן אָבינו שבשמים... אַזוי טאַקע איז עס געווען. ליבערמאַן האָט זיי טאַקע גוט אויפגענומען און ווי געהעריק אויסגעהערט און נאָכגעקומען זייער בקשה. און טאַקע אומר ועושה — גערעדט און געטאָן! די ערשטע ווינטער־טעג האָט מען שוין אויסגעהאַקט בוימער אין וואַלד און גע־בראַכט אין שטעטל. אין פאַרלויף פון זומער־חדשים האָט מען שוין אויסגע־פּאַרטיקט דער געביידע פון נייעם שיינעם בית־מדרש אויף אַן אַנדער אָרט ביי מיאַדלער גאַס. ס'איז ליכטיק ווי אויך פריילעך געוואָרן. ס'איז שוין גענוג פּלאַץ געווען פאַר אַלע ניי־אָנגעפאָרענע אין שטעטל ווי אויך פאַר געסט אָנקומענדע פון הויפן, „ישובים" און אויך פון דערפער אַרום. ווייל געבליבן זיינען דאָך איניקע „בני מזל", וואָס איז זיי געלונגען אַ דאַנק אומשטענדן, אויסצומיידן די גזירות פון „ויסעו" און „לך לך". די פּריצים ביי וועמען זיי זיינען געזעסן, האָבן נאָכניט געקענט זיך אַן עצה געבן אָן די זעלבע „בני מזל". זיי האָבן נאָך געדאַרפט זיי לעת־עתה פאַר זייערע צוועקן: ווי הלוואות, געלט באָרגן, קויפן און פאַרקויפן א. אַ. וו. האָבן די פּריצים נאָמינירט זייערע יידן פאַר אָנגעשטעלטע: עקאָנאָמיסטן, פאַקטאָרן, „אופּראַוולי‌אַיושצעס" א. אַ. אַזוינע ווי צום ביישפּיל: גרשון מאַרצינאָווע מיטן זון זיינעם אהרון־קאַפּל אין פּאַקושט; זלמן גוטמאַן (בערקעס) מיט זיין פאָטער שמואל־לייבע אין מאָטיק; מאיר בערעס — אין באָראָוויק און נאָך איניקע. אויף „ימים נוראים" און יום־טובים פלעגן אויך די אַלע אַריינפאָרן אין שטעטל און ביילייגן צו דער פייערלעכקייט — מערער עולם, גרעסער די שמחה.

— ווער ס'האָט ניט געזען די פייערלעכקייטן און דער שמחה צום אויס־פּאַרטיקן דעם נייעם בית־מדרש, האָט שוין מער אַזאַ מין שמחה אין קריוויטש ניט געזען. אַזוי האָט מען דערציילט. ליידער קען איך ניט פעסטשטעלן גענוי, ווען איז עס געווען. אפשר בין איך נאָך ניט געווען אויף דער זינדיקער וועלט אונדזערעס. אַ „קבלה" פון טאַטן־מאַמען, האָב איך געהערט, אַז יענעם ראש השנה און איבעריקע יום־טובים איז אַראָפּגעקומען פון הויף אין שטעטעלע, אונדזער „נגיד" ליבערמאַן מיט זיין גאַנצער משפּחה: זין און טעכטער, שניר און איידעמס מיט איניקלעך — אַזוי אויך אַלע יום־טובים און שבתים אין משך פונעם גאַנצן יאָר. ער פלעגט אויך קומען אַ פּאָר מאָל צוויי דריי יאָר שפּעטער, אָבער ניט מיט אַזוי פיל גלאַנץ און פּראַכט. דאָס אַלטע שולכל איז געוואָרן פאַרהייליקט אַלס הקדש; אַרונטער גענומען אָן אַ זייט און אָפּגעזונדערט, אַז אַ דורכפאָרנדער אָרעמאַן זאָל האָבן ווו איבערצונעכטיקן אַ נאַכט. מען האָט אַרום־געצאַמט דעם פּלאַץ, כדי ציגן און קי זאָלן ניט אַרויף און אַרומקריכן. אַ געוויסער

ייד — רפאל־יצחק האָט איבערגענומען די השגחה אויף אַלץ, אויפּפּאַסן די אָרעמעלייט אינעווייניק און אויסן אויפן פּלאַץ.

די ניי־אָנגעקומענע אין שטעטל האָבן זיך גאָר שנעל איינגעוואָרצלט; באַלד האָט מען שוין געשדכנט זיך; באַלד זיינען שוין אויך „תנאים" געשלאָסן געוואָרן, און חתונות. אָט קומט אַרויס אַן אמתע מעשה, וואָס מען האָט דערציילט: בערל זדרעלעוויטשער האָט געהאַט גאָר אַ פיינעם יינגל — מענדל האָט ער געהייסן — גוט געבויט און גאָר פיין געוואַקסן. דער קריוויטשער שוחט פון יענע צייטן — זלמן־שלום (זיין פאַמיליע־נאָמען האָט שוין קיינער ניט געדענקט) האָט געוואָרפן אויפן יונגן מענדל אַן אויג און גענומען זיך קימערן וועגן אים, ווי אויך צוציען דעם יונג צו זיין שטוב. דאָס אַלץ, פאַרשטענדלעך, מיטן ווייטערן קוק און כוונה צו „איינקויפן" אים פאַר זיין איידעם. דער זלמן־שלום שוחט איז געווען אַ גרויסער „בעל מנגן". ערשטע יאָרן האָט ער מענדלען אַליין געלערנט. ער האָט מיט אים תלמוד און מדרשים, ווי אויך חזנות געלערנט. נאָכער האָט ער אים אַפילו אויך געשיקט שטודירן חזנות אין ווילנע, וואַרשע און קעניגסבערג ביי די גרעסטע חזנים פון יענער צייט. צוריקקערנדיק אין קריוויטש, נאָכדעם ווי ער איז פון זיינע לערער געקרוינט געוואָרן אַלס ראוי לחזנות און פּעאיק צו זיין אַ חזן, האָט ער חתונה געהאַט מיט דעם שוחטס ניט גאָר גראָטענער טאָכטער און געוואָרן שטאָט־חזן אין פּאָלאָצק. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט אים די יידישע קהילה פון דווינסק צוגענומען אַלס איר שטאָט־חזן.

שפּעטער מיט אַ סך יאָרן איז אויך מיר, דעם שרייבער פון די אַלטע און כמעט פאַרגעסענע קאַפּיטלען, אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט דעם ר׳ מענדל, שטאָט־חזן פון דווינסק. ר׳ מענדל איז שוין געווען דאַן אַ ייד אין עלטערע יאָרן, כמעט אַ זקן, איך — אַ יונגערמאַן. געווען איז עס גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דווינסק טאַקע האָב איך אים געטראָפן. פון מיינע קינדער־יאָרן האָב איך אים געדענקט, (פון זיינע צוויי באַזוכן אין אונדזער שטעטל און מתפלל זיין פאַרן עמוד אין בית־מדרש, וויילנדיק ביי זיינע קרובים און פאַמיליע־אָנגעהעריקע). ער איז שוין דאַן געווען מיט אַ צווייטער פרוי — לויט ווי איך האָב געהערט ניט פון אים.

אַזוי און ווידער אַזוי איז שטעטעלע געוואַקסן, געראַנגלט זיך אין דחקות און נויט; אין ענגע ראַמען פונעם אָרט איז באמת ניט געווען פונוואַנען צו אַנטוויקלען אַ מער ברייטערער לעבנס־עקאָנאָמיק. דאָך איז אין פּערמאַנענטע טאָג־טעגלעכע מאַנגלען און שוועריקייטן געוואַקסן אַ שטעטלשער ישוב. אַ לעבן האָט געשפּרודלט; צעלויכטן האָבן זיך האָפענונג־פונקען. געטליעט האָט אַ גלויבן און בטחון, אַז דער „אויבערשטער" וועט העלפן און ווייטער געצויגן האָט זיך דער שטענדיקער געשפּין פון יידישער טראַדיציע. שוין דאַן

איז מען געווען ביים באוווסטזיין אַז אַן א „יחד" — אַן אַן אחריותפולן וויסן — אַז איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם, וועט מען ניט קענען... פון דעם, אַ קעגנזייטיקע הילף, ניט לאָזן קיינעם פאַלן. אַזוי זיינען פאָרגעקומען חתונות און האָבן געבילדעט נייע משפחות, אַן „הכנסת כלה", אַן אָרעמאַן איז געהאָלפן געוואָרן אַן א „לינת הצדק". און „מתן בסתר" פאַר באַדערפטיקע איז געגעבן געוואָרן אַן דער „עסטאַבליזירטער" אינסטיטוציע אויף דעם נאָמען. אַן אַן „עסטאַבלישמענט" האָבן נצרכים געהאַט אויף שבת און יום־טובים.

ניי־אַנגעפאַרענע האָבן מיטגעהאָלפן אין אַלץ: יחידים פון זיי בלויז. ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז מאַנכע פון זיי האָבן אויך ניט פיל געהאַט און אין אַ געוויסער מאָס געווען „נצרכים". מיטגעהאָלפן האָט אויך אונדזער „נגיד" ליבערמאַן. ניט תמיד אָבער גייט עס מענטשן ווי זיי ווילן. עס איז אויך אַ גורל־זאַך. העלפט גאָט צו קומען אויף אַ הויכן שטאַפּל און פּלוצים גליטשט זיך אויס אַ ראָד און שוין מיטן „פּוטער אַראָפּ", באַרג־אַראָפּ... ליבערמאַן איז געוואָרן אַ חולה מסוכן און אַוועקגעפאָרן אין ווייטע מקומות זיך היילן. אַן זיין אויפזיכט און אָפן אויג, אַן זיינע טאָג־טעגלעכע פאַרשטאַנדהאַפטיקע אַדמיניסטראַטיוו־פאַראַרדענונגען איז אַלעס אַוועק, געבראָכן און געשעפטן האָבן געזונקען טיף. באַלד איז ער אויך אַ „שכיב־מרע" געוואָרן און איז געשטאָרבן, פאַרזונקען אין שולדן און חובות. די ברייט־פאַרצווייגטע משפחה איז צעשפּליטערט געוואָרן און צעפאַלן. די פרוי מיט אַ געהייראַטן זון און קינדער בלייבן אין שטעטל דונילאָוויטש. דאָרט, אין דונילאָוויטש, האָט דער ליבערמאַן געהאַט נאָך אַ הויף — מיכאַלין. פאַרוואָס זיינען זיי געבליבן אין דונילאָוויטש דווקא? — ווייס איך ניט. אַ טאָכטער ליבערמאַנס, מאַריאַשע, מיטן מאַן אַליע בונימאָוויטש — אַ ייד, אַ גרויסער למדן מיט א גרויסער משפחה, זיינען געבליבן אין פּרודניק לעבן קריוויטש ביי אַ וואַסער־מילכל וואָס ליבערמאַן אַליין האָט אויפגעבויט. פון זיינע יורשים איז עס געקומען נאָך פיל שפּעטערע יאָרן אויך אין מיינע הענט. אַזוי האָבן שוין אַלע אין שטעטעלע דערקענט דעם כלל: אַז „לא לעולם חוסן..." אַז גאָט גיט, גיט ער אויך אַ סך, טיילמאָל אָבער ניט אויף שטענדיק. דאַרף אַ בן־אדם זיין תמיד אַ שמח בחלקו...

### „לכו והתפרנסו זה מזה..." אוי די פרנסה!

ווי מאַכט מען אַ לעבן? פון וואַנען זשע נעמט אַ ייד אויף שבת און אַ רעשטל אויף דער וואָך? ווי אַזוי זשע די חיונה, די יאָגעניש נאָך אַ שטיקל ברויט פאַר ווייב און קינדער? די פראַגן זיינען געווען די שטענדיקע באַגלייטער פון יידן אין שטעטל — זייט איך געדענק פון ערשטע פריסטע קינדעריאָרן ביז צום

ביטערן סוף... ס׳איז לייכט צו זאָגן טאַקע — איינער פון אַנדערן זאָל ציען חיונה — אין דער ווירקלעכקייט איז עס אָבער ניט דורכפירבאר, ווייל אויך דער אַנדערער האָט ניט... און „אין הקומץ משביע את הארי ואין הבור מתמלא מחוליתו״. קען דען אַ הויפן (ברעקלעך) זאַט מאַכן אַ לייב? קען דען אַ גרוב פול ווערן פון זיך אַליין, פון זיין אייגענער גען? איז א ווו נעמט מען פרנסה?

ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען וואָכנטלעכע מאַרק־טעג צו־שטאנד געקומען זייער זעלטן; כמעט איינגאַנצן ניט און אפשר צוויי־דריי מאָל אַ יאָר — ווי איך געדענק. און די וואָכנטלעכע „ירידים״ זיינען דאָך שפּעטערע יאָרן, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, געווען אַ וויכטיקער יסוד אין עקאָנאָמישן לעבן פונעם שטעטעלע און אַ הויפּט־קוואַל פון פרנסה פאַרן מערסטן טייל פון יידן. אין מיינע פריסטע קינדער־יאָרן וועגן וועלכע איך דערצייל איצטער און אויך אין שפּעטערע יאָרן, ביז איך בין אַוועק דינען „פּאָניען״ — האָבן נאָר בעלי־מלאכהס געהאַט די מעגלעכקייט מערער אָדער ווייניקער צו פאַרדינען אַ פּאָר גילדן ביי זיך אין זייערע הייזער. דער גרעסטער טייל פון קריוויטשער יידן זיי־נען דאָך אָבער ניט געווען צווישן בעלי־מלאכהס, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פּעדלערײ, מעקלערײ און אַרומשלעפּעניש איבער די אַרומיקע דערפער. איז אַוועק אַ ייד איבערן דאָרף ווו ער האָט אַמאָל געוווינט, ווו פויערן האָבן אים גע־קענט און ער האָט געהאַט דאָרט אַ מעגלעכקייט איבערנעכטיקן, קריגן אויך אַ געבאַקטן קאַרטאָפל און אפשר אויך אַ שטיקל ברויט מיט אַ גלאָז מילך. זיצנדיק דאָרט פלעגט ער אַריבער די דאָרפישע הייזער און צונויפקויפן די חזיר־האָר, אַ קעלבערנע פעלכל, אַ קליין קעלבל, אַ ביסל „סמאַטעס״, וואָס מ׳האָט אָנגערופן „ריזיא״. ס׳האָט זיך אַמאָל געמאַכט אויך אַ „טכוירל״ — ווען עס איז דעם געוויסן קריסט געלונגען צו כאַפּן אים אין אַן אָנגעשטעלטער פּאַסטקע. אַזוי האָבן געטון אויך אַנדערע יידן. די גאַנצע וואָך האָט מען אַזוי אַדורכגעטריבן אין דערפער; דאָנערשטיק פאַרנאַכט אָדער שפּעטסטנס פרייטיק גאָר פרי איז מען שוין געווען צוריק מיט זייער ביסל „סחורות״. זונטיק פאַרטאָג און אַמאָל אויך שבת צו נאַכט פלעגט קומען צולויפן אין שטעטל דער „אלסעילער״ (יוחיל אָדער יחיאל אויף וויפל איך געדענק), וואָס קויפט און פאַרקויפט אַלעס, אָפּנעמען די סחורות און צעטיילן יעדן די פּאָר גילדן וואָס קומט זיי, כדי זיי זאָלן האָבן מיט וואָס ווידער קומען אין די דערפער און אויך איבערלאָזן עפּעס פאַרן שטוב־אויסהאַלט. אַזוינע פּעדלער האָבן זיך גערופן לויט זייערע „אַרבעטס־דערפער״ למשל, לייבע ברושיער, טאָדרעס זאַדובענער א. אַ. וו.

אַ חוץ דער פּעדלערײ, מלאכה און קלייך־האַנדל, מ׳שטיינס געזאָגט, האָט יעדער כמעט ביי זיין הייזל געהאַט אַ גאָרטן צי אַ קליין גערטנדל — ווער אַ גרע־סערן, ווער אַ קלענערן; אַ ציג נאָך אָדער צוויי צו דעם. זעלטן ווער ס׳האָט

פאַרמאָגט אויך אַ קו. גלייך נאָך פּסח פלעגן פויערן אָנפאָרן פון די דערפער מיט זייערע פורן און פערדלעך, מיט אַקער־אייזן און בראָנעס. אויך זיי האָבן גאָר נויטיק באַדאַרפט עפּעס צו פאַרדינען. מען האָט זיי געקענט דינגען צו דער אַרבעט אין גערטנער פאַר אַ מעסטל זאַלץ אָדער פאַר אַ פלעשל נאַפט — אַזוי איז אויך ביי זיי גרויס געווען די אָרעמקייט, און ווי ס׳קריסטלט זיך אַזוי אויך יידלט זיך... אַזוי פלעגט שוין אייניקע וואָכן פאַר שבועות אַלעס זיין פאַרזייט — קאַרטאָפל, מערן, ברוטשקע און בוריקלעך, אוגערקעס, קרויט, ציבעלעך, אַרבעס, בעבלעך — און געקוקט האָט מען אין הימל און געגאַרט אויף אַ רעגן — ס׳זאָל וואָקס שנעלער און בעסער אויפוואַקסן. ראש־חודש אָב האָט מען שוין אַ ביסל געגעסן פון דער שווערער אַרבעט, וואָס מען האָט געהאַט מיט דער משפחה אַרום די גערטנער. מען האָט אַראָפּגענומען די פרוכטן פון דער אַרבעט; מען האָט געהאַט צו עסן, און צו פאַרקויפן, עקספּאָרטירן אַ ביסל — איבערהויפּט זויערע אוגערקעס און זויער־קרויט — אַ קלענער צוגאָב צו דער פּרנסה...

זומער־טעג האָט מען געקענט אויסנוצן כדי זיך אַרויפאַרבעטן אויף נאָך אַ קליינער הכנסה, נאָך אַ פּיצל צוגאָב צו די גרויסע „פאַרדינסטן”. אַרום שבעה־עשר בתמוז האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער „סעזאָן” פון שוועמלעך אין די וועלדער אַרום אונדז. און ווער רעדט, אַז געווען איז אַ סך רעגנס האָט מען דאָך זיכער ניט געקענט פאַרציכטן און דורכלאָזן דעם „שפּעדיקן סעזאָן” האָבן זיך טאַקע ווייבער, מיידלעך און קינדער אַ לאָז געטון אין וואַלד קלייבן שוועמלעך. און ווייסן ווייס דאָך יעדער, אַז שוועמלעך איז אַ מזל־זאַך — ווער עס געפינט שנעלער און פריער, ווער שפּעטער — ווער מערער, ווער ווייניקער. אין סך־הכל האָבן אַלע צוזאַמען אַהיים געבראַכט אַ באַדייטנדיקן קוואַנטום שוועמלעך, פאַרנאַכט צו, ווען קי און ציגן זיינען צוריק געקומען פון לאָנקעס און פעלדער. אין שטוב האָבן מאַמעס אָנגעהויבן צו סאָרטירן יעדן מין באַזונדער — געלע ליסיצשקעס, פּאָדאָסינאַפּקעס און באָראָוויקעס. (די בעסטע: אויבן טונקל־ברוין אונטן סאַמעט־ווייס און איידל). זיי, די לעצטע, פלעגט מען לאָזן טריקענען, קראַנצנווייז אויף ווינטער. פאַרקויפנדיק צום עקספּאָרט אויף ווילייקע, סמאַרגאָן אָדער ווילנע — האָט מען אָפּגענומען אַ גאָר גוטן פּרייז. אַ ביסל ניט גוטע און גיפטיקע, האָט מען געמוזט אַוועקוואַרפן, ווייל מיר קינדער האָבן נאָך ניט געוווסט ווי צו אונטערשיידן צווישן גוטע און פאַרגיפטעטע. די געלע ליסיצשקעס פלעגן מאַמעס אויסבראָטן אָדער אויסקאָכן מיט אַ פּאָר פרישע יונגע קאַרטאָפּעלעך, פאַרווייסן מיט מילך אָדער מיט אַ ביסל „סמעטאַנקע” און ס׳איז געווען דער בעסטער „מאכל” אין דער וועלט.

אין דער זעלבער צייט צי עטוואָס שפּעטער, פלעגט מען אויך אויפשטיין פרי ווי „לעבודת הבורא”, כדי אַוועקלאָזן זיך צו קלייבן און געניסן אין קאַס־

טיוויצער וואַלד — פון אַ ניט אויסגעשעפּטן אוצר שוואַרצע יאַגדעס און „פּאַזיאַמקעס“ (די לעצטע אַ ביסל פריער). דאָס פלעגט שוין קאָסטן געלט. מען האָט געדאַרפט אויסקויפן און באַקומען אַ „צעטל“ — ד. ה. אַ דערלויבעניש אַריין און אַרויס אין פאַרלויף פונעם גאַנצן סעזאָן אין דעם וואַלד, וואָס האָט געקאָסט צוויי גילדן פאַר אַ פּערזאָן צי אַ פאַמיליע. אַזוי פלעגט מען שוין יעדן טאָג פאַרנאַכט צו אהיימגיין, טראָגנדיק די שווערע און פולע קאָשיקעס אויף האָרבעוואַטע פּלייצעס — מידע פון גיין „ראַקאָם“ געבויגן אין פאַרלויף פון גאַנצן טאָג.ביים אַרויסגיין פונעם וואַלד פלעגט שוין אָפּוואַרטן דער „הויף לעשניק“ און קאָנטראָלירן צי האָבן אַלע צעטלעך“ ווער עס האָט אַמאָל פאַרזוכט זיך אַריינצוגנבענען אָן אַ „צעטל“ און געכאַפּט געוואָרן ביים „לעשניק“ האָט געהאַט שוין „צו זינגען און צו זאָגן...“ קיין צרות האָבן שוין ניט געפעלט.

— באַלד זיינען אָנגעקומען שוין הארבסט־חדשים. משפחות האָבן גענומען צוגרייטן עסן אויף ווינטערדיקע פּרעסט: אַ סדר פון סיעטקעווען קרויט צום איינזייערן פאַרן שטוב ווי אויך אַ ביסעלע צום עקספּאָרט. מען פלעגט אין פעסער פון קרויט אַריינטון רויטע זשוראַווינעס, סאָפּעזשאָנקע־בערנעס ווי אויך ברושניצעס. מען פלעגט צוגרייטן פעסער מיט אוגערקעס פולע, צוגעפּראַוועטע מיט קראָפּ און לאַריך־בלעטער. אָנגעקליבן האָט מען קאַרטאָפל־טאָנען פון גערטנער, געזעסן איז מען אין לאַנגע אָוונטן און געלוסטשעט בעבלעך, ארבעס און באָב. איבערן גאַנצן שטוב — פון איין וואַנט צו דער צווייטער — האָט מען אויף שטאַנגען ציבל־קרענץ אָנגעהאָנגען. אין אויוון האָט מען געטריקנט מערן און ברוטשקע אויף שבתדיקע „צימעס“ — אין משך פון ווינטער. אין הייזער פלעגט אַלץ פינצטער ווערן, אַפילו אין מיטן טאָג; עס פלעגט אַ נעבל־פּאַרע אַרויסשפּאַרן — עפענענדיק אַ טיר און אַריינקומענדיק אין דער שטוב — חושך־מצרים! ריחות און געווירצן האָבן זיך געריסן אַרויס, אָבער געווען איז עס וואַרעמלעך־אָנגענעם און שמעקהאפט.

פון די אַלע „גליקן“ מיט „עקספּאָרט“־מעגלעכקייטן און „צוגאָבן“ מערערע אָדער ווייניקערע, מיט אַלע „מלאכהס“ זיינען געווען גאָר ווייניק ברכות. די שווערע באַדינגונגען צוליבן מאַנגל אין באַן־פאַרקער האָבן ניט דערמעגלעכט. די גרעסטע דאַגה פון יעדער משפחה כמעט — אַ חוץ איינצלנע, איז געווען ווי אַזוי איבערצוקומען דעם ווינטער? — און ניט אַזוי מיטן עסן, מיט דעם איז מען ווער מערער און ווער ווייניקער באַזאָרגט געווען, ווי אויך צוגעגרייט. די פראַגע איז געווען ווו נעמט מען אַ פּאָר גילדן אויף אַ וועגעלע „עצים“? אויף אַ פורעלע מיט האָלץ, כדי דאָס עסן אָפּצוקאָכן, מ׳זאָל זיך קענען אַרום דער „הרובע“ אָנוואַרעמען ווי אויך קינדערלעך אויף דער „הרובע“ אַרויפזעצן? — מיט דעם איז טאַקע שווער, גאָר שווער געווען. ביי יידן גיט

מען זיך אָבער אַן עצה מיט אַלץ — איז „עזוב תעזוב״. האָבן זיך געפונען ביי יעדער געלעגנהייט אַ פּאָר גוטע פרומע ווייבער מיט אַ „רויטער פּאַטשיילקע״. האָבן זיי אויך צונויפגעקליבן אַ „פּאָר גילדן״, געקויפט אַ פור האָלץ און אויסגעטיילט אַלע באַדערפטיקע משפחות און פּאַר קראַנקע און אלמנות צו „ברעווערנעס״ האָלץ. אַזוי נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל — ביז דער ווינטער איז פאַרביי.

— ווי שווער עס איז געווען ווינטער מיט דער באַהייצונג פון די הייזער, אַזוי לייכטער איז עס געווען מיט אַ שטיקל „בשר״ אויף שבת, און טיילמאָל אין דער וואָך — כאָטש איינציקע יידן בלויז האָבן געהאַט אַ בהמה. אָפּקעלבן פלעגן זיי זיך ארום טבת, שבט צי אדר. פארוואָס די חדשים דווקא? — אויף דעם דאַרף שוין די נאַטור ענטפערן. נאָכן אָפּהאַלטן דאָס קעלבל אַ 8—10 טעג מיט דער מוטער, איז עס אַוועק צום שוחט. דעם „גיד הנשה״ מיטן גאַנצן הינטער־חלק פלעגן אָפּקויפן „גויים״ — אַמאָל דער גלח, צי דער אָרגאַניסט פון „קאָשציאָל״ אָדער דער סעקרעטאַר פון „וואָלאָסטנאָיע אופּראַוולעניע״ צי אויך דער „אוריאַדניק״ — פאַר גאָר ביליק געקריגן כמעט „בחצי־חינם״. די כשרע טיילן אַ ביסל פאַר זיך און די איבעריקע צו פאַרקויפן. אַמאָל פלעגט אַ ייד ברענגען פונעם דאָרף אַ קעלבל און ווידער איז אויפן זעלבן אופן געווען אַ שטיקל פלייש. ניט פאַרמעגלעכע יידן פלעגן אָפּקויפן די „דראָבעסקעס״ אָדער דרויב — די אינעווייניקסטע טיילן ווי דעם לונגן־לעבער מיטן מילץ, דעם „גרייזשיק״, די פיסלעך מיטן קעפּל און אַלעס — פאַר איין גילדן בלויז. ווער עס האָט געקענט אָפּקויפן אַ גאַנצן זייטל פלייש האָט שוין געהאַט אויף שבת און דער גאַנצער וואָך. סוחרים און בעלי־מלאכהס האָט אויך ניט געפעלט אויפן פורל האָלץ. און אַזוי האָט מען אויך דעם ווינטער דורכגעטריבן.

— לאַנגווייליק און גאָר קאַלעמוטנע איז געוואָרן אין פרייע שעהן; ס׳איז ניט געווען ווי אַזוי צו פאַרטרייבן די שטוביקע צייט נו גוט — האָט מען צווישן „מנחה״ און „מעריב״ אין בית־מדרש געזעסן, משניות אָדער „עין־יעקב״ געלערנט אפשר אַ קורצע צייט אויך נאָך מעריב. צו טאָן עפּעס אין שטוב, איז שוין ניט געבליבן וואָס. אַ קערטל, חנוכה־צייט אין דריידלעך ווערט אויך מיאוס...

מיר קינדער און יונגוואַרג האָבן ניט געליטן פון לאַנגווייליקייט... שטיפעריש האָבן מיר זיך שטענדיק אַן עצה געגעבן — פלעגט מען שפּילן אין קנעפּלעך און אויסגענוצטע שרייב־פּענעס און ניסלעך, מיידלעך האָבן געשפּילט אין „צייכן״ פון שעפּסן־קנעכלעך און שטיינדלעך. אין דרויסן האָבן יינגלעך געשפּילט אין „פּיקער״ מיט שטעקלעך — אויפגעקלאַפּטע „פּאַלקעס״, וועלכע מען האָט געוואָרפן און געצילעוועט אין אָנגעצייכנטע פונקטן. „טשאַטעס״ יינגלעך האָבן אויך „מלחמה״ געהאַלטן צווישן זיך אָן רציחות און ניט פאַרביסן — כאָטש ניט איינמאָל האָט אַ יינגל געכאַפּט אַ שניי־באַל־קנויל צי אַ שטיינדל אין קאָפּ...

בדידי הווה עובדא: עד היום איז מיר געבליבן אַ סימן פון אַ שראַם אויפן שטערן — אַ פאַרהיילטע ווונד פון אַ שטיקל האָלץ מיט א טשוועקל, וואָס א חברל האָט מיר געטראָפן בשעת אַזאַ מין „מלחמה״. מיין טאַטע האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויף דעם; די מאַמע האָט מיר געהיילט דעם שטערן מיט קאַלטע וואסער פון ברונעם אַ צייט לאנג... הישיש אריה-לייבס אן אָנקל, אברהם־אהרון, האָט פון מיך מאַמען איבערגענומען דאָס אויסהיילן מיר מיין ווונד... טונקען פלעגט ער אַ טיכעלע אין אַ קליין פלעשעלע און געלייגט מיר אויפן שטערן. מיר האָט עס אויסגעוויזן דאָס זעלבע ווי מיין מאַמעס קאַלטע וואַסער פון ברונעם... עס האָט אָבער דאָך געהאָלפן — אַדורך זיינען צוויי־דריי וואָכן און ער האָט עס מיר אויסגעהיילט.

**טיפן און געשטאַלטן**

יאָרן זיינען אַוועק און דורכגעלאָפן; אויסגעוואַקסן בין איך; — ניט מער שוין קיין קינד ווי אויך ניט אַ „פּאָדראָסטעק״ — איך בין שוין געווען מיט מענטשן צוגלייך, ניט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך און ניט בטל געוואָרן בין הבריות. געווען בין איך שוין זעלבשטענדיק, אַ געניטער וואַלד־סוחר. שטיי איך מיר איין מאָל אין וואַלד — אַ „גירסא דינקותא״ דרינגט מיר אַדורך: „השמים מספרים כבוד אל ומעשי ידיו מגיד הרקיע...״ קוק איך מיר אַרום און אַרום און ס׳קלינגען אָפּ טיף אין מיר די שיינע פילפאַרביקע טענער און איך זע די קלאַנגען און פאַרבן פון די ווונדערבאַרע געמאָלעכצן און קאָלאָריטן אין „ברכי נפשי״ (תהילים ק״ד) — „מה רבו מעשיך יהיה כלם בחכמה עשית מלאה הארץ קניניך״ — ווייס איך ניט טאַקע צוליב מיין זינדיקער און נישטיקער ווייניקייט, צי איז נאָך אַזאַ מין נאַטור־שילדערונג — מיט אַזוינע איידעלע צאַרטע, אידילישע פאַרבן ווי אויך שטורמישע קאָלאָריטן און קלאַנגען — געשריבן געוואָרן אין נאָך אַן „אָדע״ ערגעץ ווו אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. אַ קיצור: געשטאַנען בין איך און באַוווּנדערט גאָטס וועלטל. די זון האָט באַשיינט דעם גאַנצן וואַלד, רעגנס האָבן באַגאָסן אַלע ביימער גלייכמעסיק און דאָך זיינען וואַלד־ביימער געווען פאַרשיידן און דיפערענצירט. אָט שטייען ביימער הויכע און גלייכע, ניט געבויגן ווי ריזן־מענער מיט העכסטע גרינע צווייגן ווי האָר־טשופּרינעס. און אָט ממש צווישן זיי שטייען ביימער נידעריקע און דאַרע, אויסגעקורטשעטע ווי אויך אויסגעקרומטע, ניט פאַרוואַקסענע מיט בלעטער, ווי פראַגע־צייכן. אויף די פראַגן, פאַרוואָס אַזוי? ווי איז עס דען מעגלעך? בלייב איך אָן אַן ענטפער.

— שווימט ווידער אַרויף פון מיין זכרון אַן אומפאַרענטפערטע פראַגע פון אַ פאָר צענדליק יאָר צוריק: אויך דאַן אין יענער צייט געפרעגט האָב איך:

סטייטש? היתכן? ווי אַזוי זשע? אין דער צייט ווען גאַנץ קריוויטש איז אַזוי פאַראָרעמט, ווען יידן אין שטעטעלע זיינען חושך־ביטערע אָרעמעלייט זיינען פלוצלונג אויסגעוואַקסן צוויי רייכע יידן, גאָר שנעלע „נאָבאָרישן" — גבירים אַדירים. איינער האָט געהייסן יוסף־יצחק, — אָנגערופן אין קריוויטשער „סלענג" יאָשע־איטשע, אָדער קורץ יאָשאיטשע. דער צווייטער יוסף־יאָסע (פּאָליסקין) נגיד. אמת, לעבן האָבן זיי ניט געלעבט בעסער פון אַלע אָרעמעלייט און אפשר נאָך ערגער ווי אַ סך קריוויטשער יידן. אָבער גבירים און נגידים זיינען זיי דאָך געווען — ס'קלינגט אפשר ווי סתם א מעשהלע, אָבער כך הווה; אזוי איז געווען. זיי זיינען געווען שותפים און געהאַנדלט מיט אַלערליי פעל. אָפּקויפן פלעגן זיי — ווו און ביי וועמען עס איז נאָר געווען, אַפילו אויך פון צווייטער האַנט אַלערליי פעל — אַלעס אָפּגעגעבן אויף אויסאַרבעטן דורך די „קידרים" אין ניעווערי. אָפּגענומען נאָכדעם און אויספאַרקויפט. יאש'איטשע איז געווען אַ „בר־מזל" און איז נאָך מערער רייכער געוואָרן. יוסף־יאָסע (פּאָליסקין) איז נעבעך געווען דער „שלומיאל" און „שלים־מזל" און אָרעמער געוואָרן. אַזוי, אַז זיי זיינען זיך צעגאַנגען. „אָפּגעגט" סוף כל סוף אויך דאַן האָט דעם „אָרעמאַן" גאָרניט געפעלט... אויפקלייבן חלילה פאַר אים כדי קויפן אַ פור „עצים" האָט מען ניט געדאַרפט...

ר' משה (אנשילעוויטש) דער „סטאַראָסטע" און פסח־יצחק (צוקערמאן) „וויצע־סטאַראָסטע" און „קאַזיאָנער־ראַבינער" — די „פני" און מאַכט־פאָרשטייער לגבי יידן: קיין צו גרויסע אויפגאבעס און צופיל צו טון האָבן ביידע ניט געהאַט. איינער, דער „פּאָמאָטשניק" אָדער „וויצע־סטאַראָסטע", האָט געדאַרפט איינ־שרייבן. דער צווייטער האָט געדאַרפט אָפּסטעמפּלען. איז געבאָרן ביי אַ יידן אַ יינגל — האָט ער געדאַרפט זיך מטריח זיין במחילה צו פסח־יצחקן; אַ מעטריקע אַרויסנעמען — צו פסח־יצחקן, פאַרשטענדלעך, אָבער אָן דעם משה „סטאַראָסטע" איז עס שוין ניט געגאַנגען: אויף דעם האָט שוין געמוזט דער סטאַראָסטע בכבודו ובעצמו לייגן די חתימה־אָפּסטעמפּלען. וואָס עס געהערט צו „מדינה־לשון", צו אָפיציעלער רעגירונגס־שפּראַך, איז אונדזער משה „סטאַראָסטע" געווען אַ „בעז־גראַמאָטנער". ער פלעגט זיצן בהרחבה און לאַנגזאַם, פון זיין טאָרבע אַרויסנעמען דעם סטעמפּל, גוט „אָנחוקען" מיט דער פאַרע פון מויל און גוט צודריקן אויפן פאפיר ס'זאָל זיך גוט אָננעמען און זאָל ווערן „קב ונקי" — גוט אָפּגעסטעמפּלט.

א חוץ „סטאַראָסטע" האָט ער נאָך אַ „טשין" געהאַט — און דאָס איז געווען שוין צו אייגענע פאַרדינסטן. ביי אונדז אין שטעטל איז ניט געווען קיין „סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו" קיין שטענדיקער פּאָליציי־קאָמענדאַנט מיט אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג — האָט דעריבער קיין פּאָטשט אויך ניט פונקציאָנירט .אַלע פּאָסט־זאַכן זיינען געבראַכט געוואָרן פון דערבייאיקן דאלהינעוו דורך אַ פאַראָרדענונג פון

„וואָלאָסט", וואָס האָט אויך געשיקט א פור דערצו. משה „סטאַראָסטע" פלעגט שוין צו דער צייט אָפּוואַרטן דעם וואָגן און אָפּנעמען אַלע „יידישע" בריוו צו זיך אהיים. משהס אַ ייִנגל איז געשטאַנען יעדן מאָל און אויסגערופן ווער עס האָט אַ בריוו געקריגן. צו דעם פלעגן זיך צונויפקומען אַלע שטעטלשע יידן כדי סתם זיך צו פאַרווײַלן און די צייט פאַרברענגען. קיין גרויס ברייט־פאַר־צווייגטער קאָרעספּאָנדענץ האָבן דאָך קריוויטשער יידן צו יענער צייט, ניט געפירט. גליקלעך זייַנען געווען די יעניקע, וואָס האָבן אַ בריוו געקריגן פון אַ קינד אָדער פון מאַן אין אַמעריקע. פון אַן אינלענדישן בריוו האָט דער „סטאַ־ראָסטע" גענומען איין קאָפּיקע; פאַר אַ בריוו פון אַמעריקע צוויי קאָפּיקעס; צו דעם איז דאָך געווען אַ גאָרטן אויך מיט אַ פּאָר ציגן — האָט ער שוין געהאַט פון וואַנען מאַכן אַ לעבן.

אָט קומט שוין פאר מיינע אויגן דער צווייטער פון אונדזערע שטעטל־„מאורות" — פסח־איטשע דער קאַזיאָנער ראַבינער — דער „פּנקס־פירער" פון דער יידישער געמיינדע. אויף אים איז געלעגן די אויפגאַבע צו פירן אַ גרינט־לעכע און פּינקטלעכע „רעקאָרד"־רשימה און שטענדיק וויסן ווער עס האָט שוין דערגרייכט 21 יאָר און דאַרף שוין שטעלן זיך צום „פּריזיוו" — מיליטער־דינסט ביי „פאָניען". אין שטעטל ביי אונדז איז ער געווען גאָר א „יקירה", גע־דאַוונט ביים עמוד און מה שייך? אַ גאָר אָרנטלעכער און בכבודיקער בעל־הבית. איינשרייבן אַ ניי־געבוירן ייִנגל אין „פּנקס" האָט געקאָסט 50 קאָפּיקעס — אַ האַלבן קערבל. דאָך איז פון דעם שווער געווען צו מאַכן אַ לעבן; האָט ער אויך ביסלעכווייז עפּעס „אונטערגעקנעלט"... ווייטער פלעגן טרעפן פון צייט צו צייט „פעלערן" אין דער „רעקאָרד־ליסטע", וואָס מען דאַרף אויסבעסערן און „נתון תתן"... טאַקע בדידי הווה עובדא — אויך מיט מיר איז געשען אַזוינס. מיט־אַמאָל האָט ער אויסגעפונען, אַז איך אַליין בין ניט פארשריבן געוואָרן אין „פּנקס" זיינעם. איז עפּעס אַ „שקלא וטריא"; ער לאָזט וויסן אין „ווילייקער אויעזד", אַז איך דאַרף געשטעלט ווערן צו אַן אָפּשאַצונג־קאָמיסיע — ווי אַלט איך בין — ד. ה. צום „אַרוזשנעם וויד", גיין דינען. איך בין דאַן אַלט געווען ניט מער פון 18 יאָר; אָבער, ווייל איך בין געווען אַ געזונטער און גוט־געבויטער יונג האָט די קאָמיסיע מיר געשאַצט אַלס 20 יאָר. בין איך טאַקע יענעם יאָר, אַרום 1910 (אויב איך בין מיר ניט טועה) אַוועק צום „פאָניע"־דינסט. פון אַזוינע „אויפטועכצן" איז אויך געבליבן אַ פּאָר קאָפּיקעס פאר פסח־יצחקן; — האָט ער אויך ווי עס איז אַ לעבן געטריבן — און אויך אים האָט דער גאָרטן מיטגעהאָלפן.

אָט קומט אויף פאַר מיינע אויגן נאָך אַ טיפּ: חנה־שמעון פּאָליסקין, דער פאָטער פון יוסף־יאָסע נגיד מיט זיין לאַנגער שיווער באָרד און רעפּרעזענטאַטיוון

אויסזען. האָבנדיק אַ זון, וואָס איז געווען אַ נגיד, האָט ער דאָך געוווינט מיט זיין פרוי שיינע אין אַ הייזל, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים איינפאַלן און איז קוים געשטאַנען... פאַרשטענדלעך, ווי אַלע שטעטלשע יידן, געהאַט האָט ער אויך אַ גאָרטן, אין שכנות טאַקע מיט פסח־יצחקן. צו דעם איז ער אויך געווען אַ „פּאַכמאַן": אַ „טובל וחלב בידו" —אַ טונקער פון חלבנע ליכט. און יענע יאָרן איז בלויז ביי אים געווען אַן איינציקער מקור, ווו מען האָט געקריגן ליכט צו בענטשן ערב־שבת און פאַרן עמוד אין בית־מדרש — אַ גראָשן אַ ליכטל, וואָס האָט געברענט גענוג צו „פאַרטשאַדזען" די קעפּ... אַפילו היינט, אין מיין ווייטן טיפן עלטער, זע איך מיר נאָך לויפן צו אים טאַקע גאָר ניט ווייט (בלויז אַ פּאָר הייזער איבערלויפן), האַלטנדיק שטייף אין מיין הענטל דעם גרויסן „דרייער" — דריי גראָשן מיט נאָך א קאָפּיקע — 5 גראָשן צוזאַמען, כדי צו ברענגען ליכט.

— אָט אַזוי גייען און קומען צו מיר געסט, פון קינדער־יאָרן און מיין יוגנט, ווי אויך פון שפּעטערע יאָרן. קוק איך מיט מיינע אויגן נאָכאַמאָל און זע פאַר מיר ר׳ צבי־הירש קאַצאָוויטש מפרודניקע ע״ה — וואָס איז אַזוי שיין אינטערעסאַנט באַשריבן געוואָרן פון מיין יונגן פריינט יוסף שמיר — לויט ווי אונדזער רעדאַקטאָר האָט מיר אין אַ בריוו געשריבן. וועל איך טאַקע ניט דערציילן וועגן אים און בלויז דאָס באַטאָנען, אַז נפטר געוואָרן איז ער צו 113 יאָר.

וועגן זיין גאָר קליינינקער שוועסטערל מוז איך אָבער דערציילן: וועגן שרהלע, וואָס האָט געלעבט ביז 102 יאָר, ווי מיר האָט דערציילט זעליג קאַצאָוויטש — שרהלעס אַ פּלימעניק. געהאַט האָט זי אויך אַ „האָבי", אַ גאָר אָריגינעלן: זי האָט ליב געהאַט „אויסצולייען" תכריכים. מאי טעמא אויסלייען תכריכים? איז די זאַך אַזוי: נייען און צוגרייטן פלעגט זי זיי טאַקע פאַר זיך. אָבער, אַז גאָט גיט און עס שטאַרבט אַ פרוי פריער פון איר, האָט זי זיי אויסגעבאָרגט. אַזוי טאַקע ניט איינמאָל... האָט זי נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל גענייט פאַר זיך תכריכים. און יעדן מאָל ווען זי איז מיט דעם פאַרטיק געוואָרן, האָט זי „געחלשט" צו זען און וויסן ווי אַזוי זיי וועלן איר פאַסן... ווי זשע קען זי וויסן ווי אַזוי וועט זי אויסזען אין זיי טויטערהייט? — גאַנץ הויך אויפן וואַנט אין איר שטיבל איז געהאָנגען אַ קליינער שפּיגל; זי האָט זיך גאָרניט געפּוילט, צוגעשטעלט האָט זי יעדן מאָל אַ בענקל, אַרויפגעקראָכן און אָנגעטון זיך די תכריכים און „אָנגעפּאַסט" — דרייענדיק זיך אויף אַלע זייטן און קוקנדיק צי זיי פּאַסן איר באמת...

— אַדורך איז שוין שרהלע און אַוועק מיט אירע תכריכים. איצטער „לויערט" אויף מיר און וויל מיר „אַוועקכאַפּן" שמעון „כאפּון". זיין פאַמיליענאָמען האָב איך ניט געוווּסט און ווייס ניט. אין שטעטל האָבן אים אַלע גערופן

אַזוי. געווינט האָט ער אין אַן ענג און צעפּוילט שטיבל ביים סערוועטש. ביז היינט איז מיר געבליבן זיין „פיזיאָנאָמיע" אין זכרון. ניט געשוירן, ווילד אַרומ־געוואַקסן מיט גרויסע לאַנג־צעפּלאָשעטע האָר, אָנגעטון אין אַרומגעריסענע שמאַטעס אַלערווייז קאָלירט און איבערוויגנד שוואַרץ — אַ שטייגער ווי היינ־טיקע „היפּיס"... קליינע קינדער האָבן זיך פאַר אים געשראָקן. דערציילט האָט מען, אַז זיין פּרנסה האָט ער געצויגן פון כאַפּן קינדער און אָפּגעבן דער מלוכה צו מיליטער־דינסט אויף 25 יאָר פאַר „קאַנטאָניסטן" (אַזוי האָט מען אָנגערופן), וועלכע מען האָט ווייט אַוועקגעשיקט...

## מיין מאַמעס קריוויטשער שבתים

יעדן ערב־שבת האָט מיין מאַמע ע"ה געבענטשט ליכט אין 5 מעשענע לייכטער. פריער, פאַרשטייט זיך, אַ סדרה פון ריינמאַכן און פוצן גוט, כדי שיינען זאָלן זיי מיט זייער גלאַנץ. זי האָט געריבן יעדן מאָל אַ רויט ציגל אַן אַ ציגל און באַקומען האָט זי אַ דין זאַמדל, וואָס גאָלדיקט אין שיין; מיט דעם האָט זי געפּוצט אירע לייכטער און עס איז פיל בעסער געווען ווי היינטיקע כעמישע פּוץ־מאַטעריאַלן. כ'האָב שוין אויבן דערמאָנט וועגן מיינע פרייטיקדיקע שליחותן צו חנה־שמעון (פאָליסקין) ליכטמאַכער. אַז איך בין צוריק געקומען מיט ליכט, איז שוין די מאַמע גרייט געווען: אָנגעטון אין אַ לאַנגער שבתדיקער קלייד מיט אַ ריין טיכל אויפן קאָפּ און פּנים אָפּגעוואַשן, מיט ליכטיק פריידיקע אויגן — פאַרטיק שוין פון שווערן אַרבעטס־טאָג „וכך היתה עושה" — דעם פּוסבאָדן אויסגעקערט, באַשאָטן מיט געלן ריינעם זאַמד און אַלעס שיינט און גלאַנצט. אַרומגענומען די ליכט, מיטביידע הענט פאַרשטעלט איר פּנים און זאָגנדיק די ברכה — געבענטש ליכט און אַלע קינדערלעך, איז שוין שבתדיק געוואָרן. געטון אַזוי האָבן געוויס און פּינקטלעך אַלע מאַמעס אין די הייזער פון שטעטל — כאָטש אַ זייגער אין שטעטל איז ניט געווען; אין יעדער שטוב איז עס געווען „בל ייראה ובל ימצא". און דאָך האָט יעדע מאַמע געטראָפן צו דער צייט. ואיככה? ווי זשע האָט מען געוווּסט? גאָר פשוט! מען האָט אַ קוק געגעבן אין גאַס צו דער שטוב פון לייבע ברושיער. אויב ביי רחהן — אַזוי האָט געהייסן זיין ווייב — ברענען שוין שבת־ליכט, איז שוין צייט באמת ליכט צו בענטשן... דאָס איז געווען אַ צייכן פאַר אַלע; אָט אַזוי איז געווען דער „שטאָט־זייגער".

לויטן זעלבן „שטאָט־זייגער" האָבן זיך אויך טאַטעס גענומען גרייטן צו קבלת שבת — אין בית מדרש. מען האָט זיך שנעל אָפּגעוואַשן, אָנגעטון די שבתדיקע קאַפּאָטעס, אָפּגערייניקט פונעם שטויב די „באָטעס" אָדער שיך;

אַנדערע פלעגן זיי אויך מיט דזשעגעכץ אָפּשמירן. ניט אַלע, פאַרשטענדלעך, זיינען געווען „אויסגעקנאָטן" פונעם זעלבן „טייג". געווען זיינען אויך עטלעכע גאָר פיינע יידן ווי ר' שמואל זילבערגלייט, יעקב־לייב שולמאַן לייבע ברושיער; לייבע בונימאָוויטש און מיין פאָטער יצחק־יעקב ווי אויך נאָך אַ פּאָר. זיי פלעגן קומען אין בית־מדרש ריין אָנגעטון, מיט קאַמאַשן אויסגעפּוצט און די בערד אויסגעקאַמט און שיין פאַרגלעט. מען האָט מקבל שבת געווען. ר' שמואל זילבערגלייט (צי ר' אלי דער פילפּקער) האָט אַזוי שיין אויסגעזונגען „לכה דודי". אָפּגעדאַוונט מעריב, האָט איינער דעם צווייטן געזאָגט אַ שיינעם און



יצחק־יעקב קאַצאָוויטש און פרוי מיטן זון און טעכטער מיט זייערע משפחות

בהרחבההדיקן „גוט שבת. און מען איז אַוועק אַהיים. אַריין איז מיין טאַטע אין דער שיינענדער בלאַנקענדער שטיבל, מיטןברייטן הייסן „גוט שבת" און אַזוי געשמאַק אויסגעזונגען „שלום עליכם" — אַריינבעטנדיק די „מלאכי השרת" אין שטוב. ער האָט אָבער בפירוש אונדז קינדער מיט דער מאַמען אויך גע־מיינט. ווי ליב און טייער איז עס געווען אָנצוקוקן דעם טאַטן זינגענדיק „אשת חייל מי ימצא"... עס איז מיר אויסגעקומען אַז טאַטע־מאַמעס אויגן קושן זיך קעגנזייטיק צווישנאַנאַנדער... און מיר קינדער האָבן זיך געפרייט.

— דער טאַטע האָט שוין אָפּגעזונגען „קידוש"; האָט שוין אויף אַ „כזית" המוציא געמאַכט און צעשניטן אויף „מוציאס" די פרישע פיינשמעקנדיקע חלה און געגעסן האָט מען וואָס עס איז געווען — וואָס גאָט האָט געגעבן... און ווייטער „כל מקדש" און געזונגען זמירות — „צור משלו אכלנו ברכו אמוני"... אָט אַזוי שיין, גוט און פיין זיינען געווען מיין טאַטע־מאַמעס קריוויטשער שבתים אַמאָל, אין ווייטע לייכטנדע קינדער־יאָרן.

היינט אין גאָלדענער דעמערונג פון מיין פאַרגייענדער זון, שטיי איך מיט אויגן אויסגעגלאָצט און קוק אויס אויף דיר, מיין היימשטעטעלע קריוויטש. פאַרשווונדן ביסטו שפורלאָז אַן אַ געדעכעניש. ניטאָ מער דיינע יידן פון גוטן „טייג געקנאָטן", ניטאָ אויך דיינע פּראָסט־פּשוטע. ניטאָ שוין דיינע יאש'איטשעס, ניטאָ דיין יוסף־יאָסעס, ניטאָ דיינע „סטאַראָסטעס" און חנה־שמעונס און אויך דיין שרהלע, די „תכריכים אויסבאָרגערין". ניטאָ מער די שבתים פון דיינע מאַמעס — אַלץ שוין ניטאָ! זאָלן די אַלע ווידער געשילדערטע בילדער, וויזיעס און זעאונגען; טיפן און געשטאַלטן, שאָטנס און סילועטן, קאָנטורן און פאַרבן־פולע טענער פון אָרטשאַפט־קאָלאָריטן — ניט פאַרגעסן ווערן! די אַלע וועלן שוין צו אונדז ניט קומען... מיר וועלן אַהין צו זיי... איך קלייב מיר אויך אַהין — צו זיי! וועט מיר ווער פון זיי דאָרט, אויפן צווייטן זייט אָפּוואַרטן?

ס'האָט מיין היים אַ בראָך געטראָפן —
טיר און טויער זיינען אָפן —
פאַר די רוצחים, פאַר די שינדער,
די וואָס קוילען קליינע קינדער.
די וואָס הענגען אויף די זקנים,
די וואָס שאנעווען ניט קיינעם.
טיפע גריבער רויטע ליים —
כ'האָב אַמאָל געהאַט אַ היים.

שמואל האַלקין: („טיפע גריבער רויטע ליים")

יהושוע בן אריה־לייב / בת־ים

# קריוויטש, מיין היים־שטעטעלע

## זכרונות און הספד־בלעטער

### אַלגעמיינע נאָטיצן

איך אין מיין ווייניקייט, יהושוע בן אריה־לייב, געבוירן 1892 אין שטעטעלע קריוויטש, געפין עס אַלס מיין הייליקן חוב, צו דערציילן און אָפּצוגעבן אין די ראַמען פון מיינע נישטיקע זכרון־מעגלעכקייטן, אַ לעבעדיקער עדות פון לעבן און געראַנגל פון אונדזער שטעטעלע.

עס איז טאַקע גאָר שווער פאַר מיר אויפצוהויבן אַזאַ מין לאַסט; ביים היינטיקן טאָג אין די געגעבענע באַדינגונגען — אַלע געדאַנקען־רייפן אין מוח צוזאַמענשרויפן און אָפּבינדן די אַלע פאַרקניפּלטע זכרונות־פּלאָנטער אין מיינע געהירן־ווינקלען — איז פאַר מיר ווירקלעך אומגעהויער שווער; עס איז כמעט ווי אוממעגלעך. דאָך מוז איך עס טאָן, באַרופן אָדער אומבאַרופן; אפשר זיינען פאַקטן און געשעענישן, וועלכע פאַרבליבן זיינען אין זכרון, אימשטאנד נאָך צו בילדן איינער פון די איינציקע עדות און אפשר טאַקע, דער איין און איינציקער... אַזוי ווייניק איז דאָך ווי איך אין מיין אלטער פון שטעטל פאַרבליבן...

וועל איך פאַרזוכן צו בלעטערן אין מיין זכרון און אַרויסברענגען טיפן און



אריה־לייב און מערע בונימאוויטש

בילדער, פאַקטן און עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין שטעטל. כאָטש עס איז מיר שווער פעסטצושטעלן איצט, צי בין איך געווען ביי דעם אַלעמען סתם אַ צוזעער צי אויך אַ אַקטיווער אָנטיילנעמער. אין פאַרלויף פון דער צייט איז ניט מער צו געדענקען, צי האָסט דו אַלץ מיט דיינע אויגן געזען, אָדער דערציילן נאָר געהערט. אַלץ ווערט פאַראייגנט און אויפגעקנאָטן אין זכרון, אז ס׳איז ניט מער צו פונאנדערשיידן. בפרט, אַז עס איז ליידער ניט געבליבן מיט וואָס און מיט וועמען שטיין צו קאָנפראָנטאַציע כדי צו דערגיין דעם אמת.

— וואָס איך אייגנטלעך וועל אין מיין ווייניקייט דערציילן, איז באמת זייער ווייניק, ווייל איך געדענק שוין ניט קיין סך. כ׳ווייס אויך ניט וואָס איז וויכטיק און וואָס ניט, פון מיין טאַטע־מאַמע־שטוב, אַ חוץ פערזענלעכער נאָסטאַלגיע־וויכטיק איז דאָס שטעטל און איר לעבנסשטייגער. וועל איך פּעאיק און אימ־שטאַנד זיין געטריי, אָביעקטיוו און באַגלויבט צו שילדערן אַלץ, וואָס אין זכרון איז פאַרבליבן?

## שטוב און קינדער־יאָרן אין ליכט און קאָלאָריט פונעם שטעטל

געבוירן בין איך אַלס זון פון אַ גאַנץ געוויינלעכער פאַמיליע אין שטעטל — כאָטש ניט אויף אַזוי פיל אַ פאַרמעגלעכע, ווי אַ יחוסבאַרע משפחה. מיין פאָטער, אַ מלמד האָט אָנגעפירט מיט אַ חדר פאַר חומש און גמרא־תלמידים. קיין „דרדקי־מלמד״ פון „ראשית־דעת״ און „אלף־בית״ איז ער ניט געווען. אין שטעטל גע־שמט און אָנגענומען אַלס „תלמיד־חכם״ און לייטישער „בעל הבית״. די מוטער מיינע, אַ יידענע, אַ געוויינלעכע „בעל הביתטע״, אַ פאַריאָגטע שטענדיק מיט אירע שטוב־זאַכן און הויז־ווירטשאַפט. דאָס לעבן אין אַלגעמיין — ניט שטענדיק ווי ביי אַ נגיד.

איר יחוס האָט מיין פאַמיליע צו פאַרדאַנקען מיין עלטער־זיידן ליבערמאַן — חייקין, וואָס איז נאָר שבת און „יום־טובים״ געזעסן אין שטעטל. ער איז געווען אַ גביר, אַ מאַגנאַט, (לויט די באַגריפן פון יענער צייט) און פיר „פּריצישע״ הויפן מיט פאַרצווייגטע לאַנדווירטשאַפטן געהאַלטן אין אַרענדע: אוזלע, קרי־וויטש, דונילאָוויטש און קאָסטיוויטש (אויפן נאָמען פון אַ קריסט; ווייל אָפּי־ציעל איז יידן פאַרבאָטן געווען פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט און זיין באַדן־אייגנטימער). אין די הויפן זיינען געווען רינדער־צוכט, אַ ספּירט־פאַבריק אין קריוויטשער הויף, וואַסערמילן א. אַ. שטענדיק האָט ער זיך באַמיט וואָס מערער יידן צו באַשעפטיקן אין זיינע הויפן און זעלבסטפאַרשטענדלעך פיל פון זיינע קרובים און פאַמיליע־אָנגעהעריקע.

קיין סך וועגן אים האָב איך ניט צו דערציילן: ער איז געשטאָרבן נאָך פאַר

מיין געבורט. איך ווייס נאָר דאָס, אַז נאָך זיין טויט איז אַלץ חרוב געוואָרן. די „יורשים״ זיינע — מיין זיידע און זיינע ברידער — האָבן זיך נעבעך ניט געקענט אַן עצה געבן מיט אַזאַ מין גרויס פאַרמעגן; זיי האָבן זיך ניט געקענט צעטיילן מיט דער „ירושה״. אַלץ איז דאַן אַוועק קאַפּויער „מיטן פּוטער אַראָפּ״ — באַרג אַראָפּ.

ווי אַ חלום אַ בייזער און אומקלאָרער נעמט מיר אַדורך. נאָך היינט געדענק איך דאָס. אפשר זעקס יאָר בין איך אַלט געוועזן דאַן. אין שטוב האָט מען דערציילט... אפשר האָב איך יאָ געזען מיין טאַטן אַ צעשלאָגענעם און אפשר ניט... 1898 איז עס געוועזן, זומער. דער טאַטע איז געפאָרן אין דאלהינעוו אויפן מאַרק פלייש קויפן. פּלוצים איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אויף יידן. „גויים״ — שיכורע און ניכטערע זיינען באַפאַלן יידן און מערדערלעך געשלאָגן. מיין פאָטער האָט באַקומען אַ שטאַרקן זעץ אין קאָפּ. ווער ווייס ווי עס וואָלט געטראָפן ביז צו ענדע, ווען ניט אַ קריסט אַ באַקאַנטער. ער האָט אים אָפּגעראַטעוועט און אַריינגענומען אינדערהיים צו אים, אָפּהאַלטנדיק און ניט לאָזנדיק צוריקצופאָרן, ביז עס איז פולשטענדיק רואיק געוואָרן. ווי, וואָס, ווי אַזוי איז אַלץ געשען ווייס איך אויך היינט ניט — כ׳געדענק נאָר, אַז נאָך לאַנג האָט מען אין שטוב וועגן דעם גערעדט...

פלאָנטערט זיך נאָך אין זכרון אַלץ, וואָס איך האָב אַלס קינד געזען... אויך אין יענע יאָרן, ווי אויך שפּעטער, ביז צולעצט, האָט זיך מיאדלער־גאס געצויגן. יידן און נאָר יידן, האָבן איר באַזעסן. קריסטן זיינען אין שטעטל ווייניק, גאָר ווייניק געווען; עטלעכע פויליש־קאַטוילישע פאַמיליעס, מיט זייער „קאָשציאָל״ אין איין עק פונעם שטעטל און עטלעכע ווייסרוסישע „פּראַוואָסלאַוונע״ פאַמיליעס מיט דער „צערקווע״ זייערער, אינעם צווייטן עק. זע איך נאָך היינט, מיט יענע קינדערשע אויגן דעם „בית המדרש״ פון מיין היימשטעטעלע קריוויטש. אַ „בית־מדרש״ איז עס געווען! אַ גאַנץ געווינלעכע הילצערנע געביידע, אַ פּשוטע אפשר און אַ גראָע. (האָב איך דען שפּעטער אַליין מיר ניט איבערצייגט דערפון?) אָבער אין מיינע אויגן דאַן, אין יענע זאָרגלאָזע טעג, האָט ער געדינט אַלס אַ „מקדש לאל חי״ אַ פּאַלאַץ אַ געטלעכער — להבדיל אַלף אלפי הבדלות פון „קאָשציאָל״ און „צערקווע״, רחמנא ליצלן — וועלכע מיר פלעגן שפּילנדיק אין „קאָלדון״ אָדער „באַהעלטענישן״ דורכלויפן און פאַרמיידן, געבנדיק אַ שפּיי און מורמלענדיק דעם „שקץ תשקצנו״...

מיינט ניט חלילה, אַז כ׳קלייב מיר צו דערציילן דאָ מיינע ביאָגראַפישע איבערלעבונגען אינגאַנצן ווי אויך, ענדערונגען און וואַנדלונגען פון מיין פאַמיליע. דאָס ניט; כ׳דערצייל וועגן מיר און פאַמיליע אין די ראַמען פון יענע פאַרגאַנגענע יאָרן — אויף וויפל עס איז נאָר געבונדן מיטן שטעטל שטייט

דאָס שטעטל פאַר מיינע אויגן לעבנדיק און צאַפּלענדיק מיט אַלע פּיטשעווקעס און אויך ענדערונגען פאַרגעקומענע — לענגאויס מיין לעבנסוועג, ביז צום ענדלעכן אונטערגאַנג — פון יידישן לעבנסשטייגער און יידישן וועזן דאָרט.

ווי בילדער באַלויכטענע פון אַ פילם־לענטע גייט פאַר מיינע אויגן אַדורך דאָס שטעטל — ווי געזען און געהערט האָב איך אַלעס — מיט אויגן און אויערן קינדישע. זע איך נאָך די ניט ברוקירטע גאַסן, די בלאָטעס גרויסע פרילינגס־צייט ווען דער שניי איז צעגאַנגען, אין טעג פון האַרבסט ווען ס'האָט שטורמיק און געדיכט געגענט. געדענק איך נאָך די פינצטערניש פון נעכט — ווען מיר חדר־יינגלעך פלעגן אַ ביסל אָנגעשראָקן — צוריקקומען אַהיים פון חדר און נאָר די שייך פון פענצטער באַלויכטענע, האָט אונדז אויפן וועג געפינקלט און געבלאַנקט. אַזוי איז עס אויך שפּעטער געבליבן; דאָס האָט זיך בכלל כמעט ניט געענ־דערט...

**אַ שטעטל מיט יידישע פרנסות**

אָפּגעזונדערט, פאַרוואָרפן אין אַ זייט — ווייט פון צענטראַלע גרויסשטעט, אין ווילנער „גובערניע" ווילייקער „אויעזד" — איז קריוויטש געווען. ניט קיין רייך, אַן אָרעם שטעטל קאָן מען זאָגן איז עס געווען. פון וואָס מ'שטיינס געזאָגט האָט דאָס שטעטל בויען געקענט איר לעבנס־עקאָנאָמיק? זיינען דען פאַבריקן געווען דאָרטן? אַלץ איז דאָך צייטווייליק און סעזאָנהאַפט געווען. קיין שטענדיק סטאַבילע אַרבעט. זומערצייט — אַרבעט אין אַרומיקע הויפן, אויף אַרענדעס, פּרוכט־סעדער און גרינצייג. דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרנומען געווען מיט סעדעריי און גערטנעריי; ווינטער־חדשים, — ווידער עפּעס אַנדערש. צייטנ־וויַיז — אויך פיל אַ וואָגנט געטאַפּט...

אַ שטעטל אַן אָרעמס, אַ יידיש שטעטל; אירע יידן — פשוטע, מיט דער לאַנדשאַפט אַרום צוזאַמענגעוואַקסן — קיין שום מאַטעריעלע „נגידים", אָבער אויך ניט „קבצנים מיט זיידענע טאַרבעס" מערער אָדער ווייניקער למדנים, חסידים־חב"דניקעס, אַ ביסל אויך קוידענאָווער, אינגאַנצן ניט „פּלפּולדיקע חקר־נים מתנגדישע". זייער ווייניק „מתנגדים". יידן גלויבנדיקע מיט „דבקות" אין כוח פון דער השגחה און לעבנס־טראַדיציע פון זייערע אָבות.

זע איך גאַסן שוועבנדיקע פאַר מיינע אויגן אַדורכלויפן: מיאַדלער גאַס מיט אירע בעלי־מלאכהס: שוסטער און שניידער; פאַרלאַטענדיקע נייטערינס און שניידערקעס; בעקער, קצבים; פאַרמיטלער און אָנגעשטעלטע אין וועלדער; — וואַלד־סוחרים פון גאַנצן ווייטן אַרום — אַזש פון לידע. שענקערס און קרעטש־מערס; בעלי־עגלות א. אַז. וו. שווימט נאָך אַרויס פון דער פאַרגאַנגענהייט די גע־

שטאַלט פון ר׳ נאָטע־לייב דעם בייגל־בעקער, אַ קוכן און בייגל־בעקער איז ער געווען. געדענק איך ווי אַלס יינגל פלעגט מיר די מאַמע שיקן אַ בייגל קויפן, ווי געהאַלטן האָט ער אין איין פרעגן: — „ווער איז דאָס ביי אייך ניט מיט אַלעמען? ווער איז קראַנק?" — געוויינלעך, בין איך ניט געבליבן דער איינציקער אין שטעטל וואָס ר׳ נאָטע־לייב פלעגט אים פרעגן אַזוי — קומענדיק אַ בייגל קויפן אָדער אַ קוכן. טאַקע אַ באַוויז — ווי רייך איז געווען אונדזער שטעטל...

זע איך נאָך מיט מיינע אויסקוקנדע אויגן — לאַנג אויס מיין לעבנס־וועג — שטעטלשע — סטאָליאַרעס און „מוליאַרעס", האָלץ־בויערס. ס׳שטעטל איז געווען אַ הילצערנע; אַלע הייזער פון האָלץ געבויט. געוויינלעך האָבן אַלע בעלי־מלאכהס אין שטעטל געאַרבעט אויך פאַר דער אַרומיקער סביבה, פאַר דאָרפס־לייט פון אַרום. פויערים פלעגן קומען מאַכן שטיוול און נייען „שערמערקעס", קויפן סחורה און פאַרקויפן זייער דאָרפס־פּראָדוקציע. זיינען נאַטירלעך געווען ביי אונדז אויך קראָמען אַ פאָר. דער הויפּט־מסחר אָבער פלעגט צושטאַנדקומען אין די מאַרק־טעג. יעדע וואָך זיינען זיך צונויפגעפאָרן די פויערים פון אַרום. נאָך היינט הער איך מיינע אויערן קלינגען פון יענע טומלען און געפּילדער; קולי־קולותדיקע אונטערהאַנדלונגען און דינגענישן, דעם האַנדל־וואַנדל ווי אויך די הויפּט־שמחות צולעצט — ערשט נאָכן יריד — נאָכן קויפן און פאַרקויפן. גויים שיכורע געוואַלגערט האָבן זיך אומעטום; אין דרויסן און אין די שענקען, אין בלאָטע אויפן שליאַך, אויף הייזער־שוועלן — ווען ווייבער זייערע אָדער טעכטער אויך בגילופין אַ ביסל פלעגן זיי שלעפּן צו זייערע וועגענער — כדי צוריק־צוקערן אַהיים. דאָ האַלדזט מען זיך און מען קושט זיך אין קולי־קולותדיקער ליבשאַפט און פריינטשאַפט. דאָ קריגט מען זיך שוין אין טומל און עס פליען זאַפטיקע רוסישע און פוילישע זידלערייען און שימפּערייען פון דער מאַמען ביז צו דער סאַמער, סאַמער עלטער־באָבען און קעניגין יעקאַטערינע אַליין... און אָט־אָט שלאָגט מען זיך שוין דאָרט און מען ממיתט זיך שוין ממש....

— אָט אַזוי געדענק איך דיר מיין לעבנס־שטעטלע; אַזוי — אין לאַנגע הייסע זומער־טעג ווי אויך — אין לאַנגע פינצטערע, האַרבסטיקע און ווינטער־דיקע נאַסע און קאַלטע נעכט. אַ יידיש אָרעם שטעטל ווי פיל אַנדערע, און דאָך זעסט דו מיר אויך אַנדערש אויס אויך דאַן האָסט דו מיר אויסגעזען טיילמאָל ווי „תינוק שנישבה" — ווי אַן ארויסגעריסן קינד פון זיין נאַטירלעכער היים און פאַרוואָגלט ווייט. קיין שום שטענדיקייט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אַלץ שוואַך אַזוי און אומפאַרוואָרצלט. ניט איינגעוואַקסן און ניט איינגעגלידערט, ווי צייט־ווייליק... היינט דאָס און מאָרגן עפּעס אַנדערש; היינט דאָ און מאָרגן דאָרט, ווייטער... אָבער ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל ניט פאַרקומען! עפּעס איז פאָרט געווען אין דעם גאַנצן צייטווייליקן חלל, עטוואָס ווי אַן אומקלאָרע שטענדיקייט — אַ

טראַדיציע! „אַט אַזוי איז עס. עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין! אַזוי האָבן דורות פון אָבות־אבותינו געלעבט... אַזוי וועלן מיר אויך אונדזערע יאָרן אויף דער ערד דורכמאַכן — האָבן אַלטע אין מיין קינדהייט און יוגנט־יאָרן גערעדט צווישן זיך. ייִנגערע פון זיי — מיידלעך און בחורים יוגנטלעכע — האָבן שוין אַנדערש געטראַכט און געקלערט; — עס איז קיין תכלית דאָ... קיין באַזיס... קיין היינט און קיין מאָרגן! מען דאַרף פון דאַנען אַוועק! וווהין?! פון דער היים האָבן זיי זיך געריסן...

## פויגל ציען פון זייער היימלעכן נעסט

יוגנטלעכע, ווי געזאָגט, האָבן זיך פון זייערע הייזער געריסן — ווי ניי־געבאָרענע פויגל, וואָס זיינע שוין דערוואַקסן — פון די נעסטן, ווייל וואָס איז זיי געבליבן צו טאָן אין שטעטל? קיין אַרבעט, קיין געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע טעטיקייט איז ניט געווען... קיין ביבליאָטעק און שולן זיינען נאָכניט פאַרלייגט געוואָרן — ניט פון „ציש״אָ״ און ניט פון „תרבות״. ווייטער און ווידער „חדרים״; גמרא־לערנען אין „בית־מדרש״ יחידימווייז אָדער אין אַ גרופּע. זומער־טעג פלעגן נאָך געוויסע יוגנטלעכע גרופּנווייז אָדער גאַנצע „חדרים״ — מיטן רבין אין דער שפּיץ — קומען אין „סערוועטש״־טייך זיך באָדן. ווינטער־נעכט אין „דאַמקע״ אָדער אין קאָרטן געשפּילט... אָבער וויפל איז דער שיעור? ס׳איז לאַנגווייליק געוואָרן, „סמוטנע״, ענג און באַטריבט... יונגע נשמות האָבן זיך ערגעץ ווייטער געריסן אין דער ברייטער וועלט, עפּעס נייעס האָבן זיי גע־צאַנקט און געבענקט... אין שטוב איז אויך ערגער געוואָרן... עלטערן האָבן גע־קינדלט... פרישע גיריקע מיילער צום עסן זיינען צוגעקומען און ניט שטענדיק איז געווען וואָס. יידישע פּרנסות זיינע מערער און נאָך מערער איינגעשרומפּן און באַשרענקט געוואָרן. דער „דלות״ איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין די הייזער...¹)

סמאַרגאָן איז יענע יאָרן אַן אינדוסטריע־ און האנדל־צענטער געווען. דער גאַנצער מסחר פון מערב און דרום פון פּוילישע פּראָווינצן — אונטער צאַרישער הערשאַפט — און אויך פון דייטשלאַנד, איז אַדורכגעגאַנגען ווילנע, סמאַרגאָן אויף מינסק—סמאָלענסק פון איין זייט און פּאָלאָצק—וויטעבסק פונעם צווייטן זייט. קריוויטש, וואָס איז דערווייטערט פון סמארגאן אַ סך־הכל פון 80 קילאָמע־טער, האָט כמעט ס׳גאַנצע יוגנט געליפערט צו דער אַרבעט אין סמארגאן. עס

---

¹) אויף וויפל דער גרייז־גראָער ר׳ יהושוע טרייבט ניט איבער אין זיין דערציילן, קען באווייזן דאָס בוך פון איסער קאַצאָוויטש „60 יאָר לעבן״ — געבוירן אַרום קריוויטש.

עם התקרבי לסיום סיפורי על בית־אבא ועיירתי מוקרנים באור הזכרון, חובה עלי להדליק נר־נשמה לזיכרם של אישים אחדים. בטוחני כי איש מבני עיירתי לא עשה זאת, אם כי אולי הוזכרו פה ושם.

**בנימין קלוק** — האחד מהם — ממייסדיה ומחדשיה של קופת גמילות חסדים כנ"ל — ידיד בית הורי, חבר וריע לאבי. הוא הגיע לעיירתנו בשנת 1905 בעודו רווק ופתח בית מלאכה לרפואות. איש־חמודות בעל מידות תרומיות ומזג נדיב. מטוב־ליבו הקרין על כל הבאים במגע עימו, עסקן ואיש־ציבור ישר והגון. ביתו היה בית־ועד לנוער, לאברכים, היה ער ופתוח לכל דבר תרבותי. בשנות מלחמת העולם הראשונה עבר לווילנא. בסיומה חזר לעיירתנו ונשא לאישה את ביילה אחותה של ליזה מלצר. בשנים 1928—1930 עבר לאיליה ושם כונן ביתם. בימי השואה חזר מאיליה עם אשתו והלך בדרך כל עדת ישראל בסויר. יעלה זכרו ויקרין מעל דפיו של „נר־תמיד".

**ר' חיים־קלמן** (שם משפחתו נעלם מזכרוני) ז"ל. זכורה לי הדרת־פניו עוד מהימים הראשונים לשובנו מרוסיה. אדם זקן חכם ונבון בן־תורה ובעל ניגון מקורי ומקסים. מדי יום ביומו לעת־ערב בין „מנחה" ל„מעריב" היה קורא שעור ב„עין־יעקב". ניגונו הערב והמיוחד קסם לנו הילדים ותמיד היינו באים לשמוע לניגון הזורם ולסיפורי האגדה. נקי למשעי היה על־פי הכלל „תלמיד־חכם ורבב על בגדו חייב מיתה..." זכה למות בשלום במיטתו בשנות השלושים הראשונות. יהי זכרו ברוך!

**זליק (מלמד) מלצר** ז"ל. מלמד גמרא ומדקדק. איש במיטב שנות העצה — גבר יפה בעל הדרת־פנים פטריארכאלית ידע פרק בתורה, בנסתר ובנגלה שנה וקרא ב„ספר הזהר", שט והפליג בים המפרשים. מכובד היה על בני העיירה כולם. נפטר בשנות 1928—1929. יהי זכרו ברוך!

— — מה עגום ועצוב שכל המסופר לעיל הוא בבחינת צללים קודרים וערטילאין שטרפו שנתנו בלילות והסעירו ימינו בסיוטים מקפיאים ומרתיחים דמינו חליפות. לא אספר עוד בזה על שנות השלושים האחרונות; אין ספק, שתקופתן של שנים אלה הוארה יפה בסיפורי האחרים; שנות המלחמה וימי השואה של עיירתנו הועלו בפרקים מרטיטי לב ומסעירי נפש. אף הפרקים שסופרו בידי אחותי קלרה וגיסי אליעזר מזעזעים באימתם. לו רק היה בכוחי לספר על האימות שלי. אך דל כוחי ואזל כוח־תיאורי ומה חלש הוא עטי. לא אוכל לשוב ולחיות מחדש כל אותן זוועות ואימות...

מענדל ראַבינאָוויטש / טאָראָנטאָ (קאַנאַדע)

# רעפלעקסן און זכרונות פון מיין חרובער היים

## „אלה תולדות" מיינע אין קריוויטש

„כעני בפתח" ווי אַ בעטלער אַן אביון, שטיי איך היינט — איבער דריי צענדליקער יאָר נאָך אַלעמען ביי מיינע מוח־שופלאָדן — אָנטרייבנדיק אין זכרון, אויפצובברענגען די אַלע שוין פון לאַנג פאַרשלאָפענע דערינערונגען וועגן מיין היים אין אונדזער שטעטל. אָן קיין שום באַמיאונגען ווער איך פאַרכאַפּט שוין תיכף פון ביטערן, פילנדן באַוווסטזיין און מאַכטלאָזן וויסן — אַז אַלעס איז שוין געווען און ניטאָ מער; עס איז גאָרניט געבליבן — ניט אין קריוויטש, ניט אין מיין געבורט־שטעטל; יאָ; עס איז טאַקע געווען אַ היים אַמאָל און שוין ניטאָ... אַלץ איז חרוב.

וואָס איז אויב אַזוי געבליבן נאָך צו דערציילן וועגן מיין היים אין שטעטעלע, וועגן קריוויטש צו רעדן? טראַכטנדיק בלויז וועגן דעם, פיל איך ווי האַרציקע וואַרעמע געפילן מיט אַן אומבאַגרענעצטער ביטערניש טוען מיר באַנעמען גלייכצייטיק. אַ הילפלאָזער צאָרן אויף אונדזער אָנמעכטיקייט און ראַטלאָזיקייט, צוזאַמען מיט אַ פּשוט גרויסער מענטשלעכער פרייד, אַ „יחדיו־געפיל" פון צוזאַמען זיין ביז צום לעצטן מאָמענט אין יענע פינצטערע און ביטערע טעג. צו פילן בלויז אַז מיר אַלע, יידן אין שטעטל — זיינען אין צרות געווען ווי אין נחמות, האָט אונדז געגעבן (און גיט) כוחות טראָץ אַלע דערנידערונגען, שיקאַנעס און



פאַמיליע־בילד פון משפחה בונימאָוויטש (בעת באַדאַנעס באַזוך פון קאַנאַדע) מיט משפחות שולמאַן און ציפּילעוויטש

פיין — ווי אַ מלאך פון אויבן געקנעלט און געשנעלט, געמונטערט און דערוועקט אויסצוטראָגן אַלץ און איבערטראָגן, דורכמאַכן לאַנגע שווערע וועגן אַבי לעבן צו בלייבן. כאָטש גורלדיק ביטער איז עס אויך היינט צו פילן, אַז בלויז אַ יחיד ביסטו אַן איינציקער פון כלל, דעצידירנד בלייבט דער פאַקט, אַז דו ביסט לעבן געבליבן מיט דיין פרוי און ייִנגערער טאָכטער נאָך און טראָץ אַזאַ מין ווייטן פאַרגייען פון יענער וואַרעמער היים. פלאָנטערן זיך דעריבער מיינע געדאַנקען און זכרונות, יאָגן זיך צווישנאַנאַנדער לעבן אויף רעפלעקסן און געפילן, אַלץ וויל קומען צום וואָרט און אויסדרוק. שטיי איך און פרעג מיר אַליין איינס און דאָס זעלבע: ווי אַזוי און פון וואָס אָנצוהויבן?

## אַ לעבנשטייגער

אַ ייִד בין איך אַ פּשוטער — מענדל ראַבינאָוויטש הייס איך — אַ ייִד פון אַ גאַנץ יאָר. געקומען בין איך אין קריוויטש 1924 אַלס איידעם אין דער בונימאָ־וויטש־משפּחה. אַ שטעטעלע איז עס געווען גאָר אַ קליינס, ראַמען שמאָל און ענג — אַ ייִדיש אין אַ זייט פאַרוואָרפן שטעטעלע, ביי 100 ייִדישע משפּחות מיט גאָר אַ קליינער גרופּע קריסטלעכע פאַמיליעס; איינצלנע פּוילישע און אַ פּאָר ווייסרוסישע; אַ פּוילישער קלויסטער מיט אַ פּראַוואָסלאַוונער צערקווע ווי אויך — להבדיל אלפי הבדלות — אַ ייִדישער בית־מדרש, וואָס איז געווען שטענדיק דער שטאָלץ און גייסטיקער צענטער פונעם ייִדישן שטעטל. בקיצור: — אַ שטעטעלע אַ ייִדיש מיט אַן אָרעמער עקאָנאָמיק און איינגעשלאָסן אין גאָר ענגע באַגרע־נעצטע ראַמען. וואָרצלען פון שטעטלשער לעבנס־עקאָנאָמיק האָבן טיף געשטעקט אין קליינהאַנדל מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע פון אַרומיקע דערפער און פון ייִדישע קליינע ערד־אייגנטימער אָדער אַרענדאַטאָרן פון קליינע באָדן־שטיקלעך אין שטעטל. דאָך האָט מען ווי עס איז געמאַכט אַ לעבן. דאָס לעבן האָט זיך געפירט און יעדער איז געווען אַ „שמח בחלקו" — צופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט געהאַט — אַבי עס זאָל ערגער ניט זיין! — אַ געפיל פון באַגנו־גענען זיך, וואָס האָט זיך אין שפּעטערע דרייסיקער יאָרן, ווען עס איז טאַקע ערגער געוואָרן, אַרויסגעוויזן פיל באַרעכטיקט.

איך האָב מיר קומענדיק אין שטעטל — אַ קראָם אַלס חתונה־מתנה אויסגע־שטאַט און אויסגעריכט, צווישן נאָך אַנדערע צען קרעמער מיט זייערע געשעפטן; די אַלע אַנדערע ייִדישע משפּחות זיינען אויך קליינהענדלער געווען, בעלי־מלאכהס; פאַרמיטלער, וואַלד־אָנגעשטעלטע און סעזאָן־ערדאַרבעטער. קיין שום עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און קולטור־אַנשטאַלטן האָבן יענע יאָרן (און אויך שפּעטער) בכלל ניט עקזיסטירט און ניט טעטיק געווען — אַ חוץ דער גמילות־חסד־קאַסע, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט צו ענדע פון צוואַנציקער

יאָרן. בוכפירער פון קאָסע איז געווען אונדזער מרדכי (חיים) טאוגער (אין ישראל היינט). אָט די אינסטיטוציע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס זייער נוצלעך און לעבנסנויטיק; אַלעמען האָט זי פיל געהאָלפן. אויף אַ קורצער צייט איז יעדן מעגלעך געווען צו באָרגן — ביז 200 פוילישע זלאָטעס, וואָס איז פאַר יעדן קרעמער, קליינהענדלער אָדער בעל־מלאכה — געווען אַ גאָר בכבודיקע סומע, אַ גרויסע הלוואה, וואָס האָט מיטגעהאָלפן אָפּצואָטעמען און ווייטער טרייבן דעם שטענדיקן געראַנגל פאַרן מאַטעריעלן קיום.

## עטאַטיזם[1] און אַנטי־יידישער קורס

ניט לאַנג האָט עס געדויערט. עטלעכע יאָר בלויז; אין אַלגעמיין איז שוין די לאַגע ערגער געוואָרן. מען האָט עס געפילט שוין קלאָר. דער פוילישער רעגירונגס־סיסטעם האָט זיך אַלץ מערער באַזירט אויף עטאַטיזאַציע. די רעגירונג האָט שוין פשוט זיך אַריינגעמישט אינעם עקאָנאָמישן לעבן פון יעדן יחיד און פרט — אויספלאַנירנדיק אומעטום אייגענע ווירטשאַפטלעכע מלוכה־קאָאָפּעראַטיוון, אַנגראָ־געשעפטן און קאָנצעסיע־באַגרענעצונגען — לויט אירע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אינטערעסן. צו די שטייערן, וואָס געבליבן זיינען נאָך גראַבסקיס עקאָנאָמישן רעגירונגס־סיסטעם, איז צוגעקומען אַלץ מער נייע און באַנייטע פאַראָרדענונגען — מיט וואָס מעגן יידן האַנדלען און וואָס איז פאַרווערט אונטער אַ שווערער שטראָף. באַלד איז מאָנאָפּאָליזירט געוואָרן אינגאַנצן טאַבאַק־האַנדל (פּאַפּיראָסן ווי סיגאַרעטן), ספּירט און בראַנפן־פּראָדוקציע. די אַלע קאָנצעסיעס זיינען פאַרשטענדלעך צוגענומען געוואָרן ביי יידן קודם כל. אָבער עס איז נאָך רואיק געווען. בולטע אַנטי־יידישע העצע האָט זיך נאָך ניט געפירט. אילוזאָריש האָט מען נאָך געהאָפט און געגלויבט, אַז די אַלע גזירות וועלן לינדערער ווערן. מיט דעם האָט מען זיך געטרייסט און ווייטער געטריבן דאָס לעבן. ניט געזען האָט מען און אפשר אויך ניט געוואָלט זען, דער גרויסער וואָלקן־קאָנצענטראַציע אויף אַלע הימלען פונעם יידישן לעבן.

1930 זיינען אויף אַ באַזוך געקומען צו אונדז אין שטעטעלע — מיין פרויס אַ שוועסטער מיט אַ 9־יאָריקן זון פון קאַנאַדע, כדי צו זען זיך מיט אירע עלטערן ווי אויך מיט אונדז. אָפּוויילנדיק מיט אונדז אייניקע וואָכן זיינען זיי באַלד צוריקגעפאָרן בלייבנדיק ביי דער מיינונג, אַז עס לעבט זיך אונדז רואיקער און לייכטער ווי זיי אין קאַנאַדע. עס איז בכלל קיין וווּנדער אויף דעם; איבער דער

[1] עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכער רעגירונגס־מעטאָד אויסצושפּרייטן אינטערווענץ און אַריינמישן זיך אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן; פאַרצושרייבן באַגרענעצונגען דער פּריוואַטער איניציאַטיוו — מאָנאָפּאָליזאַציע — און מלוכה־קאָאָפּעראַציע.

גאַנצער וועלט כמעט האָט געשטורעמט דאַן און געבושעוועט אַ שווער־עקאָנאָמישער קריזיס. געווען איז עס דאָך נאָכן באַרימטן קראַך פון „וואָלסטריט” 1929. אַלע אייראָפּעאישע גרויסמאַכטן זיינען געשטאַנען פאַר אַ פולשטענדיקן פינאַנסיעלן באַנקראָט. געווען זיינען אומעטום קריזיסן און אַרבעטסלאָזיקייט ווי אויך מאַטעריעלער מאַנגל. איז דען נאָך אַ ווונדער, אַז געפרייט האָבן מיר זיך שוין מיט דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט?

ליידער איז אויך אָט די קליינע מינדע פרייד ניט געבליבן אונדז אויף לאַנג. 1933—1934 האָבן זיך שוין אויך ביי אונדז געוויזן אַנטיסעמיטישע העצער און אַגיטאַטאָרן, וואָס האָבן געפּרעדיקט — „סוווי דאָ סוועגאָ!” — דאָס וואָס ביז דאַן האָבן מיר געלייענט אין צייטונגען, וועגן זיך אָפּשפּילנדיקע געשעענישן אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך — איז שוין אויך ביי אונדז, אַ לעבנס־ווירקלעכקייט געוואָרן און פאַר אונדזערע אייגענע אויגן זיך אָפּגעשפּילט. פריער האָבן זיך באַוויזן די „ערשטע שוואַלבן” בלויז פון אַנטיסעמיטישער העצע — אָנגעפאָרענע סטודענטלעך פון ווילנער אוניווערסיטעט, וואָס האָבן דערווייל וואָרטלעך נאָר אַגיטירט — אַז קריסטן באַדאַרפן אַלעס צו קויפן ביי קריסטן אויסשליסלעך און זיך מיט דעם באַגנוגנט. דאָס איז געווען אַ דירעקטער המשך פון דער גוט באַרימטער רעגירונגס־דעקלאַראַציע, וואָס איז פּובליקירט געוואָרן דורכן דעמאָלטיקן פּוילישן אינערן־מיניסטער, גענעראַל סקלאַדקאָווסקי; פאַרניינט האָט די דעקלאַראַציע און מיט האַלבן מויל פאַרוועירט דער פיזישער פּאָגראָמירונג פון יידישע געשעפטן, האַנדל און פאַרמעגן. אָבער אַן עקאָנאָמישער זעלבסט־פאַרטיידיקונג פון פּוילישער באַפעלקערונג — דורך אַן אָרגאַניזירטן „רואיקן” אַנטי־יידישן באָיקאָט, „אדרבא ואדרבא!” אַזוי איז געווען די ניי־פּראָקלאַמירטע עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג. אַלס וויטערער דירעקטער פועל־יוצא זיינען געקומען נאָך אַנדערע אַנטי־יידישע געזעצן, ווי דאָס געזעץ פון מאַדאַם פּריסטער (אַ סיים־דעפּוטאַטין) קעגן דער „אוממענטשלעכער” יידישער שחיטה. געקומען זיינען זיי וואָס מערער מיטן געשלאָסענעם הסכם פון דער פּוילישער רעגירונג מיט דער היטלער־רעגירונג.

נאָך די אויבנדערמאָנטע „ערשטע שוואַלבן” האָבן אָנגעפאַנגען מער העפטיקערע העצעס און אָנרייצונגען פון פּויערן־מאַסן קעגן יידן. באַלד האָבן אָנגעהויבן יעדן מיטוואָך צום וועכנטלעכן מאַרק, אַראָפּצוקומען אָרגאַניזירטע גרופּן פון „אָזאָנצעס”[2] און „יונג־כאדעקעס”,[3] סטודענטן, גימנאזיסטן און פּויערן־יוגנט

[2] „אָבוז זיעדנאָטשעניאַ נאַראָדאָוועגאָ”. „אָ. ז. נ.” — קאָנצענטרירטע נאַציאָנאַלע פאַראייניקונג”.

[3] מלאָדזשעש כ. ד., „יוגנט פון קריסטלעכער דעמאָקראַטיע”.

פון אַרום. זיי האָבן אָרגאַניזירט פּיקעטן, וואָס האָבן אויסגעשטעלט זיך ביי ייִדישע „סטראַגאַנעס” און קראָמען — ניט צו דערלאָזן קיין שום קריסט אַריינ־צוקומען און קויפן חלילה עטוואָס ביי ייִדן. עס איז ניט אַדורך אַפילו איין זונטיק, אַז די דאָזיקע „פּויליש־נאַציאָנאַלע העלדן” זאָלן ניט מאַרשירן דורכן שטעטל מיט אויסגעשרייען: קיין פּאַלעסטינע גייט זשידעס! קיין מאַדאַגאַסקאַר! — ניט פאַרשמוצן און ניט פאַרדאַמען אונדזער הייליקע פּוילישע ערד!

אַלץ מערער און נאָך מערער איז די אַטמאָספער אַרום אונדז געדיכטער געוואָרן; עס האָט זיך געפילט ממש אַ שטימונג פון אַן ערב־פּאָגראָם. איז גאָר אַ וווּנדער, אַז דווקא פּוילן איז אויסגעוויילט געוואָרן דורך דער דייטשער נאַצי־פאַשיסטישער הידרע אַלס עשאַפּאָט און פאַרניכטונגס־פּלאַץ פון זעקס מיליאָן ייִדן?

יאָר נאָך יאָרן זיינען אַריבער,
פולע זיינען יענע גריבער,
און נאָך רויטער איז די ליים,
יענע ליים איז איצט מיין היים:
דאָרטן ליגן מיינע ברידער,
די געשאָכטענע אין שטוב,
די געשאָסענע ביים גרוב.
טיפע גריבער רויטע ליים —
כ'האָב אַמאָל געהאַט א היים.

שמואל האלקין: (טיפע גריבער רויטע ליים)

יוסף שמיר (שימענטשיק) / בני־ברק

# עקאָנאָמיש און קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן אין שטעטל

### יידישע פרנסות

איך וועל מיר ניט פאַרנעמען מיט דער פראַגע, ווען און ווי אַזוי זיינען יידן אָנגעקומען אין קריוויטש דאָס איז אויך פאַרן צייטלעכן היסטאָריקער שווער פעסטצושטעלן; דער מאַנגל פון היסטאָרישע קוועלן, די דערוויטערונג און אָפּגעריסנקייט פונעם צענטער פאַר אָט די מקורות — ווי ווילנער מלוכה־אַרכיוון, ווי־סנשאַפטלעכע ביבליאָטעקן און אוניווערסיטעט־אוצרות — לאָזן איבער די אַלע פראַגן אומפאַרענטפערט. נאָר דאָס וויל איך אָבער דערמאָנען: אויפן בית־עלמין אין שטעטל, זיינען פיל אַלטע טיף אין דער ערד געזונקענע מצבות געווען, פון וועלכע שוין דעמאָלט אין פריסטע יוגנטיאָרן אונדזערע, איז שווער געווען צו דערקענען און לייזן די רעטעניש פון זייערע אויפשריפטן. כ׳געדענק נאָך, אַז יעדן יאָר, ווען צו תשעה באב און אלול־חודש, פלעגט ס׳גאַנצע שטעטל אויף „קבר־אָבות" קומען און מיר דערוואַקסענע קינדער און יוגנטלעכע האָבן אונדז פיל אָנגעשטרענגט (און אָן דערפאָלג) צו לייזן און בייקומען די געהיימענישן פון די אַלטע מצבות. אַלטע לייט אין שטעטל האָבן דערציילט, אַז די מצבות זיינען נאָך פון 17־טן יאָרהונדערט; מיר האָבן אין פולער נאַאיוויטעט אונדזערער פעסט געגלויבט אין דער פעסטשטעלונג, וואָס האָט פאַקטיש ניט געהאַט אויף וואָס צו שטיצן זיך. אַלע מיינע חברים און אויך איך האָבן זיך ניט געגריבלט דאַן אויב אין „פנקס הקהל" איז וועגן דעם געשריבן. דעם אמת זאָגנדיק ווייס איך ביז היינט ניט, צי איז אַזאַ מין פנקס געווען בכלל... וועל איך מיר דעריבער ווינטשנסווערטער פאַרנעמען מיט רעאַלן און קעגנוואַרטיקן (דעמאָלט) קריוויטש — ווי איך האָב עס געזען און געטעמט דער לופט זיינס — ביזן אומגעהויערן גרויסן מבול, ביז דער אימהדיקער גרויזאַמער ערד־ציטערניש...

ווי קליין דאָס שטעטעלע אונדזערס איז געווען — קלענער אַפילו פון דערבייאיקע שכנותדיקע שטעטלעך — איז עס דאָך געוואָרן אַ האַנדלס־צענטער פאַר דער גאַנצער אומגעגנט, אַ זאַמלפונקט פאַר „ירידים" און מארק־טעג; — אַ רעזידענץ פאַרן ציווילן פרידנס־געריכט און פאַרשיידענע אדמיניסטראַטיוו־אַמטן. אָבער וואָס שייך פרנסה־זאַכן האָט אָט דער גרויס־בכבודיקער זכות און אָנגענעמער פרעסטיזש פונעם שטעטל, זייער ווייניק געלייסטעט. דער עקאָנאָמישער געבוי פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל, האָט זיך ניט אונטערשידן

פונעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין אַלע אַנדערע שטעטלעך ; באַשעפטיקט האָבן זיך קריוויטשער יידן מיט אַלערליי מלאכהס — כאַראַקטעריסטישע פאַרן גאַנצן פוילישן יידנטום — סיי אין גרויסע שטעט און סיי אין קליינע שטעטלעך. זיי זיינען געווען שוסטער און שניידער, שטעפער, שמידן און בלעכער, גלעזער, סטאָליאַרעס, באָנדאַרעס, קרעמער און קליינהענדלער, ערד־אַרבעטער און בעלי־עגלות. עטלעכע יידישע משפחות אין שטעטל האָבן אַפילו אייגענע ערד געהאַט — אָפּגעקויפט פון יעגער אָדער אַנדערע גוטבאַזיצער ; זיי האָבן אַלעס פלייסיק אַליין באַאַרבעט און אויך געצויגן פון דעם חיונה אין אַ געוויסער מאָס אַנדערע האָבן געהאַלטן ערד אין אַרענדע און באַאַרבעט. אייניקע ווידער האָבן געהאַלטן מילך־פּאַכטן און אַפילו געאַרבעט אויך ביי גוטבאַזיצער. אין דער אונטערשטער שורה אָבער — פיל פאַכלאָזע לופט־פּרנסות, „מנחם־מענדלשע״. און ביי דעם ווי דער שטייגער איז „פון אַלע מלאכהס גאָר ווייניק ברכות״. פון אַלע באַשעפטיקונגען איז פּרנסה געווען גאָר בצמצום ; יוגנט האָט בכלל ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו באַשעפטיקן. יעדע פאַמיליע האָט פיל מיילער געהאַט ביים טיש צום עסן. ניט שטענדיק אָבער, איז געווען פאַר אַלע גענוג. קורץ גערעדט ; אַ גאַנצע וואָך האָבן קריוויטשער יידן, בעלי־בתים, געוואַרט אויף פּדיון — קרעמער ווי האַנטווערקער זיינען אַרומגעלויפן נאָך אַ „גראָשן״, וואָס האָט אין אַלגעמיין אויסגעפעלט...

אין פאַרלויף פון א גאנצער וואָך האָט מען מיט גרויס אומגעדולד אָפּגעוואַרט דעם וועכנטלעכן מאַרק־טאָג, וואָס איז יעדן מיטוואָך צושטאנדגעקומען. שטענדיק איז עס געווען אַ טאָג פון גרויסן גערודער און האַנדל־וואַנדל. מען האָט אַרום און אַרום געסוחרט, אָבער געהאָלפן געוואָרן פון דעם איז מען זייער



העירה קריוויץ - KRZYWICZE · ממעוף ציפור
שמיד יוסף

וויניק. מערער פון אַ שטאַרק געקוועטשטער און געדריקטער פּרנסה אויף אַ גאַנצע וואָך האָט מען פון מאַרק־טאָג ניט געהאַט, טראָץ אַלע באַמיאונגען, וועלכע מען האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך ניט געקאַרגט. אין משך פון דער וואָך האָבן אַלע קליינהענדלער איינגעקויפט טויזנטער אייער, עופות, פעל, פאַרשידענע האָר, געטריקנטע שוועמלעך, תבואה, ווי אויך רפואה־גראָזן. ביז צו ענדע פונעם מאַרק־טאָג זיינען אָט די סחורות אויספאַרקויפט געוואָרן צו גרויס־סוחרים און הורט־הענדלער — צו „ספּולקע"־מיטגלידער איבערהויפּט. דאָס איז געווען אַ מין קאָאָפּעראַטיוו, אַ שותפותדיקע אונטערנעמונג פון אייניקע בודסלאַווער יידן מיט פּרוכטבאַרער איניציאַטיוו און רעאַליזאַטאָרישע אָרגאַניזירונג־פעאיקייטן. זיי האָבן אין אַלגעמיין אַלעס אָפּגעקויפט און ספּעציעל באַזונדער, אַלץ פון לאַנד־ווירטשאַפט־פּראָדוקציע. אַלעס איז פאַרפּאַקט געוואָרן אויפסניי, צום באַן אָפּגעפירט און שנעל צעשיקט אין פּוילישע גרויסשטעט איבערן גאַנצן לאַנד. די „ספּולקע"־שותפים האָבן אויך אָנגעפירט מיט אַ גרויסן הורט־געשעפט פון שפּייז־מיטלען, וואָס איז באַרימט געווען איבערן גאַנצן אומגעגנט. עס איז אויך ווינטשנסווערט צו באַטאָנען, אַז צוליבן גרויסן מרחק פון שטעטל צו אַ גרויס־שטאָט, זיינען לעבנס־מיטלען ביי אונדז פיל ביליקער געווען ווי אין צענטראַל־פוילן.

אונדזער שטעטעלע האָט צווישן אַנדערע געשמט איבערן גאַנצן געגנט מיט אַרטיקלען פון אייגענער פּראָדוקציע און גרינוואַרג — ווי אוגערקעס — גרינע און איינגעזייערטע, בייגל, דאָס באַרימטע ברויטקוואַס א. אַ. אָט די אַרטיקלען זיינען געוואָרן טאַקע אויך קריוויטשער עקספּאָרט. אייניקע קריוויטשער יידן האָבן זיך פאַרנומען אויך מיט וואָל־בערשטעריי, פאָדעם־פאַרבעריי, ליענרייניקונג, פלאַקס און זוימען, וואָס זיינען געווען גאָר גאָר איינגעוואָרצלטע שטעטלשע באַשעפטיקונגען.

אַ זייער באַגלויבטער עווידענץ און אַ גאָר שיך־אינטערעסאַנטע שילדערונג וועגן דעם, האָב איך געפונען אין אויטאָביאָגראַפישן בוך — „60 יאָר לעבן" — געשריבן פון אַ געוויסן איסער קאַצאָוויטש, געבוירן אין 1854 ביי קריוויטש. זיין פאָטער, צייטנווייז — אַרענדאַר פון אַ קרעטשמע דאָ און דאָרט (אין אונדזערע קאַנטן), צייטנווייז — אַ מלמד; אַ געוויסע צייט אויך מלמד אין קריוויטש. געלעבט מיט דער פאַמיליע זיינער אין שטענדיקער נויט און דחקות. שוין גאָר פרי, אַ קינד נאָך, האָט דער יונגער איסער פאַרלאָזן זיין היים, אין חדרים און ישיבות געלערנט און אַליין אַרויס אויף לעבנס־וועגן. אין זייער שיינע און גאָר לעבעדיקע פאַרבן, ווערט געשילדערט אין בוך די „סוקנאַוואַלנע" און וואַסערמיל אין מאַלישקע — אַ דאָרף נאָענט צו קריוויטש — שוין מיט קנאַפּע 120 יאָר צוריק. דער אויטאָר פון בוך איסער קאַצאָוויטש האָט געוואַנ־

דערט איבער גאַנץ רוסלאַנד (און רוסיש פּוילן); געווען איינער פון די ערשטע אויסוואַנדערער קיין אַמעריקע — מיט דער עם־עולם־באַוועגונג אין לעצטע אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. ער איז באַפריינדעט געווען מיט „שלום־עליכם" און זיך אַדורכגעשריבן מיט אים. זיי זיינען בידע געווען אין איין עלטער כמעט. ער איז אויך אַ פּאָר מאָל צוריקגעקומען פון אַמעריקע אין רוסלאַנד און ווידער אויך אין אונדזערע קאַנטן — זוכנדיק מערער די אימפּולסן פון יידיש לעבן, וואָס האָבן אים נאָך דאַן, זייער געפעלט אין אַמעריקע. ענדלעך איז ער אין אַמעריקע ווידער אַוועק. אויך דאָרט געוואַנדערט און סוף כל סוף אַנטשלאָסן זיך דאָרט צו בלייבן. אין דרייסיקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, איז ער דאָרט נפטר געוואָרן. זיין אויבנדערמאָנט בוך איז געוואָרן אָבער אַ גענויע און אמתע אָפּשפּיגלונג פונעם יידישן שטעטל אין ענגערן (טאָג־־טעגלעכן) פאַרנעם און היינזיכט.

לייענענדיק די אויבנדערמאָנטע אויטאָביאָגראַפיע, איז זייער לייכט צו אידענטיפיצירן און דערקענען קריוויטש, קורעניץ און דאלהינעוו (אַפילו ווען די נעמען וואָלטן ניט דערמאָנט ווערן) און נאָך שטעט און שטעטלעך פון אונדזער אומגעגנט. אין גאָר אַן איינפאַך־פּשוטער שפּראַך און גאָר אָן שרייבערישע פּרעטענזיעס, אָן אַ וועלכער עס איז סטיליזאַציע, גייט אַדורך פאַר אונדזערע אויגן דאָס לייב און לעבן פונעם יידישן שטעטל. און אויב אַפילו די אַלע געגעבענע שילדערונגען אַנטהאַלטן ניט אין זיך די דאָזיקע סובסטאַנצן פון א „כתריאליעווקע" אַלס סימבאָל און פּראָטאָטיפּן פון יידישן לעבן צי ווי „פונעם יאריד" ביים „שלום־עליכם" — אָדער ווי „קאַבצאַנסק־קבציאל" ביי מענדעלע מוכר ספרים אָדער ווי „דאָס שטעטל" ביי שלום אַש — איז עס אָבער די איין און זעלבע מאַטעריע; די זעלבע לעבנס־ווירקלעכקייט און אָט די זעלבע אמתן, פון אַ שפּרודלענדיק און וואקסנדיקן לעבן.

## דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן

די אָפּוועזנדע געמאכטע דערגרעסיע פון אונדזער עניך, ד. ה. קריוויטש האָט אונדז געלוינט; ס'איז נאָך עפּעס צו לערנען פון איסער קאַצאָוויטשעס „60 יאָר לעבן". אַ ליכטיקע אילוסטראַציע פון יידישער לעבנס־ווירקלעכקייט אין קריוויטש (און ניט נאָר פון דאָרט), וואָס איז ביסוד געבליבן אומפאַרענדערט אויך אין יענע יאָרן אונדזערע. די עקאָנאָמישע לאַגע אין שטעטל, די אַלע זייער באַשרענקטע און געדריקטע יידישע הכנסות, האָבן פאַרשטענדלעך שווער געווירקט אויפן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין שטעטל. זיכער איז און גאָר קיין צווייפל, אַז דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פּאָטענציאַל און כוחות־רעזערוואַר איז באַדייטנד גרעסער געווען און מערער געקענט לייסטן — ווי עס האָט זיך

פאַקטאָגראַפיש אָפּגעשפּילט. אָביעקטיווע באַגרענעצונגען אָבער, אויך מיט סובּיעקטיוו־פאַמיליאַרע מאַטעריעלע באַדינגונגען, האָבן עס ניט דערמעגלעכט. די גאָר ענגע ראַמען (מען טאָר דאָך אויף איין מינוט אַפילו ניט פאַרגעסן, אַז קליין און ענג איז דאָס שטעטל געווען)... האָבן ניט דערמעגלעכט אַנטקעגנצוקומען די לעבנסוויכטיקע צרכים, די עלעמענטאַרסטע באַדערפעניש. יאָרנלאַנג האָט דאָס שטעטעלע ניט געקענט בילדן און אויסהאַלטן אַ לערן־שולע — אַ יידישע אָדער העברעאישע. די רעאַלע ווירקלעכקייטן פון אַן „עיירה נידחת", אַ ווייט פאַרוואָרפן שטעטל אַ קליינס אויפן ברייטן רוים פון „ווילענשצינע", — 180 קילאָמעטער מיטן באַן פון ווילנע; אַן 84 קילאָמעטער ביז סמאַרגאָן; קרוב פון אַ 40 קילאָמעטער קיין ווילייקע און ווייטער נאָכמער קיין סווענציאַן (און שוין אָפּגערעדט ביז צום „תחום המרחב" פון גלובאָקער ראַיאָן מיט קאָבילניק און דיסנע), האָבן ניט מיטגעהאָלפן אויסבויען אַ נאָרמאַלן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. סיי אין דער פאַקטישער ווירקלעכקייט, סיי אין גייסטיקן אימאַזש איז אונדזער שטעטל געבליבן אָפּגעשטאַנען, „ישובניקיש" פאַרגרעבט און קולטורלאָז אין אַ באַדייטנדיקער מאָס. אַ צייטונג, אַ זשורנאַל און ווער רעדט שוין פון אַ ניי־דערשינענעם בוך זיינען געווען אַ „יקר המציאות". דער דראַנג און דורשט צום לעזן, זיינען גרויס געווען און גיי טו עפּעס, אַז אַ ביבליאָטעק און אַ לעזעצימער אַפילו איז נאָך אין שטעטל ניטאָ...* פלעגט אַ צייטונג אָדער אַ זשורנאַל ווי „הצפירה" און „העולם" צי „ווילנער טאָג", די „צייט" (רעדאַגירט פון צינציניאַטוס), אָדער „אָוונט־קוריער" איבערגיין פון האַנט צו האַנט — און צו קריגן פון ערשטער האַנט איז נאָר איין אַדרעס געווען — נחשון (בן הרב יהושוע) זוט ז"ל — דער שוואָגער פונעם לעצטן קריוויטשער רב מלכיאל פרצי זצ"ל און אונדזער ר' ישעיהו קאַצאָוויטש ז"ל.

ווי עס איז שוין איבנדערמאָנט געוואָרן האָבן יוגנטלעכע בחורים און מיידלעך אין שטעטל קיין שום צוקונפט־פּערספּעקטיוו און לעבנס־אויסזיכטן געזען פאַר זיך. ניט פרנסה־מעגלעכקייטן, ניט געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע האָריזאָנטן. מיידלעך און בחורים זיינען דערוואַקסן און „ראויים לברכה" געוואָרן; עלטערן האָבן געבענקט נאָך דעם ביסל נחת — אָבער קיין אויסזיכטן חתונה צו האָבן און מאַכן אַ לעבן, האָט מען ניט געזען. אַרויסצורייסן זיך פון בינדנדע און פּענטנדע ווירקלעכקייט־ראַמען איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע נויטווענדיקייט! עס איז געוואָרן אַ דראַנג אויף עמיגראַציע — אַן אַלט־נייע דערשיינונג אויך אין קריוויטש. אַ גרויסער טייל פון שטעטלשער יוגנט האָט באמת עמיגרירט אין דער

* ווי זהבה סלאבאדסקי (זלאטקע שטיינגאָלד) גיט איבער, איז שוין פאַר איר עליה געווען אַן אָנהויב פון אַ ביבליאָטעק. — רעדאַקציע־באַמערקונג.

בריטער וועלט; יעדע שטוב אין שטעטל האָט שוין אפשר געהאַט איר טראַנס־אַקעאַנישן פאַרטרעטער, דעם פאָרשטייער „מעבר לים"...

אָבער איך קלויב מיר ניט באמת, דעם ענין עמיגראַציע צו באַשרייבן, ווייל באַהאַוונט און באַקאַנט מיט דעם בין איך באמת צו ווייניק, — איך ווייס עס בלויז פון לעצטע צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן פון אונדזער לויפנדן יאָר־הונדערט און ווייל די עמיגראַציע איז אַ מער עלטערע דערשיינונג, גלויב איך, אַז עס איז אַ זאַך פאַר לעבנגעבליבענע פון עלטערן דור. זיכער ווייסן זיי פון דעם אַ סך מערער פון מיר. וועל איך מיר דעריבער באַגנוגענען מיטן דערמאָנען נאָר יענע „בני מזל", וואָס האָבן זוכה געווען אָנצוקומען אויף „הכשרה", באַקו־מען סערטיפיקאַטן און עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

אויך היינט געדענק איך נאָך וואָס פאַר אַן עכאָ האָט אין אונדזערע הערצער איבערגעלאָזט די עליה פון שלום און ראַשקע צוקערמאַן און נאָכדעם פון זלאַטקע שטיינגאָלד (היינט זהבה סלאָבאָדסקי) און מלכה גרינבערג. איך געדענק אויך וואָס פאַר אַ רושם עס האָט געמאַכט אין שטעטל דער קורצער באַזוך פון מעל־צער, וואָס איז אין 1928 געקומען זיך זען מיט די עלטערן זיינע און פאַמיליע. ווער קען שילדערן די באַגייסטערונג, די אַלע באַנקעטן! עפּעס אַ קליייניקייט? עס קומט דאָך איינער אַן אונדזעריקער, פון ארץ־ישראל אויף אַ באַזוך אין קרי־וויטש. קינד און קייט האָט מיט אים גערודערט; ער איז ממש אויף די הענט געטראָגן געוואָרן... ביים אָפּפאָר זיינעם צוריק, האָט די גאַנצע יוגנט אים באַ־גלייט ביז מאָלאָדעטשנע און דאָרט — אין דעם עס־זאַל פונעם באַנהויף אָפּגע־ריכט אים דעם לעצטן אָפּשייד־באַנקעט

— רעזומירנדיק אַלזאָ דעם לעבנס־סך־הכל פון אונדזער שטעטלע, אויסרע־כענענדיק און דורכזעענדיק די כמעט שטענדיק פּערמאַנענטע מאַנגלען פון טוג־קעלער און שאָטנהאַפטער עקזיסטענץ און לעבנס־קיום געשיכטע, וועט עס ווערן אַ גאָר שאַרפער אָפּנויג פון אמת, אויב עס וועלן ניט דערמאָנט ווערן אויך די ליכטיקע זייטן און ליכטשטראַלן, וואָס האָבן געוואַרעמט די הערצער און געמונ־טערט האָפענונגען — פאַרשטאַרקנדיק אונדזער גלויבן, אַז עס קען און וועט אויך זיין אַנדערש... די ליכטשטראַלן געפונען האָבן זייער פאַרקערפּערונג אין דער אַלגעמיינער צוגעבונדנקייט און געמיינזאַמען אַחריות־געפיל — אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע. אין דעם געדאַנק, אַז אַלע — אָן אונטערשייד צווישן יונג און אַלט, רעליגיעז־פרום צי וועלטלעך־פריי אָדער יידיש־וועלטלעך און אינטעגראַל מיט דער גאַנצער טראַדיציע, ציוניסטיש געשטימט אָדער אנטי־ציוניסטיש, צי אַ־ציוניסטיש (פּאָלקיסטיש) — זיינען און בילדן איין געקניפּטע משפחה. נאָר אַזוי איז צו פאַרשטיין דאָס אַלגעמיינע פרייען זיך מיט עמעצנס אַ שמחה און די ווייטיקן פון אַלע, ביי יעדן אומגליק חלילה. ניט קוקנדיק אויף

דעם, וואָס יידן אין קריוויטש זיינען אין זייער אַבסאָלוטער מערהייט געווען רעליגיעז; חסידיש און טראַדיציאָנעל, שטרענג אָפּגעהיט זיך „בקלה כבחמורה" און דאָס גייסטיק־קולטורעל לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אין און אַרום „בית מדרש", האָט זיך דאָך געלאָזט מערקן אַ געוויסע פריי אויפנעמענדע אָפנקייט און טאָלעראַנץ, לגבי אַלע נייע בלאָזנדע ווינטן און אַנדערע שטימונגען אויף דער יידישער גאַס, ווי ציוניזם, וועלטלעכקייט און סאָציאַליזם. באַזונדערס האָט זיך אין שטעטל געפילט אַן אַלגעמיינע טאָלערירונג, אין באַצוג צו דער יוגנט. די יינגערע גענעראַציע — יוגנט מיט יוגנטלעכע איינגעשלאָסן — האָבן פראַנק און פריי פון „בית־מדרש"־בימה, פריידיקן געקענט זייערע אידייען און פאַרוויילונג־אַרטן. אָפטמאָל פלעגט זיך אַפילו אַ דיסקוסיע צעפלאַקערן, אַ וויכוח צווישן דורות וועגן אַלגעמיינער פּאָליטיק; ענינים פון ציוניזם און ארץ־ישראל אַרבעט, נאַציאָנאַלע פאָנדן ווי אויך אין באַצוג צו דער יידישער פּאָליטיק לגבי דער פּוילישער רעגירונג א. אַ. וו. דער שמועס פלעגט זיך פאַרציען און פאַרציען, צייטנווייז ביז שפּעט — אויף די גאַסן, גייענדיק פון „בית־מדרש" א היים...

צי קען עס דען מעגלעך זיין בכלל, אַז עמעצער פון אונדז לעבנגעבליבענע זאָל פאַרגעסן, ווי אַזוי אונדזערע עלטערן האָבן זיך „מוסר־נפש" געווען פאַר אונדז, פאַר אונדזער דערציאונג און בילדונג, מיר זאָלן עפּעס מערער אין לעבן דערגרייכן? מען האָט אַלץ געטון און געשפּאָרט, מען האָט געריסן פונעם ביסן, פון מעבל און בגדים — אַבי קינדער זאָלן קענען לערנען. ווי שוין אויבנדערמאָנט — איז קיין יידישע אָדער העברעאישע פאָלקסשול ניט געווען. קינדער פלעגן דאַרפן גיין צופוס אין זומערדיקע היצן און ווינטערדיקע פרעסט — קיין דאַלהינעוו. שוין אָפּגערעדט פון אַ מיטלשול, אַ גימנאַזיע! אָבער טראָץ אַלע שוועריקייטן האָט מען אויף דעם ניט געקאַרגט. שילער פון קריוויטש האָבן געלערנט אין ווילייקע און סווענציאַן, ווילנע און גראָדנע. אויך דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, האָט אַלע יאָרן פון מיטלשול געלערנט אויסערן שטעטל (גראָדנע, ווילנע און ווילייקע) — ווי באַלד ער האָט פאַרענדיקט דעם לימוד אין „חדר".

אין מיטן פון דרייסיקער יאָרן, איז דורך אומגעהויער־גרויסע אָנשטרענגונגען פון אונדזערע עלטערן (וואָס געקליבן האָבן גראָשנווייז, „געריסן פון טויטע און לעבעדיקע" — ווי מען זאָגט, געמאַנצלט ביי קרובים און שטעטלשע אין אַמעריקע — אויפגעקליבן געלט און בוי־מאַטעריאַלן) אויסגעבויט געוואָרן אַ „תרבות"־שולע, וואָס האָט ניט זוכה געווען, נעבעך, דערעפנט צו ווערן אויף איין טאָג אַפילו. די געביידע איז שוין אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן צום לערניאָר 1937־1936. מען האָט אָנגעהויבן אויך צוגרייטן דעם שול־אינווענטאַר. צוליב שטערונגען פון ווילנער קוראַטאָריום, וואָס האָט פאַרלאַנגט געוויסע ענדערונגען

אין דער געביידע און אונטערהאַנדלונגען מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון „תרבות" אין וואַרשע און זיינע פאָרשטייער אין ווילנע וועגן מאַטעריעלער הילף, האָט זיך דער ענין פאַרשלעפּט. אַז אַלעס איז שוין געווען דערלײדיקט; עס איז שוין אויך נאָמינירט געוואָרן אַ פּעדאַגאָגישער לייטער ווי אויך אַ לערערין; ס'איז שוין אויך באַזאָרגט געוואָרן דער לערער־געהאַלט אויפן ערשטן לערן־יאָר אין דער שולע — אויך איז שוין באַשטימט געוואָרן דער טערמין פון שולע־דערעפענונג — איז שוין ליידער צו שפּעט געווען... און שוין נאָך אַלעמען! אויף דינסטיק, דעם 5־טן סעפּטעמבער 1939 איז באַשטימט געוואָרן די פייערלעכע דערעפענונג פון דער שולע. פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער האָט אָנגעפאַנגען די צווייטע וועלט־מלחמה.

צי וועלן מיר דען פאַרגעסן אַלע וווילטעטיקייטן פון שטעטלשע בעלי־בתים? די גמילות־חסדים קאַסע, וואָס איז מיט גרויסער און שווערער אָרגאַניזירונג־אַרבעט געגרינדעט געוואָרן? ווער געדענקט ניט די אַקציעס פאַר „מעות־חיטין" און „קמחא דפסחא", יעדן פאַר פסח און סתם קעגנזייטיקער הילף, ווען איינער אַ ייד איז געווען אין אַ צרה און אַליין, מיט אייגענע כוחות ניט געקענט אַרויס?... זיינען דען די אַלע אויבן אויסגערעכנטע איניציאַטיוו־פּלענער און אויספיר־טעטיקייטן, ניט געווען ליכטשטראַלן אין דער גראָער און שווערער וואָכעדיקייט פונעם שטעטל?

יאָ, עס איז גאָר קיין צווייפל! ווי געווינלעך אין אַלע שטעטלעך זיינען אויך ביי אונדז, פאָרגעקומען מחלוקת און קריגערייען ניט לשם שמים... כ'וועל אויך ניט זאָגן, אַז שטענדיק האָבן אין דעם געשטעקט פרנסה־אינטערעסן. אין אַ גרויסער מאָס זיינען „קלייזל־זאַכן" און ענינים פון עליה לתורה ביים דאַווענען — „שלישי", „ששי", ווי אויך „גבאות־אינטערעסן" און סתם קנאה ושנאה־אַנטאַגאָניזמען, וואָס קיין לעבעדיקער ישוב איז ניט געבליבן און בלייבט ניט ריין פון דעם אינגאַנצן. זיינער צייט האָב איך און חברים אין מיין עלטער אויף דעם געקוקט מיט ביטול און אפשר טיילמאָל אויך געלאַכט. היינט אָבער מוז איך מודה זיין, אַז איך קוק אויף דעם גאַנץ אַנדערש און אין אַ גרויסער מאָס, מיט פאַרגיביקייט און מחילה. נאָכן אַדורכטראַכטן און פארשטיין ווערט מיר קלאָר: אַלע קריגערייען און שטרייטן זיינען געווען קאָנצענטרירטע אויסדרוקן פון אַן אקומולירטער ענערגיע, וועלכע האָט מחמת די זייער באַשרענקטע ראַמען ניט געקענט געפינען אַנדערע וועגן, צו עטוואָס מער פּאָזיטיוו. איך פאַרשטיי עס און איך בין אַלץ מוחל מיטן גאַנצן האַרצן; מיט אויגן פאַרגאַפט בלייב איך שטיין פאַרקוקט אין דער ווייט און זוך אפשר אויך היינט אַ שאָטן בלויז, אַ סילועט נאָר, פון יענע טייערע, פשוטע יידן — וואָס זיינען אַוועק און פאַרשוווּנדן מיט זייער גאַנצער וועלט...

## אַ לעבן אין קלעם אָן קיין שום אויסוועג

אויב ס׳מיינט עמעצער צו זוכן אין מיינע שורות, באַזונדערע אָפּזיכטן און כוונות אָדער אַן אַלגעמיינע אידעאַליזירונג־טענדענץ פון יענע באַגרענעצנדע און איינהאַלטנדיקע ווירקלעכקייט־באַדינגונגען, וועט ער זיכער זיך טועה זיין און בלייבן אַנטוישט. כ׳האָב אויפגעדעקט בלויז די אמתע לעבנס־ווירקלעכקייט, אירע שאָטנס ווי אויך איר ליכט. קוקנדיק אָבער היינט דורך אַ דערווייטערנדער פּערספּעקטיוו פונעם צייטפּעריאָד, וואָס איז אַוועק, מוז מען זיך אָנשטויסן אָן דער פעסטשטעלונג, אַז סוביעקטיווער ווילן פון יחידים אָדער גרופּן, האָבן ניט געקענט גובר זיין און בייקומען די אַלע אויבנדערמאָנטע מאַנגלען, חסרונות און באַגרענעצונגען פון אַ פאַרקריפּלטער לעבנס־ווירקלעכקייט. און זאָגן מוז מען דעם אמת: ווי די אַלגעמיינע עמיגראַציע, אַזוי אויך די עליה אין ארץ־ישראל זיינען צוליב אָביעקטיווע באַדינגונגען, ניט געווען בכוח פונאַנדערצובינדן און לייזן די פּראָבלעמען פון יידישער לעבנס־שטענדיקער צוקונפטלאָזיקייט אין שטעטל.

צוליב פּאָליטישע אינטערעסן פון דער פרעמדער מאַנדאַט־רעגירונג אין ארץ־ישראל און סערטיפיקאַטן־סיסטעם, זיינען עליה־טויערן פאַרן גרעסטן און דעצידירנדן טייל פון יידישע מאַסן געבליבן געשלאָסן. אויך די אויפנעמענדע אימיגראַציע־לענדער האָבן זייערע טויערן פאַרמאַכט פאַר אַ מאַסן־עמיגראַציע; זיי האָבן אַריינגעלאָזט בלויז לויט אַ יערלעכער קוואָטע — וואָס איז מיט דער צייט זייער און זייער איינגעשרומפּן געוואָרן. נאָכן אויפגאַנג פון היטלעריזם און נאַציזירונג פון דייטשלאַנד, איז די קוואָטע ממש נישטיק געוועזן.

עס איז אַלעמען באַקאַנט פון זכרון אויך היינט, די סדרה פון אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן — צושטאַנדגעקומענע מיט דער איניציאַטיוו פון פעלקערבונד און פליטים־פאָנדן אין זשענעווע, עוויאַן און בערמודאַ צווישן די יאָרן 1936—1939 (און אויך שפּעטער), וואָס האָבן זיך אויסגעלאָזן פּרוכטלאָז. דאָס דייטשע יידנטום און גרויסע טיילן פון צענטראַל־אייראָפּעאישן יידנטום האָבן שוין געלעכצט און געקרעכצט אונטערן יאָך פון נאַצישן רעזשים — געפעלט אים וואָס מערער, אַפילו אויך אָן אַ פאַקטישער און פיזישער אָקופּאַציע. אויפן צוקונפט־האָריזאָנט האָט קיינער נאָך ניט געזען דעם נאָענטן אומקום און פורענות; אָבער דאַכאַו און בוכענוואַלד זיינען שוין געוועזן... די שפּאַנישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז שוין צעפלינדערט געווען און אין טייכן בלוט דערטרונקען — אָבער די דעמאָקראַטישע מערב־מדינות האָבן נאָך אַלץ געזוכט אַ טעריטאָריע, וואָס זאָל ווידער ווערן אַ „נאַכט־אַזיל״, אַ צייטווייליקער פאַר יידן... ניט די „נאַציאָנאַלע היים״ אין ארץ־ישראל — וואָס איז גאַראַנטירט געוואָרן

דורכן פעלקערבונד און פעלקער־טריבונאַל אין נאָמען פון פעלקער־רעכט — האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אַלס דער איינגלידערונג־צענטער פאַר יידן צו אינטעגראַציע און איבערפלאַנץ, ניט די גרויסמאַכטיקע אַמעריקע מיט איר גרויסן יידישן קיבוץ — נאָר מאַדאַגאַסקאַר, ניי־גוויניי ווי אויך ערגעץ אַ פאַרוואָרפן זייט פון אויסטראַליע...

אַלע גרויסמאַכטן האָבן פלוצים מורא געקריגן און ניט געוואַגט אַרויס קעגן היטלערן און באַנוצנדיק זייערע כוחות, צווינגען אים צו ענדערן זיין אויסראָטנדיקע פּאָליטיק לגבי יידן. צוליב עגאָיסטיש־עגאָצענטרישע סיבות האָבן זיי אויך זיך אָפּגעזאָגט פון אַריינלאָזן יידן אין זייערע לענדער. דאָס איז געווען דער אויפטו פון ליבעראַל־דעמאָקראַטישן פראַנקלין רוזוועלט... פון מאַקדאָנאַלד און טשעמבערליין אין ענגלאַנד; פון לעאָן בלום, דעם ייד און זיינע שפּעטערדיקע יורשים (ווי עדוואַרד דאַלאַדיע און פּיער לאַוואַל א. אַ.). וועלנדיק אָפּהיטן אַזוי דעם שלום אויף דער וועלט, איז געוואָרן דער מינכען־פּאַקט און טשעכאָסלאָוואַקיע, אויף הפקר געלאָזט. אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דעם, איז געווען די מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־פאַרשטענדיקונג (ריכטיקער געזאָגט, סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך). טריט ביי טריט אַזוי, איז דערמעגלעכט געוואָרן דער אומקום און חורבן אויף דער וועלט און אויף יידן, פאַרניכטונג... האָבן דען די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען און טעריטאָריע־זוכענישן ניט צו פאַרשטיין געגעבן היטלערן, אַז יידיש בלוט איז הפקר און לגבי יידן איז אַלץ דערלאָזבאַר?

רעזומירנדיק דעריבער אָט דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס פון פאַר־מלחמה געשעענישן, פאַרן וועלטקריג און אויך נאָכדעם, ווערט קלאָר — אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, פאַרן חורבן און אומקום — טראָגן די אַקטיווע רוצחים, ווי אויך די פּאַסיווע שטילשווייגנדע צושויער און באַאָבאַכטער — וואָס האָבן פיל געקענט העלפן און ראַטעווען... און ניט געטון גאָרניט.

## כאַראַקטעריסטישע טיפּן
## געשעענישן און עפּיזאָדן

זיצנדיק און באַלאַנסירנדיק אַזוי ליכט און שאָטן פון מיין אַמאָל געווען שטעטל, נעמען מיך אָניאָגן פּנימער באַקאַנטע, באַליבטע, פון ווייטער פאַרגאַנגענהייט, פון קינדער־יאָרן — וואָס האָבן געדרימלט ביז אַהער אין מיינע זכרון־פאַלדן איינגעקריצט. און אָט שוועבן שוין פאַר מיינע אויגן בילדער, דערינערונגען, כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון מענטשלעכע פּנימער, עפּיזאָדן און פּאַסירונגען. אייניקע פון זיי וועל איך מיר באַמיען צו שילדערן — כאָטש מיין ווי־

דער־שילדערונגס־קראַפט איז צו שוואַך און גאָר פּראָבלעמאַטיש איז עס פאַר מיר היינט צו שילדערן — ווי כ׳האָב זיי געזען און אויפגעכאַפּט מיט אויגן קינדערישע און יוגנטלעכע, אין יענע יאָרן.

## ר׳ לייבע בונימאַוויטש — מיין חדר מלמד

איינער פון די ערשטע טיפן, וואָס איך געדענק — איז ר׳ לייבע דער מלמד; אין „עזרת־נשים״ פון בית־מדרש, אויבן איז געווען מיין „חדר״, ווו גע־לערנט האָב איך מיינע ערשטע לערניאָרן. ביים לאנגן טיש, לענגאויס דער פּרויען־שאַלקע אויבנאָן — איז געזעסן ר׳ לייבע, אַ הויכער עטוואָס געבויגע־נער ייד מיט אַ שיינענדער הדרת־פּנים און באַוואַקסן מיט אַ פּאַטריאַרכאַלער שנייוויסער באָרד. ער איז שוין דאַן אין מיינע חדר־יאָרן געווען אין טיפן עלטער; ער האָט אָבער טראָץ דעם געהאַט אַ שיין־ראַזן פּנים, וואָס האָט שטענ־דיק אַנטקעגנגעטראָגן אַ גוטמוטיקן שמייכל — רעאַליזירנדיק אומאויפהערלעך דעם פּסוק „לעולם יהא אדם נוח לבריות ואל יהא נוטה לכעוס״ — שטענדיק זאָל אַ מענטש זיין צוגענגלעך־גוטמוטיק צו מענטשן און ניט געוויגט זיין לייכט און שנעל אריינפאַלן אין כעס אַריין... זיינע אויגנבליקן, די גאַנצע געזיכט־איינ־שטעלונג האָבן אָן אויפהער אויסגעדריקט אַ נאָכגיביקער גוטהאַרציקייט און פאַר־גיביקייט. זיינע תלמידים — קינדער, וואָס האָבן ביי אים געלערנט, האָט ער מיט גרויס כוונה אויפגענומען און אָן קיין שום קאָמפּראָמיסן געלערנט; לגבי לער־נען — האָבן קיין שום פּשרות עקזיסטירט. ער איז טאַקע געווען אַ דערציער און אַ זייער באַהאַוונטער אינטואיטיווער פּעדאַגאָג. ער האָט געוווּסט שטענדיק ווי אַזוי צו געווינען די קינדער־הערצער, און כדי דאָס לערנען זאָל ניט ווערן צו טרוקן און גאָר לאַנגווייליק, האָט ער אונדז דערציילט מעשיות און משלים פון תנ״ך, פאַבולן פון „מדרשי חז״ל״ און אגדה. דערביי זיינען מיר שטענדיק זיצן געבליבן רואיק — שלינגענדיק מיט אָפענע מיילער יעדן וואָרט, ניט ווע־לנדיק פאַרלירן דעם מינדעסטן שאָרך פון זיינע ליפּן און גאַרנדיק צו הערן נאָך און נאָך...

באַזונדערס האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון מעשהלעך פון גבורה און געוואַגטקייט וועגן תנ״ך־העלדן און גבורי־ישראל. מיין מלמד ר׳ לייבע האָט אויך געהאַט אַ גאָר אויסערגעווינלעך שיינעם האַנטשריפט; אותיות ווי פּערל, אמתע קאַליגראַפיע! ווי אַ קינסטלער. יידן אין שטעטל פלעגן קומען אים בעטן אָנשרייבן זייערע בריוו צו קרובים אין אויסלאַנד איבערן ים. ער האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט; שטענדיק, מיטן גוטמוטיקן שמייכל האָט ער יעדער ביטע אויסגעפילט און צופרידנגעשטעלט. איינמאָל, אַ ווינטערדיקן פרייטיק — פון

בית־מרחץ גייענדיק אַהיים האָט ער זיך פּלוצלונג אַנידערגעבויגן און אויסגע־
הויכט זיין נשמה. יהא זכרו ברוך! זאָל געבענטש פאַרבלייבן זיין געדעכעניש!

### איטשע־וועלוול (יצחק זאב) צדיק ז״ל

אַ ייד אַ בעל־מלאכה, אַ שוסטער, אָבער אַ תּלמיד־חכם, אַ גדול בתורה און מעשים טובים. אַ זייער באַשיידן־עניוותדיקער מענטש. ווער קען דען אָפּמעסטן און אָפּשאַצן, וויסן און דערגייך אַלע וועגן און גלגולים־וואַנדלונגען פון גייסטיקער דערהויבנקייט ביי מענטשן? אפשר איז ער גאָר געשטאַנען אין גייסטיקער אָנ־געהעריקייט מיטן (פון גאָר ווייט) גרויסן תּנא און תּלמיד פון רבי עקיבא — רבי יוחנן הסנדלר? (אַזוי ווי ער אַ שוסטער...) ר׳ איטשע־וועלוול איז שטענדיק טריי געבליבן זיין לעבנס־אימפּעראַטיוו: „אהב את המלאכה ושנא את הרבנות — ליב האָבן זאָלסטו דיין אַרבעט און פיינט האָבן די רבנות״. צוזאַמען מיטן שוואָגער זיינעם יעקב, האָט ער זיין גאַנצן לעבן געאַרבעט ביים שוסטער־וואַרשטאַט. קיינמאָל ניט געוואָלט אָנקומען צו קיינעם און ניט פאַלן עמעצן צו לאַסט.

ווי פולקאָם און האַרמאָניש האָבן זיך אין זיין פּערזענלעכקייט פאַרקערפּערט די דריי הויפּט־יסודות און גרונטווערטן פון ידישער וועלט און לעבנס־אַנשויאונג: תורה, עבודה, גמילות־חסדים. וואָס אָנבאַלאַנגט תורה — איז איטשע־וועלוול אַ למדן געוועזן טאַקע; לויט זיינע פולקאָמע ידיעות, האָט ער זיכער געקענט ווערן אַ רב. יעדן טאָג — אין צווישנצייט פון מנחה און מעריב איז ער ביים טיש אין בית־מדרש געזעסן, אַ בלאַט גמרא אָדער משניות געלערנט און דערקלערט — לייזנדיק דערביי שווערע „קושיות״ און פונאַנדערבינדנדיק פאַרפּלאָנטערטע „סו־גיות״ פון „הלכה״.

וואָס אָנבאַלאַנגט אַרבעט — איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז ער האָט געאַר־בעט שוסטעריי און פון דעם געהאַט „חיונה״ בכבוד פאַר זיך און זיין פאַמיליע. און וואָס שייך צום דריטן הויפּט־יסוד, ד. ה. גמילות־חסדים — האָט ער אויפגענומען אַלס ערשטן הויפּטווערט און יסוד פון ידישן מאָראַל. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פון געבן אַ גמילות־חסד. אַ פרידלעכער מענטש, אַ ליבהאָבער פון מענטשן — פול מיט „אהבת־ישראל״. אויך ביים דאַוונען האָט ער זיך אויסגעזונדערט מיט זיין אָריגינעלן לעבנסבליק און ספּעציפישער האַלטונג. קיין סטאַבילן פּלאַץ אין בית־מדרש, האָט ער ניט געוואָלט האָבן אין אַלגעמיין; ער האָט זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז בשעת תפילה דאַרף מען שטיין בלייבן אָן (אַ הפסקה) ביים אַריינגאַנגס־טיר אָדער ביי דער הינטערוואַנט אַנטקעגן ארון־קודש. ער איז טאַקע שטענדיק שטיין געבליבן ביי דער וואַנט — אַווו עס איז אין ווינקל געשטאַנען די אַלטע און גרויסע ספרים־שאַנק — פול מיט ווילנער ש״ס;

משניות עין־יעקב און אַנדערע ספרי־קודש. צוויי גרויסע טירן פלעגן זיך עפענען דעם ארון אַנטקעגן, ווו שטענדיק געווען איז איטשע־וועלוול צדיק.

דעם גאַנצן טאָג אַ חוץ תפילה־שעהן האָט ער פאַרבראַכט ביים וואַרשטאַט־טיש און געשוסטערט. שטענדיק האָבן זיך פון דאָרט אין דער ווייט געטראָגן ניגונים פון שבתדיקע „זמירות", תפילות פאַרשידענע און סתם חסידישע מאָטיוון. צוזאַמען מיט אַלע יידן פונעם שטעטל איז ער מיט זיין פרוי און קינד אומגעקומען דורך מערדערישע הענט פון נאַציס מיט זייערע מיטהעלפער ימח שמם וזכרם!



הירשל קאַצאַוויטש מיט דער פרוי און אייניקל

פאַרשאָלטן זאָלן בלייבן אויף אייביק די רוצחישע הענט, וואָס האָבן אָט אַזאַ מין מענטשן־ליבהאָבער אומגעבראַכט.

### הירשל דער פרודניקער

נאָענט צו תפילה־שעהן פלעגן יעדן טאָג די בית־מדרש־זיצער פון גאָר ווייט נאָך, אַזש פון עק מיאדלער גאַס, דערהערן אַ מין זשומענדער סקריפּעניש פון שווערע שטיוול־טריט אויפן ברוק; אַ לאַנגזאַם־איינטאָניקער שלעפּעניש פון אַלטע מיד־אָנגעהאָרעוועטע פיס... אַלע האָבן שוין פאַרשטאַנען און געוווּסט, אַז דער אַלטער הירש אָדער ווי מען האָט אים גערופן — דער פרודניקער, איז אויפן וועג צום בית־מדרש. ער איז שוין געווען גאָר אַן אַלט־פאַרעלטערטער יד — פון יאָרנלאַנג אַליין שוין טיפגעבויגן. מיט אַ שטעקן הינטער די הענט אויפן פּלייצע אָנגעשפּאַרט — האָט ער נאָך געשלעפּט ביי איבער 110 לעבנס־

יאָרן זיין שווערן לעבנס־יאָך, וואָס האָט אין באַצוג פון אַזוי פיל לאַנגע יאָרן זיינע, אויסגעזען — ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון לאַנגן שווערן יידישן גלות...

ער איז געבענטש געווען מיט אַן אויסערגעוויינלעך גוניאַלן זכרון און טראָץ זיין טיפן עלטער האָט ער געדענקט געשעענישן און עפּיזאָדן פון זיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן ווי אויך אַלע שפּעטערדיקע לעבנס־קאַפּיטלען זיינע. קיינמאָל איז ער ניט אַליין געבליבן זיצנדיק אין בית־מדרש; שטענדיק פלעגן אים אַרומרינגלען יונג און אַלט, אויסצוהערן פון אים מעשיות פון לעבנס־דערפאַרונגען, לעגנאַויס זיין לעבנסוועג. ווי גוטווייליק ער פלעגט דערציילן וועגן מעשים פאַרבונדענע מיט שטעטלשע בעלי־בתים — אין צייטן פון פוילישע אויפשטאַנדן, פון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, ערשטער וועלט־מלחמה א. אַ. וו.

דעם סוד פון אריכות־ימים זיינער האָט ניט געוווּסט קיינער, אַפילו אויך ער אַליין; אפשר האָבן די שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין שווערער נויט און אָרעמקייט, פיל פאַרהאַרטעוועט זיינע כוחות. אין גאָר טיפן עלטער, אָנגעזעטיקט לעבנס־דערפאַרונגען צו גענוג און פיל נסיונות מיט שווערע ביטערנישן אויסגעשטאַנען — האָט ער זיך איינמאָל ביי זיין שמירה־אַרבעט אין אַ פּרוכטסאָד צוגעקילט און קורץ נאָכדעם, נפטר געוואָרן פון אַ לונגען־אָנצינדונג.

## משה־אברהם קאַידאַנאָוו דער בעל־קורא

אָט שוועבט אַרויס און קומט אויף פון זכרון־פעלדן מיינע, נאָך אַ ליכטיקע געשטאַלט פון „בעל־קורא" ר' משה־אברהם קאַידאַנאָוו ז״ל — אַ ייד אַ ניט הויכער, אַטלעטיש און פעסט געבויט מיט אַ ראָזן געזיכט, אַרומבאַצירט פון אַ פאַטריאַרכאַלער ווייסער באָרד, קענען האָבן איך אים שוין גאָר לאַנג געקענט — נאָך פון מיינע „חדר״־יאָרן. צוליבן גאָר ווערט פיינעם און אָנגעזעענעם אויסזען און זייער שיינער שטימע זיינער. זיין גאָר אויסערגעוויינלעך־שיינער באַריטאָן האָט פאַר אים אָפּגעקויפט לעבנסלאַנג דער „קריאת התורה" און ער איז געוואָרן דער שטענדיקער „בעל־קורא". מיין אויבנדערמאָנטער חדר־מלמד ר' לייבע ז״ל האָט אונדז שטענדיק אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז לייענען און מעביר סדרה זיין טראַפּאַקצענטירט — דאַרף מען פון ר' משה־אברהם לערנען.

אויף גאָר אַ באַזונדערן אופן האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון דער פאָלגנדער פאַל, וואָס איז פאַרבונדן מיט ר' משה־אברהם: אין אַ געוויסן טאָג איז אין קריוויטש אָראָפּגעקומען אַ קאַטויליש־גייסטלעכע מיסיע מיטן ווילנער פוילישן בישאָף (ביסקופּ) אין דער שפּיץ. דער פוילישער קלויסטער אין שטעטל און קריסטן פון דער גאַנצער אַרומיקער פּאַראַפיע האָבן איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן קבלת־פנים צו וועלכן, ווי עס איז אָנגענומען, האָט מען איינגעלאַדן אויך יידן פונעם שטעטל — אָנטיילצונעמען. די יידישע געמיינדע האָט דעלעגירט צום

קבלת־פנים ביים אַריינפאָר אין שטעטל — צוויי פאָרשטייער אַלס שליחי־ציבור פון ידישן שטעטל: דעם שטעטלשן רב — ר׳ מלכיאל פרצי און ר׳ משה־אברהם קאידאַנאָוו זצ״ל.

מיר דערוואַקסענע קינדער און יוגנטלעכע האָבן זעלבסטפאַרשטענדלעך ניט געקענט פאַרציכטן אויף דער שמחה. נאָך ווי זיינען מיר אָנוועזנד געווען! שיין און שטאָלציק־ווערט ווי אַ מאַגנאַט איז ר׳ משה־אברהם געשטאַנען — אין שוואַרץ־סאַמעטן קיטל מיטן הויכן צילינדער אויפן קאָפּ — מיט אַ ספר־תורה אין האַנט און אויף אַ זילבער־טאַץ ברויט מיט זאַלץ, רעפּרעזענטירנדיק ערנפול און הדרת־כבודיק דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל און תורה פון יידישן פאָלק, וואָס איז אויך אַ ווערטער און חשובער גרונט־פילאַר פון קריס־טנטום. ביז היינט קען איך ניט פאַרגעסן די פאַרגאַפטע און דערשטוינטע פּני־מער פון די פּאָליאַקן און אַנדערע קריסטן — דערזעענדיק ווי זייער ביסקופ בכבודו ובעצמו, איז אַרויס פונעם אויטאָ מיט וועלכן ער איז אָנגעקומען און צו ערשט צוגעגאַנגען צו ר׳ משה־אברהם אַ קוש געטאָן די תורה זאָגנדיק אַ ברכה אין אָריגינעלן „לשון־קודש״. ער האָט אויך אויסגעביטן באַגריסונגען מיטן רב און אַנדערן יידישן פאָרשטייער און ערשט נאָכדעם געווענדעט זיך צום קריסט־לעכן פובליקום —— מיטן „ניעך בענדזשע פּאָכוואַלאָני יעזוס כריסטוס!״...

ווי מען דערציילט — איז ר׳ משה־אברהם אַפילו נאָך דער גרויסער שחיטה (אין י״א איר תש״ב) טראָץ דעם, וואָס ער איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן פון היגע קריסטן און געהילף־פּאָליציאַנטן און באַוווסטלאָז געבראַכט געוואָרן אין




די מצבה פון הירש קאצאוויטש דער פרודניקער

געטאָ — געבליבן אויך נאָכדעם שטאָלץ און מוטיק ביי זיך; ניט בויגנדיק זיך, ניט אָפּקערנדיק זיך רעכטס אָדער לינקס איז ער געגאַנגען גלייך צו צוואַנגאַרבעט ווי צו תורה־דינסט, צום „קריאת התורה". מיטן צונאָמען „בעל־קורא", איז ער אויך דאָרט, אין דער שחיטה פון קורעניץ ווי קלאַראַ שוד גיט איבער, נאָכדעם ווי זיין טאָכטער און אייניקלעך האָבן אַריבערגענומען אים אַהין אומגעקומען מיט זיי אַלע צוזאַמען.

## ר' שבתי — דער אַלטער שוחט

אַן אייגנאַרטיקער טיפּ, אַן אוניקום ממש, איז געווען אונדזער אַלטער „שוחט, ר' שבתי ז"ל. איך ווייס ניט, צי איז מיר בכלל דערלויבט עטוואָס דערציילן וועגן אים, ווען מיינע ידיעות וועגן דער פּערזענלעכקייט זיינען ליידער אַזוי נישטיק קנאַפּ און גאָר אומגענוגנד. איך האָב אים קענען געלערנט אין שפּעטערע יאָרן שוין אַלס יוגנטלעכער שילער, וואָס האָט געלערנט אויסערן שטעטל און געקומען אהיים אויף יום־טובים און לימודים־פּעריען. עס איז ווייניק צייט געבליבן צו באַאָבאַכטן; אויך דעריבער זיינען מיינע ידיעות וועגן אים באַגרענעצט. דאָך ווייס איך עס זיכער; אויפן וואָכעדיקן גראָען טאָג־טעגלעכן קאָלאָריט פונעם יידישן לעבן אין שטעטל, איז ער געבליבן אַן אָריגינאַליטעט. ער איז געווען אַ מין שבת־יומטובדיקער ייד, ניט אָפּגעריסן חלילה פון טאָג־טעגלעכע, הוויות העולם אָבער שטענדיק מיט „נשמה־יתירה". וויפל אינערלעכע קעגנזאַצן האָבן זיך אין דער פּערזענלעכקייט צונויפגעגאָסן און פולשטענדיק האַרמאָנירט! אָרטאָדאָקסיש־טראַדיציאָנעל, חסידיש־פרום און אָפן גלייכצייטיק אויפצונעמען נייעס — כמעט משכיליש געשטימט. א כלי־קודש־מענטש, אַ שוחט, אָבער דערצו אַויך אַ בר־אוריין געווען, אויסערגעוויינלעך געקענט זיך אָריענטירן אין אַלע מינים „שוואַרצע פּינטעלעך". אַ „יודע נגן" פון יידישער ליטורגיע און באַהאַוונט אויך אין אַלגעמיינער מוזיק. איז עס דען אַ צופאַל, אַז ביי אים אין שאַנק האָט מען געקענט געפינען — נעבן ספרי־קודש אַ יידיש צי העבראעיש בוך פון י. ל. פּרץ צי נ. סאָקאָלאָוו אָדער אַ צייטונג? זיין גרויסער שטאָלץ איז אָבער געווען אויף דער פּיאַנאָ אין שטוב — אויף וועלכער ער פלעגט שפּילן „חזנות" און ליטורגישע ווערק, פאָלקסלידער ווי אויך עטוואָס פון אלגעמיינער מוזיק.

קלייבנדיק און קאָנצענטרירנדיק מיינע דערינערונגען וועגן אים, שטייען פאַר מיינע אויגן די זעלבע יידן שבת־יומטובדיקע ווי אין פּרצס „גאָלדענע קייט" — איינגעטונקט טאַקע גאָר טיף אין אַלע „עמק הבכא" פּראָבלעמען פונעם וואָכעדיקן לעבן און גלייכצייטיק העכער, „נשמה־יתירההדיק" גייסטיק און מאָראַליש געלייטערט. (אָט אַזוי זיינען דאָך יידן געווען אין אונדזער היימשטעטל און

אומעטום. ווער יעדן טאָג, אַ גאַנצע וואָך און שטענדיק און ווער אין שבתים בלויז...) באַזונדערס לעבן נאָך אין מיין זכרון, די שבת־צונאַכטן ביי אים אין שטוב, ווען זיינע שטוביקע מיט אייניקע שכנים און פריינט, פלעגן זיך נאָך הבדלה צוזאַמענקומען, כדי צו פייערן די „מלווה־מלכה" — דאָס אַרויסבאַגלייטן דער „שבת־המלכה" אויפן וואָכעדיקן וועג. ר' שבתי אין זיין גאַנצער הויך



ר' שבתי אלפרין שו"ב

שבתדיק אָנגעטון און גלעטנדיק זיין פאַטריאַרכאַלער ווייסער באָרד, פלעגט אַזוי אומעטיק און לאַנגזאַם שלייכן הין און צוריק איבערן עס־צימער, שטאַרק פאַר־טראַכט. עס איז אים שווער געוואָרן אויפן האַרץ ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן — אָפּשייד צו נעמען פון דער „שבת המלכה" און באַגלייטן איר צו דער גראָער וואָכעדיקייט... ביי־זיצנדע האָבן אַ „ניגון" געבאָמקעט, נעמענדיק אַ כוסעלע „לחיים!". אַ קיכעלע צי אַ לעקעכל; עמעצער פון אָנוועזנדע האָט עפּעס אַ חסי־דיש־מעשהלע דערציילט... פּלוצים — ווי פון אַ חלום אַדורכגעוועבטן דער־וואַכט — פלעגט ר' שבתי אַנטשלאָסן צום פּיאַנאָ צוגיין, אויפהויבן דעם דעק און עפענען... אַ שטילקייט האָט באַהערשט דאָס צימער. הייס־אינטימע און אומע־טיקע טענער, האַרציקע מעלאָדיעס האָבן זיך צעגאָסן און זיינען אַלץ שנעלער, שטאַרקער, אימפּולסיווער און פריילעכער געוואָרן. ער האָט געשפּילט דעם ני־גון פון אַלטן חב"דישן רבין, אַנדערע חסידישע ניגונים און פּלוצים זיך איבער־

געגאָסן אין אַ מזורקע, אַ פריילעכס אָדער אין אַן אומעטיקן פאַרחלומטן וואַלס... ווידער־עפּעס אויף א ווּנדערלעכן אופן איבערגעגאָסן זיך אין אַ חסידישער מעלאָדיע אָדער אַ יידיש פאָלקסליד טיף פון דער נשמה ווי „אלי למה עזבתני ? !״ צי „וואָס מיר זיינען, זיינען מיר. אַבי יידן זיינען מיר !״ און פּלוצים — נאַ דיר אַ פינאַל : — כל נדרי ! אויפן אַלטן טראַדיציאָנעל־„סקאַרבאָווך״ ניגון... אַלע בייזיצנדע און אין דרויסן פאַרזאַמלטע געבליבן זיינען געפּלעפּט... מיט אָפענע מיילער הערן געוואָלט נאָך... אַרום פענצטער אין גאַס און אויף גאַנעקלעך פון שכנותדיקע הייזלעך איז פול געווען מיט צוהערער.

זעלטן, גאָר זעלטן, האָב איך אַליין די זכיה געהאַט, צו געניסן פון אַריינצווייכן אינעווייניק (כאָטש אונדזער שטוב איז געשטאַנען אין נאָענטער שכנות). מערסטנטייל פלעג איך מיט חברים אין דרויסן בלייבן, צוהערן און באַאָבאַכטן ארום... און ווידער וויקלט זיך אויף אויך ווייטער דאָס פאָדעם־קלעצל פון מיינע טיף־פאַרבאָרגענע זכרונות ; ווי קלאָר כ׳געדענק יום־כיפור־נעכט... אין בית־מדרש ביים עמוד „על דעת המקום ועל דעת הקהל״ — פלעגט ער הויך אויפן קול כל נדרי זאָגן מיטן סקאַרבאָוון ניגון... צווישן צוהערער אין דרויסן אַרום בית־מדרש פיל קריסטן, וועלכע זיינען געקומען צוזען און צוקוקן, ווי אַזוי יידן „פראַווען דער סטראַשנאַ נאָץ״... צווישן אַלע — אויך דער פּוילישער גלח קראַפּיווניצקי. וואָס ליב געהאַט האָט ער באַזונדערס הערן „כל־נדרי״, געזונגען אין בית־מדרש. זיצן פלעגט ער אויף א שכנותדיקן גאַנעק און צוהערן...

די דאָזיקע „כל־נדרי״־טענער פון גאָטס־גנאַדע, דער אייביק־אינטימער דיאַלאָג פון מענטש צו גאָט און מענטש צו מענטש, האָבן ליידער אין „שוואַרצע טעג פינצטערע״ ניט אָפּגעשטעלט דער טראַגיש־גרויזאַמער פורענותדיקער אָפּאָקאַליפּסע... זיי האָבן ניט איינגעהאַלטן דעם בעסטיאַלישן צאָרן און בלוטדורשט פון מענטשלעכע חיות. אין יענע פינצטער־מיאוסע און שרעקלעך־בייזביטערע טעג, זיינען אויך די הענט פון קריסטלעכע צוהערער און אויך דעם גלחס — ניט ריין געבליבן פון יידיש בלוט, פון געהירן און מאַרך פון יידישע קינדערלעך — אין פייער געוואָרפענע לעבעדיקערהייט ! אויף אייביק פאַרשאָלטן זאָלן בלייבן די רוצחים מיט זייערע מיטהעלפער ! וואָס האָבן אַלע פשוט־וואָכעדיקע מיט שבת־יום־טובדיקע נשמה־יתירהדיקע יידן אויף אייביק פאַרשניטן !... דער גאַנצער עדה אומגעבראַכט — יונג און אַלט, פרויען און מענער ; קינדער און יוגנטלעכע ; בחורים און באַקפיש...

## מנהגים און טראַדיציע — אַ חתונה אַין שטעטל

ווי ס׳איז שוין אויבנדערמאָנט — איז אַ שמחה ביי איינעם אַ יידן געוואָרן די שמחה פונעם גאַנצן שטעטלע ; — אזוי איז בדרך הטבע געווען אויך מיט

חתונות. אַ חתונה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלגעמיינער פריילעכער פייער־לעכקייט פאַר דער גאַנצער יידישער קהילה; אַלע אַן אויסנאַם זיינען געווען איינגעלאַדן צום פייערלעכן אַנטשטיין פון אַ נייער יידישער פאַמיליע אין קרי־וויטש. אויך קריסטן האָבן מיט חשק זיך באַטייליקט... ווי שטעטל־שטייגער האָט דיקטירט, איז פאָרגעקומען די חופה אויפן מאַרק — ביי דער דרויסנדיקער מזרח־וואַנט פונעם בית־מדרש. דער חתן איז פון זיין היים אַרויסגעפירט גע־וואָרן און באַגלייט דורך אַלע מאַנסבילן אין שטעטל, מיט געזאַנג און פריילעכן געפילדער — לענגאויס דער גאַס ביז צום אָרט פון דער חופה. די כלה איז גע־פירט געוואָרן פאַרשלייערט דורך פרויען מיט פריילעכן געזאַנג און צוטאַנצן. „יענקל כלי־זמר" פונעם שטעטל האָט אויף זיין אַלטער פאַרצייטיקער פידל אויסגעשפילט פאַרצייטיקע ניגונים פון וואַלעכלעך און קאַדרילן.

אָפטמאָל ביים צעוואַרעמען זיך פון קהל, איז מען אַוועק אַ טאַנץ אַן „אָבע־רעק", אַ „פאָלקע" און טיילמאָל אויך אַ „קאָזאַטשאָק". נאַטירלעך, פאַריידישט אַ ביסל. פון אַלע גאַסן האָבן יונגע „שיקסלקעס" און קריסטנס פאַרהייראַטע געשלעפט וואַסער־פולע עמערס און אויסגעשטעלט זיי — אין צוויי רייען לענג־אויס דעם חופה־פּלאַץ, מיינענדיק דערמיט צו באַטאַנען, אַז דאָס לעבן פון דער נייער פאָר זאָל גוט און גליקפול זיין ווי וואַסער־פולע עמערס. נאָכדעם ווי דאָס פאָרל איז פון אונטער דער חופה אַרויס, האָט יעדער ווינטשענדיק „מזל־טוב!" אין די פולע עמערס אַריינגעוואָרפן מטבעות. די צופרידענע יונגע פאָר, גליק־לעכע עלטערן און גאַנץ קהל איז אַוועק מיט געזאַנג און טאַנץ, מיט „יענקל כלי־זמר" אין דער שפּיץ, וואָס האָט שטענדיק דעם טאָן געגעבן — אָנפירנדיק מיט דער גאַנצער שמחה צום חתונה־מאָלצייט. זיבן טעג פריילעכע האָבן זיך חתונה



די חתונה פון חיים ראַדאשקאָוויטש

מיט „שבע ברכות" געצויגן (יעדן טאָג אַ ברכה) און ווער רעדט, אַז די חתונה איז פאַרגעקומען ביי אַ חשובן בעל־הבית פונעם שטעטל?...

## ערב־פסח אין שטעטל

צווישן אַנדערע מנהגים און זיטן פון טראַדיציע און נאַציאָנאַל־ריטואַלן קאָלאָריט איז אויך ערב־פסח געווען אַן אָריגינעל־ספּעציפישע דערשיינונג. ווי איך האָב שוין פריער אַ פּאָר מאָל באַטאָנט, זיינען קריוויטשער יידן „יראי־שמים" געווען און פּינקטלעך אָפּגעהיט די „מצוות עשה" און אַלע איסורים. דעריבער זיינען טאַקע די לעצטע וואָכן פאַר פסח אַוועק אין ווירוואַר פון צוגרייטונגען און „הכנות" פאַרבונדענע מיט אַרומלויפענישן און טירחנען זיך, אַז ניט נאָר אין יידישע גאַסן, האָט מען עס געפילט; אויך אַלע קריסטן האָבן שוין געפילט דעם אָנקומענדיקן יידישן פסח מיט דער „וויעלקאַנאָץ" (די נאַכט פון „מכת בכורות") די סדר־נאַכט. האָט מען פאָלן געשייערט, וועגט געריבן, געוואַשן און געפּאַרבט, געקאַלכט אומעטום; מען האָט אַלץ פון הייזער אַרויסגעטראָגן, מען האָט יעדן ווינקעלע געקראַצט — אַבי אין שטוב (און אויסן) זאָל ריין זיין און קיין שפּלי־טערל פון אַ ברעקל חמץ זאָל חלילה ניט פאַרבלייבן! שוין אָפּגערעדט דאָס אַרומלויפן וועגן „מעות חיטין" — אויף מצות פאַר אָרעמע לייט, „היתר עיסקא" —— צו פאַרקויפן דעם חמץ" א. אַ.

אין באָד — אין שטעטלשן בית־מרחץ האָט אין פאַרלויף פון גאַנצע טעג, געברענט אַ פייער אַ גרויס אונטערן גרויסן וואַסער־קעסל — און יידישע הייזער האָבן אין גערודער און רעש, געכשרט כלים און טעפּ, טעלער און באַשטעק פאַרשטייט זיך, אַז מיר קינדער זיינען געווען טאַקע די הויפּט „בעלי־שמחה" אין אָט דעם גאַנצן געשעפט; די מצווה האָבן מיר באמת אָפּגעטון „בלב שלם" — מיטן גאַנצן האַרצן און אָן קיין שום „פניות" און כוונות זייטיקע — שנעל אָפּ־פטרן און ווייטער שפּילן אין באַהעלטעניש „קאָלדון" אָדער „פּאָליציי און גנבים"...

די עלטערע פרויען — מאַמעס אָדער שוועסטער עלטערע האָבן מיר גיך פון דעם באַפרייט — זיי זאָלן חס וחלילה, ניט אַוועקנעמען אונדז פון אָט דער חשובער און פריילעכער מצווה.

— סוף כל סוף איז שוין אַלץ געבראַכט געוואָרן אין בעסטער אָרדענונג; יעדעס יידישע הויז האָט געפינקלט אין שימער און גלאַנץ. אַלע — פון קליין ביז גרויס, שיין און ריין, יום־טובדיק אויסגעפּוצט אין בעסטע מלבושים — אָנגעטון — ביי ניט איין פאַמיליע די בעסטע פון דער אָרעמקייט, אין בית־מדרש געאיילט האָבן. אונדזער בית־מדרש האָט אויך געשיינט אין העלער ווייסקייט. אָט אַזוי האָבן קריוויטשער יידן מקבל פנים געווען די ערשטע פסח־נאַכט. תפילת־

מעריבביים עמוד איז געשטאַנען ניט קיין אַנדערער ווי ר׳ אלי (אליהו) דער פּיליפּקער, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פון זיין שטענדיק־לעבנסלענג־לעכער חזקה. צוליב זיין גוטער און שיינער שטימע האָט זיך קיינער געוואַגט פאַרמעסטן מיט אים אין געזאַנג־אויסציען און אויסקנייטשן די האַרציקע טענער און מעלאָדיעס פון „כי הם חיינו״, „אהבת עולם״ און „השכיבנו״... ווער רעדט, אַז די ערשטע פּסח־נאַכט איז אויסגעפאַלן ערב־שבת און מען האָט אויך געדאַרפט גאַנץ „לכה דודי״ אויסזינגען — וואָס קיינער אין שטעטל, איז ניט אימשטאַנד געווען אַזוי שיין ווי דער פּיליפּקער צו זינגען... עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז דער זעלבער איז אויך געווען דער הויפּט־דיריגענט פון פּילפּאַרביקע שמחת־תורה פייערונגען.

### אַ „נס״ אין שטעטל

אין מיטן פון דרייסיקער יאָרן — לעצטע עטלעכע יאָר פאַרן צווייטן וועלטקריג האָט מען שוין איבער גאַנץ פּוילן און אין צפון־מזרחדיקע ווי אויך דרום־מזרחדיקע געביטן (און פאַרשטייט זיך אויך אין קריוויטש) — גוט פילן געקענט דער פאַרשטאַרקטער אַנטיסעמיטישער העצע און באָיקאָט־פּראָפּאַגאַנדע קעגן יידן. פון ווילנע און סמאַרגאָן, פון סווענציאָן און ווילייקע — אַזש פון דיסנע אַפילו און גלובאָקי — זיינען כמעט יעדער וואָך אָראָפּגעקומען סטודענטן, קאַטוילישע יונג־פּיאַרן פון דער „כאַדעציע״ — „קריסטלעכע דעמאָקראַטן־פּאַרטיי״ (אַ שטאַרק העצערישע און אַנטיסעמיטיש־רעאַקציאָנערע אין פּוילן) און נאָך אַנדערע „שונאי־ישראל״, וועלכע האָבן אָן אויפהער אַגיטירט צום אַנטי־יידישן באָיקאָט און אויך אַליין גטווויליק וועררבירט זיך אַלס „פּיקעטשיקעס״. צווישן אַנדערע, האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין העצערישן גיפט אַ געוויסער סטודענט — אַן אמת־פאַרביסענער אַנטיסעמיט און אַן אויסגעשפּראָ־כענער „שונא־ישראל״ — וועמענס אַרבעט איז באַשטאַנען אין אָנפירונג פון באָיקאָט־אַקציע און אַלגעמיינער אַנטיסעמיטישער העצע. (ליידער איז זיין נאָמען אנטוויכן פון מייך זכרון).

אויפצוהעצן קעגן יידן אין אונדזער אומגעגנט, איז גאָרניט שווער געווען; די ווייס־רוסישע פּויערן אין דערפער אַרום, זיינען געווען זייער אָרעם און הינטערשטעליק, זייער לייכט איז געווען אָנצורעדן זיי און איבערצייגן — אַז נאָר יידן כלומרשט זיינען שולדיק אין זייער ביטערער און שווערער לעבנס־ווירקלעכקייט... מען האָט עס באַזונדערס זען געקענט, אַלע מיטוואָך אויף מאַרק־טעג. אין שטעטל אונדזערס זיינען געווען צווי היטלמאַכער: איינער אַ ייד, דער צווייטער — אַ קריסט. יעדער פון זיי האָט פרידלעך אויסגעאַרבעט זיין האַנט־

ווערק־פּראָדוקציע און אַרויסגעפּירט אויפן מאַרק אויף פאַרשיידענע ווינקלען. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז דער העצע פון לעצטע דערמאָנטע יאָרן.

פון דער צייט און ווייטער, האָט זיך כמעט יעדן מארק־טאָג דער „צורר־ישראלשער״ סטודענט אַוועקגעשטעלט לעבן יידישן היטלמאַכער און ניט דער־לאָזן צו אים אַפילו איין קריסטלעכן קונה. פּאָליציי איז געשטאַנען אָן אַ זייט און זיך ניט געמישט; עס איז דאָך געווען די תקופה פון „אָוושעם־פּאָליטיק״ פון „אדרבא״ און „סוווי דאָ סוועגאָ״; עס איז דאָך געווען די סאַנאַציע־רעגירונג פון קאָלאָנעלן און גענעראַלן — קאָלאָנעל בעק, גענעראַל סקלאַדקאָווסקי און די באַרימט־געוואָרענע פרוי פּריסטאר — מיטן אַנטי־יידישן „שחיטה־געזעץ״. די זעלבע רעגירונג איז געשטאַנען אין פריינטלעכן קאָנטאַקט מיט דער פאַ־שיסטישער היטלער־רעגירונג; עס איז געווען די צייט פון גערינגס יאגד־עק־סקורסיעס אין די פּוילישע וועלדער און „פּושטשעס״ ווי ביאַלאָוויעזש א. אַנד איז עס דען אַ וווּנדער, אַז די זעלבע רעגירונג האָט אויך דערלויבט אַ שטילן אומאָפיציעלן באָיקאָט קעגן יידן און אויך פאַרשיידענע אינסטרוקציעס געגעבן דערצו? דעריבער האָט זיך די פּאָליציי געמישט נאָר, ווען עס איז גאָר וואַרעם געוואָרן... ווען יידישע יוגנט האָט שוין שוויַגן ניט געקענט און בחורים קצבים־יונגען ווי אויך אַנדערע האָבן זיך קעגנגעשטעלט, צעטריבן און גוט צעשלאָגן אַלע „פּיקעטשיקעס״ און אויך דעם פּירער אַליין — טראָץ דעם, וואָס עלטערע יידן האָבן מורא געהאַט און געוואָרנט, אַז די אַרויסטרעטונגען פון דער יוגנט קענען און וועלן אָנברענגען נאָך מערער צרות. ביי אַזעלכע געשלעגן האָט זיך פּאָליציי תמיד אַריינגעמישט טאַקע און קודם כל אַרעסטירט, יידישע בחורים און איינעם אָדער צוויי פון די העצערס לפנים ווענן. אמת אונטערן דרוק פון אַלערליי אינטערווענצן האָט מען נאָכדעם באַפרייט אַלעמען שטילערהייט.

די חוצפה פון אָנגעהעצטע קריסטן אין שטעטל און אַרומיקע דערפער, איז טאָג־טעגלעך געוואַקסן; עס איז שוין אַ גרונט געוועזן מורא צו האָבן פאַר אַ פּאָגראָם. און אָט וואָס עס איז געשען; אַ געוויסן שבת פּארמיטאָג — פאַר דער מוסף־תפילה, איז ווי אַ פונק אַן עלעקטרישער אַדורך דער קלאַנג, אַז דער הויפּט־העצערישער סטודענט האָט זיך אין סערוועטש, אין די „בוימאַלעך״ דערטרונ־קען; אַלע פרווון אָפּצוראַטעווען אים זיינען ניט געלונגען. אויף יידישע הערצער האָט זיך אַ פאַרלייכטערונג פאַרשפּרייט. מען האָט אַ ביסל פריילעכער אָפּגע־דאַוונט, דאַנקענדיק גאָט פאַרן אויסגעפירטן פסק־דין פון דער אויבערשטער השגחה. מען איז שטיל אַוועק אַהיים, באַהויפּטנדיק, אַז אַ נס איז געשען. אויף אַ געוויסער צייט איז אין שטעטל שטיל געוואָרן.

## ווי אַזוי איך בין אַ קריוויטשער געוואָרן

**וואַנדערונגען — — — ויסעו ויחנו...**

קריוויטשער זיינען מיינע עלטערן ניט געווען; זיי זיינען אָנגעקומען אין שטעטל אַלס פּאָגראָם־פּליטים פון אוקראַינע — מחמת דער רוצחישער פּעטליור־רע־רעגירונג. דער פאָטער מיינער — צבי הירש שימענטשיק, פון אוקראַינע; די מוטער — סאָניע סמאַרגאָנסקי פון אזיאר, גראָדנער קאַנט, האָבן זיך נאָך אַלס סטודענטן פון פאַרמאַצעווטן־פאַקולטעט אין קאַזאַנער אוניווערסיטעט באַ־קאַנט און גוט באַפריינדעט — ביז עס איז פאָרגעקומען חתונה און זיי זיינען מאַן און ווייב געוואָרן. נאָכן באַקומען דעם אַטעסטאַט האָבן זיי זיך באַזעצט אין אַן אוקראַאינישׁ שטעטל לאבון; געעפנט דאָרט אַן אַפּטייק־געשעפט און פרידלעך אויפן בעלי־בתישן שטייגער געפירט זייער לעבן; אַ קינד איז דערווייל געבאָרן געוואָרן און די משפחה איז שוין גרעסער געוואָרן.

ניט לאַנג אָבער האָבן זיי געקענט בלייבן דאָרט און רואיק לעבן אָן זאָרג און מורא; די נאָכמלחמה־ווייען, די רעוואָלוציע און בירגער־קריג, ווי אויך גרויזאַמע פאָגראָמען קעגן יידן האָבן אַנדערש דיקטירט; די אַלע פאַקטאָרן האָבן אַלץ מער און מערער ניט אָנגעוויזן אויף אַ זיכערן און פעסטן באָדן אונטער די פיס. זיי האָבן ניט אויפגעהערט פון זייער אָנצוהערעניש וועג גרויסער לעבנס־געפאַר. מיינע עלטערן האָבן ענדלעך באַשלאָסן פאַרלאָזן זייער היים און געשעפט אין לאַבון און איבערוואַנדערן קיין פוילן — זוכנדיק אַן אַנדער אָרט, כדי ווידער אויפצובויען דאָרט דעם צעשטערטן וואַרעמען פאַמילע־נעסט.

מיינע עלטערן האָבן זיך געקערט פאַקטיש, אָנצוקומען קיין אזיאר (ביי גראָדנע) וווּ געלעבט האָבן מיינע גרויס־עלטערן — די באָבע מיטן זיידן און שוועסטער־ברידער פון מיין מאַמען. אויפן וועג קיין אַזיאָר האָט מען „שוואַרצן" געדאַרפט ניט איין גרענעץ. דאָס אַריבערקלייבן זיך, וואָס ווערט דאָ גערעדט איז דאָך פאָרגעקומען אין צייטן פון מהומות, קלענערע אָדער גרעסערע מלחמות ווי אויך אַנטי־יידישע עקסצעסן און אַנדערע געשעענישן פון אַלגעמיינעם כאַ־ראַקטער. די יאָרן צווישן 1918—1922 זיינען געווען יאָרן פון היסטאָרישע וואַנד־לונגען; פּאָליטישע וואַקלונגען און אומענדלעכע געשעענישן; אַנטשטייאונג פון אַ ריי אומאָפּהענגיקע מדינות און זעלבשטענדיקע מלוכהשאַפטן ווי פוילן, ליטע, לעטלאַנד און עסטאָניע. אויך אין אוקראַינע האָט די „נאַציאָנאַלע ראַדע" מיט פּעטליורען אין דער שפּיץ, פאַרזוכט און באַמיט זיך פיל אויפצושטעלן אַן אומאָפּהענגיקער רעפּובליק. (אויף אַ קורצער צייט אויך מיט אַ יידישן מיניס־טער — אברהם רעוווצקי). דאָס האָט ווידער געבראַכט צו מלחמה מיט פוילן (צוליב מזרח־גאַליציע מיט לוואָוו בעיקר) פון איין זייט — און מיט דער ראַטנ־

מאכט פון צווייטן זייט. דערווייל האָט זיך אויך געפירט אַ מלחמה צווישן פוילן און סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן ריגער שלום־אָפּמאַך (1921), בייזע פּאָגראָמען קעגן יידן זיינען פאָרגעקומען אין גאַנץ אוקראַינע; מזרח־גאַליציע (לוואָוו, טארנאָפּאָל א. אַ.) אין ווילנע און אומגעגנט, (צווישן אַנדערע דער מאָרד פון שריפטשטעלער א. וויטער ז״ל) אין מערב־ווייסרוסלאַנד; פּינסק, ביאַליסטאָק, ווי אויך אַ קלענערע הריגה אין לידע א. אַ שטעט און שטעטלעך — נאָכן פאַרכאַפּן צוויי מאָל גאַנץ „ווילענשצינע״ דורך גענעראַל זשע־ליגאָווסקיס אַרמיי.

קלאָר איז עס און פאַרשטענדלעך דעריבער אז „שוואַרצן״ גרענעצן ביי אַזעלכע אומשטענדן — צווישן פיינטלעך־קעמפנדע אַרמייען און סתם באַפּאַלנדע מערדערישע און רויבערישע באַנדעס, איז געווען ניט פון לייכטע זאַכן. ביים „שוואַרצן״ די רוסיש־פּוילישע גרענעצן, איז צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע געווען אויך אַ געוויסער פּוילישער „גלח״. עס איז דאָך געלונגען, מען איז אַריבער בשלום און ליגן געבליבן אויף אָפּרו ערגעץ אין א שייער אַ גרויסן. פּלוצים האָבן זיך פון גאָר נאָענט דערהערט קרעכצן. מיין פאָטער האָט זיך אויפגעהויבן; ניט ווייט זיינען ליגן געבליבן 4 פאַרוואונדעטע הויכראַנגיקע פּוילישע אָפיצירן און צוויי פון זיי גאָר שווער פאַרלעצט. ניט קוקנדיק אויף דער סכנה האָט דער פאָטער מיינער מיט גרויסער מסירות־נפש און זאָרגפעלטיקייט פאַרנומען זיך מיט זיי, געבנדיק דער נויטיקער גיכער הילף און אָפּראַטעווענדיק מיט דעם דאָס לעבן זייערס. די אָפיצירן זיינען געווען „האַלערטשיקעס״ דווקא — פּאָזנאַנטשיקעס פון גענעראַל האַלערס אַרמיי. עס האָט זיי שטאַרק אימפּאָנירט די געוואַגטע האַנדלונג פון מיין פאָטער; מען האָט מיין מאַמען גלייך נאָכדעם מיט אַ ספּעציעלן קאָנוואָי געבראַכט קיין אַזיאָר. דער פאָטער איז מאָביליזירט געוואָרן און איז אומגעפער אַ יאָר צייט געווען מיט דער פּוילישער אַרמיי.

ער איז פאַר זיין בראַווער האַנדלונג און געוואַגטן טאַט, באַצייכנט געוואָרן מיטן אייזערנעם קריגס־קרייץ דורך דער פּוילישער רעגירונג. דאָס איז אויך שפּעטער ניט פאַרגעסן געוואָרן. עס האָט פיל מיטגעהאָלפן ביים באַקומען דער דערלויבעניש אן אפטייק צו עפענען, וואָס איז שוין אויך דעמאָלט לגבי יידן גאַנץ ענגאויגיק באַגרענעצט געוואָרן און בפרט נאָך — ווען מיינע עלטערן האָבן זייער בילדונג פארפולקאָמט ניט אין אַ פּוילישן אוניווערסיטעט. אַזאַ מין דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן נאָר אויף פלעצער אין די „קרעסן־טעריטאָ־ריעס״ — אין ניי־אָקופּירטע געביטן (נאָכן ריגער שלום). אַזוי איז דעם פאָטער געגעבן געוואָרן דער פאָרשלאַג וועגן קריוויטש; אַזוי איז מען מגולגל געוואָרן און איינגעוואַנדערט אַהין; אין אַ יאָר אַרום בין איך אַליין אויך אין מיין ווייניקייט, אונטערגעקומען און געבוירן געוואָרן — אָט אַזוי בין איך אַ קריוויטשער געוואָרן.

## מנוחה און איבערבוי

מיינע עלטערן אָנגעקומען זיינען אין קריוויטש אַרום ענדע פון 1922. דאָס שטעטעלע איז עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלעך, געשטאַנען אויפן שוועל פון גענצלעכן חורבן. דלות און נויט זיינען געווען גאָר אָפטע אַריינגייער אין יידישע הייזער פונעם שטעטעלע. אין מלחמה־יאָרן האָט דאָס שטעטעלע פיל געליטן; די רוסיש־דייטשע שלאַכטן וואָס האָבן זיך אַרום און אַרום צעפלאַקערט האָבן לאַנג אָנגעדויערט. דאָס איבערנעמען דאָס שטעטעלע פון האַנט צו האַנט, שטענ־דיקע זיך איבערחזרנדיקע קאָזאַקן־אָנגריפן, ביז צו דער ענדלעכער סטאַגנירונג פון דייטשע פראָנט־ליניעס ביי מיאדל און דער נאראטש־אָזיערע און אַזוי שוין ביז צו ענדע פונעם וועלטקריג — האָבן דאָס שטעטל אינגאַנצן צעפלינדערט געלאָזט און איינגעוואָרצלט דאָרט אַ זייער לאַנגדויערנדן „תוהו ובוהו״, וואָס האָט ערשט אויפגעהערט אין 1924 — ווי עס גיבן איבער אייניקע עלטערע שטעטלשע יידן. פיל פאַמיליעס זיינען דעריבער נאָכן מלחמה־אויסברוך און אינצווישן מלחמה־יאָרן, פונעם שטעטל אַוועק „עד יעבור זעם״... אויך די ערשטע נאָך מלחמה־יאָרן זיינען ניט פיל בעסער געווען. באַוואָפנטע אַריינדרינגלער פון ביידע גרענעץ־זייטן האָבן ניט אויפגעהערט אָנצופאַלן און איבערפאַלן אויפן שטעטל, פלינדערן, ראַבעווען און נאָר אַ חסד איז עס געווען, וואָס קיין שום מאָרדן זיינען ניט באַגאַנגען געוואָרן אין יענע צייטן. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז געווען ניט בלויז דער גורל פונעם שטעטל אונדזערס; ניט נאָר קריוויטש, אויך אַלע אַרומיקע שטעטלעך האָבן פון דעם געליטן.

ערשט אין ענדע פון 1921 און 1922 האָט זיך שטופנווייז די לאַגע גענומען אויסבעסערן

די פריער־אַרויסגעפאָרענע פאַמיליעס האָבן אָנגעהויבן צוריקקערן אַהיים, אין שטעטעלע — טאַקע אין דער זעלבער צייט, וואָס מיין פאַמיליע איז מגולגל געוואָרן אין קריוויטש. יענער צייט אומגעפער זיינען אויך צוריקגעקומען צוויי ווערטע אָנגעזעענע משפחות פון שטעטלשע עסקנים; כלאָוונע (לפידות) שטיינ־גאָלד מיט דער פאַמיליע, (דער פאָטער פון אונדזער זהבה סלאָבאָדסקי) און גרשון טאוגער מיט דער פאַמיליע (פאָטער פון אונדזער ווערטן חבר חיים טאוגער און קלאַראַ שוד). אַזוי איז אויך פון סאַראַטאָוו צוריקגעקומען אונדזער ר׳ ישעיהו קאַצאָוויטש ז״ל מיט דער פאַמיליע. ניט איין הויז אין שטעטל, איז נאָך דאַן פאַרוואָרלאָזט געשטאַנען פוסט און וויסט. אין אַזאַ מין שטוב — אין דער שטוב פון משה שוד ז״ל — האָבן מיינע עלטערן זיך אַריינגעצויגן און געעפנט דאָרט דעם אַפטייק.

אַ חוץ נויט און דחקות ווי אויך עקאָנאָמישער חורבן, האָבן יענער צייט

אין קריוויטש געבושעוועט קראַנקהייטן פֿאַרשיידענע ווי צ. ב. „היספּאַנקע״ — אַ שפּאַנישע אָנצינדונג, אַ מין גריפּע, וואָס האָט מענטשן אַוועקגעלייגט אין געדערים־קראַמפּן און הויכן פֿיבער, וועלכע האָבן יעדן קראַנקן זייער אָפּגעשוואַכט. אָבער מערער פֿון אַלץ האָט געהערשט די שאַרלעך, סקאַרלאַטין. פֿיל קינדער זיינען פֿון דער קראַנקהייט אַוועקגעשטאָרבן. אויך מיין שוועסטערל פֿירהלע ז״ל האָט די קראַנקהייט אָנגעגריפֿן; אַלע באַמיאונגען אָפּצוראַטעווען און אָפּהיטן דאָס לעבן אירן, זיינען שוין ניט געלונגען; זי איז געשטאָרבן. אָט אַזוי זיינען נאָך פֿאַרביי אַ פּאָר שווערע יאָר — ביז דאָס אַלגעמיינע לעבן איז אַריין אין דער לאַגע פֿון מערער אָדער ווייניקער סטאַביליזירונג אין עקאָנאָמישן ווי אויך אין געזעלשאַפֿטלעכן היגזיכט.

אויך אין פּריוואַטן לעבן פֿון אונדזער משפּחה האָבן מיר שוין געהאַט און דערגרייכט דערפֿאָלגן. אין יאָרן 1925—1926 האָבן מיינע עלטערן אויסגעבויט אונדזער אייגענער שטוב — אין וועלכער מען איז אַריבער וווינען און אויך דעם אַפּטייק אַריבערגעפֿירט. ביסלעכווייז, האָבן זיך חורבות און פֿאַרוואָרלאָזיקייט אין שטעטל צוריק אָפּגעבויט. ווידער זיינען אויפֿגעשטעלט געוואָרן די וווילטעטיקע אינסטיטוציעס און די „גמילות־חסדים״־קאַסע צוערשט, וואָס האָט פֿיל מיטגעהאָלפֿן אַלע באַדערפֿטיקע. מיין פֿאָטער האָט זיך אין דעם אַקטיוו באַטייליקט. עס איז אויך גאַנץ פֿאַרשטענדלעך געווען ווי אויך נאַטירלעך, אַז דאָס שטעטל האָט אויסגענוצט די ברייטע קענטענישן און לעבנס־דערפֿאַרונגען פֿון מיין פֿאָטער צבי הירש שימענטשיק, וואָס האָט געהאַט אַקאַדעמישע בילדונג און איז געווען אויך אַ „בר־סמכא״ און פֿיל באַהאַוונט אין יידיש וויסן. ער איז געווילט געוואָרן אַלס גבאי אין בית־מדרש ווי אויך אַלס שטענדיקער הויפּט־פֿאַרטרעטער פֿון יידישע ענינים פֿאַר דער פּוילישער קרייז־מאַכט און צענטראַלער רעגירונג. אויך האָט ער אַלס פּרעזעס פֿון בית־מדרש פֿאַרוואַלטונג רעפּרעזענטירט די קהילה ביי אַלע אירע אָפֿיציעלע אויפֿנאַמען פֿון געסט — רעגירונג־פֿאַרשטייער. אַזוי איז מיין פֿאָטער געוואָרן אַ גאָר צענטראַלע פּערזענלעכקייט אין שטעטל; ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין אָרגאַניזירונג פֿון דער פֿייערלעשער־סעקציע און אַנדערע אינסטיטוציעס.

ער איז געווען אַ רודף־שלום און אַ שלום־מאַכער צווישן יידן אינעם שטעטל. ער האָט אַ סך סכסוכים און מיספֿאַרשטענדענישן ליקווידירט צווישן בעלי־בתים — פֿון עקאָנאָמישן כאַראַקטער, ווי אויך אויפֿן באָדן פֿון מיינונג־פֿאַרשיידנקייטן —„קלייזל־אינטערעסן״ פֿון „שלישי־ששי״. איך האָב שוין אויבן פֿאַרזוכט צו אַנטבלויזן די גרונט־וואָרצלען פֿון די דאָזיקע אינצידענטן און מחלוקתן, וועלכע זיינען געווען אַן אויסדרוק פֿון אקומולירטער ענערגיע, וואָס האָט געזוכט אַן אויסוועג צו זיין אין דער טעטיקייט. נעמלעך, אַז מיין פֿאָטער האָט דאַן

פֿאַרשטאַנען, וואָס איך האָב אויך אין שטעטל שפּעטער נאָך ניט פֿאַרשטאַנען. אַלנפֿאַלס האָבן סכסוכים אַזעלכע שאָדן געקענט ברענגען, ווייל ניט איינמאָל איז מען שוין דערגאַנגען ביז „מסירות״ צו דער פֿרעמדער מאַכט. די אַלע דערשיינונגען האָבן שטאַרק געקימערט מיין טאַטן, עס האָט אים פֿיל געטראָפֿן און געוויטיקט. ווי איך האָב שוין פֿון אַנדערע געהערט דערציילן — האָט מיין פֿאָטער אולטימאַטיוו געפֿאָדערט, די אַלע זאַכן זאָלן פֿרידלעך געבראַכט ווערן אין אָרדענונג און אויך געדראָט האָט ער מיט פֿולשטענדיקער דעמיסיע זיינער, אין פֿאַל ווען זיינע פֿאָדערונגען וועלן ניט צופֿרידן געשטעלט ווערן. אַזוי זיינען אויך אַלע מחלוקת און סכסוכים שטופֿנווייז ליקווידירט געוואָרן.

אויף וויפֿל מיין פֿאָטער איז אומאַגרעסיוו געווען, אַן אמתער מענטשן־פֿריינט און אַ רודף־־שלום, מעג אַפֿילו עדות זאָגן איין פֿאַל פֿון פּריוואַט־געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער.

עפֿענענדיק אין קריוויטש אונדזער אַפּטייק — האָבן שוין מיינע עלטערן געפֿונען דאָרט אַ מין ענלעכע אומאָפֿיציעלע אונטערנעמונג — דעם אַנגראָ־אַפּטייק (סקלאַד אַפּטעטשני) פֿון בנימין קלאַק הי״ד, וואָס האָט צוליב געוויסע סיבות ניט געהאַט קיין דערלויבעניש מיט אַן אַפּטייק אָנצופֿירן. דאָס שטעטל ווי באַוווּסט איז צו ענג און קליין געווען, אַז עס זאָלן אויך אויף ווייטער עקזיסטירן צוויי געשעפֿטן פֿון דעם מין. קלאָר איז עס געווען, אַז איינער מוז אַוועק פֿונעם שטעטל. מיין פֿאָטער האָט עס זייער געקימערט; ער האָט פֿיזיש ממש פֿון דעם געליטן. ענדלעך — האָט זיך קלאַק אַנטשלאָסן און אַריבער מיטן געשעפֿט קיין אילייע. מיין פֿאָטער האָט אים דערצו מיטגעהאָלפֿן און זיי זיינען געבליבן אין בעסטע פֿריינטלעכע באַציאונגען.

## אַ סך הכל פֿון אַ יידישער משפּחה

ליידער איז די פֿרוכטבאַר־געבענטשטע טעטיקייט פֿון מיין פֿאָטער אויף אַלע געביטן אָפּגעשטעלט געוואָרן און צו פֿרי, ווען ער איז גאָר פֿלוצים, פֿון אונדז אַנטרינען געוואָרן אומדערוואַרט און איז נפֿטר געוואָרן ג׳ בכסלו תרצ״ג (1933). מיין מוטער (מיט אונדז קינדער) איז געבליבן אַליין און ווייטער געפֿירט אַלע אַפּטייק־ענינים אויף די אָנגעצייכנטע וועגן, דורכן פֿאָטער עליו השלום. זי האָט געשטרעבט און זיך פֿאַרמאָסטן אַלע קינדער דערציען און געבן זיי אַן אַקאַדעמישע בילדונג צוזאַמען מיט וויסן. די טראַדיציע פֿון שטוב איז ניט געענדערט און געמינערט געוואָרן אויף אַ כזית אַפֿילו. שטענדיק האָט יעדער נויטבאַדערפֿטיקער און פֿאַרביטערטער געפֿונען מאַטעריעלע הילף און אַ מאָראַלישע באַפֿרידיקונג — אַפֿילו מיט אַ גוט וואָרט בלויז. אַזוי איז עס געווען אין מיין טאַטע־מאַמע־שטוב אין מיין היימשטעטעלע.

אין שטעטל איז אויך געקומען מיט אונדז מיין זיידע — דער פֿאָטער פֿון מיין טאַטן — ר׳ נחמן שימענטשיק ז״ל. ער איז געווען אַ מופלג בתורה און אַ בקיא אין ש״ס און פּוסקים. ער האָט אַרום זיך גרופּירט אַ חברה לומדים אין זיין עלטער, און אויך יינגערע פֿון אים, וואָס האָבן טאָג ביי טאָג משניות געלערנט און אַ בלאַט גמרא, צווישן מנחה־מעריב — מיטן אַקטיוון אָנטייל פֿון לעצטן רב אונדזערן — ר׳ מלכיאל פּרצי זצו״קל. די גרויסע זכות פֿון מיין זיידן האָט אים פֿאַרשפּאַרט דאָס צוזען און צוקוקן זיך צו די פֿיינלעכע ליידן און חורבנדיקן סך־הכל פֿון אונדזער היימשטעטעלע. אין עלטער שוין פֿון פ״ב (82 יאָר) איז ער נפטר געוואָרן תמוז תרפ״ט (1929).

— טריי און ערלעך בלייבנדיק צו מיין שיקזאַלהאַפֿטער מיסיע — ווערן און זיין דער טראַגיש־טרויעריקער כראָניקער פֿון מיין משפחה, וועל איך אויך וייטער נאָטירן די אומעטיקע כראָניק. מיין מוטער — געבענטשט זאָל זי זיין מיט נחת־פֿולער אַריכות־ימים, וואָס האָט מיר אַ סך מיטגעהאָלפֿן אין דעם — איז שוין ניט בכוח עס צו טאָן. איז מיר געבליבן ווייטער פֿאָרצוזעצן. מיין עלטע־רער ברודער לאַזאַר (אליעזר) ז״ל — האָט מיט פֿולן גלויבן און הייסן אייפֿער זיך אַפּזיכטיק געווענדעט ווייטער צו ציען דער פֿאַרמאַצעווטישער טראַדיציע פֿון מיין טאַטן־מאַמען און דער משפּחה בכלל (פֿון אַזיאַר). נאָכן אויסגעצייכנטן פֿאַרענדיקן פֿון דער גימנאַזיע, איז ער צוליב זיינע אויסערגעוויינלעכע מאַטורע־אויסצייכענונגען אָנגענומען געוואָרן אין פֿאַרמאַצעווטן־פֿאַקולטעט פֿון ווילנער אוניווערסיטעט. דאָס אַליין איז שוין געווען גאָר אַ גרויסע הצלחה פֿאַר אַ ייִדישן סטודענט אין דער אַנטיסעמיטישער פּוילן און ספּעציעל אויפֿן ווילנער אוני־ווערסיטעט, וואָס איז אַדורכגעגעסן געווען פֿון שאָוויניסטישער אַנטי־ייִדישער העצע. געענדיקט האָט ער אויך דעם פֿאַקולטעט מיט אַן אויסצייכענונג און אויס־פֿילנדיק זיין בירגער־פֿליכט לגבי מיליטער־דינסט, איז ער אָנגענומען געוואָרן אין דער פּוילישער אָפֿיצירן־שולע — אין דער וואַרשעווער „פּאָדכאָראָנזשוווקע״. אָנפֿאַנג פֿון דער וועלט־מלחמה — 16־טן סעפּטעמבער 1939, איז ער שוין אין רוסישער געפֿאַנגענשאַפֿט אַריינגעפֿאַלן — ניט ווייט פֿון פּאַדוואָלאָטשיסק און איז 1941 אומגעקומען צוזאַמען מיט 12.000 פּוילישע אָפֿיצירן געפֿאַנגענע אין קאַטין־וועלדער ביי סמאָלענסק דורך סטאַלין־בעריע־רוצחים. אויך מיין שוועס־טער רעיה טורעק ז״ל, וואָס האָט געהייראַט און געלעבט נאָכדעם אין טיקטין (טיקאָטשין), איז אומגעקומען מיט איר טעכטערל עדה, אין דער גרויסער טיק־טינער שחיטה, דורך נאַצי־פֿאַשיסטישע רוצחים און זייערע מיטהעלפֿער.

ערע זייער אָנדענקען!

**דוד קאזשדן טורונטו—קאנדה**

# מגילת הענות והייסורים

### מה ומי אני

בנוהג שבעולם הוא, כי בבוא אדם לחשוף צפונותיו ולגלות המוצנע עמו בפני כל הסובב אותו, יאמר גם דבר מעיד עליו עצמו. הרי זה מקובל מקדמת דנא והרי זה מחייב גם אותי — דוד בן הינדה ויעקב קאזשדן — להציג עצמי בפני קוראי (הן בני זמני והן בזמנים רחוקים בעתיד). לי עצמי ידוע אולי מי אנוכי. יתכן אף לעוד מאנדהו; אף אם זה לא תמיד ברור לי — לאחרים לא כל שכן... נו, מילא מה שאני חסר עוד, מי יתן ויווסף לי ולכל ידידי! ואתחיל איפוא בכל שיש ברשותי אף זה מספיק דיו, להעיד עלי מי אני ומה.

אכן, לא ניחנתי בעט סופרים; דל ומצומצם הוא כוח הביטוי אשר לרשותי. אמצעי התיאור וכלי השיחזור הנתונים עמי, מותחמים ומוגבלים עוד יותר. „אימת הציבור" הופכת אותי לכלי מלא בושה ויראה... עומד אני ולא אדע איך אשב לכתוב ולהעלות על גבי הנייר את כל ההומה בי? דומה אני למשל, לאותו מאנדהו הרוצה לשיר לפני ציבור והוא יודע שקולו אינו ערב, או לאותו רקדן המבקש לצאת במחול ושתי רגליו „שמאליות" תועות ומתעתעות ואינן הולמות בקצב אחד ללחן המוסיקה... אף על פי כן משהו כביר כוח וחזק ממני בהרבה, דוחפני לשפוך הכל מקרבי ולהעלות על גבי הנייר, לספר הכל. זו עדות הזורמת בקירבי מכוחה של עצמה ואין ביכלתי לשים לה סכר. אשים איפוא נפשי בכפי ואהיה כאותה בחורה שנשאלה, אם יודעת היא לפרוט על הפסנתר והשיבה, כי לא ניסתה עוד, אולי היא יודעת — אנסה אם כן גם אנוכי...

לא הייתי איש קריביץ' מעודי; ערש ילדותי עמדה הרחק ממנה ולא הייתי בה, עד שגורלי טלטלני לשם וזו אשר נועדה להיות חברתי ושותפתי לחיים, משכתני אליה. אף כי מרחקים גדולים ותחומים נרחבים הבדילו בין עיירתי־מכורתי פלשצניץ לבין קריביץ', הרי קורצו שתיהן מחומר אחד, מנופי טבע ואנוש כאחד. ולא בבחינת סוד הוא שכל אותו מרחב גדול של מינסק ואזורה כולל פלשצניץ, ככל „ווילנשצינה" וקריביץ' בתוכה — היה היו חלק „מתחום המושב" הנרחב להמוני יהודים.

פלשצניץ — עיירה קטנה גם היא (בין ערים ועיירות בתחומה הגדולה והרחב של אזור מינסק) בעלת אוכלוסין בתקופה עליה מדובר — כ־2,500 נפשות רובן יהודים, (כ־1200—1300 נפש). משום כך בלט גם בה הצביון היהודי המסורתי,

אשר לא פג ולא נחלש גם לאחר שתי עשרות שנים של שלטון המהפכה האוק־טוברית הגדולה, שנות המשטר הסובייטי. בתי הכנסת נשארו שלמים ולא נפגעו. יהודים קשישים אפילו גם בשנות העמידה, שקדו והמשיכו לבוא ולהתפלל בהם בציבור. אמנם, הדור הצעיר ובני נוער בעיקר נמנעו לבוא אך לא היה בכוחה של עובדה זו, לשנות ממסורת החיים היהודים ודרכה של עיירה יהודית. עדיין התקיימו כל אותם „מוסדות ואירגונים" ציבוריים. „החברה קדישא" עסקה בגמילת „חסד של אמת" והיטב שמרה על בית הקברות — שמע מינן שהיתה זו עיירה כמו כל העיירות היהודיות.

ברם, ההבדל המצער והמעציב — אותה נפקא־מינא מרה וקשוחה, שרשיהם בדרך חיי וגורלם — השונים בהרבה מדרך חייהם של אותם שרידי קריביץ', האורחים לדרך עימדי. אם נשאר עוד לאחרונים משהו מרנין וקורן למרחקים מעברם לפני „המבול" — משנות ילדות מאירה ונעורים מלבבים, מאותם חלומות פז שנרקמו תוך תקוות ואמונה — הרי לי דבר לא נשאר, בלתי אם זכרונות עצובים מימים מרים וקודרים, משנות ילדות קשות ונעורים שלא בורכו בשפע קסמים וחדוות האושר.

### ילדות בבית הורי

עברי אנוכי; בבית יהודי חם נולדתי וגדלתי — ביתם של יהודים צנועים ופשוטים. יהודים מכל ימות השנה, מעורים בחיק סביבתם ומושרשים על אדמתם והם עובדי אדמה כפשוטם. היה היה הבית בבחינת עלעל זעיר ופעוט מהאילן רם היחס ורב הפארות של יהדות רוסיה. בית זה לא נבדל במאום מבתיה של קריביץ' ועיירות אחרות, במרחביהן הגדולים של ארצות ליטא ורוסיה הלבנה. אף עיירתי פלשצניץ עלה עלתה ויצאה מתוך היער, מוקפת יערות עבותים ושדות ירוקים. אף בית ילדותי נשתבץ בתוך חצר קטנה מכותרת גינת־ירק קטנה ובוסתן זעיר — מקום בו ישבו טפליא ובני נוער — חולמים חלומותיהם ומדמיינים ושוגים בדמיונותיהם על מעשיהם ודרך חייהם בעתיד ומקומם בעולם הגדול. מה שנוגע לי עצמי, הרי לא נשאר לי כלל זמן מספיק לדמיין ולחלום. רק עומס ימים אפלים נושא אני בזכרוני, מאותן שנות ילדות ונעורים שנלחצו בתוך צבת בצבת אחוזה וסוגר של משטרים, יורדים ועולים חליפות — ותו לא. חיש מהר חלפו שנות ילדותי ושנות הבוחל תוך סערות של מלחמות אימים מהפכות והפיכות נגד ומלחמות אזרחים עקובות מדם. ועל כולם בנוסף; — שנים של פרעות־דמים איומות ביהודים, שנות רעב ומחסור. אף קרן־אור משמחת גם לא פירור של חלום, שום שמץ של נוסטאלגיה ואף קורטוב של געגועים, אינני נושא עימדי משנות ילדותי ונעורי. לא ייפלא על שום מה כה עצובים צלילי האקורדים הראשונים, כבר בהתחלת סיפורי.

מציאות החיים הקשוחה והמרה נתגלתה לעיני כבר „ביום צאתי מרחם..." ביום ראשון לי בחלד.[1] ילד בן ארבע הייתי עת התחוללה מהפכת אוקטובר האדום. וכמו מטווי ארוך של חלום רחוק חולפים לעיני כבסרט־קולנוע מראות ותמונות מהפגנות חגיגיות ושמחת המונים חוגגים; דגלי אודם מונפים וקולות שרים ומתרוננים מהדהדים למרחק. הררי תקוות ורכסים של אמונה השתרגו ולפתע לא עוד...

שנתיים בלבד ואולי פחות ולא עוד חדווה מתרוננת שוטפת ופורצת מתוך הלבבות כי אם מציאות־חיים מרה. אכן, אף בשנים מאוחרות יותר — לאחר שבגרתי ועמדתי על דעתי ותפיסת חיי נתקיימו הפגנות חגיגיות והונפו דגלים והושרו שירים. כל אלה לא היו כבר מן הלב אלא מן השפה ולחוץ... „תכנית־חיים" שלמה ומפורטת לכל פרטי פרטיה ותגיה הוטלה מעל ומטעם השלטון; אף העצב, השמחה וכל רגשות אנוש, „תוכננו" ב„כוח צווים..." מדינת ברית המועצות שהתיימרה ועלולה היתה להיות מדינת החרות, הפכה והיתה חיש מהר ל„מדינת סוגר" וירד עליה המסך... ה„שמחה" הוטלה כאמור „מעל" ולא עמד בה טעמן של כל הערגות והכיסופים והדבקות — בחינת „דער רבי האט געהייסן פריילעך זיין..." שנתפסה לכל לב נבעה ממנו ושטפה כל לב. כי אם שמחה „חוקית" ב„פקודה ובצוו דמלכותא" ולמה ומדוע?...

הרי זו פשיטא כפשוטה! כיוון שאותה מהפכה חלומה והיא — פרי כל הערגות והכיסופים וכל הגעגועים הטמירים של נשמות בני אדם לחירות מכל שעבוד מלכויות גופני ונפשי — אותה מהפכה סוציאלית של האוקטובר האדום, שגברה וניצחה במלחמות השחרור מעל גבי מיתרסים הודות לכוח הנשגב שנתגלם באמונת ההמונים ודרכה רוצפה בדם יהודים תוך פרעות אימים, אותה הפיכה „גואלת ומשחררת" איכזבה מרות וקשות... אותו טווי מחוטים של זהב־תקוות ואמונות־פז ב„אביב אדם ועמים" שהולך ובא לעולם, נקרע ונכרת — והן לא ייאמן כי ייאמר, שאותה אידיאה על שיוויון סוציאלי וחירות כל בני האדם (שכל כולה מתגלמת ברעיון הצדק האוניברסאלי המשיחי במסורת ישראל וברעיון הנצחי של רוח חירות לוחמה בלב בני האדם ורצון ההקרבה העצמית) הפכה חיש מהר למשטר־דמים ועריצות, למשטר של עבדות משועבדת ומשתע־בדת!... ולא זאת בלבד: — חובה היא לזכור ולא לשכוח! — אותו „אוקטובר אדם וגואל" עיקר ואינס את שרשי צמיחתי ומורשת אילני, יהדות רוסיה. הוא עקר את היהודים מסביבתם הטבעית והחיונית ובודד אותם מכל יהודי העולם.

---

[1] מספרנו מעביר לפנינו בטורים הבאים מזכרונות ילדותו ושנות נעוריו הראשונות — מוארים ומוסברים לעצמו במחמצת המחשבה של אדם בעל נסיון־חיים ולמוד אכזבות...

אדרבא! יעיז ויבוא אלי מאנדהו בעל מצח נחושה ויעיד בפני תנאים אלה. כי נשארה לי עוד סיבה כלשהי לחלום ולשגות ברומנטיקה...

— — אני ויהודים כערכי לא היינו היחידים שיצאנו בפחי נפש מרודים, מרוקנים ומיואשים לאחר אותו „ליקוי חמה" גדול ועצום, לאחר כשלונו המחפיר של „אוקטובר האדום". מיליונים של בני האדם כאבו וביכו את מפולת המהפכה — אותה מהפכה שגברה על כל אויביה ושונאיה אף ניצחה עצמה ואכלה את עצמה בדמיה... גם עתה אזכור עוד ואראה בעיני הילד (ובהבנה של מבוגר לאחר זמן) אותם המוני האנשים המכונפים ומוקסמים סיסמאות החופש והכרזות חירות ושלום לכל הסובלים והנדכאים בעולם. כלום לא תיאר לעצמו כל אדם כי שוב הננו במעמד חדש של „מתן־תורה?" הן כל הציפורים פתחו ב„שיר מזמור לאביב האדם". הן מנהיגי המהפכה בכבודם ובעצמם הצהירו חגיגית ולא בקול דממה דקה, כי אם בקולי קולות והבטיחו ללא פשרות: („מיר כיזשינאם ואינא פאלאצאם!") — „שלום לאהלים וביקתות. מלחמה בארמונות!" — — („אי וואט דיען' אי נא נאשיי אוליציי פראזדניק!") — והנה יום וגם ברחובנו חג! כיצד איפוא יכלו בני אדם שלא להסחף ולא להאמין, כי תור חדש בא לו למין האדם עלי אדמות, תור של שלום, שיוויון וצדק סוציאלי וחופש, חופש על אדני הצדק? התלהבות סוחפת ומתלהמת זו טלטלה וגרפה גם אותי, ילד כבן ארבע וחצי... לא ידעתי ולא הבינותי הרבה מכל אלה אך בכל חושי הבינותי ואף הרגשתי, כי הכל האמינו שאכן יהיה טוב מאד ושמח...

ברם, לא כך היה הדבר לאמיתו. אורות הדרור כבו במהרה והושבתו החגיגות... באו והגיעו המשקעים מימי המהפכה וכל שבא בעקבותיהם; סבוא נסבא „יין הגאולה והחירות" ולא עוד חג! הנה „היום השני"[2] וכל „ששת ימי המעשה..." (אבל זה פרק אחר). מכל הנסקר לעיל לא נשאר אלא לחמם עצמי ב„יחוס אבותי" ולהמשיך בסיפור.

### משפחת יהודים בתוך הסערה

אבי יעקב הכהן קאזשדן נולד וגדל „כבן־ישוב" (ישובניק) בכפר קוטנא באזור פלשצניץ — להוריו צירה־פריידל וחיים ז"ל. משחר ילדותו קשר חייו וגורלו בעבודת האדמה, ומן האדמה עלה וצמח כאילן ושיח בשדה. סבי חיים (אבי אבא) היה כבר מושרש מזמן בעבודת השדה ו„בן־ישוב" לכל דבר. שנים רבות היה מייצר על אדמתו ירקות ופירות ואף דגנים במקצת — על חלקת אדמתו או על אדמה שניתנה לו בחכירה. אין ספק שאבי נחל כבר בירושה מסבי

---

[2] „היום השני" מושג מושאל (מטאפורי) משם ספרו של איליא ארנבורג. בו הוא משתמש ב„מטבע" התנכי: „ויהי ערב ויהי בוקר יום שני..." לתאר כל שנתרחש למחרת המהפכה.

כל אותן תכונות ונטיות אופייניות המסייעות לו לאדם להתערות בחיק אדמתו וליהנות מפרי עבודתו. סבי נעזר הרבה בעבודת אבי. עליו הוטלה הובלת תוצרת השדה לעיר הגדולה, לשם מכירתה, אף לקנות בה כל המצרכים הדרושים לביתו ולמשקו. כך היה ונשאר אבי קשור בדרך כלשהי למסחר ושום עניין הכרוך במקח וממכר לא היה זר לו. כך היה כבר בגיל צעיר למדי עתיר חכמת־חיים שנונה ולמוד נסיונות.

עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה גוייס אבי כאיש מילואים לצבא רוסיה הצארית; הוא חוייל ונשלח לחזיתות שונות בהן לחם כחייל קרבי. פרק זמן ארוך למדי שהה גם בחזית הבאלטיקום. לרגל קירבת חזית זו לעיר הגדולה ריגה, ביקר בה פעמים מספר ואף שהה בתוכה כיברת זמן, עת שירת בשנים קודמות כחייל סדיר. כבר באותן שנים היתה ריגה מרכז יהודי חשוב, מרכז חברתי־תרבותי ומקום מושבם הארעי או הקבוע של כמה וכמה סופרים כמו בן־עמי, לאצקי ברתולדי, יצחק נחמן שטיינברג ואחיו ועוד. (באותה ריגה ישב גם ההסטוריון הדגול וההיסטוריוגראף הנודע של „תולדות העם היהודי עם־עולם" — פרופסור שמעון דובנוב השם ינקום דמו! — יחד עם בני משפחתו ויהודי העיר נכרת גם הישיש כבן 90, בשנות השואה ביער רומבולי (על־יד העיר), מקום הטבח לקדושי ריגה).[3]

אין ספק שאותו ישוב יהודי גדול עתיר חכמה ותרבות ישראל ובעל ערכים כלכליים וחברתיים האציל מרוחו על אבי והעלה ידיעותיו ואף העשיר נסיון החיים אשר עימו. בריגה זו הכיר אבי בעת תקופת שירותו הסדיר, גם את היעודה לו מיד הגורל — הרי היא אמי. הם נישאו שם ולאחר שהשתחרר אבי מהצבא, באו שניהם לכפר קוטנא ולעיירה פלשצניץ. החיים בכפר ובעיירה נמשכו בינתיים ללא תמורות כלשהן — פרט לעובדת הזדקנותם של סבתי וסבי. אבי התמסר כל־כולו לעבודת המשק ואמי היתה לו לעזר בכל. יבול אותם נישואים בריגה היה מבורך למדי ואחד מפירותיו, הנני גם אנוכי כותב הטורים הללו — הצעיר במשפחה ובן הזקונים בין כל בני הבית, כלומר אחי ואחיותי: — שיינה־ליבה, יוסף ואברהם, חיה וברל. כולם — פרט לי עצמי נכרתו מארץ החיים על־ידי הרוצחים הנאצים הארורים ועוזריהם המאוסים.

ברם, למה אקפוץ ואקדים המאוחר? הנכון הוא אמנם כי לא אני קפצתי; דמי הרותחים בי וזבים מפצע שלא נגלד מעולם ולא העלה (אף לא יעלה) ארוכה, הם שהקפיצו אותי והסיטוני הצידה מפרקי השוטפים. אשוב איפוא למהלכם

---

[3] מכל משפחתו שרדה אחת יחידה — בתו סוניה (דובנוב) ארליך אלמנתו של העסקן והמנהיג הבונדאי הנודע הנריק ארליך — אשר הוצא להורג על־ידי הסובייטים בשנת 1941, יחד עם חברו וויקטור אלטר ממנהיגי ה„בונד", לאחר שברחו מהגרמנים לרוסיה ולאחר „רצח משפטי" מבויים.

הסדיר של ההתרחשויות: לא אשוב אם כן לספר על המהפכה שהיתה והתחוללה, אף הציתה לבבות סובלים ונדכאים — בהפיחה הררי תקוות מאירות ואמונה דולקת. לא אתאר גם החגיגות וכל שבא אחריהן ובעקבותיהן. אסתפק רק בציון העובדה, כי אכן היו הרגשות רוממותו של חג (ואולי רק נדמה היה לבריות וחשבו כי חג אמנם...) אין תימה כלל שגם בני ביתי ראו עצמם בבחינת „שמעלקעס" גמורים לכל דבר — קרואים נכבדים אל „משתה הגאולה" הרונן והחגיגי — „שותפים לקבלת הפנים של אביב בני האדם והעמים". ובפרט לאחר שניתנה להם חלקת קרקע במתנה. הגידו נא איפוא במטותא: כלום יש עוד מתנה יותר טובה ויותר משמחת מאשר שטח של קרקע לאדם „ישובניק" מעורה בעבודת האדמה?

שמחה גדולה שמחו איפוא בני ביתי במתנה שניתנה ובמידה מסויימת גם בצדק. כל אותן אדמות של כפר קוטנא, הכפרים הסמוכים באזור עיירתנו פלשצניץ ובעיירה עצמה, הוחרמו על־ידי השלטון המועצתי וחולקו לפועלים ואיכרים מחוסרי קרקע.[4] כך קיבל גם אבינו חלקת קרקע בת 20 דסיאטין בכפר טישקורנא; (ואף זה בסביבה). היתה זו חלקת קרקע־בתולה ללא אינבנטאר חי וללא מכשירים וכלים ואף בלי גרעינים לזריעה. כמה נטרד אבינו, כמה טרח ועמל עד שסוף־סוף הצליח לרכוש לו סוס ולקנות פרה (אחת!) כדי להניע את העניינים ולהתחיל בעיבוד „נחלתו" — הרי זה פרק בפני עצמו.

ה„יום השני" שבא בעקבות כל אלה ואשר סקרנו אותו לעיל, קשה ונפתל היה ביותר. ימים קשים הגיעו... תנאי החיים היו גרועים יותר מיום ליום ובלתי נורמאליים. שוב באו שנות מלחמה ואימים: שלטון הקומוניזם הצבאי — שנים של אינטרבנציה — התערבויות מבפנים ושל מעצמות חוץ — מלחמת אזרחים ומרידות: קורנילוב יודניץ' וקולצ'אק; דניקין וגם ווראנגל, באלאכוביץ' ומאכנו וסתם כנופיות שונות. מלחמה עם פולין העצמאית אשר קמה זה עתה; עם הקהיליה האוקראינית — קצרת הימים וסובאת הדמים, דמי יהודים! — בראשותו של פטליורה וה„ראדא" (המועצה) הלאומית. היו אלה ימים בהם נזרע השדה ומועטים מאוד היו הסיכויים לקציר. ואם היו ואמנם קצרת ברוב עמל ומאמצים — לא נשאר דבר ממילא, כי נשדד ונבוז בפקודת השלטונות המתחלפים או בידי כנופיות שודדים וחמסנים מכל הסוגים והגוונים.

עול כבד של ריחיים ניתלו לו לאבינו על צוואר; חייב היה לעמול בלי הרף לפרנסת המשפחה הגדולה. מה תועיל איפוא כברת קרקע ואפילו מעובדת

---

[4] כל אותן אדמות בסביבה השתייכו עד למהפכה למשפחת אצולה פולנית בעלי נכסים קרקעיים עצומים — משפחת הרוזן טישקביץ' — אף בווילנא וסביבתה היו להם תועפות קרקע.

בשקידה ובחריצות שאין גבול לה — כאשר נגזל היבול כולו או כאשר לא ניתן לקצור כלל ?... דבר לא הועיל עוד ואיש לא יכול היה לעזור בכך ; אחי ואחיותי טרם בגרו להטות שכם ולתת כתף על מנת לשאת בעול — לא נשאר לו לאבי אלא לעלות אל דרך חתחתים ורבת סיכונים — דרך ה„הברחה" האסורה באיסורים חמורים. „הסתננות" מעבר לגבול, לפולין ו„הברחת" סחורות לברית המועצות. כך סיכן עצמו אבינו למען הפרנסה ; כמה פעמים גם נתפס ונפל בידי משמרות הגבול הסובייטים. היה זה מסוכן יותר להתפס בצד השני, ע"י משמרות הגבול הפולניים ; הללו העמידו את הנתפסים לפני בית־דין שדה בעוון ריגול ודין מוות היה צפוי. הוא הדין מעבר לגבול הסובייטי. בימי שלטון ה„קומוניזם הצבאי" צפוי היה הנתפס ב„אותן נסיבות" למוות בירייה ליד אחד „הקירות".

למזלנו הרב יצא תמיד אבינו ניזוק בפחד ובהחרמת הסחורות והכספים בלבד על ידי משמרות הגבול, אשר לקחו ממנו את הכל ונתנו לו לשוב אל ביתו. יש לציין כי באותם ימים (1921—1922) החלו להסתמן כבר הקלות כלשהן בכל הנוגע ל„הברחה" הבלתי ליגאלית. ניתן לראות בשינוי מה של היחס לגבי ה„מבריחים" שנתפסו „על־חם" — אפשר והיה זה אות מבשר למדיניות של נא"פ („נאוואיא אקאנאמיא פאליטיצ'עסקאיא") — המדיניות הכלכלית החדשה.

אכן, בשנות ה„נא"פ" הראשונות ניתנו הקלות במקצת. שוב ניתנה האפשרות למסחר פרטי זעיר ותיווך. כמו־כן עצמו העין לגבי „הברחות" מעבר לגבול. המשבר הכלכלי הקשה והאינפלאציה הדוהרת הניעו את ממשלת המועצות לתת חופש ליוזמות פרטיות ועצמיות, כדי להרחיב ולפתח החקלאות והתעשיה. השל־טונות ראו צורך להעלות ולשפר תפוקתן, להגדיל הייצור. חפצה של הממשלה היה להביא את הפועל והאיכר כי ייצרו ויביאו יותר מתוצרת פרי עמלם למכירה בשוק. כך עוררו „תמריצים" אלה שלוו לפעמים ב„השקעות" זעירות תנועה כלשהי, שגרמה להתאוששות כללית של המסחר והתעשיה. בידי הממשלה היו הבנקים והתעשיה שהפכו להון ממלכתי. מדיניות זו של נא"פ נמשכה למעשה עד לאביב 1928, אם כי בוטלה להלכה בראשית 1923. ה„נחלה" שנפלה בחלקנו כנ"ל לא היה בכוחה לפרנסנו (בגלל בצורת וחוסר כוחות עבודה) ללא גרעינים וללא מכשירים. אבי הוסיף לעסוק ב„הברחה" ואיכשהו התפרנסנו והחזקנו מעמד. ברם החל ממחצית 1922 ואילך הורע המצב. השלטון הרגיש עצמו איתן יותר במעמדו. כל הערכאות המוסדות הממשלתיים המפלגתיים השגיחו יותר, מה שהיה לפני חדשים מספר בבחינת „כשר" „הוטרף" מעתה ואילך...

לאחר שנחתם חוזה השלום בריגה (במארס 1921) פסקה המלחמה בין ברית המועצות לפולין ; השטחים של מערב רוסיה הלבנה ומערב־אוקראינה (גליציה המזרחית וכו') נשארו בידי פולין. (אם כי בריה"מ לא ויתרה מעולם על שטחים אלה). אשרור הגבולות (הראטיפיקציה) בא זמן קצר לאחר מכן ומאז ואילך החלו

דרכי ההברחה להצטמצם ולהיסגר. השמירה והפיקוח משני צדי הגבול הוגברו ביתר שאת ומיום ליום נסתמו הדרכים. אף בפנים הארץ הוגבר הפיקוח; הרובל הסובייטי עלה וערכו נתייצב ונתאזן; חלה סטאביליזציה כלשהי. השלטון המועצתי ראה צורך לעצמו, להחזיר לידיו את „מוסרות העגלה" אשר נאלץ להרפות מהן בעבר הקרוב.

במחציתה השניה של שנת 1923 נעצר אבינו שוב, הפעם על־ידי משמרות הגבול הסובייטי (לאחר ששב מעבר לגבול) ועימו סחורות מוברחות וכספים. שוב הוחרם ונלקח ממנו הכל. אולם הפעם לא יצא „נקי וחלק..." הפעם מיצו נגדו את חומרת הדין: משך שנה שלמה הורחק ממקום מגוריו וממשפחתו. כמו כן נאסר עליו לשהות באזורי הגבול — הוטל עליו להשאר במרחק של 100 קילומטר לפחות מכל גבול. לפי פסק־דין מטעם בית המשפט שולח לכוניקאר — אי־שם בקירבת סמולנסק. שם הוטל עליו להיות לבדו — ללא ביקורים מצד בני ביתו. הוא ריצה „עוונותיו" שם במקום עד לסוף שנת 1924 — לכשהורשה לחזור לביתו ומשפחתו.

ודאי שלא שפר מצבנו בהעדרו של אבינו, בהיותו ב„גלות" כוניקאר. מיום ליום היה המצב גרוע יותר. כל הבנים היו צעירים למדי ואיש מהם לא היה מסוגל לשאת כמלוא נימה בעול הפרנסה. אמנו לא היה בכוחה להשתלט על העניינים ולא מצאה דרך לכלכל הבית ומחסוריו. מה גם שמבחינה כללית היה המצב באותם ימים קשה ונפתל, אף בנוכחות אבינו. קל וחומר בהעדרו — לא כל שכן. ברם, למזלנו חלפו חדשי „שילוחו" מהר והוא שב הביתה כנזכר לעיל בשלהי שנת 1924. הוא חזר אלינו עייף וממורמר, מאוכזב מכל התקוות שתלה באותו „כוכב מאיר באוקטובר האדום". הוא טען באוזנינו בלחש, כי היה זה חלום עובר ותו לא... אף מ„הנחלה" שניתנה לו היה מאוכזב כי לא עמד לה השלטון בצר, לא סייע בגרעינים ובמכשירים...

— — ההכרח לשאת בעול פרנסת הבית, לא הניח לו לאבינו זמן רב, להתמרמר ולקונן, על שכך עלה להן לתקוות הגדולות... עובד־אדמה משחר ילדותו לא יתאבל זמן רב על יבול שנגזל, על בצורת ושנות־רזון ומחסור. לאחר עבור גלי ההתמרמרות ומרירות האכזבה, ישוב ויאזור כוחותיו ושוב יצא למאבק עם איתני הטבע; שוב יחרוש ויזרע ויצפה לקציר... כך היה גם לאבינו. מצבנו בבית בהעדרו, שוב חישל אותו לעמוד במאבק על פרנסת המשפחה. אל מול האכזבות והפגעים עמדו לו כוחות הנפש שהאצילו על כוחות הגוף. שוב החל כדרכו לעבוד בשקידה ובחריצות; לשקם אדמתו ולכלכל משק. שוב עמד על רגליו. לא ארכו הימים והכל חזר לאיתנו. משק הבית והמצאי בו (האינבנטר) גדלו אף התרחבו; הרפת גדלה, עמדו בה עתה כמה פרות במקום האחת שהיתה. אף האורווה לא הספיקה עוד. היה צורך בעוד אורווה כי נוספו סוסים על האחד שהיה — אפשר וזוכה

היה אבינו עתה להפוגה במאבקו, אפשר והיה מגיע „למנוחה ונחלה", לפרנסת קבע מבוססת, לפרק חיים קל יותר ושקט — אילמלא קפצה עלינו רוגזה של גזירה חדשה וצרות נוספות...

## גברבר בן שש־עשרה אינטרנאציונאליסט

פרק זה בקורות בית־אבא ובחיי משפחתנו, חל במקביל בימים בהם הגיעה הסתכלותי העצמית בחיי כל יום ויום ובנסיבותיהם בכלל ובי עצמי בפרט, לגיבוש עמידה על דעתי והכרתי לאור הנסיון המזער שהנחילו לי שנות חיי. הן בהתחולל אותה גזירה חדשה ושבירת צורת חיי המשפחה בשנת 1929, הייתי בסך־הכל בחורון כבן שש־עשרה.

ביום מן הימים החלו השלטונות המועצתיים על כל אגפיהם מוסדותיהם ופקידיהם, בהצהרות ובהכרזות על „גאולה" חדשה, קרבה ובאה לעולם: קולקטיביזציה! בטאוני המפלגה ומוסדות ה„קומפארטיה" נתנו את ברכותיהם. כל ארגוניה, וועדיה — החל מתא זעיר או גדול במקום עבודה כלשהו, בסניף „מקומי נידח", וועד עירוני ומחוזי וכלה ב„פוליט־ביורא" ו„הוועד המרכזי" — פירסמו מינשרים והצהרות ומאמרים, בשבח ה„מעשה הגדול והגואל". כל העתונות וכלי התקשורת ההמונית קראו פה אחד: קולקטיביזציה!... הם עודדו והלהיבו ההמונים להשתתף ב„מעשה הגדול" ולהרשם אל ה„קולכוזים" — (משק בבעלות קולקטיבית „קולקטיבנאיע כאזייסטבא"). היה בזה לחץ מקיף וכולל — חברתי ותרבותי, פיסי ופסיכולוגי גם יחד. אבוי להם לאדם ומשפחתו, אבוי לכל אלה שלא נרשמו מרצונם הטוב אל אותם „קולכוזים" או דיברו חלילה בגנותם של ה„עושים במעשה הגואל". כנגדם הוכנסו לשימוש שיטות טיפול ואמצעים אחרים ומיוחדים...

הדבר החל כמובן באסיפות ועצרות חגיגיות בהן חזרו ונישנו ההכרזות והמינשרים, המסקנות וההחלטות החגיגיות לרבות שבועות והבטחות על „גן העדן עלי אדמות" המגולם בחיי ה„קולכוזים" והמובטח מראש לכל הנכנסים לחיים אלה. „מה שייך? וכי מה זאת אומרת, ,לעשות חיים' כפי האמור בפי הבריות? חיי נוחיות ואושר מובטחים לכל אדם ב„קולכוזים..." ציטאטין ונוסחאות „מתאימות" לא חסרו כמובן... „הן סוציאליזם פלוס אגרוטכניקה וטכנולוגיה תעשייתית לרבות חשמל — חשבונם ומשמעם אינטרנאציונאליזם וקומוניזם — שיתוף אמת! עלי אדמות..." בקרב הקהל היו מקשיבים; מקצתם האמינו בספקנות ומקצתם פיקפקו תוך חוסר אמון ותוך פחד, להעלות זאת על דל שפתותיהם. והרי פשיטא היא ללא הוכחה כלשהי: ביתר קלות ניתן לשלטונות למצוא מסילה אל לב ההמונים והשכבות מחוסרי האמצעים. „הן ידוע כי על טובתם

ורווחתם של כל אלה — נוצרים ויהודים גם יחד — שוקדים השלטונות השכם והערב"... באחת: הכל יצאו מעורם כדי לסבר אזניים ולקסום ללבבות, על מנת למכור ה„גאולה" החדשה להמונים.

כך ובדרך זו נפעלים וניצודים מכוח סערות המלל ורמזים על איומים מוסווים נסחפו המוני „דלפונים" ובעלי חלקות זעירות ומחוסרי מקצוע מרצונם ושלא מרצונם מאמינים ולא מאמינים — ל„משקיות" החדשה וה„גואלת". וברור מאליו כי גם בני ביתי בקהלם. כל רכושנו כולל הסוסים והפרות הושקעו כמובן כדמי השתתפותנו ב„בור השומן של אותה עיסקת־זהב"... פרט לפרה אחת לצרכי הבית, לה היינו רשאים, בתוקף ה„חוקה" על סעיפי סעיפיה.

לפועלים מקצועיים מבוססים יותר או לבעלי מלאכה עצמאיים, לבני האינ־טליגנציה והמעמד הבינוני לשעבר ולסתם „בעלי־בתים" בעיירה, לא נתאפשר כלל וכלל להימנות על ה„קולכוזים" ולא הורשתה להם כלל הכניסה... ואל ישאל השואל למה ומדוע? הן ידוע הדבר ומקובל על דעתו של כל „קומוניסט כן וישר" — הללו הריהם „בעלי־גוף" ו„קולאקים", ספסרים וסרסורים ו„מי שהיו" סוחרים (אוי לאותה בושה!) „לישנצים" (נטולי מעמד בהתאם לחוק הסובייטי) „יסודות פסולים ומזיקים לחברה!" לשם הגנה ומתוך חשש „לעינא בישא" מצידם וממעשיהם הפסולים חלילה וחס, לוקחו אחר כבוד ונתכבדו למשך שנים ארוכות ב„פת־בג" ממלכתי... הם שולחו הרחק הרחק ל„עבודה ולחינוך מחדש כיאות לאזרחים סובייטים" — בארץ גזירה.

ניתן איפוא לשער מה היתה הרגשתנו עם כניסה ולאחר כניסתנו ל„קולכוז"; כיצד יכלו אבי ובני הבית ואף אני בתוכם, להתבונן ולראות בגירושים המוניים אלה — בשילוחים של מכרים וידידים. נקל להבין גם איך הפכתי בגיל צעיר למדי לפועל „בעל הכרה מעמדית" אמון כולי על ה„קורס הקצר" וכל מיני חוברות „בראשורות" מסוג זה. הנה כי כן, הייתי כבר „קולכוזניק אידיאליסט" ואני בן שש־עשרה בלבד — רק גברבר ותו לא אבל „אינטרנאציונאליסט" משכיל ונבון ולו רק מאותו טעם אפילו — ה„קולכוז" שלנו הוכתר בשם המחייב קי"מ. והוראתו ב„גימטריא" סובייטית „קאלכאזני אינטרנציונאל מולודיזשי", אינטראנציונאל הנוער הקולכוזי. במקום זה שומה עלי להדגיש ולהבליט: „באמנותי הבינלאומית", היא שהצילה את אבינו וכל בני ביתנו (ואנוכי בתוכם) מגורל מר ואיום בסיביר... לא חסרנו הרבה כדי להימנות על המגורשים. אכן כך היה אותו מעשה:

באותם ימים היה אבינו אכול כבר אכזבות ויאוש מכל אשר מצאנו והפעם — ללא תקנה ועצביו מעורערים במקצת. כי מה נשאר לו לאדם לעשות — לאחר ש„נטרפו כל קלפיו' וכל אשר לו „נתגלש" במורד ואבד — בלתי אם להתמרמר ולהתרגז על עצמו שכך עלה לו? נסיונות חייו הם שלחשו לו והוכיחו כי אין

שחר לחיים ב„קולכוז״, כי אל „קדחת תפורה בחוטים כשרים יזכה״ כדבר הבריות ו„אגורה שחוקה״ אחת לא תהיה לו... אכן, יום אחד הרהיב עוז בנפשו, ויקם וילך ויבוא אל האורוות והרפתות ב„קולכוז״. לפני ה„אמרכלים״ והממונים התייצב ואמר: אין עוד ביכולתו להתבונן בשיוויון נפש כיצד עמל חייו יורד לטמיון. אין הוא יכול ואף אין ברצונו עוד לשבת בקולכוז. על כן החליט לקחת את שלו וללכת... אכן הוא הוציא סוסיו ופרותיו והלך אל ביתו, בלי להרהר כלל ובלי לחשוב לאן יובילוהו מעשיו ומה יהיה בסופו.

אין ספק שתוצאות צעד זה ופרי מהלכיו, יכלו להיות קשים ומרים לנו ביותר. כפסע היה בינינו לבין השילוח ותוצאותיו. באשר למנהל ה„קולכוז״ ועוזריו לא נשארה ברירה כי אם להגיב בכל החומרה ומעצם הטעם הפשוט והברור: למעשה נועז כזה (מצד אבינו) עלולה להיות השפעה „אפידמית״; זה יכול להדביק כמגפה עוד ועוד בלתי־מרוצים שלא חסרו כמובן וכל ה„מפעל הגואל והמשחרר״ יעמוד בפני סכנה... הם הזעיקו מיד את תגובת השלטונות והמוסדות של המפלגה. מיד החלה חקירה מסועפת וסבוכה נגד משפחתנו ובעיקר נגד אבינו. לא נשאר צל של ספק כי ינקטו גם באמצעים וידונו אותנו בכל חומרת הדין, ומשפטנו יהפוך למשפט ראווה, למען יראו כל הבלתי מרוצים ולא יעיזו עוד... ברור כי כל אשר לנו יוחרם ואנו עצמנו נורחק כ„יסודות פסולים ומסוכנים בחיי החברה הסובייטית העמלה הישרה...״

אינני יודע ועד היום לא אוכל להסביר לעצמי מה היה הכוח אשר דחפני לעמוד בפרץ, כיצד לקחתי על עצמי עול של סנגוריה על משפחתי ולתקן את אשר עיוות אבינו, ב„הקדיחו התבשיל...״ באתי מיד לסניף המפלגתי, רצתי אל ה„קומסומול״ ואל תא האיגוד המקצועי, הלכתי ובאתי אל כל מקום בו ניתנה לי דריסת רגל. הפצרתי ותבעתי, נשבעתי חגיגית והבטחתי כי מכאן ואילך לא יתערב עוד אבי בכל הנוגע ל„קולכוז״, כי מעתה והלאה אהיה אני הנושא בכל האחריות למשפחה ומקומה בחיי המשק הקולקטיבי. כך טענתי ותבעתי בשם הצדק וה„בינלאומיות״ תוך שבועות וחרמות והצלחתי. זכותי עמדה לי. בכל המוסדות הנ״ל הכירוני הכל כבחור הגון וישר, כן ורציני וכמו כן פועל טוב ואחראי, לא קופא על שמריו כי אם שוקד ולומד ורוכש נסיון. על שום כך נעניתי והעברתי רוע הגזירה. כך שבנו והתמדנו בחיי ה„קולכוז״. הנה כי כן, הוכחתי שגם „אינטרנאציונאליסט״ בן שש־עשרה, גברבר אשר לא בגר כל צרכו יכול לעמוד בפרץ.

ברם, אין בדעתי כלל וכלל להעלים העובדה, שקשים ומרים היו חיינו. העבודה הקשה בה עבדו הכל היתה קשה גם לי, אם כי בקרב המנהלים וה„אמרכלים״ למיניהם הלך שמי לפני כפועל חרוץ וכ„איש־סגל״ — „סוס מצויין הסוחב בהצלחה כל העגלות למיניהן״. אותי וכאלה שכמותי, ניצלו הכל

אונדזערע אָרטיקע שונאים, זיינען פון „ארון קודש" אַרויסגענומען געוואָרן אַלע „ספרי־תורהס", פון דער שאַפע — די פּרעכטיקע בענדער פון ווילנער ש"ס — „בדפוס האלמנה והאחים ראם" און אַלע איבעריקע „ספרי קודש". מען האָט אַלץ צונויפגעלייגט צוזאַמען אין איין קופּע ווי אַ שייטערהויפן און אין פייער פאַרברענט. אָט די „פּראָסטע און גראָבע" מלאכה האָבן אויסגעפירט אונדזערע שטעטלשע „גוטע ברידער". דייטשן האָבן זיך מיט דעם ניט פאַרנומען, עס איז זיי ניט אָנגעשטאַנען לויטן כבוד. 24 „ספרי־תורה" און איבער הונדערט „ספרי־קודש" זיינען פארברענט געוואָרן יענעם טאָג. די בית־מדרש געביידע — כמעט איינגעלייגט, די ווענט אויפגעטרייסלט און צערוקט... אָבער פון פייער אָפּגעראַטעוועט... ווי אַ טויטער שאַרבן איז שטיין געבליבן נאָר דער נאַקעטער סקעלעט פונעם בית המדרש...

יעדער אבר, יעדער גליד איז אין אונדזערע מידע אויסגעמאַטערטע קערפּערס פּאַראַליזירט געוואָרן פון שרעק. געזען האָבן מיר זיך נידעריקער פון גראָז, געפילט האָבן מיר זיך אַלס ערד, וואָס ווערט צעטראָטן אונטער די פיס פון צעבאַלעוועטע ס. ס.־לייט. אונדז איז נעמלעך אויסגעקומען, אַז שוין פון גאָר נאָענט הערן מיר די שאָרכנדיקע באַוועגונג־ריטמען פון „מלאך הדומה" פליגל... אָבער נאָכדעם, ווי עס איז אַדורכגעגאַנגען אַ טאָג צוויי און דריי און גאָרניט געשען דערווייל — האָבן מיר דאָס אויך פאַרדייעט און איינגעשלונגען. די „פּאַרמיאוסטע חיי שעה" — עפּעס אַ קלייניקייט?... מען האָט זיך שוין גענומען טרייסטן... ענדלעך האָט דאָך אויך די אויבערשטע השגחה פאַרשפּראָכן אַ הבטחה: „חיי עולם"! קען עס דען זיין אָן אָפּראַטעווען מיט אַלע מיטלען די „חיי שעה"? — זאָל עס זיין אַפילו מיאוס שבמיאוס! יאָ! דאָ האָבן די דייטשע „לאָזגייער", באַוועגער און אָנדרייער פון דער מאַסנמאָרד־מאַשינעריע גוט אויסשטודירט די פּסיכאָלאָגיע פון זייערע שוצלאָזע קרבנות... אויף זייערע ראַפינירטע וועגן האָבן זיי גוט קענען געלערנט, ווי אַזוי צו פאַרשטעלן און פאַרבאָרגן זייערע פינצטערע טייוולאָנישע פּלענער און אַלע בייזע אינטענציעס... זיי האָבן אונדז נאָך איבערגעלאָזן די מעגלעכקייט, צו געניסן נאָך אַ שטיקל צייט פון מיאוסן און נידעריקן קיום אונדזערן אַפילו פאַר אונדז אַליין... טאַקע אמת ויציב! — אַ בית־מדרש ניטאָ מער... עס איז שוין חרוב געוואָרן — האָט יעדער ביי זיך שטילערהייט געדאַכט; וועט מען ביחידות דאַווענען; וועט מען אויסגיסן ס'האַרץ פאַרן בורא־עולם אין געהיימע „מנינים" און פּריוואַטע דירות... און מען האָט זיך געקוויקט: מען איז ניצול געוואָרן דערווייל... מיר וועלן נאָך לעבן און זיי איבערלעבן!... און ווידער האָבן אָפּטימיסטישע אילוזיעס פאַרשלעפּערט דעם שכל, דעם באַוווסטזיין אין אַ מין זיסן פאַלשן חלום... ביז מיטאמאָל — איז מיט איין קלאַפּ אויף אונדז געזונקען, אומגליק און פורענות!...

## אַ בלוטיקער ערב פסח

אַוועק זײַנען שוין האַרבסט־מאָנאַטן פון 1941, אויך ווינטער 1942 איז פאַרביי; אָנגערוקט האָט זיך דער פרילינג און אָט איז שוין ערב־פסח און אפשר איין טאָג פריער. געאַרבעט האָב איך יענעם טאָג מיט נאָך אַ יידן — אליהו קאַידאַנאָוו — אויפן הויף פון דער שולע, ביי קלעצער זעגן און צעהאַקן. פלוצלונג — אונטער אַ באַוואָפנטער וואַך פון זשאַנדאַרמעריע — זײַנען אַרײַנגעפירט געוואָרן אין הויף קרוב אַ מנין יידן מיט רידלען אין זייערע הענט. מען האָט זיי אַרײַנגעטריבן אין לאַנגן קאָרידאָר און באַפוילן זיצן און וואַרטן... איינִיקע מינוטן שפּעטער האָט מען מיר מיטן אַרבעט־שותף געהייסן אויך איבערלאָזן די אַרבעט און אַרײַן אין קאָרידאָר. מיר האָבן פאַרשטענדלעך אויסגעפירט דעם באַפעל און ווי אַלע אַנדערע אויפן באַנק זיך אַוועקגעזעצט. ניט ווײסנדיק, וואָס קומט פאָר און אין וואָס האַנדלט זיך זײַנען שוין אַלע פאַרזאָרגט געווען; אַ גרוילהאַפטע שרעק האָט אַלעמען באַהערשט און דורכגעדרונגען. יעדער האָט מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן און איז ווי אײַנגעזונקען אין שטיל־שווײַגן, אין אַ נאָגנדער שטילקייט, וואָס איז געשטערט געוואָרן פון צייט צו צייט, דורכן אַרומגיין פון אונדזערע וועכטער, די זשאַנדאַרן.

וואָס געטראַכט האָבן אַנדערע אין יענע שעהן צי קוואַדראַנסן, ווייס איך ניט און האָב דאַן אויך ניט געוווּסט; מיר אַליין האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלע אַנוועזנדע מיט מיר צוזאַמען געקומען זײַנען — יעדער איינער אויף זײַן איי־גענער לוויה... אין דער געדריקטער נאַקעטער שטילקייט איז פלוצלונג געשען עפּעס: לענגאויס איבערן קאָרידאָר האָט ערגעץ ווו פון איינער אַ טיר, געהערט זיך אַ שטיל אָנקלאַפּן. אַ באַוואָפנטער זשאַנדאַר איז צוגעגאַנגען און אַ טיר געעפנט. צו מײַן גרעסטער שטוינונג, וואָס האָט מיר ווי צום אָרט צוגעשמידט איז אין דער טיר געשטאַנען ר׳ מלכיאל פרצי זקוט״ל (זכר קדוש וטהור לברכה) — אונדזער לעצטער שטעטלשער רב. שטיל אָבער ענערגיש, געטענהט האָט ער עפּעס און זיך באַמיט וואָס מערער אײַנצוהאַלטן זײַנע באַוועגונגען און זשעסטיקולאַציעס. פון מײַן זיץ־אָרט האָט מײַן בליק געכאַפּט צו באַמערקן אויך דער פרוי זײַנער — הינדע די רביצין מיט זייערע דריי קינדער, ווי אויך גיטען, די שוועסטער אירער, וועלכע אויפגעהאַלטן האָט זיך און געלעבט מיט זיי צוזאַמען. דאָס אומעטיק־טרויער שטילשווײַגן פון אַרעסטירטע אין יענעם צימער, האָט אַ סך מער גערעדט און דערציילט פון א שלל ווערטער. נאָך מערער אויפגעטרייסלט האָבן מיר יענע מינוט די קינדער — וועמענס פרעגנדע אויגן געוואָרפן האָבן אומשולדיקע בליקן אַרום און אַרום און גערעדט האָבן מיט אַן אומאויסדריקלעכער אימה. פון ווערטער אויפגעכאַפּטע, וואָס זײַנען צו מײַנע אויערן דערגאַנגען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער רב האָט פאַרלאַנגט ענערגיש און

עקשנותדיק, מען זאָל די קינדער געבן עפּעס צו עסן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט דער זשאַנדאַר פאַרמאַכט די טיר, צוגערופן אַ געוויסן ייִנגל און געשיקט צו ברענגען עסן. ניט לאַנג האָט עס געדויערט, דאָס ייִנגל האָט זיך שנעל צוריקגעקערט און געבראַכט עפּעס אין אַ פאַרדעקטן טעלער.

וויפל צייט איז אַדורך נאָכדעם האָב איך ניט געוווּסט דעמאָלט, ווי איך ווייס עס אויך היינט ניט; דער באַגריף פון צייט איז צעשוווּמען געוואָרן אינגאַנצן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן, אין אַן אומענדלעכער קייט פון בייזע ביטערע פאַרגעפילן און דערוואַרטענישן — וואָס האָבן גאָר ניט אַנדערש ווי בלויז שלעכטס און גרוילהאַפטער אימה געקענט ברענגען אונדז. יעדע מינוט וואָס איז אַדורך, האָט זיך אויסגעוויזן אַן אייביקייט. פון מינוט צו מינוט געפילט האָב איך, אַז אַלעס ווערט פאַרשטיינערט אין מיר, אַפילו זידנדע בלוטן מיינע ווערן פון אַ הייס־קאָכנדער פליסיקייט פאַרגליווערט אין אַ שטייפער מאַסע. אַ שרעקלעכע מורא איז געקראָכן אויף מיר און אַרום; איך האָב בשום אופן ניט געקענט מער אָנווענדן מיינע בליקן צו יענעם צימער... אַ באַקאַנטע שטימע האָט מיר פלוצלונג דערוועקט; אין קאָרידאָר איז אַריין אַ קריסט אַ באַקאַנטער פון פרודניק — אַ גאָר נאָענטער דאָרף צום שטעטל אונדזערס. אַ „בן־בית״ איז דער „ערל״ געווען אין יעדער ייִדישער שטוב ביי אונדז. אַלע קריוויטשער ייִדן אַן אויסנאַם געקענט האָבן אים; ער האָט אַפילו ייִדיש גוט גערעדט. איצטער האָט ער אונדז ווי ניט זעענדיק קיינעם, אַדורך און גלייך איז ער צו צום דייטשן וואַכמייסטער — פרעגנדיק אויף אַ פאַריידישטן דייטש: פאַר וויפל טויטע ברויכט מען גריבער צוצוגרייטן? — אָט אַזוי גאָר, פראָסט און פשוט; — מיין גוף, מיין לייב אינגאַנצן זיינען ווי אַ קריכנדער „מוראַשניק״ געוואָרן... מען דאַרף צום ווידוי זיך גרייטן... איך ווייס ניט צי האָט דער וואַכמייסטער געענטפערט צי ניט, דער פרודניקער קריסט איז אַוועק.

— מען איז נאָך אַלץ ווייטער געזעסן; די שרעק איז געוואַקסן... גאַנץ פלוצלונג — אַ קידער־ווידער, אַ גערודער! ס׳האָט זיך אויפגעפּראַלט מיטאַמאָל יענע טיר און — „ראַוס!״ האָט געהילכט דער באַפעל. איך און מיינע מיטזיצער האָבן גלייך מיט דעם ערשטן בליק דערזען, אונדזער רב ר׳ מלכיאל פּרצי מיט אַלע זיינע בני־משפחה — אַרויסגעפירט אונטער אַ שטרענגער און באַוואָפנטער וואַך. בלויז אייניקע מינוטן זיינען אַדורך — און מער האָבן מיר זיי שוין לעבעדיקערהייט ניט געזען. ביז היינט קען איך מיר ניט אַנטשליסן אויף זיכער: — צי האָבן אונדזערע דערשיטערטע און אויסגעפייניקטע געהירן אויפגעכאַפּט אַזוינס ווי שיסקנאַלן — צי האָבן מיר באמת געהערט גאָר פון ווייט די שיסזאַלפן — געוווּסט אָבער האָבן מיר אַלע אָן שום צווייפל, אַז דער רב מיט אַלע זיינע נאָענטסטע זיינען שוין ניטאָ!..

צוויי טעג בלויז פריער — נעכטן צי אַ טאָג פאַר דעם, געווען זיינען מיר צוזאַמען מיט זיי, אומבאַהאָלפן אויפגעשוידערט פון שרעק — טולענדיק זיך צווישן ביימער אין אַ וועלדל לעבן פרודניק. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט צו, מער ווי אַ ביסל טונקל. כ׳בין פון דער אַרבעט צוריקגעגאַנגען, מיט מאָטל טאַוגער, יהושוע שולמאַן דוכט מיר און נאָך אַ פּאָר יידן, וועלכע כ׳געדענק ניט מער. אומגעקערט האָבן מיר זיך פון לעבן קניאַהינין. אויפן וועג געהערט האָבן מיר שוין, אַז עס איז אין שטעטל ניט רואיק; יידן צעלויפן זיך, מען באַהאַלט זיך און קיינער ווייס ניט גענוי, וואָס עס טוט זיך. אייניקע געזאָגט האָבן, אַז אַ נייע גרופּע ס. א. פון „געסטאַפּאָ" איז אָנגעקומען און מען „טשעפּעט" זיך... אַנדערע — געזען האָבן אַן ס. ס. איינזאַץ־גרופּע און עס טומלט זיך. נעמענדיק זיך אָפּצו־היטן זיינען מיר אַוועק אין דער ריכטונג פון פרודניק. צוקומענדיק צום אויבנ־דערמאָנטן וועלדל, געזען האָבן מיר שוין מענטשן באַהאַלטענע צווישן די ביימער. מיר האָבן זיך דערנענטערט נאָך מערער און געזען האָבן מיר ר׳ מלכיאלן מיט זיין פרוי הינדע און קינדער זייערע, ווי אויך דער שוועגערין פון רב, גיטען. אַלע צינויפגעטוליעט אַזוי, געהאַלטן האָבן זיך צוזאַמען. די פרויען האָבן זיך קוים איינגעהאַלטן ניט אויסצוברעכן מיט אַ געוויין — געפרעגט האָבן מיר:

— „ר׳ מלכיאל ווי קומט איר אַהער? — אַ שטילשוויגן... אַ פאַרשטיקטער פרויען־כליפּען — „ווי גרויס די רשעות פון אַלע זייטן... ניטאָ וואוהין צו לויפן, ווו זיך צו פאַרשטעקן" — האָט דער רב ווי צו זיך אַליין גערעדט — „אין מפלט... און ישועת השם כהרף עין"... ווי פּלוצלונג באַמערקט האָט ער צוערשט מאָטל טאַוגערן צו אים אַ קער געטאָן און געפרעגט: „וואָס טוט מען מאָטל, וואָס וועט דער סוף זיין? וואוהין גייט מען? איר זענט דאָך אַ מענטש באַהאַוונט אין הוויות עולם?"

— „וואָס קען איך אייך שוין זאָגן רבי? וואָס העלפט שוין מיין געניטקייט אין הוויות עולם, אַז אַרום און אַרום אונדז אַ פעסטגעשלאָסענער קלעם?" — האָט טאַוגער געענטפערט — איבעריקנס, האָט איר רבי אַליין פאַרענטפערט שוין אייער פראַגע. אַליין געזאָגט האָט איר: „ישועת השם כהרף עין! האָפן דאַרף מען און גלויבן אַז עס איז אַזוי"...

— „יאָ, יאָ, קינדער... — האָט זיך ר׳ מלכיאל אָפּגערופן — „אויך איצטער אַפילו דאַרפן מיר ניט און טאָרן ניט אויפהערן צו גלויבן אין רצון פון השי"ת — איך ווייס ניט, מיר ווייסן קיינער ניט וועמענס גורל איז לעבן צו בלייבן... זיכער ווייס איך אָבער אַז היטלער וכל דיליה מיט זיין גאַנצער סיטרא אחרא וועלן קריגן די מפלה... איך וועל עס ניט דערלעבן. אַזוי זאָגט מיר מיין הארץ"... גע־ציטערט האָט זיין שטים און אויגן זיינע געפינקלט האָבן נאַסלעך — „הערט זשע קינדער! עס איז ניט אַ פאַרלאַנג בלויז, עס איז אַ שבועה פון טיפן האַרצן;

ווער עס וועט בלייבן לעבן זאָל געדענקען און ניט פאַרגעסן! מען מוז נקמה נע־מען; אָפּרעכענען זיך מיט אונדזערע שונאים!״...

מען האָט געדאַוונט מעריב אין דער שטיל. אַלע אויפגענומען האָבן די „שבועה״. קיינער האָט ניט געוויינט, ניט אַ קרעכץ געגעבן — איך, דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות בין אויסער זיך געווען, באַצויבערט געוואָרן פון גרויסן כוח, וועלכער אַדורכגעשטראָמט פון ר׳ מלכיאלס ווערטער. אַ רב זאָל אַזוי רעדן, אַזוי רופן און צום טאַט מיטרייסן? געדענקען און ניט פאַרגעסן; נקמה!...

יאָ, זיין פאַרגעפיל און קול פון האַרץ זיינען גערעכט געווען — ער און זיין משפחה זיינען שוין ניטאָ, אַ סוף איז שוין אויף זיי געקומען! איז ווו זשע ביסטו אל נקמות?! ווו זיצסטו דאָרט אין דיינע זיבן הימלען און גיסט אַפילו ניט אַ קוק צו אונדז? האָסטו שוין אויף הפקר אונדז געלאָזט? און אפשר קענסטו אונדז אין די אויגן ניט אַריינקוקן, אפשר שעמסטו דיר פאַר קינדער פון דיין פאָלק, פאַר דיינע „אתה בחרתנו?! — איז קום זשע ארויס, אל נקמות ה׳ אל נקמות הופיע! קומסט אָבער ניט אַרויס... וואָס איז די פּעולה פון מיין רופן דיר?

— מיר זיינען אַלץ געזעסן און געוואַרט... רעפלעקסן און זכרונות, בילדער פון פארגאנגענהייט, פון נעכטן ווי אויך פון יאָרנלאַנג האָבן מיר ארומגערינגלט. אַפילו היינט, נאָך אַזוי פיל יאָרן — געדענק איך און זע יענער בייזער שעה און אַלעס, וואָס איז אַדורך פאַר מיינע אויגן. עס האָט זיך ווידער אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן זיין ליכטיקע און האַרציקע געשטאַלט — ווי געזען האָב איך אים לענגאויס זיין לעבנסוועג — פונעם טאָג, ווען ער איז אין שטעטל אָנגעקו־מען און ביז צום טראַגישן סוף. אַ מיטל־וווקסיקער מאַן, אַ הויכער שטערן מיט אויפריכטיקע קלוגע אויגן, וועלכע דרינגען אַדורך יעדן מונטער און פילן אָן מיט אַ צוטרוי און גלויבן. דער זאַבלודאָווער רב, ר׳ אלחנן מירסקי אַ קרוב פון דער רביצין — דער אלמנה פון פאַרשטאָרבענעם רב ר׳ יהושוע הכהן זוט זצ״ל — האָט ניט געשפּאָרט זיין מי און טירחה, ביז געבראַכט האָט ער אין שטעטל זיין חבר און מיטלערנער אין סלאָבאָדקער ישיבה ר׳ מלכיאלן אַלס נייעם רב. און ער מלכיאל פרצי — אַזוי ווי ער הייסט: כשמו כן הוא; — דורכדרינגענד, שטור־מיש! ווי אַ שטורם דורכדרינגענד און דורכגעדרונגען אַלע פּראָבלעמען פון יידיש לעבן אין שטעטל. ער האָט פיל אויפגעטון זיצנדיק אויף זיין כס הרבנות און אַ סך געלייסטעט. ווי גאָר אָן ערלעכער פאַסטעך לייגט אַכט אויף זיינע טשע־רעדעס, אַזוי האָט ר׳ מלכיאל אָנגעפירט מיט קהל־ענינים. אַ גאָר גרויסער עניו, אַ מענטשן־פריינט און אַ מסתפק במועט. אַלס פרוי און לעבנס־שותפטע האָט ער גענומען דער בילד־שיינער הינדען און ביז צו לעצטער טראַגישער שעה, געלעבט האָבן זיי גוט ווי אויך שיין אין זייער צאַרטן און וואַרעמען פאַמיליע־נעסט. ניט איינמאָל פלעג איך יענע צייטן אַ טראַכט טון, אַז דיביידע משפחות,

זוט און פרצי צונויפגעגאָסן אין איין גרויסער משפחה און די בני־משפחה פאַר־וואַנדלט — אין אַקטיוויסטע און טרייסטע אָפּהיטער און טרעגער פון יידישער אינטעגראַלער טראַדיציע און נאַציאָנאַלן געדאַנק — אין אונדזער היימשטעטל. ביים שוואָגער פון ר׳ מלכיאל — נחשון זוט הי״ד — איז שטענדיק געווען צו געפינען אַ העברעאישע צייטונג ווי „הצפירה" אָדער שפּעטערדיקער וואַרשע־ווער טעגלעכער צייטונג „היום". ער איז פיל נאָענט געשטאַנען צו דער יוגנט, צו דער ציוניסטישער יוגנט. איז טאַקע ניט קיין וווּנדער, אַז מען האָט ביי אים אויך געקענט קריגן די פּעריאָדיק פון חלוצישע באַוועגונגען ווי וואַרשעווער „עתיד" — צענטראַל־אָרגאַן פון „החלוץ"־באַוועגונג.

אַזוי זיינען געלאָפן מיינע געדאַנקען טראַכטנדיק: עס האָט ממש געוויטיקט פיזיש ווי אויך מאָראַליש די קלאָרע ניט פאַרניינטע ידיעה, אַז איין אַקט פון אונדזער טראַגעדיע, די טראַגעדיע פון אויסגייענדן יידישן קריוויטש — איז צו ענדע. דאָס שטעטל האָט שוין ניט מער איר לעצטן „מרא דאתרא".. איז עס ניט חלילה דאָס לעצטע „אינטערמעצאָ" פון אונדזער קיום אין היימשטעטל? — די פראַגע איז געבליבן אומגעענטפערט; עס איז מיר ניט פאַרבליבן מער צו פאַרטראַכטן זיך אויף דעם. באַפעלן האָבן זיך שוין „צעדונערט" און געהילכט: „יודען ראַוס!" „זאָפאָרט ראַוס". מיר זיינען אַלע אויפן הויף אַרויסגעלאָפן; מיר האָבן שוין גוט פאַרשטאַנען, צו וואָס האָט מען אונדז פאַרהאַלטן — מיט רידל אין די הענט. דריי פורן זיינען שוין געשטאַנען דאָרט. די זשאַנדאַרן, וואָס האָבן אונדז געהיט האָבן געהייסן נאָכפאָלגן די וועגענער,[2] אויפקלייבן די הרוגים און באַערדיקן זיי אויפן קאַטוילישן „צמענטאַזש" דווקא. מיר זיינען מיטגעגאַנגען, באַגלייט פון אַ שטרענגער שווער־באַוואָפנטער וואַך.

### א „ברודער־קבר" אויף אַ פרעמדן בית־עלמין

לויטן אויבנדערמאָנטן באַפעל, זיינען מיר געשווינד אָנגעקומען אויפן קאַ־טוילישן „צמענטאַזש" — ווו עס זיינען שוין געלעגן קערפּערס פון אַנדערע הרוגים. פון פרודניק האָט מען געבראַכט די טויטן־קערפּערס פון חנה זוט־קאַצאָוויטש — ר׳ מלכיאל פרציס שוועגערין און פרוי פון אונדזער פאַרשטאָר־בענעם ר׳ ישעיהו קאַצאָוויטש ז״ל מיט זייערע פיר קינדער. אַזוי געבראַכט האָט מען פון פרודניק אויך אַ פּאָר טויטן־קערפּערס פון דערשאָסענע קריסטן, וואָס זיינען כלומרשט אויך באַשולדיקט צוזאַמען מיטן רב און חנהן אין צוזאַמענ־אַרבעט און פעסטע פאַרבינדונגען מיט קאָמוניסטן. וואַרשיינלעך האָט ווער

---

[2] ווי אליהו באָטווינניק גיט איבער האָבן די וועגענער געפירט אהרון שולמאַן, הלל שטיינגאָלד און ער אליין.

ניט ווער ענדיקן געוואָלט מיט די צווי פּויערן און אייסגלייכן פּריוואַטע פּערזענ־לעכע חשבונות. אויף אונדזער גורל איז עס אויסגעפאַלן צו מקבר זיין אָט אַלע „געפּערלעכסטע פיינט פון דריטן רייך" אויפן „צמענטאַזש" אין אַן „אינטערנאַ־ציאָנאַלן" ברידער־קבר. אַפילו מיט די געניאַלסטע ווי אויך פּאַרקריפּלסטע פאַנטאַזיעס האָט מען ניט געקענט דערגרייכן צו אָט אַזאַ מין טראַגיש־בלוטיקער גראָטעסק. איז ניט די ווירקלעכקייט שטאַרקער פון יעדער פאַנטאַזיע?

— ווי אָרעם איז מיין פּעדער! צו שוואַך מיין שילדערונגס־קראַפט צו באַ־שרייבן ווי גרויס איז געווען די אינערלעכע דעפּרעסיע, ווי שטאַרק דער אַלגעמיינער צוזאַמענברוך. קיינער האָט ניט געוואָגט אָנצורירן די טויטע אומשולדיקע קרבנות פון יידן און אַנדערע מענטשן, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויפן אוממענטשלעכן וועג. ביז צו מיין לעצטער מינוט פון לעבן, ביזן לעצטן אָטעמצוג קען איך ניט און וועל ניט פאַרגעסן די אָפענע טויטע אויגן פון די קינדער מיט זייערע פרעגנדע בליקן: פאַרוואָס? צוליב וואָס? צו וועלכן צוועק? מיטאָמאָל האָבן זיך צעשריען אייף אונדז אונדזערע וועכטער; ערשט דאַן האָט אויפגע־וואַכט יעדער פון דער פאַרבלעפונג, וואָס האָט אונדז פאַרשלייערט און פאַר־שלונגען. יצחק שקליאַר און איך זיינען צוגעגאַנגען די ערשטע און אָנגעפאַנגען צו שלעפּן די הרוגים און לייגן זיי אין גרוב. אַלע אַנדערע האָבן אונדז נאָכגע־פאָלגט. מיר האָבן זיך באַמיט און אומבאַמערקטערהייט פון אַ פּרעמד אויג ספּעציעל געזאָרגט אַז יידישע הרוגים זאָלן קאָנצענטרירט זיין אין איין זייט פונעם גרוב און אַלע אַנדערע, אינעם צווייטן זייט. ווער ווייס — האָבן מיר פאַר זיך געטראַכט: אפשר וועט נאָך מעגלעך זיין אין בעסערע טעג — אויב מיר וועלן זיי דערלעבן — איבערצופירן אונדזערע קרבנות און ברענגען זיי צו קבר־ישראל. האָבן דען איך און אַלע אַנדערע געקענט איין מינוט אַפילו פאַר־געסן, אַז יידן זיינען מיר און צוליב דעם ווערן מיר שוין דורות לאַנג געשאַכטן און פאַרפּייניקט? געדענקט האָבן מיר עס אַפילו אין מאָמענטן פון גרעסטער זעלבסט־דערנידערונג. רואיק — אונדזערע געמיטער מיט ערד צוגלייך — האָבן מיר אויסגעפירט די טרויעריקע מלאכה. ווידער האָט זיך מיר אויסגע־וויזן, אַז מיר אַלע דעקן צו — יעדער איינער זיין אייגענעם „ברודער־קבר".

אַז די גרויס און טיף געגראָבענע גרוב איז שוין צוגעדעקט געווען מיט אַן אָנגעשאָטענעם באַרג פון ערד, האָב איך גוט געהערט דעם דאָלמעטשער — אַ פּאָליאַק פון סמאָרגאָן — רעדן מיטן זאָנדערפירער פון אונדזער וואַך; געעצהט האָט ער דעם „בעל דבר" אַז עס איז ניט גוט און ניט ווינטשנסווערט, פריילאָזן די אַלע אָנוועזנדע יידן; זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים און מאַכן אַ טומל... עס איז בעסער אַלעמען צו דערשיסן! דער זאָנדערפירער האָט אָבער פאַרניינט, אָפּגע־וואָרפן זיין פאַרשלאָג און געהייסן אונדז גיין אַהיים — געבנדיק יעדן, עטלעכע

סיגאַרעטן מען האָט אונדז געאָרדנט צו צווייוויז און איין געהילפס־פּאָליציאַנט האָט אונדז באַגלייט. אויפן וועג צום שטעטל האָט אַן עלטערער „שטורעמבאַנ־פירער", וואָס איז אָנגעפאָרן אַנטקעגן, אונדז אָפּגעהאַלטן פרעגנדיק — ווו מיר גייען? אויפן ענטפער אונדזערן, אַז מיר קערן צוריק פונעם „צמענטאַזש" ווו מיר באַערדיקט האָבן דעם רב און זיין פאַמיליע מיט אַלע אַנדערע, האָט ער פריידיק באַפוילן פאַרזעצן אונדזער וועג... מיר אַלע דאַקעגן זיינען טרויעריק און פאַרפינצטערט אַהיים געקומען. די דייטשן מיט זייערע לאָקאַלע און אויסערלעכע



הינדע די פרוי פון הרב מלכיאל פרצי מיט זייערע קינדער: יהושע, מאיר און חיים

ראַטגעבער, האָבן זיך אָבער מיט דעם נאָכניט באַגנוגנט... נאָך צו ווייניק טרערן און בלוט... צו ווייניק נאָך מאָרד און רציחה! אין דער זעלבער נאַכט, זיינען אָן קיין שום משפט דערמאָרדעט געוואָרן חאַרנאַס — אַ קורעניצער ייד, פאָטער פון שטעטלשן קירזשנער אברהם חארנאס ווי אויך אינזשיניער לעווין מיט זיין פרוי און קינד — פליטים פון מאָלאָדעטשנע.

### י"א אייר תש"ב — גרויסע מאסן־שחיטה

די אויבנגעשילדערטע לעצטע געשעענישן האָבן באַדייטנד קלאָר געמאַכט די צוקונפט־פּערספּעקטיוו און גורל פון אַלע פאַרבליבענע יידן אין קריוויטש. אַ טייל יוגנטלעכע האָבן געגומען זוכן וועגן צום אַנטלויפן און פאַרבינדן זיך מיט מער ווייטערע וועלדער אַרום דאָלהינעוו און ווייטער — ווו צו יענער צייט זיינען שוין אָרגאַניזירט געווען און טעטיק אייניקע פּאַרטיזאַנער־גרופּן — וואָס שפּעטער נאָך אַ גאָר קורצן צייט־אָפּשניט, זיינען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַר־צווייגטער מאַסן־באַוועגונג פון ברייטן מאַשטאַב. אָבער, פון אויספּלאַנעווען דעם געדאַנק ביז דער אויספירונג און פאַרווירקלעכונג — איז גאָר אַ ווייטער מהלך.

ניט גאָר לייכט איז אָנגעקומען דאָס אַנטלויפן; היטן זיך האָט מען באַדאַרפט פון היגע „גוטע ברידער”, מערער ווי פון דייטשן און דאָס איז געווען זייער שווער...

דער אחריות־געפיל פאַר די עלטערן און שוועסטער־ברידער אָדער צוגע־בונדנקייט צו דער פרוי און קינדער האָט שטאַרק געהאַמעוועט יעדע פּלאַנירונג אין דער ריכטונג. מאַנכע האָבן באַשלאָסן גיין אויף דעם וועג, נאָר ווען עס וועט קלאָר ווערן אָן שום צווייפל שוין אַז — כלו כל הקצין — עס איז שוין מער קיין אַנדער אויסוועג... אַנדערע ווידער, האָבן זיך אַנטשלאָסן צו בלייבן מיטן כלל און ניט לאָזן אויף הפקר זייערע נאָענטסטע און טייערסטע. דערווייל איז גאָרניט געטון געוואָרן כדי צו אַנטלויפן — דער עיקר וועג און כמעט אויך דער איינציקער וועג זיך צו ראַטעווען. מען האָט געזוכט אַנדערע פּאַליאַטיווע וועגן; מען האָט געבויט „מאַלינעס” אין קעלערן פון הייזער, „בונקערס” אויף בוידעמער און פאַרשיידענע אנדערע באהעלטענישן אין „קאָטוכן” אונטער אויוונס — וואָס אין טריוערדיקער ווירקלעכקייט האָבן זיי זיך ארויסגעוויזן אומזיכער; די מערהייט פון די דאָזיקע באַהעלטענישן זיינען גאָר לייכט און שנעל אנטדעקט געוואָרן. צוגעהאָלפן האָבן דאָ זייער פיל די „גוטע שכנים”. מיט דעם פאַקט ווערט אויך פאַרשטענדלעך און קלאָר — פאַרוואָס זיינען מיר אַזוי ווייניק געבליבן...

פּסח־טעג האָבן יידן אין שטעטל דורכגעמאַכט אין גאָר שלעכטן געמיט און אונטער אַ טיף געפּרעסטער שטימונג; עס האָבן זיך שוין ווידער געטראָגן אין דער לופט ריטמען און טאַקטן פון מלאך המוות־פליגלען... פאַר אַלע איז שוין קלאָר געוואָרן, ווי גרויס און גאָר נאָענט איז די געפאַר; דאָך האָט דערווייל ניט גערירט זיך קיינער... מען האָט נאָך געאָטעמט „חיי שעה”. עס זיינען שוין געווען ידיעות וואָס מערער — איינע גורל־אימהדיקער פון דער אַנדערער — שחיטות אין „בויד” און דאלהינעוו, גאָר נאָענט צו אונדז; שחיטות גרויזאַמע אין מאָלאָדעטשנע און ווילייקע; אַ גאָר שרעקלעכע הריגה אין איליע... גרויס־אַקציעס קעגן יידן אין ווילנע... אין קריוויטש זיינען אָנגעקומען דערווייל פון ווילייקע, זאָנדערגרופּן פון ס. ס. — די זעלבע קאָמאנדן, וואָס האָבן אויסגעפירט טויט־אַקציעס אַרום אונדז — לויטן באַפעל פון מינסקער ס. ס. גענעראַל קובע.

— אָט אַזוי און אַזוי, האָבן יידן אין שטעטל ווידער פאַרשפּעטיקט יעדן טערמין, זיך צו ראַטעווען און אַנטרינען דער לעבנסגעפאַר. אַלע „חלשות־טרייסטן” און אילוזיעס האָבן זיך ביטער פאַרענדיקט; קריוויטשער יידן זיינען געשטעלט געוואָרן אויג אויף אויג מיטן אומפאַרמיידלעכן טויט. אַ טאָג צוויי פריער האָבן זיך קלאַנגען פאַרשפּרייט, אַז יידן ווערן גערופן צושטיין צום „אָבאָז”... שוין איז עס געוואָרן אַן אמת־ביטערע בלוטיקע ווירקלעכקייט. דער זאָנדער־קאָמענדאַנט פינעם שטעטל האָט עס געפאָדערט פון „יודנראַט”: — יידן

מוזן צוגעשטעלט ווערן צו דעם צוועק אין אַ גאָר באַדייטנדער צאָל. די מיטגלידער פונעם „יודנראַט״ האָבן קלאָר געוווּסט, וואָס דאָס באַדייט; ניט וועלנדיק אַרויפלייגן די דאָזיקע שיקזאַלהאַפטע פליכט אויף קיינעם, האָבן זיי אַליין פרייוויליק זיך געמאָלדן צו גיין, מיינענדיק מיט זייער אייגענעם פערזענלעכן ביישפיל מיטצורייסן נאָך אַנדערע — פון אייגענער איניציאַטיוו. זיי זיינען אַוועק... קיינער האָט זיך ניט געמאָלדן, קיינער איז ניט מיטגעגאַנגען... אַזוי זיינען זיי אַוועק אויף אַ וועג וואָס פירט ניט צוריק. אַזוי זיינען שטאָלצע יידן און גאָר ווירדיק־בראַווע מענטשן געגאַנגען צו דער עקדה... זייער טאַט האָט ניט אָפּגעהאַלטן און ניט אויסגעמיטן דער אָנקומענדיקער גרויזאַמער שחיטה. זייער קרבן איז געווען אומזיסט... אויך היינט אָבער, נאָך אַזוי פיל יאָרן, קען איך ניט אדורך און אריבער צום איצטיקן סדר היום — ניט אויסדריקנדיק מיין גרויסער און ווערטער יראת הכבוד, וועלכע נעמט מיר אַרום דערמאָנענדיק זייער געוואַגטן שריט. פולשטענדיקן כבוד זייער אָנדענק! שטאָלץ און באַערט זאָלן זיי בלייבן אין אונדזער זכרון! זאָל מיין איצטיקער גאָר פאַרשפּעטיקטער יזכור, פאַר כלאַוונע שטיינגאָלד, אליעזר באָטווינניק, לייבע זילבערגלייט, דוד קאָפּעלאָוויטש און אַנדערע — זכרון קדושים וטהורים לברכה — פאַרשריבן ווערן אויף די שפּאַלטן פון אונדזער „נר־תמיד״ — כאָטש עס איז אַ גאָר פאַרשפּעטיקטער „יזכור־בוך״. זאָל עס ווערן אַ ווירדיקע באַערונג פאַר זייער מאַרטירערישער און העראָישער אָפּפערווויליקייט ביים לעבן אונטער נאַצישן קלעם און אויך פאַר זייער לעצטן שריט — ראַטעווען מענטשלעכע לעבנס. פאַרמיידן טויט און הריגה האָבן זיי זיך פאַרמאָסטן אין אַלע אומשטאַנדן און באַדינגונגען.

— י״א אייר תש״ב — 28־סטן אַפּריל 1942. דער ביטערער און פינצטערער דינסטיק! יידן אין שטעטל האָבן נאָך ניט באַוויזן צו פילן ווי שווער און וואָגיק איז דער אַוועקגיין פון „יודנראַט״, אין דער נאַכט אָדער גאָר פרי. זיי האָבן עס פשוט נאָך ניט באַטראַכט; און שוין אין דער זעלבער שעה האָבן אין יעדער טיר געקלאַפּט שטורעמדיק דער בלוטיקער קאַטאַקליזם, די שרעקלעך־גרויליקהאַפטע פורענות.

דייטשן ס. ס.־מענער, ווייסרוסן און פּאָליאַקן פון געהילפס־פּאָליציי — מאָביליזירט און אויפגערופן פון אַרום — מיט אַקטיווער הילף פון אָרטיקע קריסטן זיינען פון שטוב צו שטוב געגאַנגען און אַרויסגעפירט אַלע; מענער און פרויען, קינדער און עופעלעך, יונג און אַלט. ווער עס האָט ניט אַזוי שנעל און איילִיק אויסגעפירט דעם באַפעל און ניט אַרויס — איז אויפן זעלבן אָרט, שטייענדיק, זיצנדיק אָדער ליגנדיק אין בעט אַפילו — דערשאָסן געוואָרן. ווער נאָר עס האָט געפּרוּווט צו אַנטלויפן האָט די קויל אים געטראָפן אויפן הויף אָדער אין גאַס. דערהערנדיק פון ווייטן שוין געטומל און שיסעריי האָב איך פאַרשטאַנען,

אַז מיט אונדז שטייט עס זייער שלעכט, עס קאָן גאָרניט ערגער זיין. כ׳האָב באוואָרנט מיינע שטוביקע און מיר זיינען אַלע אריינגעקראָכן אין „קאטוך״ — אונדזער באַהעלטעניש אונטערן איוון — ווו פריער נאָך האָבן מיר צוגעגרייט אַ ברייטן רוים, כדי דאָרט אַריינצוקריכן און ליגן בלייבן — דורכן אַרויסנעמען די קאַכל און פאַרשטעלנדיק, גוט ווי אויך אַזוי פאַרמאַסקירט, עס זאָל חלילה פון דרויסן ניט קענטיק זיין פאַר קיינעמס אויג, אַז עס איז אַ באַהעלטעניש פאַר עמעצן. פון צווייטן זייט איז מעגלעך געווען דורכצוקריכן און אַרויס פון אונטערן „פּאָל״ אין מיין שוואָגערס (מענדל ראַבינאָוויטשעס) קראָם. מיין טאָכטער און זון ווי אויך איך און מיין שוואָגער מענדל מיט ביידע טעכטער זיינען אַראָפּ אין „מאַלינע״, ביידע ווייבער, אסתר מענדלס פרוי און מיין ווייב חנה האָבן זיך אויף דער בוידעם-שאַלקע אויסבאַהאַלטן.

אַ מעת לעת אַ גאַנצן, טאָג און נאַכט האָבן מיר דאָרט אָפּגעזעסן. אין פאַרלויף פון לאַנג-לאַנגע שעהן האָבן זיך איבער אונדז פון אויבן געטראָגן טופּערייען פון פיס געשטיוולטע, קלאַפּעריי אין טירן פאַרהאַקטע; זידלערייען, געשרייען, קללות און שאָדנפרייד-געלעכטער. מיר האָבן געהערט און אויפגעכאַפּט אומבאַהאָלפענע קוויטשערייען און הילף-רופן; געוויין פון קינדער, רעזיגנירטע שטימען פון מענער, שיסערייען, וועלכע זיינען לאַנג לאַנג ניט געשטילט געוואָרן... און מיר — מיט אויפגעריסענע צערונענע נשמות זיינען געבליבן באַהאַלטן — איינגעקורטשעט האַלב זיצנדיק, האַלב ליגנדיק.

צו נאַכט איז אַלץ שטיל געוואָרן... אַלץ אַרום האָט שטום געאָטעמט מיט פאַריתומטער איינזאַמקייט, מיט קאַלטער טעמפּער טויט-שטילקייט, וואָס פאַרפרירט האָט די גלידער אונדזערע — יעדן איינעם באַזונדער. דערווייל איז שוין אויך די נאַכט אַוועק און גאַנץ פרי — אויף מאָרגן נאָך דער שחיטה — זיינען מיר אויפפאַסנד יעדן שאָרך, בגניבה פון אונדזער מויזן-לאָך אַרויסגעקראָכן. כ׳האָב מיר אַרומגעקוקט און דערזען איינעם אַ יידן, שמערל אויפן נאָמען, אַרומגערינגלט פון אַ גרויסער מענגע קריסטן, וואָס האָבן אים מוראדיק געשלאָגן מכות-רצח ווי עס האָט מיר אויסגעוויזן, האָט ער זיך צו פרי אויפן גאַס געאיילט... עס האָט ווידער ניט לאַנג געדויערט און עס זיינען אָנגעקומען ס. ס.-לייט מיט געהילף-פּאָליציי, וואָס האָבן אויפגעפּאָדערט אַלע לעבן-געבליבענע יידן אַרויסצוקריכן פון זייערע באַהעלטענישן; נעמען מיט זיך רידלען און אַנדערע אַרבעטס-כלים צום גראָבן; אויפן וויהאַן גיין און באַגראָבן אַלע הרוגים. דער היגער קאָמענדאַנט פון ס. ס. זאָנדער-גרופּן האָט פייערלעך געמאָלדן, אַז אַלע פאַרבליבענע יידן זיינען ווירטשאַפטלעך נויטיק פאַרן רייך און מער וועלן שוין קיין אַקציעס ניט פאָרקומען... אמת זאָגנדיק האָב איך ניט געגלויבט און ניט אינגאַנצן זיכער געווען, צי וועל איך נאָך צוריקקומען. איז דען אַ ברירה

געבליבן? איז עס מעגלעך געווען זיך קעגנצושטעלן? און ווו איז מיין געוויסן אַלס ייד און מענטש? אַפילו אין בייזע מינוטן יענע געטראַכט האָב איך אַזוי: ווען איך ווייס אַפילו, אַז באַגראָבן די הרוגים, איז מיין לעצטער שריט און טאַט ביים לעבן, בעסער איז דעם טויט אַנטקעגנקומען דאָרט, דערפילנדיק די פליכט, וואָס אויף דער וועלט עקזיסטירט ניט מער קיין הייליקערע ווי אַ „חסד של אמת" אָפּצוטאָן אַלע געשאָכטענע שוועסטער און ברידער — ווי ניט פאָלגן, אויסדרייען זיך ווי אויך ניט גיין און דערשאָסן ווערן, בלייבנדיק ליגן טויט אויפן אָרט.

אויפן וועג שוין גייענדיק־דורכשמועסנדיק מיט אַנדערע יידן, וועלכע זיינען אויך ווי איך באַהאַלטן געווען, אויסהערנדיק נאָכדעם בעיקר וואָס דערציילט האָט אַנטאָן דער שמיד, אַן ערלעכער קריסט אַ שטעטלשער, ווי אויך אַן אויפ־ריכטיקער מענטש — זיינען מיר קלאָר געוואָרן ביסלעכוויז איינצלהייטן און פּרטי פּרטים פון גרוילהאפטן מאסן־מאָרד. ווען אפילו אלץ, וואָס איך האָב געהערט פון אים, איז בלויז עדות־שמיעה, וואָס איך האָב געהערט נאָר און מיט מיינע אויגן ניט געזען — האַלט איך עס דאָך פאַר מיין דרינגענדער פליכט און הייליקן חוב צו דערציילן, כדי לעבן־געבליבענע קריוויטשער יידן בכל אתר ואתר, אין גאָר דער וועלט, זאָלן געדענקען איבערצוגעבן זייערע קינדער און קינדס־קינדער, ביז צום לעצטן קריוויטשער אויף דער וועלט — וואָס האָבן געטאָן מיט אונדז דער נייער „עמלק" מיט זיינע סאַטעליטן.

## אַן עדות פון אַ קריסט

— אזוי דערציילט האָט אנטאָן דער שמיד: ווי אלע טאָג איז ער אויך דעם דינסטיק געשטאַנען ביים שמידן־וואַרשטאַט און געאַרבעט. דער וואַרשטאַט מיט זיין דירה געפינען זיך אויפן וויהאַן, אַ 200—300 מעטער ווייט פון דער „קוט־לאָנקע" מיטן טרויער באַוווסטן „שפּייכלער". ליידנדיק פון אַ כראָנישן אַסטמאַ־טישן בראָנכיט מיט הוסטן־אָנגריפן, פלעגט ער אַרויס פון צייט צו צייט פון דער אָנגעגליטער קוזשניע — אַ ביסל פרישער לופט איינאָטעמען, כדי ווייטער צו קענען אַרבעטן, ער מוז דאָך אויך פאַרדינען זיין פּרנסה. אַזוי אַלע טאָג, אזוי אויך דעם דינסטיק. עס איז נאָך פאַרהעלטנישמעסיק פרי געווען, ווען עס האָט אים גענומען שטיקן און אָנגעפאַנגען האָט ער צו הוסטן געדיכט און שטאַרק. ער איז אַרויס אויפן הויף אָנגעשפּאַרט זיך אָן פּלויט און געשטאַנען אַ ביסל קוקנדיק גלייך אויפן וויהאַן־טאָל. פּלוצלונג האָט וואָס געוועקט זיין אויפמערקזאַמקייט: קוקנדיק אין דער ווייט, געמיינט האָט ער צו זען אַ נעבל־באַרג, וואָס הויבט זיך פון באָדן און ווערט אַלץ גרעסער. ניט ווייסנדיק גאָרניט, איז ער שטיין געבליבן ווייטער, קוקנדיק מיט אינטערעס וואָס קען עס זיין. נאָך אַ לענגלעכער ווילע איז אים קלאָר געוואָרן, אַז פיל גייענדע פיס האָבן דעם קורזש פונעם וועג

אויפגעהויבן. באַלד האָט ער שוין אויפגעכאַפּט קולות און דעם פּיס־טופּען פון אַ גייענדער מאַסע. אַ דורכגייענדער האָט אים דערציילט, אַז מען האָט אַלע יידן פונעם שטעטל קאָנצענטרירט שוין אין קלויסטער־גאָרטן פון די פּיאַרן און פירן וועט מען זיי שפּעטער אויפן וויהאַן... מען האַלט זיי דאָרט שוין אַ פּאָר שעה, ביז מען וועט אויך אַלע אויסבאהאַלטענע אַהין ברענגען. דער קריסט איז אַוועק און אַנטאָן איז געבליבן מיט דער פראַגע: צו וואָס אויפן וויהאַן פירן?

— ניט לאַנג האָט עס געדויערט און זיך אויג האָט שוין אויפגעכאַפּט פון דער וויטן גאַנץ קלאָר ווי אַ מענטשן־מאַסע ווערט געפירט פּירוויז, פּירוויז; גע־הערט האָט ער שוין יאָמער און געוויינען, בעטנדע קולות, זידלערייען און גע־שרייען, געקנאַלן פון רימען אין דער לופט ווי אויך אַ פּאָר שיסקנאַלן פון רעוואָלווערן. עס האָט ניט געהאָלפן גאָרניט... אַלע אַן אויסנאַם געמוזט האָבן מיטגיין. ווער עס האָט זיך פאַרהאַלטן עטוואָס, איז געשלאָגן געוואָרן מיט ביקסן־קאָלבעס, געשמיסן מיט נאַהייקעס און געבריקעט געוואָרן מיט די פיס אין הינ־טערשטע קערפּער־טיילן — ניט אַכטנדיק, צי זיינען זיי געווען פרויען אָדער קינדער, צי אַלטע לייט. אַזוי האָט ער שוין געזען און דערקענט אויך פון וויטן גאַנצע יידישע הויזגעזינטן (וועלכע ער האָט גוט געקענט) געטריבן און געיאָגט פון דייטשע ס. ס. לייט, פון געהילף־פּאָליציי און סתם קריסטן היגע און אַנגע־פּאָרענע — מיט שיינענדע פּנימער לויכטנדע פון שאַדנפרייד צופרידענע. ניט ווי־סנדיק ווי און וואָס האָט ער זיך מיט אַ געקרענקט האַרץ אַ פּאָר מאָל געצלמט שעפּטשענדיק: באָזשע מאָי באָזשע! — גאָט מיין!... אַ שווערער פאַרגעפיל האָט אים גענאָגט; געפילט האָט ער שוין וואָס וועט געטאָן ווערן דאָ, ניט וויט פון זיך שטוב.

ס. ס.־לייט און געהילף־פּאָליציי האָבן אָפּגעשטעלט ערשטע רייען פון דער געטריבענער מענטשן־מאַסע, ביים אַלטן פאַרלאָזטן און האַלב־צעפאַלענעם שייער אָדער שפּייכלער — קנאַפּע 300 מעטער פונעם אָרט, ווו געשטאַנען איז ער אַנטאָן. ער האָט שוין מער פונעם אָרט ניט געקענט רירן און אָפּווענדן זיך. גע־פּלעפט, מיט אויגן קאָנצענטרירט אויף איין פונקט געקוקט האָט ער און אַלץ צוגעזען, געהערט האָט ער אויסרופן דורך מעגאַפאָנען און „לאוטשפּרעכער” און ניט פאַרשטאַנען צוליבן טומל און וויטעניש. געזען האָט ער אויך ווי אַלע צונויפגע־טריבענע האָבן זייערע זאַכן געלייגט אויף איין אָרט. ביסלעכווייז האָבן זיך שוין זיינע אויערן צוגעוויינט אויפצוכאַפּן מעגאַפאָן־אויפרופן — כאָטש ניט אַזוי קלאָר און ניט אַלעס. געהערט האָט ער נעמלעך אַ פּאָר מאָל דאָס וואָרט: „אויס־טון זיך שנעל!” וואָס איז אויסגעשריען געוואָרן אויף דייטש, פּויליש און ווייס־רוסיש — און אַנטאָן (ווי ער דערציילט), האָט עס אויפגענומען און פאַרשטאַנען

אלס אַ געגעבענעם באַפעל. ווי עס האָט זיך אים אויסגעוויזן פון אויפגעכאַפּטע אויסרופן און באַפעלן פאַרשטאַנען האָט ער, אַז אַלע אָן אויסנאַם — מענער און פרויען, יוגנטלעכע, יינגלעך און מיידלעך ווי אויך קינדער זאָלן אויסטון זייערע אויבערשטע בגדים און בלייבן אין אונטערוועש בלויז... ער האָט עס אויך געזען באַלד: א טייל האָבן אויסגעפירט דעם באַפעל; אַנדערע געוואַקלט האָבן זיך און געקווענקלט — מיידלעך איבערהויפּט און פרויען. די אַלע זיינען מורא־דיק געשלאָגן געוואָרן. די בעסטיאַלישע מערדערלעכע הענקער־אָרדע האָט זיך געוואָרפן אויף דער אומשולדיקער יידן־מאַסע... געסוויסטשעט האָבן נאַהייקעס, ביקסן־קאָלבעס און גומענע שטעקן אויף אַנטבלויזטע לייבער — אין ליכט פון העלער ניט פאַרטונקלטער און ניט פאַרהילטער זון. געשרייען און קוויטשערייען פון דערשראָקענע קינדער, יללות פון קליינוואַרג, פון ביז צו חלשות פאַרפייניקטע מיידלעך און פרויען האָבן הימלען אויפגעריסן... מען האָט אויך מיטאַמאָל אָנגע־הויבן צו שיסן... געשטופּט האָט מען שוין און געשטויסן אַלעמען, אין שייער — אינצווישן שיסעריי פון אַלע „כלים”. ווי אָנגעפאַנגען די שיסעריי האָט אַזוי איז זי אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן, כאָטש שטופּן און דרענגען דער מאַסע שלאָגנדיק אַלעמען — האָט ניט אויפגעהערט אויף אַ מינוט אַפילו.

ווי דערציילט האָט אנטאָן, איז עס אומפאַרשטענדלעך געווען פאַר אים; ניט געוווּסט האָט ער פאַרוואָס די שיסעריי איז מיטאַמאָל איבערגעריסן געוואָרן... ניט רירנדיק זיך פונעם אָרט איז אים באַלד אַלעס קלאָר געוואָרן (ווי איבער־געגעבן האָט ער). ניט אויפהערנדיק צו באַאָבאַכטן, ניט דורכלאָזנדיק קיין זאַך זאָל דורכגיין אומגעזען פון זיינע אויגן האָט ער אויך דערזען, עטלעכע יידישע יונגע מענער אַרויפגיין אויף אַ לאַסט־אויטאָ — באַגלייט פון אַ באַוואָפנטער וואַך, זיי זאָלן ניט אַנטלויפן. דער אויטאָ האָט שנעל גערוקט אין דער ריכטונג פון דער נאָענטער באַזע. געקענט האָט ער זיי בלויז פון זען. צוויי פון זיי קצבים — אייגנטימער פון יאַטקעס. ניט מער ווי אַ האַלבע שעה איז אַוועק און שוין געזען האָט ער זיי צוריק קומען מיט דער וואַך. פון אויטאָ האָבן זיי אַראָפּגענומען אייניקע פעסלעך און דאַן זיינען זיי מיט געשרייען און קלעפּ, אַראָפּ־געטריבן געוואָרן פון דער לאַסט־מאַשין מיטן באַפעל אויסצוטון זיך. פריער האָבן זיי ווי גלייכגילטיק אויסגעהערט דעם באַפעל און אָנגעהויבן עס טון; אָבער אַז די בלוטדורשטיקע רוצחים גענומען האָבן צעפּליקן און רייסן פון זיי די זאַכן מיט קלעפּ און געשרייען, האָבן זיי צו שפּעט פאַרשטאַנען — וואָס ווערט פאַר־לאַנגט פון זיי און וואָס זיי דערוואַרט אין לויפנדע מינוטן.... זיי האָבן זיך מיטן גאַנצן כוח זייערן קעגנגעשטעלט. איינעם פון זיי — אַ הויכן ברייטביייניקן, פעסט־געבויטן און געזונטן מאַן, האָט אַנטאָן געזען — ווי ער מיט זיינע פויסטן גע־שלאָגן האָט וועלנדיק אַרויסרייסן ביי איינעם פון די רוצחים זיין אויטאָמאַט

און אָפּנעמען אַ וואָס מער העכערן פּרייז פאַר זיין לעבן... די רוצחים האָבן גובר געווען. איינער פון זיי האָט אים דערשאָסן.

—ענדלעך זיינען שוין אַלע אַריינגעשטופּט געוואָרן אין שייער; שיסערייען האָבן זיך ווידער באַנייט; אַלע קאָנצענטרירטע יידן אויפן פּלאַץ — אויך די נאָר וואָס צוריקגעקומענע קצבים זיינען שוין אַריינגעשפּאַרט געוואָרן אינעווייניק. ס. ס.־לייט און געהילף־פּאָליציאַנטן האָבן פאַרהאַקט די טירן אין פענצטער און צעשטעלט אַרום זיי תליינים באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטן. אַנדערע באַגאָסן האָבן דעם שייער פון אויבן ביז אראָפּ מיט בענזין... דאָס פייער האָט זיך פּלוצים צעפלאַקערט פון אַלע זייטן... געשרייען פון פּיין, קרעכצן פון געווייטיקטע פאַרברענטע לייבער האָבן זיך הילכיק געטראָגן אין דער ווייט... פאַרשפּאַרטע אינעווייניק האָבן זיך געריסן צו טירן פאַרהאַקטע און פאַרריגלטע פענצטער — פאַרזוכנדיק אומזיסט צו אַנטרינען פון שטיקנדן רויך אין זיך אַרויסרייסן פון ברענענדן פייער, אָבער דאָ האָבן ביקסן־קוילן אין אויטאָמאטן פון די צעשטעלטע מערדער געשניטן לינקס און רעכטס...

אָט אַזוי דערציילט האָט אַ קריסט מיט פּאַרדרוס אין קימער; לויט ווי אַנדערע באַהויפּטן, סיי יידן, סיי קריסטן דאָרפישע (וואָס זיינען מער פריינטלעכע געווען ווי שטאָטישע) ווייזן זיך אַרויס אַ סך פּרטים פון אנטאָנס דערציילונג אַלס אמת. נאָר אויב אַפילו ניט אַלע פּרטים קלינגען אייטענטיש אין פאַקטאָגראַפיש, איז קלאָר און דייטלעך ווי גרוילהאַפט, טראַגיש און שרעקלעך־אימהדיק איז געווען און בלייבט פאַר אונדז י״א אייר תש״ב! 350 יידן קדושים, אומשולדיקע, זיינען אומגעקומען אין שוואַרץ־פינצטערן טאָג! זאָלן קריוויטשער יידן געבליבענע אין ישראל און אין גאָר דער פּעלט אָפּהיטן זייער זכרון מיט הייליקן ציטער אין ערן רעספּעקטפול! זאָל דאָס יידישע פאָלק און זיין גאָט אויך אונדזערע קדושים — יידן איינפאַכע און פּשוטע אייף אייביק געדענקען און ניט פאַרגעסן. ווי אַלע יידן אומעטום האָבן אויך אונדזערע אומגעקומענע מיט נאַאיווען גלויבן געהאָלפן שפּינען די אייביקע גאָלדענע קייט פון יידישן קיום — פיזיש אין גייסטיק.

### באַערדיקונג פון די קדושים

— א מין אומנאַטירלעכער כוח, אַ פאַרבאָרגענע קראַפט האָט אונדז יענעם טאָג געטראָגן; פיס אונדזערע זיינען אויטאָמאַטיש געגאַנגען; און אַזוי שנעל גייענדיק, געשטיקט ווערנדיק פון אינערלעכן געוויין מיט אונדזערע „קלאַפּער־געצייג”, די רידל אין האַנט, זיינען מיר ענדלעך צום הריגה־פּלאַץ, אויפן וויהאַן אָנגעקומען. די ערד דאָרט ווי שטענדיק זומפּיק אין ווייך, מה דאָך, אַז עס איז נאָך פול געווען צעטאָפּעוועט שניי מיט בלאָטעס סטאַגנירטע אויסגעמישט. שווער וואָלט עס אָנגעקומען צו גראָבן אין רויטן ליימבאָדן, וואָס זאַפּט דאָס וואַסער

ניט איין און לאָזט עס בלייבן אין אויבערפלעכלעכע שיכטן בלויז; עס איז אַפילו ניט מעגלעך געווען צו טרעטן לייכט אויף דער נאַסער ליימיקער ערד. מען האָט יעדער מינוט אַרויסשלעפּן געמוזט די פאַרזונקענע פיס, אָפּט אָן די שיך, וועלכע מען האָט געמוזט באַזונדער ארויסרייסן פון דער בלאָטע. צום מיס־גליקלעכן „גוטן" מזל איז געווען שוין אַ גרוב אַ נאַטירלעכע. מיט גרויס מי איז אונדז געלונגען אויפצוקלייבן די איינגעקורטשעט־פאַרקרימטע און פאַר־קריפּלטע טויטן־קערפּער, אין אַלערליי קאָנוווּלסיעס פאַרגליווערט, מיט פייער פאַרברענטע, דורכן רויך דערשטיקטע און דערוואָרגענע, צעשלאָגענע און צע־ריסענע קערפּערס. מיר האָבן אַלץ אין היילִיקן ציטער און מורא געלייגט אין דער נאַטירלעכער טיפער גרוב, פאַרדעקט מיט אַ הויכן אָנגעשאָטענעם באַרג פון אָנגעשאַרטן ליים־באָדן. מיר האָבן דאַן אונדזער קדיש־יתום אָפּגעזאָגט נאָך טויטע און לעבעדיקע מיטאַנאַנדער...

נאָכן באַגראָבן די הרוגים און אויפשטעלן „דעם קבר" ווי אויבנדערמאָנט אויפן הריגה־פעלד, האָבן די ס. ס.־לייט באַפוילן אונדז צו גיין אויפן יידישן בית־עלמין. אַהין — לויט דער פאַראָרדענונג זיינען געבראַכט געוואָרן דורך קריסטן אויף זייערע וועגענער, אַלע אויפגעקליבענע טויטן־קערפּערס — וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן אין די הייזער, הויפן און אין די גאַסן. אויך דאָ גע־גראָבן האָבן מיר אַ ברודער־קבר; אויך דאָ האָבן מיר אָפּגעטאָן אַ „חסד של אמת" און נאָכן קדיש זאָגן שטיין געבליבן איינזאַם און פאַריתומט אין אומעט־לאַנד, אין טרויער פאַרוויקלט און פאַרדעקט. ס'האָט זיך ממש פונעם אָרט רירן ניט געוואָלט... נחשון בלויז — נחשון בן הרב, דער זון פון ר' יהושע הכהן זוט ז"ל — איז געווען דער, וואָס האָט אונדז אויפגערופן און אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז עס איז אַ חוב מען זאָל גיין פאַרריכטן דעם ברודער־קבר פון רב און איבעריקע קרבנות אויפן „צמענטאַזש"· אויך אַהין זיינען מיר אַוועק און צורעכט געמאַכט, וואָס ווינטן און רעגנס ווי אויך העסלעכע און בייזוויליקע מענטשן־פיס האָבן פוגם געווען...

צוזאַמענגעבראָכן פון טרויער און פאַרווייקט אין טרערן האָב איך דאָרט ווידער באַטראַכט נחשונען; ער איז געשטאַנען אין שטיל גערופן: „אַ ווו האָסט דו זיך באַהאַלטן אל־נקמות? קום שוין אַרויס, אל־נקמות הופיע!" און ווו איז טאקע אל־נקמות? געוווּסט האָבן מיר אַלע גוט: ניט צו גאָט וואָס געשוויגן האָט און שווייגט האָט ער גערופן ניט צו קאַלטע שטום געוואָרענע בלייענע הימלען; צו אונדז לעבעדיקע־טויטע האָט ער זיינע ווערטער אָנגעווענדעט. אַפּעלירט האָט ער און גערופן צו דערפילן נאָך אַ הייליקן חוב. באַשוואָרן האָט ער אונדז אַלע; — ווער עס וועט נאָר לעבן בלייבן, זאָל עס פאַר זיין הייליקן חוב נעמען — ברענגען צו קבר־ישראל די רעשטלעך פאַרבליבענע פון רב און אַלע אַנדערע מיט אים באַ־

ערדיקטע יידן. און אויף וויפל מעגלעך, נקמה נעמען אויך פון אָרטיקע און אויסערלעכע רוצחים־בעסטיעס!

גוטמוטיקער פאַרשטענדלעכער און געוואַגטער נחשון! ווער קען דען דיינע קלוגע אויגן אויפדעקן און אַראָפּשאַרן פון זיי דאָס אַש און זאַמד פאַרקוילטע פון דיין צעריסענעם קערפּער — וואָס איז ליגן געבליבן ערגעץ ווו אויף גלובאַ־



נחשון און שאָשע זוט

קער פעלדער? עס זאָלן דיינע אויגן זען און פילן זאָל דיין קערפּער אונדזער לעבנדער מדינת ישראל, וועלכע איז אַנטשטאַנען און אויפגעקומען אין בלוטיקע קאַמפן און שטייט פול בטחון אויף דער וואַך. וועסט דו כאַטש וויסן, אַז זי איז די גרעסטע און טייערסטע נקמה אונדזערע. אין ישראל האָבן אַלע אַנדערע געבליבענע יידן פון חורבן אייראָפּע און אויך קריוויטשער אָן אָרט פאַר זיך גע־פונען; אויפסניי האָבן זיי זיך איבערגעבויט און איבערגעפלאַנצט. מאַנכע פון זיי האָדעווען שוין אייניקלעך און אפשר אויך אור־אייניקלעך. אונדזער הייליקן חוב אויף וועלכן דו האָסט אונדז באַשוואָרן, וועלן מיר אויך דאָ דערפילן בשלמות. שרייבנדיק די „מגילת קריוויטש" אויף שפּאַלטן פון אונדזער „נר־תמיד", וועט פאַרגעזצט ווערן פון אידעלן פאָדעם געוועבט, אָ געשיכטלעכער געשפּין פון יידן פשוטע און איינפאַכע, וואָס האָבן ווי דו געשטרעבט פרידלעך און סאָליד צו לעבן און אַזוי גרויזאַם אומגעקומען. צווישן די זעלבע פאָדעם פון אונדזערן טייערן געוועב וועסט אויך דו גייסטיק אויפלעבן און לויכטן וועט דיין נאָמען!

זאָלן לעזער מיר מוחל זיין פאַר דער געמאַכטער דעגרעסיע — אונטערן

פרעס פון דריקנדע געפילן. מיר האָבן געהאָרכזאַם אויסגעהערט און דערפילט טאַקע די בקשה פון נחשון. אָבער נאָכן פאַרריכטן דעם ברודער־קבר, זיינען מיר ווי חיות גערודפטע אַוועק — יעדער איינער צוריק אין זיין נאָרע ...

**אָפּגעפּאַלענע בלעטלעך מיטן ווינט געטריבן...**

דאָס לעבנדיקע רעשטל יידן פאַרבליבענע אין שטעטל נאָך דער י״א אייר־שחיטה — צעבראָקלטע פאַמיליעס, פאַריתומטע און פאַראלמנטע איינצל־געבלי־בענע — האָבן שוין אַליין ניט דערלויבט זיך מער צו מאַכן ניט וויסנדיק און פאַרבייגיין צו דער טאָג־אָרדענונג — ווי פאַר דער שחיטה. מה דאָך, אַז דייטשן און זייערע סאַטעליטן־נאָכלויפער האָבן אונדז ניט דערלאָזט אויף איין מינוט צו פאַרגעסן — אַז פריער צי שפּעטער קומען וועט אויך אונדזער ענדגילטיקער סוף...

אַרום 80 פערזאָן געבליבן זיינען מיר אין שטעטל נאָך דער גרויסער „אַקציע״. אונדזער נישטיקע מינדערהייט אַפילו האָט ניט געענדערט קיין זאַך. די פאַראָרדענונג פון צוואַנג־אַרבעט איז געווען ווי פריער. מען איז פרי צו דער אַרבעט אויפגעשטאַנען, ווי אויטאָמאַטן איז מען געגאַנגען אָפּגעאַרבעט און אַהיים געקומען. געפירט האָט זיך אַלץ נעמלעך ווי פאַר דער שחיטה. אָבער יעדער האָט גוט געוווּסט, אַז אַזוי וועט עס ניט בלייבן... טאָג־טעגלעכע מאָרד־טאַטן אויסגעפירטע איבער איינצלנע יידן אָדער מערער, האָבן דערמאָנט און געגעבן צו פאַרשטיין — אַז מיר מוזן וואָס שנעלער אַוועק. אַנטלויפן! ווו ניט ווו אין וואַלד זיך באַהאַלטן, אַבי מער זיכערער זייך מיטן לעבן. דאָך האָבן דער־ווייל ווייניק גאָר ווייניק (אויך ביי איצטיקע אומשטענדן!) זיך אַ ריר געטאָן. איך אַליין האָב פיל שוועריקייטן געהאַט; די פרוי מיינע, חנה האָט זיך צו שוואַך געפילט און עס איז גאָר שווער געווען אַ לאָז טאָן זיך אויף אַ שווערן אומזיכערן וועג. די נויטיקייט צו אַנטלויפן איז אָבער אַלץ מערער דרינגענדער געוואָרן. פון דער אַרבעט גייענדיק זיינען אויפן גאַס אַכזריותדיק דערמאָרדעט געוואָרן משה־יצחק שוד און ירוחם באַטווייניק — אַ פלימעניק פון אלי און מאַריאַשע באַטווייניק. אין דעם זעלבן פאַרנאַכט האָבן די געהילף־פּאָליציאַנטן אַרויסגעפירט פון זייער שטוב נאָך צוויי יונגע מענטשן: — יצחק שולמאַן און שלום אַלפעראָוויטש. זיי זיינען באַלד אויך דערשאָסן געוואָרן, צוזאַמען מיט נחום שוד, גבריאל גיטליץ און פּאַליע ווייסנהאָלץ. דער מאָרד פון זיבן אויבנדערמאָנטע האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ צוויי־דריי טעג פאַר שבועות תש״ב.

די זעלבע טעג אומגעפער איז אויך אַרויס די גזירה פון געטאָ: יידן פאַר־בליבענע אין שטעטל זיינען באַפוילן געוואָרן צו פאַרלאָזן זייערע הייזער און אָפּגעבן זיי — איבערטראָגן זיך אין געטאָ, מיטנעמען נאָר דאָס נויטיקסטע און

איבערלאָזן אַלץ. מיר אַלע פאַרבליבענע זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אין צוויי געטאָ־הייזער אין אַ זייט פונעם שטעטל. מיין פרוי חנה און איך (קינדער אונדזערע האָבן זיך שוין „אָפּגעטראָגן" פון קריוויטש) האָבן זיך „איינגע־אָרדנט" אין הויז צוזאַמען מיט עטלעכע פאַמיליעס און אַ פּאָר איינציק־פאַר־בליבענע. אויף וויפל כ׳געדענק זיינען מיט אונדז געווען דאָרט אייזיק וואָהלמאַן מיט זיין פרוי רייזל און טעכטערל מיניע־ליבע; הירשל גינדלין, זיין ווייב שרה און טאָכטער פּעשע; זלאַטע זילבערגלייט, משה הערץ און נאָך אייניקע, וועלכע איך געדענק ניט מער. ווידער אָן קיין שום ענדערונג איז מען ווייטער געגאַנגען צו דער אַרבעט און צוריק אין געטאָ. אָבער טיף אין האַרצן האָט יעדער פון אונדז געטראַכט און זיכער געווען — אַז שטיין שטייט מען שוין ביים לעצטן ווענדפּונקט — פון דאַנען און ווייטער די ענדגילטיקע ענדע, טויט!...

### „ויברח" אויף בלינדע וועגן

אַ וואָך צייט נאָכדעם אָדער עטוואָס שפּעטער — האָב איך אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן אין דער מילך־ווירטשאַפט (מלעטשאַרניע). מיט דער מילך־ווירט־שאַפט האָט אָנגעפירט אַ לאַבאָראַנטין איינע — די פרוי פון גמינע־סעקרעטאַר און ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער — אַ פאַרשיקטער אין דער ווייט דורך די סאָ־וויעטן נאָך 1940 זי איז געווען ליבעראַל און מענטשלעך. די באַציאונג צו מיר און צו אַלע אַרבעטער ביי דער ווירטשאַפט, איז געווען אַ גוטהאַרציקע. זי האָט שטענדיק ביי דער אַרבעט געגעבן צו עסן פון מילך־פּראָדוקטן. טיילמאָל אַפילו — מיטגעגעבן (אין געהיים) אַהיים צו נעמען — אַ קליין שטיקל פּוטער אָדער קעז.

אַ געוויסן אלול־טאָג (האַלב סעפּטעמבער בערך) פאַרנאַכט בין איך מיט יצחק שקלאַר — פון דער אַרבעט אַהיימגעגאַנגען. געהאַט האָט יעדער מיט זיך אַ שטיקל פּוטער צי קעז וואָס די פאַרוואַלטערין האָט אונדז געגעבן. איינער אַ פּאָליאַק אַ באַוואָפנטער האָט אונדז אָפּגעהאַלטן און אַוועקגענומען פון אונדז די שטיקלעך מילכוואַרג. פּלוצלונג האָט ער זיך מיישב געווען און אויף זיין אייגענער אחריות, געוואָלט אויספירן אַ משפּט אויף מיר און מיין מיטגייער — געוואָלט האָט ער דערשיסן אונדז, ווייל מיר האָבן לויט זיין מיינונג, מיסגעברויכט מיט מיליטערישן פּראָוויאַנט. דאָס איז געשען ניט ווייט פון אונדזער געטאָ־הויז; מיין פרוי חנה האָט עס דורכן פענצטער געזען. זי איז שנעל אַרויסגעלאָפן און גענומען בעטן דעם געהילף־פּאָליציאַנט, ער זאָל אונדז פריי לאָזן. ער איז אָבער ניט גרייט געווען דערצו. דער ריח פון וואַרעם בלוט האָט ווי עס ווייזט אויס, ניט געלאָזן רוען. ער האָט אויפגעהויבן זיין ביקס און פאַרמאָסטן זיך צו דערשיסן מיר גלייך אויפן אָרט. פאַרצווייפלט שטאַרק האָט חנה געכאַפּט זיין האַנט און אָפּגעבויגן דעם ביקס, ער זאָל שיסנדיק ניט קענען

טרעפן. אויפגעבראַכט זייער האָט דער פּאָליציאַנט גענומען שלאָגן שטאַרק מיין פרוי. איך האָב דאַן אַ ווונק געגעבן מיין מיטגייענדן יצחק שקלאַר מיר זאָלן אָפּציען; ער וועט אונדז נאָכיאָגן און דערווייל וועט ער אויפהערן שלאָגן חנהן. מיר האָבן טאַקע מיטן גאַנצן אימפּעט זיך אַ לאָז געטאָן לויפן — קיין אַנדער אויסוועג איז שוין ניט געווען. עס איז אויך ניט געווען שוין וואָס צו פאַרלירן עס איז אונדז געלונגען! דער פּאָליציאַנט האָט אָפּגעלאָזט מיין ווייב און אונדז נאָכגעיאָגט; ער האָט אונדז נאָכגעשאָסן און ניט געטראָפן. אָט אַזוי זיינען מיר צום טייך דערלאָפן, איבערגעשווומען און אויפן אַנדערן ברעג — אין די געדיכטע קוסטעס באַהאַלטן האָבן מיר זיך.

## אני הגבר ראיתי...

אָפּליגנדיק אַ פּאָר שעה אין די קוסטעס, איז צו אונדז אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט פון ווייטן דערגאַנגען א טומל און געפילדער. גאַנץ שטעטל האָט גערודערט און גערוישט. פאַרשטאַנען האָבן מיר, אַז מיר ווערן אינטענסיוו געזוכט דורך אַ פאַרשטאַרקטער פּאָליציי־מאַנשאַפט און ס. ס.־לייט. דערווייל האָבן מיר זיך פון אָרט ניט גערירט. עטלעכע שעה שפּעטער, אַז מיר האָבן דערשפּירט, ווי עס איז פולשטענדיק שטיל געוואָרן און נאַכט־פינצטערניש האָט געהערשט אַרום און אַרום, האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און זיך אַ לאָז געטאָן אין וואַלד אַריין. מיר זיינען דורכן וואַלד אין דער נאַכט געגאַנגען.

ווי מאָרגן ליכט האָט הימלען באַרויטלט זיינען מיר אָנגעקומען צו דער שטוב פון אַ קריסט אַ באַקאַנטן — מיט וועמען איך האָב אַ צייט לאַנג געהאַט האַנדלס־פאַרבינדונגען און זייער גוט אויפגעטראָגן בין איך מיט אים געווען. ער האָט אונדז מיט טרערן אין די אויגן זייער פריינטלעך אויפגענומען און אויך א גוטן פרישטיק צו עסן געגעבן. אין דער שטוב פון אויבן־דערמאָנטן קריסט מאָזשייקאָ, אין דער „אָסאַדע" ביים עק פונעם וואַלד — האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן אַ מעת לעת. ער האָט אונדז דערציילט וואָס טוט זיך אין שטעטל; קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפּרייט אַז אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע איז אָנגעקומען אין שטעטל. פּאָליציי האָט שטאַרק געזוכט די פרוי מיינע און איר ניט געפונען. ער אַליין איז געווען זייער באַזאָרגט צי איז מיר באמת געלונגען צו אַנטלויפן ווייל געהערט האָט ער אַז איך בין דערשאָסן געוואָרן. ער האָט מיר אויך צוגעזאָגט, אַז אויב מיין פרוי וועט זיך באַווייזן דאָ ביי אים, וועט ער וויסן אויך ווי אַזוי מיר צו פאַרבינדן מיט איר. איך האָב אים געזאָגט, אז בעסער איז, מיר זאָלן וואָס שנעלער אַוועק. אויך פאַר אים וועט עס זיין זיכערער. מיר האָבן געהאַט בדעה זיך אריבערקלייבן און אַוועקגיין אין דער ריכטונג פון דאַמאַסלאַווער בלאָטעס — ווו לויט ווי מיר האָבן געהערט, געפינען זיך אַנטלאָ־

פענע יידן און אויך קריוויטשער זיינען דאָרט. דער קריסט האָט אונדז אָפּגעהאַלטן אויף נאַכטאַזיל, אויך עסן געגעבן אויפן וועג און ווידער צוגעזאָגט דערפירן מיין ווייב צו מיר.

גלייך אויף מאָרגן זיינען מיר אַוועק אין דער געפּלאַנטער ריכטונג; אַ צייט לאַנג זיינען מיר געגאַנגען ביז מיר זיינען אָנגעקומען צו די בלאָטעס און דערגאַנגען אין אַ דאָרף אויפן וועג. דאָרט זיינען שוין געווען בנימין באַראַנאָוויטש, מיכאל סיצקין און אַנדערע פון שטעטל. מיר האָבן דאָרט אַ ביסל אָפּגערוט. דערווייל איז אויך מיין פרוי חנה אָנגעקומען אין אונדזער נייער „רעזידענץ" — נאָכדעם ווי עס איז איר געלונגען אויסצוווייכן פון קריוויטשער געטאָ און אויסמיידן דעם געיעג און זוכענישן פון אירע שפּורן. אַלע אַנטלאָפענע יידן פון קריוויטש און אַרום האָבן זיך גענומען איינאָרדענען צייטווייליק אויפן פּלאַץ — ביז מען האָט געמוזט אַוועקגיין ווייטער — גאָר ווייט... די גרויסע שחיטות אַרום און אַרום אויף יידן זיינען נאָכניט אָפּגעשטעלט געוואָרן. דייטשע אומדערוואַרטע אָנפאַלן — אַריינדרינגענדיק מיט פּאַנצער־געווער און כוחות גרויסע אין וועלדער זוכנדיק פּאַרטיזאַנער — וואָס מער אָנקומענדע ידיעות וועגן דראָענדן און גאָר נאָענטן סוף פון יידן אין קריוויטשער געטאָ — די אַלע פאַקטאָרן האָבן געבראַכט צום באַשלוס, אַוועקרוקן זיך ווייטער. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַדורכצורייסן זיך טראָץ אַלע שוועריקייטן די פראָנטליניעס און אַריינדרינגען וואָס טיפער אין רוסלאַנד·

יום־כיפור נאַכט — נאָך „כל נדרי", נאָכן אָפּדאַווענען און אויסוויינענדיק זיך גוט — יעדער איינער טיף אין האַרצן — איז מען אַוועק... אָט אַזוי האָט אונדזער שווער־פיינפולער וועג אין יענע פינצטערע מיסגליקלעכע טעג, געפירט — דורך פרעמדע פעלדער און אומבאַקאַנטע געדיכטע וועלדער — געלאָפן זיינען מיר אין וואַקסנדער אַנגסט און מוראדיקער שרעק; ניט איינמאָל געשראָקן זיך אומזיסט — פאַרן אייגענעם שאָטן, פאַר יעדן שאָרך און ריר. מיר זיינען אַדורך פאַרביי שטעטלעך און דערפער חרובע און פאַרברענטע — ווו נאָך אייניקע מאָנאַטן פריער געברויזט האָט אַ יידיש לעבן, ווו געצאַפּלט און געררוישט האָבן ווילן און באַגערן פון לעבנדיקע און טעטיק־ווירקנדע מענטשן — וואָס קיין מענטשלעכע זאַך איז זיי ניט פרעמד געווען. עלטערן געאַמפּערט האָבן זיך צייטנווייז מיטאַנאַנדער און שפּעטער עטוואָס מיט ווערטער און וואַרעמע בליקן זיך געצערטלט, פּונקט אַזוי ווי פריער, לענגאויס זייער בשותפותדיקן לעבן און עקזיסטענץ־געראַנגל. יוגנטלעכע — מיידלעך און בחורימלעך, געליבט זיך צווישאנאנדער געשטדעבט און געטרוימט — פאַנטאַזירט און ווייט געטראָגן זיך אין דער ווייטער אומגעזעענער צוקונפט; קינדער — „משהלעך, שלמהלעך" — ווי דאָס לויטעט ביים דיכטער און פריידעלעך מיט

פלעגט ער שפּאַסן ביי דעם וואָרענענדיק — אַז ער וועט אונדז אַמאָל צוזאַמען מיטן טאַטן זיינעם — איבערגעבן דער „געסטאַפּאָ".

„יודנראַט"-מיטגלידער, וועלכע געקומען זיינען צו מיר געמיינט האָבן דע־ריבער, אַז דורך מיינע גוטע באַציאונגען מיט דער משפּחה, געלינגען וועט אונדז צו דערוויסן זיך ווי האלט עס אין אַלגעמיין און וואָס איז פאָרגעקומען פּורים אין ווילייקע: — צי האָבן זיך טאַקע אָפּגעשפּילט די טראַגישע שחיטות אין נייקע, רעטשקע און וויאַזין? עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז די אַלע ידיעות זיינען אמתע ווירקלעכקייט; אין האַרצן האָט נאָך שוואַך געטיאָכקעט אַ פּונק פון גלויבן, אַז עס איז בלויז אַ גוזמא פון בייזע צינגער... און געוויס האָבן מיר וויסן געוואָלט, וואָס איז ווירקלעך געשען אין צו אונדז גאָר נאָענטן דאַלהי־נעוו? — מיר זיינען, פאַרשטענדלעך גלייך אַוועק צו אים; מיר זיינען אויך אַריין צו אים אין שטוב. ליידער און צום גרויס באַדויערן, איז די ידיעה וועגן דאַלהינעוו אמת געווען; ממילא זיינען אמת, אויך אַלע פריער אָנגעקומענע ידיעות...

געפונען האָבן מיר אים שיכור און מלא־שמחה; די באַשטעטיקונג פון דער טרויעריקער ידיעה, אין פאָרעם, וועלכער ער האָט איבערגעגעבן, פאַר־גליווערט האָט אונדזערע גלידער... מיט איין בליק בלויז אַרומגעכאַפּט האָבן שוין אונדזערע אויגן וואָס פאַר אַ יידיש האָב און גוטס ער האָט פון דאָרט מיט־געבראַכט... דערציילט האָט ער אונדז אָן קיין שום וואַקלענישן און צוריק־געהאַלטנקייט, דאָס דאַלהינעווער יידן זיינען געגאַנגען צו דער שרפנדיקער שחיטה אין טלית און תפילין אָנגעטון. „אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן", האָט ער צוגעגעבן מיט גיפטיקן שפּאַס, אָפּגעלאכט האָט ער פון אונדז, ווייל „אַפילו גאָט אַליין האָט זיך ניט געוואָלט איינשטעלן פאַר יידן זיינע; אויך ער איז שטענדיק מיט די שטאַרקע און ניט מיט פרומע, וועלכע זיינען שוואַך... אומגעקומען זיינען אַלע, וועלכע מען פאַרהאַלטן האָט... לעבן געבליבן זיינען בלויז די, וואָס האָבן באַוויזן צו באַהאַלטן זיך ווי מייז אין לעכער. אָבער אויך זיי וועט מען געפינען; קומען וועט נאָך זייער צייט"... אַזוי האָט ער מיט אונדז גערעדט און פאַרשטאַנען האָבן מיר שוין, אַז עס איז ניט מערער צו רעדן מיט אים און צו אונטערהאַנדלען. אַהיים מוז מען אַוועק; גרייטן „סכראָנען" און „מאַלינעס", ווו מען זאָל זיך קענען באַהאַלטן אין פאַל, ווען אומדערוואַרטער־הייט וועט וואָס געשען... מיט הערצער צעבראָכענע און צערירטע געמיטער זיינען מיר אַוועק אַהיים.

מיין וויניקייט צוזאַמען מיט מיין שוואָגער יהושוע בונימאָוויטש (וואָס לעבט היינט אין ישראל) און פלימעניק האָבן פלייסיק געאַרבעט צוצוגרייטן אַ באַהעלטעניש אין קראָם ביי מיר אונטערן פוסבאָדן. אפשר וועלן מיר בעת־צרה

דאָרט אַריין אָפּוואַרטן „עד יעבור זעם״; אפשר וועלן מיר ניצול ווערן און קומען וועט נאָכדעם די ישועה — און אפשר געלינגען וועט אונדז לעבן צו בלייבן... ניט לאַנג האָט עס גענומען שוין. אויך אויף אונדזער היימשטעטל געוואַרט האָט שוין גרייט די פולע „כוס התרעלה״, מיט בלוטיקע טעג.

— ערב פסח צי אַ טאָג פריער — אַרויסגעפירט האָט מען אונדזער גוטן, פול מיט „אהבת־ישראל״ און „אהבת־אדם״ ר׳ מלכיאל פּרצי, לעצטער רב פון אונדזער היימשטעטל מיט זיין פרוי און קינדער (דריי בילד־שיינע בליענד־וואַקסנדע בלומען!) ווי אויך זיין שוועגערין חנה (זוט) קאַצאָוויטש (אונדזער ר׳ ישעיהס פרוי) מיט פיר שיינע קינדער און אַן אַ פּאַרוואָס און פאַרוואָן, אַלעמען דערשאָסן מיט אַ טאָג שפּעטער. זאָל דער אַלמעכטיקסטער פון אויבן נוקם זיין זייער אומשולדיק־זידנדן בלוט, פאַר זייער איינציקן חטא: — יידן זיינען זיי געווען!

אָט דער בלוטיק־טרויעריקער טאָג האָט שוין געדינט אונדז אַלס אַנזאָגער;— אָט, אָט מיט ריזיקע טריט דערנענטערט זיך אונדזער ענדגילטיקער סוף... דעם טאָג נאָך געטריבן האָט מען אַ צען יידן בערך — צווישן זיי אויך מיין שוואָגער יהושוע (פּונקט א מנין!), וועלכע מען האָט צונויפגעטריבן נאָך פון פריער, כדי צו באַערדיקן אונדזערע קדושים (דאָרט אויפן אָרט, ווו מען האָט זיי מיט אייניקע קריסטן און אַ פּאָר ציגיינער אַלס „קאָמוניסטן״ דערשאָסן). אַפילו ניט ברענגען צו קבר ישראל...[5] אַזוי האָבן נאַציִשע רוצחים און זייערע שטעטלשע סאַטעליטן, ימח שמם וזכר זכרם! אָפּגעהיט דער הויכער מענטשלעכער פליכט פון „חסד של אמת״...

## דאָס שטעטל גוססט

דער אומגליקלעכסטער טאָג פון אַלע טעג אונדזערע! — י״א איר תש״ב, דינסטיק, 28־טער אַפּריל איז שוין געקומען און אָנגעזעצט זיך אויף אונדז. פאַרגעקומען איז די ערשטע מאַסן־שחיטה אין אונדזער ליבן היימשטעטעלע. גאָר פרי האָט מען שוין מערקן געקענט, אַז עפּעס אומגעווייןלעך טוט זיך אָפּשפּילן; נעכטן פאַרנאַכט, האָב איך שוין פיל אָנגעפּאַרענע ס. ס. „זאָנדער־גרופּן״ מיט „טויט־שאַרבנס״ אויף היטלען און אָרעמס זייערע געזען, דייטשע זשאַנדאַרן, געהילף־פּאָליציי־מאַנשאַפטן, אָנגעפּאַרענע ווי אויך שטעטלשע. איך ווייס ניט ווי אַנדערע האָבן עס אויפגעפּאַסט; איך, על כל פנים, האָב מיך שוין שטאַרק געשראָקן, אַז עפּעס מוראדיק גרויזאַם וועט געשען... דאָך האָב איך מיר

---

[5] אין דעם פּרט איז זיך טועה אונדזער דערציילער: לויט ווי אַנדערע דערציילן, זיינען אָט די אַלע באַערדיקט געוואָרן אויפן קאַטוילישן „צמענטאַזש״.

געגרייט אַוועקצוגיין אין פּאַקוטש אויף אַרבעט, ווו איך בין צוגעטיילט געווען פון „יודנראַט" מיט אַ גרעסערער גרופּע פון היימישע יידן. דערהערט האָב איך פּלוצים און געשפּירט אַ טומל ,וואָס איז אַלץ מערער און מערער גרעסער געוואָרן. גלייך האָב איך אַלאַרמירט מיינע שטוביקע, ווי אויך דעם שוואָגער מיט זיינע בני־משפּחה און אויפגעפּאָדערט מען זאָל תיכף אַראָפּגיין אין דער צוגעגרייטער „מאַלינע" — אונטערן פּאָל אין אונדזער קראָם ווי אויבנדערמאָנט — צו באַהאַלטן זיך דאָרט. (די „מאַלינע" אונדזערע געצויגן האָט זיך שמאָל ביזן „קאַטוך" אונטערן איווּן פון מיין שוואָגער יהושועס שטוב). וואָס טיפער האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזן אין שטיקנדן „סכראָן" — מורא האָבנדיק אַפילו דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן. וואָס האָט זיך אין שטעטל געטון, האָבן מיר קיינער קיין אנונג געהאַט. אמת, דער טומל אַרום ווי אויך ראַשע באַוועגונגען אויבן איבער אונדז, האָבן ניט אויפגעהערט; זידלערייען, געשרייען, באַפעלן אין דייטש, פּויליש און ווייסרוסיש — —האָבן זיך געטראָגן איבער אונדז. אַ צייט לאַנג געהערט האָבן מיר טופּערייען פון שטיוול און פאַרשנעלערטע טריט פון מענטשן געטריבענע ערגעץ ווו צו אַ געוויסן „אַהין"... פון צייט צו צייט דערטראָגן האָבן זיך צו אונדז געוואַלדן און הילפרופן, תחנונים און געוויין פון פרויען — מאַמעס פון קינדער און שרעק־געשרייען פון עופעלעך, וועלכע האָבן זיך אַלץ מערער און מערער דערווייטערט. איצטער געהערט האָבן מיר אויך קלאָר געקנאַלן פון שיסעריי, וואָס האָבן אַ צייט לאַנג זיך הערן געלאָזט און אָפּגעקלונגען... די אימה, אַ גרויסע מיט טויזנט פּיס איז איבער אונדז געקראָכן מיט אַ שטיקנדן גערוך... מיט אַ קאַלטן שווייס, אַ גערדיכטן און גוט נאַסן, זיינען מיר אָפּגעגאַנגען — געוואָרגן האָט די שטיקנדע אונטערערדישע לופט און מיר האַלב־זיצנדיק, האַלב־ליגנדיק, האָבן שוין אָטעמען ניט געקענט... ניט געקוקט אויף דער סכנה האָבן מיר זיך פונאַנדערטיילן געמוזט; אין דער „מאַלינע" געבליבן זיינען יהושוע מיט זיינע צוויי קינדער. איך און מיינע צוויי טעכטער האָבן שנעל אויפן בוידעם אַרויפגעלאָפן — ווו געזעסן זיינען שוין פון פריער מיין ווייב און מיין שוועגערין יהושועס פרוי — חנה, עליה השלום. ווידער געזעסן איז מען, יעדער אין זיין ווינקל, אויסגעגעבן אויף הפקר דער אומגעהויערער שרעק אין דער פּלוצלונגער מוראדיקער טויט־שטילקייט — גערעדט האָט יעדער מיט זיין נשמה אַליין; עס וועט שוין מער ניט בלייבן קיינער, בלויז מיר פאַרשטעקטע... לויערט אויך אַרום אַ טויט אויף אונדז, אויך אונדז וועט ער געפינען. וועט נאָך גאָט אונדז אַנטקעגנקומען און אַראָפּנעמען פון דער בלוטיקער עקדה? — אַזוי האָט אונדזער שמערצהאַפט־געליטענע פאַנטאַזיע געבויערט און גערעגבערט אונדזער גאַנצער מהות. דאָס שרעקלעכסטע וואָס פאַסירט און פאַרגאַנגען, ווער און וואָס איז נאָך פאַרבליבן האָבן

מיר ערשט שפּעטער געוווּסט — אויף מאָרגן, נאָך אַלעמען, געהערט האָבן מיר (און אויך געזען מיט אונדזערע קערפּערלעכע לייב־אויגן און אויך גייסטיקע...

פאַרלויפיק איז מען אָבער אַזוי „פאַרשטעקט" און געשטיקט געבליבן אין פאַרלויף פון שעהן. אַוועק איז דער טאָג שוין, אַדורך איז שוין אויך די נאַכט און מיר האָבן נאָך מורא געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך. עס איז דערווייל שוין ליכטיק געוואָרן אַ ביסל, מען האָט שוין גוט געקענט אַ קוק געבן, מיט אַ בליק אַרומנעמען, וואָס אָפּגעטאָן מען האָט מיט אונדז אין די הייזער. אויפן בוידעם ווו געזעסן זיינען מיר, האָב איך מיר דורך שפּאַרונעס צוגעקוקט און צוגעזען אויפן מער ניטאיקן היימשטעטל. אין דער שווערער שטילקייט אַרום, געזען האָב איך ווי די שענסטע און אָנגעזעענסטע קריסטלעכע בעלי־בתים אין שטעטל געניסן אויך פון רויב... אויך זיי געשלעפּט האָבן מיט וועגענער, אויף די פּלייצעס און אין די הענט געטראָגן יידישן האָב פון ליידיקע, ניט מער באַזעצטע הייזער... אונדזער היימשטעטל — אָך און ווי צו אונדז אַלעמען! עס עקזיסטירט שוין ניט מער דאָס באַליבט יידיש קריוויטש — עס האָט שוין געגוסטט — צאַפּלענדיק אין לעצטע פאַרן טויט קאָנוווּלסן.

ווי שאָטנס פון גאָר אַן אַנדער וועלט־פּלאַנעט, האָבן מיר — עטלעכע צענדליק לעבן געבליבענע יידן נאָך דער שרעקלעכער הריגה, אויסגעזען. די שרעקלעך־אומגעהויערע גרויל לאָזט מיך אויך איצטער ניט אָפּ... אַז איך הויב מיר אָן צו דערמאָנען בלויז, וואָס דערציילט האָט מען — ווי אַזוי און וואָס איז געווען, ווי אַזוי אָפּגעשפּילט האָט זיך אונדזער אומברחמנותדיקער „יום הדין" — דער גורל־שווערער טאָג אין קריוויטש, נעמט מיר אַדורך אַ שוידער; איך ווער געריירט אינגאַנצן, ס'פאַלגן מיר ניט מער מיינע געדאַנקען און ציטערנדיקע הענט מיינע וואַרפן אַראָפּ די פּען... אפשר וועלן אַנדערע אַ בעסערער און מערער אויספירלעכער עדות (ווי מיינע) אויפגעבן אויף די שפּאַלטן פון אונדזער „נר־תמיד".

— אַזוי געקומען איז די ענדע אָן אַ „טראָפּ" און אָן אַן „אתנחתא" — אַ „סוף פסוק". עס איז געשען — און פאַרטיק! דער גרעסטער טייל פון יידן אין שטעטל איז שוין ניט מער געווען. דערשאָסן אָדער נאָך לעבעדיק פאַרברענט, זיינען זיי ליגן געבליבן אין גרויסן שטום־שרייענדן „ברודער־קבר" אויפן ווי־האַן — ניט ווייט פון „קוטלאַנקע" — ווו רוצחישע הענט האָבן זיי אומגע־בראַכט. זיי האָבן שוין גאָרניט באַדאַרפט... מיר — אַ רעשטל יידן פון דער מאַסן־שחיטה אַנטוויכן, פון די באַהעלטענישן אַרויסגעקראָכן, געמוזט האָבן ווייטער שפּילן אַ בלוטיקן שפּיל — אומווירדיק פאָרזעצן דאָס נישטיק לעבן. אַלץ להכעיס, האָט יעדער געוואָלט איבערלעבן די שונאים. דויערהאַפט און

עקשנותדיק אַנדערע צייטן דערלעבן, כדי אַלעס צו דערציילן — פון גלייכגיל־טיקייט אויפוועקן דער אינדיפערענט־פרעמדער וועלט, צעטרייסלען שווייגנדע הימלען און גאָט אַליין — אל נקמות! זאָל אַרויס און אויפווייזן, אַז ניט מיט „שטאַרקע״ שטייט ער אויף, ניט מיט רוצחים!... און אפשר האָט יעדער אין האַרץ ביי זיך געטרוימט, זוכה זיין צו דערוואַרטן דער פון גרויל פאַרפרוי־רענער נשמה און כאַטש אַ ביסעלע דערקוויקן זיך מיט שונאים־בלוט, אַ שטיק נקמה אָן די רוצחים! ווער ווייס, ווער קען עס וויסן?...



מענדל ראַבינאָוויטש און משפחה

ס'איז קלאָר געווען פאַר מיר אָן אַ שום ספק־ספיקא, אַז אין שטעטעלע וועט מען שוין מער ניט זיכער זיין מיטן לעבן. טויט געלויערט האָט אויף יעדן שריט און טריט. מען דאַרף וואָס שנעלער אַוועק! אַנטרינען — אַ ווו. די פיס וועלן נאָר דערפירן, אַ ווו אויגן וועלן אָנווייזן און טראָגן... גיי לויף אָבער, אַז קיין שום האָריזאָנטן לאָזן זיך ניט מערקן. איך, ווי אויך מיין פרוי, זיינען שוין יענע טעג געווען לאַנג־לאַנג אַדורך די צייטן פון אַ לייכט באַוועגנדע משפחה. לאָזן זיך צוזאַמען אין וועג אַריין און סתם לויפן איז ניט מעגלעך געווען ווי אויך אַ געפאַר אַ גרויסע. מען האָט באַדאַרפט פריער אַ וועג זוכן, ווי אַזוי אַ מקום־מקלט צו באַזאָרגן. כ'דאַרף אויך צוגעבן, אַז אויף מיר איז געלעגן נאָך אַ שווערער עול: פאַרזיכערן און אָפּראַטעווען מיין עלטערע טאָכטער רבקה, וואָס איז שוין באַלד רייף געווען צו דער טראַדיציאָנעל־יידישער ברכה: „הרי את״... ווי נאַאיוו און פרעך! מיר האָבן נאָך געגנוג העזה און חוצפה געהאַט, אויף נחת

פון קינדער צו האָפן... אָט די אַלע אָנגעלעגנהייטן און באַדינגונגען האָבן באַ־לאַסטעט און באַדריקט מיין געוויסן. איך האָב באַשלאָסן דעריבער, אַז ראשית חכמה וועט זיין רבקהן אַוועקפירן און איינאָרדענען אויף אַן אָרט, ווו זי זאָל זיך באַהאַלטן אין פאַל פון אַ סכנה. איך בין אַוועק צו אַ גוט באַקאַנטן קריסט אין אלזוטקע — אַ דאַרף ניט קיין סך ווייט פון אונדז — און מיט תחנונונים, מיט טרערנדע אויגן געבעטן אים, ער זאָל די טאָכטער נעמען צו דער אַרבעט און האַלטן איר ביי אים. איך האָב אים אויך אַ צענרובלדיקער גאָלד־מטבע אין האַנט געגעבן, וואָס האָט אים גיכער און שטאַרקער איבערצייגט ווי מיינע טרערן און תחנונים. ער איז אויף דעם איינגעגאַנגען; ער האָט אַרויסגענומען פאַר איר דעם „גואל", דעם „אויסלייזנדן אַרבעט־שיין" און איך האָב די טאָכטער (נאָך אַ רירנדער געזעגענונג־סצענע אין שטוב פון דער מאַמען און שוועסטער) צו אים אַוועקגעפירט. איז דאָך גוט נעמלעך, ניט אַזוי?? אָבער ניין, מיינע פריינט! דער „געבענטשטער" יידישער גורל פון „להרוג ולאבד"... האָט איר אויך דאָרט ניט אויסגעמיטן און געטראָפן. די חיהשע נאָכשלעפּער פון נאַצישער „סטרא אחרא" האָבן איר דאָרט אויך געפונען. ווי מיר האָבן זיך אַ צייט נאָכדעם דערוווּסט — האָט איר אַ געהילף־פּאָליציאַנט אַ דאָרפישער מיט עטלעכע מאַנאַטן שפּעטער דערשאָסן... אַזוי און אַזוי: „אין רחמים בדין!"...

איז דען געבליבן נאָך צו רעדן, אויפווייזן? דער אויבנדערמאָנטער פאַקט אַליין קען דינען אַלס אילוסטראַציע — ווי שווער, האָפענונגלאָז און אוממעגלעך איז געווען סתם צו לויפן... וואָס טוט מען ניט אָבער, כדי צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן, — ריזיקירט מען... שטעלט מען אַלץ אויפן בלינדן צופאַל; אָדער אַ מת אָדער אַ נס! און טראָץ אַלע סכנות לויפט מען. איך בין שוין אויך דערקומען צו דער לאַגע, אַז איך האָב שוין ניט געקענט זיצן בלייבן אויף אַן אָרט; געוווּסט האָב איך, אַז עס איז שוין ניט מער צו וואַרטן... נאָך אַ האַרצלעכערנדן ישוב־הדעת מיט דער פרוי און טעכטערל, בין איך אַליין אויך אַוועק.

**אויף וועגן נע־ונד**

— איך בין פון שטעטל אַוועק קיין דעניסעווע (אַ דערפל) צו אַ געוויסן קריסט, מיט וועמען איך בין באַקאַנט געווען אין אַ געוויסער מאָס פון ווען ניט איז. געמיינט האָב איך, אַז אָט דער לאָטקאָ, וועלכער איז ניט לאַנג באַשטימט געוואָרן אַלס „סאָלטיס" פונעם דאָרף, וועט אַ דאַנק מיין „גאָלד־אונטערשמי־רעכץ", באַזאָרגן מיר מיט אַן „אַרבעט־שיין" און מיך צונעמען צו דער אַרבעט. אפשר וועל איך נאָכדעם קענען אויך פאַר מיין פרוי און טאָכטער עפּעס טון. איך האָב אים באמת אַוועקגעגעבן 25 רובל גאָלד און ער האָט שנעל פאַר מיר

אַרויסגענומען אַן „אַרבעט־שיין", אַרגומענטירנדיק, אַז ער מוז מיר דרינגענד האָבן כדי צו פיטערן זיינע חזירים. כ'האָב שוין גלויבן געוואָלט, אַז עס איז מיר געלונגען. אָבער אַ „מענטש טראַכט און גאָט לאַכט"... בלויז דריי טעג בין איך ביי אים אָפּגעווען און שוין איז ער געקומען חרטה האָבנדיק אויף דער דורכגעפירטער טראַנזאַקציע בלייבנדיק אַן „אוחז ביד"... ער האָט מיר אָפן דערקלערט: אַז איך קען ביי אים ניט מער פאַרבלייבן, ווייל דער וויטריסקער דאָרף־לערער האָט אים אויסגעגעבן ביי דער מאַכט, זאָגנדיק, אַז ער באַהאַלט יידן ביי זיך אינדערהיים. ער האָט גאָר שטאַרק מורא דערפאַר. אויף מיין פאַרלאנג, ער זאָל מיר צוריקגעבן מיין גאָלד, געענטפערט האָט ער, אז ס'איז באהאלטן ביי אים און ער קען איצטער ניט אַרויסנעמען. ער וועט מיר צוריקגעבן אַן אַנדערש מאָל... איך בין געבליבן ביי אים נאָך אַ מעת־לעת — ניט שלאָפנדיק שוין אין שטוב זיינער — אין שייער אויף היי־פּלאַכטעס און צווישן זיי האָב איך מיר אויסבאַהאַלטן. וועגן גאָלד האָט ער קיינמאָל ניט אָפּגעלייקנט און קיינמאָל ניט צוריקגעגעבן.

ליגנדיק אין דער נאַכט אין שייער אויפן היי האָבן אויערן מיינע אויפגעכאַפּט פלוצים אַ גאַנץ זאַנפטן און שטילן שמועס (אין דער נאָענטשאַפט) אויף יידיש „מאַמע־לשון". איך האָב מיר שנעל אַ ריס געטאָן פון מיין געלעגער און אַרויס אין דרויסן. פאַרגאַפּט בין איך אויפן אָרט געבליבן; אָנגעקומען זיינען מיר אַנטקעגן ירמיה שולמאַן און זלמן קאַצאָוויטש מיט זיין שוועסטער זלאַטע. ניט פריילעך איז געווען אונדזער באַגעגעניש; זיי האָבן מיר קורצלעך איבערגעגעבן לעצטע ידיעות פון היימשטעטל; עס איז ניט בעסער געוואָרן, צוגעקומען זיינען נאָך קרבנות. לויט זייער מיינונג — איז שוין דאָרט „נעילה"... ס'האַלט שוין ביי פולשטענדיקער ליקווידאַציע; עס איז נאָר אַ פראַגע פון טעג... אַנטוויכן צוליב דעם פון דאָרט באַשלאָסן האָבן זיי קיין סוויר אין געטאָ אַוועקגיין — ווו עס איז דערווייל רואיק; — אפשר וועט זיך נאָכדעם איינגעבן אַהין צו ברענגען אויך אונדזערע משפחות. זיי האָבן מיר צוגערעדט, כ'זאָל מיט זיי אַוועק. מיר זיינען אָן קיין שהיות אַוועק אַהין טאַקע. באמת איז נאָך רואיק געווען דאָרט. אָבער אונדז נעבעך האָט עס אַ סך ניט געהאָלפן; אַלס פרעמדע ניי־צוגעקומענע פון אויסן און ניט איינגעשריבן אין בוך, האָבן מיר דאָרט ניט געקענט פאַרבלייבן. איינגעשריבן ווערן אָן אַ באַשטעטיקונג פון דייטשן געביט־קאָמענדאַנט איז געפערלעך געווען פאַר אונדז אַליין ווי אויך פאַרן „יודנראט". עס האָט אונדז אָבער אָפּגעגליקט דאָסמאָל; צופעליק (און אפשר שטעקט אין דעם די האַנט פון דער אויבערשטער השגחה?) האָט אין סוויר שוין יאָרנלאַנג געלעבט ר' יצחק טרויץ — אַ שוואָגער פון ווירדיקן קריוויטשער יידן ר' יעקב קאצאָוויטש און א פעטער פון זלמן מיט זלאטען — אַ

טייערער הייסער ייד! ווערט איז ער, מען זאָל אַ סך וועגן אים דערציילן, מען זאָל זיין נאָמען דערמאָנען אין יזכור־ביכער, ווייל אויפגעטון האָט ער זייער פיל. ער האָט זיך טאַקע איינגעשטעלט פאַר אונדז דאָרט. זיין וואָרט איז אומעטום געווען אָנגענומען ביי יידן, ביים „יודנראַט", ווי אויך ביי קריסטן אין שטעטל און גאַנצן אַרום. געהאַט האָט ער אַ „וועלט" מיט באַקאַנטע פּאָליאַקן ווי ווייסרוסן און צווישן אַנדערע — דער אָלשעווער „פּריץ", אַ פּוילישער — אַן אייגנטימער פון אַ הויף מיט אַ גוט אַ גרויסן, ניט ווייט פון סוויר.

אַ דאַנק דער שתדלנות און דער אינטענסיווער אינטערווענץ פון ר' יצחק[6] און זיינע באַמיאונגען האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט קיין אָלשעווע. דער גוטבאַזיצער — אַ גאָר ערלעכער מאַן און אויסעראָרדנטלעך גוטער מענטש (ליידער איז זיין נאָמען מיר אין זכרון ניט געבליבן) האָט אונדז אויפגענומען און גלייך איינגעאָרדנט צו דער אַרבעט. די באַציאונג צו אונדז איז גוט געווען און מענטשלעך קאָרעקט. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און פלייסיק אָן פראַגן אויסגעפירט און געטאָן אַלץ, וואָס מען האָט געהייסן. אַדורך זיינען שוין עטלעכע וואָכן; מען האָט גענומען פּלאַנירן אויף וועלכן אופן אַריבערנעמען די משפחות. ירמיה שולמאַן האָט שוין געהאַט אַריבערגענומען זיין שוועסטער סאָניע אַלפּעראָוויטש (איר מאַן שלום איז געווען פון די ערשטע קרבנות נאָך דער גרויסער שחיטה) מיט איר גאָר שיינער טאָכטערל — אַ קליין מיידעלע ווי אויך זייער מאַמען. אויף מיינע שטוביקע איז שוין אויך געקומען די צייט צו זאָרגן ווי אַזוי צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. עס איז שוין אַלעס גרייט געווען כמעט — איז נאַ דיר פּונקט! — פּלוצים האָט דער „פּריץ" באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון געביט־קאָמענדאַנט, וואָס שנעלער איבערשיקן אונדז אין קאָבילניקער געטאָ — אַ שטעטל אין מיאַדלער ראַיאָן. עס האָבן שוין ניט געהאָלפן קיין שום אינטערווענצן פון ר' יצחקן און קיין שום אַרגומענטן פון גוטבאַזיצער, אַז ער ברויך אונדז צו דער אַרבעט. מיר האָבן געמוזט אַוועק אַהין — אַזוי בין איך שוין ווידער געבליבן אַליין; אַוועק זיינען די איינציקע ניט שלעכטע חדשים פונעם זיין צוזאַמען מיט מיינע בני־עיר. האָב איך מיר דען פאָרשטעלן געקענט, אַז איך וועל שוין די אַלע ניט מערער זען, אַז זיי וועלן מיט אַ רויך פאַרגיין? איז ווו איז דער גוטער ר' יצחק מיט זיין שתדלנות פאַרן „פּדיון שבויים", וואָס האָט ניט דורכגעלאָזן קיינמאָל אָט די מצווה?

[6] ר' יצחק טרויץ לעבט אין ישראל היינט. זיין זון — אַן אָנגעזעענער דאָקטאָר איז באַשעפטיקט אין איינעם פון גרויסע חשובסטע ישראל־שפּיטאָלן — ער האָט זיין שטודיום און פּראַקטיק געמאַכט שוין נאָך זייער עליה. מען דאַרף אויך באַמערקן, אַז אַ דאַנק די באַמיאונגען און השתדלותן פון ר' יצחק זיינען נאָך פיל יידן געראַטעוועט געוואָרן. ווי עס ווערט דערציילט, האָט אויך די חנה אַקסלראָד פון קריוויטש זיך געראַטעוועט אויף דעם אופן און ביז היינט געבליבן זייער משפּחה־פריינט.

...אויך פאַרן פלימעניק זיינעם, פאַר זלמנען, אָפּצוראַטעווען, האָט ער נעבעך גאָרניט געקענט טון... צוגענומען האָט מען אים פון אונדז גלייך אין שזעזמער[7] לאַגער און ר׳ יצחקס אויגן געקוקט האָבן און געוויטיקט האָט זיין האַרץ.

— אַזוי איז געווען אונדזער ענדע מיט אָלשעווע; געשיקט געוואָרן אין קאָבילניקער געטאָ זיינען — זלאַטע קאַצאָוויטש (אויך איר, זיין פלימעניצע, האָט ר׳ יצחק ניט געקענט פאַרלייכטערן). ירמיה שולמאַן מיט דער שוועסטער זיינער און קליינער פלימעניצע ווי אויך זייער מוטער רייזל און מיין ווייניקייט. קומענדיק אויפן אָרט, האָבן מיר געזען שוין וואַרטנדיקע לאַסט־אויטאָמאָבילן אויף ניי־אָנגעקומענע. מיר אַליין האָט מען גלייך צוגענומען פון מיינע חברה „בני־עיר". געזונטע פעסט־געבויטע מענער, וועלכע זיינען אויפן מאָמענט געווען אָן זייערע בני־משפחה, האָט מען אויפגעזאַמלט און געשיקט אין ווילנע. אַזוי ווי איך בין אַליין געווען און ניט קיין שוואַכער מאַן, האָט מען מיך אויך אַוועקגעפירט אין ווילנע. אין מיינע ערגסטע בייזע חלומות האָב איך מיר ניט געריכט, אַז אָט די אַלע שטעטלשע (אַ חוץ ירמיה ש.), מיט וועמען איך האָב דורכגעמאַכט אַ קאַפּיטל אָלשעווע — זיינען שוין ניט מער צו זען... פאַרשניטן וועלן זיי ווערן און פאַרגיין. וואָס מיט זיי איז געווען און וועגן טראַגישן סוף זייערן האָב איך ערשט געהערט אין קריוויטש נאָכאַלעמען שוין, ווען איך בין „אַהיים" צוריקגעקומען. געזאָגט האָט מען, אַז זלמן ק. איז געשטאָרבן אין שזעזמערער לאַגער; אַנדערע דערציילט האָבן, אַז אויך ער מיט אַלע אַנדערע צוזאַמען, איז געבראַכט געוואָרן אין דאַכאַו און דאָרט דעם טויט געפונען. אַלע אַנדערע: זלאַטע, סאָניע אַלפּעראָוויטש און טעכטערל, ווי אויך איר מוטער רייזל, זיינען דאָרט פאַרגאַזט געוואָרן און דערשטיקט. פון די אַלע איז נאָר איין ירמיה שולמאַן לעבן געבליבן.[8]

— אַזוי האָט מיין גורל מיך פאַרמשפּט מגולגל צו ווערן אין ווילנע. איך בין געבראַכט געוואָרן אין לאַגער אויף זאַוואַלנע — וווּ ביז דער מלחמה געווען איז „גימנסיה עברית" פון „תרבות" אויפן נאָמען פון ד״ר עפּשטיין ז״ל. נאַציס האָבן די גימנאַזיע פאַרוואַנדלט אין אַ „קאַצעט".

קומענדיק דאָרט האָבן מיר שוין געטראָפן 3000 יידן קאָנצענטרירטע אויפן אָרט. די ענגשאַפט, לעבנס־באַדינגונגען און סאַניטאַציע, לאָזן זיך ניט שילדערן און באַשרייבן. מיין וועג אויסגעזייט יסורים און פּיין, הונגער און קעלט האָט נאָך ווייטער געפירט — איך בין אויך ווייטער דערגאַנגען... לײדער קען איך ניט באַשטימען גענוי און דאַטירן פּינקטלעך, ווען האָבן די אַלע אויבנדער־

[7] שזעזמער — אַ שטעטל אין דער ליטע־מדינה.

מאַנטע איבערלעבענישן זיך אָפּגעשפּילט — כ׳געדענק ניט פּשוט, ווען האָט אַלץ פּאַסירט. איך קען בלויז אומגעפער נאָטירן: פון האַלב יוני צי אָנהויב יולי 1942 ביז סוף סעפּטעמבער בערך איז געווען אַ קאַפּיטל דעניסעווע—סוויר—אָלשעווע; פון סוף סעפּטעמבער, אָדער ערשטע אָקטאָבער־טעג 1942 האָט זיך אָנגעפאַנגען מיין קאַפּיטל — קאָבילניק—ווילנע זאוואלנע 4, וואָס איז שוין אַריבער ווינטער־חדשים און דערגרייכט אָנהויב פרילינג. אַזוי זעט מיר אויס און כ׳מיין, אַז עס איז נאָענט צום אמת; אויב איך האָב אַ טעות, איז עס בלויז אין וואָכן און ניט אין חדשים.

— אויף זאוואלנע 4 האָט זיך זאָפּאַרט אָנגעהויבן אָדער באַנייט געוואָרן די טאָג־טעגלעכע צוואַנג־אַרבעט, וואָס האָט געדויערט פון פינצטער ביז פינצטער... אַלע לאַגער־יידן דאָרט ווי אויך מיין ווייניקייט זיינען שוין אַרומגעגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. אַזוי איז מען אַדורך די נאַסע און קאַלטע מאָנאַטן פון האַרבסט 1942 און מען איז אַריין שוין אין 1943 מיט די ווינטער־פרעסט. אַזוי האָט מען אונדז געטריבן אין די גרעסטע פרעסט אַ ווייטן מהלך צופוס אויפן ווילנער באַנהויף[9] וווּ נאַצישע מיליטער־פּאַרמאַציעס האָבן אַ גרויסן דעפּאָ אויפגעבויט, און מיט אַלע מאַשין־איינריכטונגען אויסגעשטאַט. געווען איז דאָרט אויך אַ קליינער פלי־פּלאַץ פאַר מיליטערישע צוועקן, און עס איז פּראָיעקטירט געוואָרן אויסצוברייטערן, אַז אויך אַ גרעסערע אַוויאַציע זאָל קענען אַראָפּ אַהין. דערביי האָט מען אונדז ביי יעדער געלעגנהייט מוראדיק געשלאָגן מיט שטעקנס; יעדער שעה אין טאָג „מכות־רצח!״ און עסן — אַ „קדחת״ מיט פולער האַנט! — עס איז גאָרניט געווען צו עסן און שווער, וויי! ווי שווער די אַרבעט איז געווען... אויף זאוואלנע 4 פון לאַגער צו דער אַרבעט און פון באַנהויף צוריק, זיינען מיר געווען שטענדיק אונטער אַ שטרענגער וואַך — ניט האָבנדיק אַ מעגלעכקייט אָפּצוגיין אין אַ זייט אויסבעטן ביי עמעצן אַ „סקאָרינקע״ ברויט. אַזוי — אויסגעהונגערט, צעשלאָגן בין איך אָפּגעווען אין לאַגער, אַרום 8 אָדער 10 וואָכן צי אפשר נאָך מערער אַ פּאָר וואָכן און גוט דורכגעליטן אין גרעסטע פרעסט און ברענענדן הונגער. נויט ברעכט אָבער אויך אייזן אַפילו; אַ מענטש, וועלכער ראַנגלט זיך פאַרן לעבן און וויל לעבן בלייבן, איז גובר אַלץ און ברעכט אַפילו נויט און הונגער. ער שטייט אויס אַפילו גרעסטע פרעסט. וואָלט עס געווען ניט אמת און עס

---

[8] דער זעלבער, לעבט אויך היינט און געפינט זיך אין אַמעריקע אין ניו־יאָרק.

[9] ווי עס ווייזט אויס איז זיך טועה אונדזער דערציילער; ניט אויפן ווילנער באַנהויף, נאָר אין פאָרשטאָט פּארובאנעק — אַ קליינע באַן־סטאַציע (אַ פּאָלוסטאנעק) זיינען דער דעפּאָ מיט איינריכטונגען א. אַז. וו. געווען.

וואָלט אַזוי ניט געווען, בלייבט דאָך באמת אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי בין איך געבליבן און מורד געווען מיין גורל, וועלכער פאַרמשפּט האָט מיך צום פולשטענדיקן פאַרגיין... עס איז אָבער יאָ אַזוי: בייגעשטאַנען האָב איך אַלעס און גובר געווען, און אפשר בין איך אַזוי פון גאָט געשיקט פון דעם אַלמעכטיקן געשיצט ניט צו ווערן דערשטיקט?!

אַרום סוף פון פעברואַר 1943 (און אפשר איז עס געווען שוין אַרום סוף מערץ, כ׳ווייס ניט גענוי און געדענק שוין ניט), בין איך צוזאַמען מיט א גרעסערער גרופּע יידן, איבערגעפירט געוואָרן אין ווילנער געטאָ (ווי״ג). קומענדיק אַהין איז אונדז גלייך צוגעטיילט געוואָרן איין צימער, אַ געוויינלעכער צימער פאַר 75 מענטשן אינאיינעם. פון דעם אַליין קען שוין קלאָר ווערן, ווי אַזוי האָט מען אונדז אין געטאָ געהאַלטן און טראַקטירט. דער הונגער איז ניט געלינדערט געוואָרן אויף דער מינדסטער מאָס אַפּילו. צו יענער צייט זיינען נאָך געווען אין געטאָ אַרום 17,000 יידן. צווישן זיי — אַ באַדייטנדע צאָל פון יונגע מענטשן, מאַנסביל און פרויען — אַ שיין ביסל קינדער ווי אויך עלטערע מענטשן. אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל איז מען געטריבן געוואָרן צו שווערער אַרבעט אויף פאַרשיידענע פּלעצער; דייטשן האָבן נאָכניט אויסגעקוועטשט פון אונדז דעם קלאָק פון די ביינער און מוסקולן־זאַפט. עס האָט זיך גאָרניט געענדערט; אונטער אַ גוט באַוואָפנטער וואַך — פון קאָפּ ביז די פיס האָט מען אונדז יעדן געפירט צו דער אַרבעט און צוריק — ווערנדיק באַזוכט, אַרויסגייענדיק פונעם געטאָ־טויער און צוריקקערנדיק. טאָמער האָט ווער פאַרשטעקט אין זיינע אַרבל אָדער קעשענעס אַ קאַרטאָפל, אַ שטיקל פון אַ וועלכן ניט איז גרינצייג, האָבן די ליטווישע וועכטער ביים טויער אַלץ צוגענומען און מערדערלעך געשלאָגן — ניט שפּאָרנדיק „מכבד״ צו זיין דערוויל אויך אַנדערע — אומשולדיקע, וואָס האָבן קיין זאַך ניט געהאַט פאַרשטעקט... און אַזוי מאָרגן און איבערמאָרגן, ווידער צו דער אַרבעט, הונגעריק, ניט האָבנדיק קיין שום זאַך אין מויל וחוזר חלילה... יעדן טאָג אַזוי און גאָרניט געענדערט.

— ווי וווּנדערלעך אויסטערליש און אומפאַרשטענדלעך ווי עס זעט אויס, איז עס דאָך אַ ווירקלעכער לעבנס־פאַקט! ביי יידן אין וו״ג (ווי אויך, וואַרשיינלעך, אין אַלע אַנדערע און אין קלענסטע אַפּילו), איז קיינמאָל ניט פאַרלוירן געגאַנגען דער ווילן און דראַנג אָפּצוהיטן (אָן קיין שום קאָמפּראָמיסן און שום פּשרות) דעם „צלם האדם״ — ניט דערמעגלעכן צו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ חיה. איינער דעם אַנדערן באַמיט האָבן זיך צו העלפן, פאַרלייכטערן, מיט וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען. איז גאָרניט געווען צו עסן — און אַ פּיצל ברויט אַפּילו — זיינען פאָרגעקומען מאַסן־פאַרווייַלונגען, שפּילן; משפּחה־פייערלעכקייטן שטילע און געהיימע, אָבער אָפן פאַר אַלע. וויסנדיק ווי שווער

און קורץ איז דאָס לעבן ביי די געגעבענע באַדינגונגען, האָבן זיך אַלע צום לעבן געריסן און געוואָלט אויך כאָטש אַ ביסל, אַ ברעקל געניסן... פאַרגעקומען זיינען חתונות — כאָטש גאָר אויף אַ קורצער צייט פון פאַמיליע־לעבן געניסן.... ענטוזיאַסטיש און פול התלהבות זיינען אויפגענומען געוואָרן די אַלע פאַרווייילונגען און שפּילן. די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג פון אַלע שאַטירונגען און אָנשויאונגען האָט אָנטיילגענומען באַגייסטערט. ווי אויסטערליש דאָס קלינגט — איז עס דאָך ריינער אמת. אין בלוטיקסטע טעג, צווישן מוראדיקסטע „אַקציעס" און כאַפּערייען אויף פּאָנאַר, האָט אַ יידיש־קינסטלערישער טעאַטער עקזיסטירט אין ווילנער געטאָ (ווו״ג) [10] ווו אויפגעפירט האָט מען פּיעסעס פאַרשיידענע, פון בעסטן יידישן ווי אויך אַלגעמיינעם רעפּערטואַר. דייטשן באַפוילן האָבן צו שפּילן טעאַטער... יידן אויסגעפירט האָבן די באַפעלן אויף זייער שטייגער; זעלבשטענדיק, מיט אייגנשאַפטלעכער אָריגינאַליטעט געשפּילט האָבן זיי טעאַטער. עקזיסטירט האָט אויך אַ קליינקונסט־בינע אין נוסח פון אַ קאַבאַרעט, וועלכע אויסגעפירט האָט אַ שורה פון צייטלעך־אַקטועלע לידער און סקיצן — רעווי־פּראָגראַמען, קורצלעך: די קליינקונסט־בינע איז אָנגערופן געוואָרן „די יאָגעניש אין פאַס" — אַ „גלגול" אָדער פאַראַפראַזע צי גאָר אַ וואָרט־שפּיל אויף „דיאָגענעס אין פאַס".[11] עס פלעגן אויך פאָרקומען ליטעראַרישע אָוונטן — ווו שרייבער און דיכטער, האָבן עפנטלעך געלייענט זייער נאָר־וואָס געשאַפענע לידער און ווערק — יידיש צי עברית געשריבן. רעפעראַטן אויף היסטאָריש־ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס זיינען אויך צושטאַנד געקומען. באַזונדערע אָוונטן זיינען געווידמעט געוואָרן פאַר פאָלקס־געזונטהייט און פּראָפילאַקטישע מיטלען קעגן עפּידעמישע קראַנקהייטן.

— אַזוי און ווידער אַזוי געקעמפט האָבן יידן קעגן שונאים אַלערליי און קעגן הונגער אויך גלייכצייטיק... אַ דייטשע פאַראָרדענונג צו שפּילן יידיש טעאַטער אין געטאָ, וואָס שמאַכט פון הונגער — איז ניט אין דעם אַליין אַ שפּיל פון שטן, אַן איינפאַל פון „סיטרא אחרא", צי אַ קאַטאָוועס פונעם מאָדערנעם „ארמילוס הרשע"? [1] — עס איז דאָך אַ נייע ווילדע שיקאַנע פון

---

[10] ווו״ג — ר״ת ווילנער געטאָ. אין ווייטערן טעקסט בלויז ווו״ג.

[11] דיאָגענעס, אַ גריכישער פילאָזאָף פון דער אוראַלטער געשיכטע (אין קלאַסישער עפּאָכע), האָט זיך פון מענטשן אַרום און פון צייטלעכער וועלט זיינער אָפּגעזונדערט און דערווייטערט. אין פאַס האָט ער זיין לעבן געפירט. ביי ליכט פון טאָג פלעגט ער מיט אַ נאַכט־לעמפּל אין האַנט אויף דיגאַסן אַרומלויפן און זוכן אַן אויפריכטיקן מענטשן...

[12] „ארמילוס הרשע" — אַ געשטאַלט פונעם נאַציאָנאַלן לעגענדאַרן אידעאַל און משיח־געשפּין, פון דער גוג ומגוג־מלחמה אין דער „כולו חייב־תקופה" — די כוונה, פאַרשטענדלעך, היטלער.

„מלאך הדומה", כדי מערער צו פאַרפייניקן זייערע קרבנות. ווייל ווי איז דען מעגלעך געווען טעאַטער צו שפילן, ווען אַ שאַרפזין צי אַן אומשולדיק קלוגער וואָרט האָט מיט אַן עפנטלעכער תליה געשמעקט? מיטן דערשיסן צי מיט אַנדערע מיתות פון נאַצישן „בית־דין". האָבן זיי דען ניט אויסגעפירט אַ תליה, עפנטלעך אויף יאטקעווער גאס, ווי אויך פארשיידענע עקזעקוציעס אויך אויף אנדערע פלעצער? אָבער צוליב דער יידישער עקשנות און דויערהאפטיקייט פון נשמה־כוחות צום מאָראַלישן ווי אויך פיזישן פאַסיוון ווידערשטאַנד (און אַקטיוון אויך נאָכדעם), איז מען האַרט און פעסט געבליבן; פאַרמאָסטן האָט מען זיך צו ראַנגלען אויף בייצוקומען אויך דער טעאַטער גזירה פון אשמדאי און ניט צוזאַמענברעכן. אַפילו אונטער לויערנדע שרעקלעכסטע טויט־סכנות האָבן יידן ניט איבערגעריסן דער אינטענסיוו־געפירטער ברייטער און פאַר־צווייגטער קולטור־אַרבעט, וועלכע האָט ניט איר גלייכן ביי קיין שום אומה ולשון. האָט מען טאַקע טעאַטער געשפילט „פאַרשטעלט", וואָרטשפילנדיק און צווידייטיק — במרומז מיט אָנשטויסעניש... האָט מען שמערקע קאַטשערגינ־סקיס ליד „שטילער", אָנשטאָט — „ס'פירן וועגן צו פאָנאַר [13] צו"... געזונגען: — „ס'פירן וועגן אַלץ אהינצו"... און פאַרשטאַנען האָבן אַלע אָן אויסנאַם, וואָס מיינט מען מיטן פסוק...

— אַ סוד איז עס פאַר מיר ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן; אויך היינט אַפילו קען איך ניט פאַרשטיין און בלייב מיט מיין בויערנדער פראַגע: צי איז עס געווען אַ פראָדוקט פון אויסגעפייניקטן און אויסגעמאַטערטן געמיט מיינעם, וואָס האָט געזוכט אַ דערהויבונג פון „יחדיו", פון געמיינזאַמקייט מיט „אחים לצרה?" צי איז עס געווען שוין טאַקע די ווידער־אויפלעבונג פון מיין דערני־דעריקטער מענטשן־ווירדע און אויפסניי בליענדער האַרטנעקיקייט פון „עם קשה־עורף", ווי אויך באַנייטער גלויבן אין מיינע אייגענע כוחות? בדידי הווא עובדא; עס איז אַן אַמתער פאַקט — דווקא אין גרויסן מאַסן־געטאָ, צווישן טויזנטער יידן מיין גלייכן צונויפגעשטויסן, באַרויבט און אויסגעמאטערט — האָב איך מיר ווידער געפילט ווי אַ מענטש און ניט ווי אַ גערודפטע חיה. וויסנ־דיק ווי אַלע, ווי יעדער איינער אין געטאָ, אַז טאָג און נאַכט ווערן מענטשן געכאַפט, ארויסגעשיקט אין פאָנאר און צוריק ניט מער! האָב איך ניט אויפגע־הערט צו פילן זיך אַזוי. און אפשר ליגט דער סוד פון מיין דערהויבונג טיילווייז,

[13] אין שענסטער לאַנדשאפט, אין פראַכטפולן וואַלד פון לאנדוואראָוו־טראָקער געגנט האָבן דייטשן א טויטן־לאגער אויפגעשטעלט. יידישע געטאָ־פאָליציי, „יודנראט"־פי־רערשאפט און דייטשן קודם כל, געלייקנט האָבן שטענדיק און אָפּגעוואָרפן מכל וכל יעדן קלאנג וועגן דעם. אויף געטאָ־מיטינגען פארזיכערט האָבן זיי, אז עס זיינען בלויז איינפאלן און המצאות פון סאָוויעטישער גרויל־פראָפאגאנדע.

אויך אין מאָראַלישן געָנוס און נשמה־באַפרידיקונג פון אָט די אַלע געזונגענע לידער אין אויפגעפירטע רעווי־פּראָגראַמען, וועלכע ביז היינט זינגען מיר אין זכרון, כאָטש אַפילו שווער איז מיר צו באַהויפּטן, אַז כ׳האָב אַלץ פון זיי געזען. איי־ניקע פון זיי געזען האָב איך זיכער; אָוונטן זיינען דאָך געווען ביטערע ביז גאָר, אומעטפולע אָן אַ ברעג — אָבער אַלע האָבן אין געטאָ געזונגען פון רעווי־פּראָגראַמען און אַלץ דערציילט וועגן זיי. איז ווי זשע ניט צו געדענקען? און אָט אַזוי קלינגען נעמען פון אויבנדערמאָנטע אויפפירונגען: „מען קען ניט וויסן"; — „משה האַלט זיך"... און איבערהויפּט געדענק איך גוט „קאָרענע יאָרן און ווייצענע טעג"[14] אָט אַזוי געדענק איך נאָך היינט ווערטער אויפגע־כאַפּטע פון יעדן אין וו"ג — אַפילו אנטוויכן איז פון זכרון זייער „ניגון". צו קענען די ווערטער האָט מען אַפילו אין טעאַטער ניט באַדאַרפט צו קומען. יעדער איינער האָט זיי געזונגען — לויט ווי איך געדענק, ציטיר איך פון זכרון:

אַ צייט איצטער פון הידראָפּלאַנען,[15]
פון שטאָל אייזן און בעטאָן;
איבער דעכער פליען באַנען,
אַלצדינג ניט ווי אַמאָל.

ווייל וואָס דער עיקר?
שעם זיך ניט, זאָג אויס
וואָס דיר קוועלט...
גייסט אַרום פאַרשיכורט
און טראַכסט: וואָס געוואָרן
איז מיט דער וועלט?
עס איז ניט היינט צו קלערן,
קיין קושיות ניט צו פרעגן
ס׳איז קאָרענע יאָרן
און ווייצענע טעג.

[14] ווערטער־שפּיל, א פאַראפראזע אויפן יידישן פאָלקס־ווערטל; קאָרענע יאָרן און ווייצענע טעג. א ליד, פארפאסט פון כתריאל ברוידא, וואָס איז מיט זיין פען־חבר לייב ראָזענטאל צוזאמען, ערגעץ־ווו ביי קעניגסבערג, אריינגעוואָרפן געוואָרן דורך דייטשע תליינים אין באלטישן ים.

[15] א צייט פון הידראָפּלאנען — אן אָנדייטונג אויף דער ארבעט אין פארובאנעק, ווי אויבנדערמאָנט.

— אזוי געגאַנגען איז אונדזער לעבן; טאָג איין, טאָג אויס און נאַכט אין נאַכט פלעגן שפּורנלאָזז פון וו״ג נעלם ווערן צענדליקער און טיילמאָל הונדערטער מענטשן. צוריקגייענדיק פון אַ מין קולטור־פּאַרווייילונג אַזעלכער, האָט מען הערן געקענט געוואַלדן און געשרייען אין דער נאַכט. געדראָט האָט די געפאַר אויף אַליין געכאַפּט צו ווערן. געוווּסט האָט יעדער זיכער, אַז ווידער האָבן געגנס פּאַרזיצער פונעם „יודנראַט״ און דעסלער — קאָמענדאַנט פון געטאָ־פּאָליציי אויסגעליפערט דער טויט־מאַשין אין פּאַנאַר אַ פּאָר הונדערט נפשות. זיי האָבן נאָכניט אויפגעהערט און געשיקט נאָך... כל זמן עס זיינען געווען אַלטע און קראַנקע האָט מען זיי קודם אַוועקגעפירט; שפּעטער גענומען האָט מען זיך צו פרויען אָדער קינדער, צו מענער, וועלכע זיינען שוין אַליין געבליבן, ווייל זייערע משפחות האָט מען שוין לאַנג דעפּאָרטירט. טעאָרעטיש גענומען, האָב איך זיכער אויך זיין געקענט אַ „קאַנדידאַט״ אויף פּאַנאַר... ווייל אַליין בין איך געווען דאָרט. אָבער ניין! כ׳וועל מיר ניט לאָזן! — באַשלאָסן האָב איך. געגלויבט האָב איך פעסט דווקא, אַז איך וועל אַלעס איבערלעבן... געגלויבט האָב איך זיכער אַז מיין פרוי און טעכטער לעבן און וואַרטן אויף מיר. מיר וועלן ווידער זיין צוזאַמען — כאָטש ווייט, נאָך ווייט איז דער וועג... איך וועל לעבן און דערלעבן; כ׳וועל אַרויס! — צעשפּילט האָט זיך מיין נשמה מיטן גאַנצן כוח, לוסט און מוט צום קאַמף פאַרן לעבן. כ׳האָב מיר שוין אַפילו אַ שפּיל געטון מיטן געדאַנק פון געטאָ צו אַנטלויפן. כ׳האָב מיר שוין געזען אַפילו אין באַוואָפנטן קאַמף מיטן דייטש. כל עצמותי, רמ״ח אברים און שס״ה גידים געגאַרט האָבן פון געטאָ אַרויס, צו אַנטרינען.

— העכער דריי מאָנאַט בין איך געווען אין וו״ג — אינעם צוגעטיילטן צימער ווי אויבנדערמאָנט אויף אַשמיאַנסקע 6. אומדערוואַרט און פּלוצלונג אַזוי, איז אויך מיר געגעבן געוואָרן די פון לאַנג אויסגעגאַרטע געלעגנהייט אויסצו־וויכן און פאַרשווונדן ווערן. אַזוי געטראָפן האָב איך צופעליק מיין בעסטן יוגנט־חבר לייבע פּאַלאַנט פון דאַלהינעוו. (ער איז שפּעטער נאָך אַלעמען עולה געווען קיין ישראל; צי לעבט ער נאָך היינט ווייס איך ניט). פון לאַנג איז ער שוין געזעסן אין וו״ג און אַן אָרט געהאַט ביי זיינער א שוועסטער. זיי ביידע זיינען שוין אויך אַקטיוו געווען אין פ. פ. א.־קעמערלעך (פּאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע. אין ווייטערן טעקסט בלויז ר״ת; פ. פ. א.), וועלכע האָט שוין דאַן געהאַט אויסגעברייטערט און פאַרוויקלט פאַרבינדונגען מיט דער אַלגעמיינער אונטערערדישער באַוועגונג און אויך מיט פּאַרטיזאַנער אין רודניצקער און נאַ־ראָטשער פּושטשעס. פּאַרטיזאַנער פלעגן שוין אַראָפּקומען פון דאָרט אין געטאָ אַרויסצונעמען מענטשן. די געטאָ־באַפעלקערונג האָט שוין אויך געוווּסט דער־פון. לייבע פּאַלאַנט האָט מיר טאַקע דערקלערט, אז כ׳דאַרף ניט בלייבן שטעקן

אין וו״ג, עס איז קיין תכלית. עס איז דאָ אַ וועג וואָס פירט אַרויס; מען דאַרף אָבער אַ הייס געווער (כאָטש אַ קליינעם רעוואָלווער!) און „שמירן" דאַרף מען אויך; ד. ה. עס דאַרף קאָסטן... איך האָב מיר ווי עס איז אמת גלייך אָנגעכאַפּט, כאָטש געהאַט האָב איך שוין דאַן בלויז אַ פּאָר צענרובלדיקע, האָב איך זיי גלייך אַוועקגעגעבן פּאַלאַנטן, כדי לאָזן מיר אַן אָפענעם וועג פון געטאָ אַרויס. גלייכצייטיק געבעטן האָב איך לייבען ער זאָל מיר אויך פאַרבינדן מיט פּ. פּ. א.־חברים און מיט וועמען מען דאַרף, כדי מיר אַן עצה צו געבן ווו און ווי אַזוי אַ געווער צו קריגן?

אָנגעהויבן האָט זיך פאַר מיר אַן אומגעדולדיק־שפּאַנענדע וואַרטעניש, אויפן מאָמענט און גליקלעך־דערלייזערישער שעה. אַ פּאָר וואָכן האָט עס געדויערט; אַלע פאַרבינדונגען געמאַכט אָבער צו געווער האָב איך מיר בשום אופן ניט געקענט דערשלאָגן. סוף אַפּריל ביז מיטן מאַי 1943 (זייט מיר מוחל, איך געדענק ניט!) האָט אויך אויפגעשיינט מיין טאָג און אויסגעשלאָגן ענדלעך די שעה!... חברים פון „געהיימער אָרגאַניזאַציע" (פּ. פּ. א.) אויסגעשטעלט האָבן מיין וועג — אַ באַפעל מיט אַן ארבעטשיין אַרויסצוגיין אין „ווייסע־וואקע"[16] — אַ לאַגער פאַר טאָרף־אַרבעטער — געפירט האָבן מיר מיט נאָך אַ פּאָר יידן צוויי יידישע געטאָ־פּאָליציאַנטן (ביידע חברים פון פּ. פּ. א. אין געהיים). אַזוי בין איך אַרויס; לייבע פּאַלאַנט איז ניט מיטגעגאַנגען און כ׳ווייס ניט פאַרוואָס. ער איז נאָך געבליבן אין וו״ג ביז צו דער ליקווידאַציע און ערשט דאַן אַוועק.

מיינע אַרויסהעלפער — די צוויי יידישע געטאָ־פּאָליציאַנטן און (ווי אויבנ־דערמאָנט) געהיימע פּ. פּ. א.־חברים האָבן אונדז ניט אַריינגעפירט בכלל אין לאַגער. ניט ווייט פון דאָרט (פונעם טאָרף־לאַגער) געוואַרט האָבן שוין אויף אונדז יידן אין אַ גרעסערער גרופּע מיט צוויי באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן די פּאַרטיזאַנער און אויך אַליין, זיך איינגעשלאָסן אין דער גרופּע. אַלע האָבן זיך שנעל אַ רוק געטון; די פּאַרטיזאַנער געפירט האָבן אונדז אויף וועגן קיין נאַראָטשער פּושטשע. צום גרויסן אומגליק האָבן מיר ניט אויסגעמיטן אַ פלוצלונגן ניט דערוואַרטן איבערפאַל פון ליטווישער געהילף־פּאָליציי, וועלכע האָבן אונדז, אין אַלגעמיין אומבאַוואָפנטע באַשאָסן זייער שטאַרק. ביי אַ 25 יידן אין דער גרופּע אונדזערער זיינען געפאלן אַלס קרבנות און געבליבן אויפן וועג... ערע זייער אָנדענקען! פאַרן מוט און דרייסטקייט פון געטאָ אַרויס — מען איז

[16] ביעלא־וואקי, א דאָרף ביי א 13 קילאָמעטער ווייט פון ווילנע. דייטשן האָבן דאָרט אויפגעשטעלט א „טאָרף־לאגער" ווו געארבעט האָבן א 200 יידן פון וו״ג. יולי אָדער אויגוסט 1943 האָט מען זיי אַלע געבראַכט צוריק אין וו״ג. געארבעט דאָרט האָט אויך דער דיכטער הירשקע גליק — אויטאָר פון „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

זיך צעלאָפּן בדרך כלל. אינעם טומל האָבן דערווייל איך מיט נאָך אַ פּאָר יידן אָפּגעזונדערט אונדז און באַשלאָסן „דורכצוזייען" זיך און פאַרנעמען אויפן וועג צו מיאַדלער וועלדער. געמיינט האָב איך אפשר צו טרעפן דאָרט עמעצן פון היימשטעטל און געגנט; געהאָפט האָב איך אויך, אַז אין יענעם אומגעגנט — ווו געהאַט האָב איך אַ סך באַקאַנטע און גאָר אַ גוטן נאָמען צווישן קריסטן — וועט מיר אפשר לייכטער זיין ווייטער צו פירן מיין גרויסן לעבן צו בלייבן.

— אַזוי אין וועג געווען זיינען מיר אַ שיינע פּאָר וואָכן און דערשלאָגן זיך סוף כל סוף אין וועלדער אַרום מיאַדל. טיף אין וואַלד — פון הויפּטוועג און שטעגלעך ווייט — אָפּגעזוכט האָבן מיר אַ פּלעצל און אַן ערד־שטיבעלע אויס־געגראָבן צו באַהאַלטן זיך און נאַכט־שלאָף. טאָג־שעהן — האָבן מיר גאַנצע טעג אונטער פרייע הימלען דורכגעטריבן. מען איז דאָך פאַרשטענדלעך אויך הונגע־ריק געווען. מען האָט געדאַרפט אויך עפּעס צו עסן... פלעגן מיר פון צייט צו צייט מיט חוצפּה זיך באַוואָפּענען און אַרויס אין נעכט מיט דער העזה איבער די הייזער אין דערפער אַרום — כדי אויסצובעטן עסן ביי פּויערים. עס איז אויך נויטיק צו באַמערקן, אַז אַ סך קריסטן געגעבן האָבן טאַקע ניט אויס רחמנות נאָר צוליב מורא... פּאַרטיזאַנער־איינהייטן באַוואָפנטע פלעגן שוין גאַנץ אָפט (צו יענער צייט) אַראָפּקומען פראַנק און פריי צו פּויערים און נעמען וואָס זיי האָבן געוואָלט. טיילמאָל האָבן מיר אַליין אויך פאַרשטעלט זיך אַלס פּאַרטי־זאַנער מיט מאַך־אַנגעפּילטע רעוואָלווער־שיידן אָדער מיט אויסגעטאָקטע היל־צערנע ביקסן. די סביבה איז שוין געווען כמעט אינגאַנצן אונטער פּאַרטיזאַנער־הערשאַפט. ניט קוקנדיק אויף דעם, פּאַסירט האָט ניט איינמאָל, אַז מען האָט אונדז אַרויסגעיאָגט אָנרייצנדיק הינט אויף אונדז — ניט געבנדיק אַפילו אַן אויסגעטריקנטער דאַרער „ברויט־סקאָרינקע"... אַרומגעגאַנגען זיינען מיר נאַקעט און באָרוועס און געווען זיינען אויך נאַסע און קאַלטע רעגנדיקע נעכט. מיר האָבן זיך נאָך אַלץ געשראָקן, טאָמער וועט עמעצער וועגן אונדז איבערגעבן און שונאים וועלן אונדז אַנטדעקן. געפרייט האָבן מיר זיך מיטן גורל אונדזערן און זיכער אַנטשלאָסן פעסט, אַז דורכגיין וועלן מיר! אונדזער גורל דערפירן וועט אונדז צו אַ זיכערן ברעג. צוטליעט און אָנגעצונדן האָט זיך אין מיר אַ פעסטער גלויבן, אַז גאָר ניט ווייט פון אונדזער וואַלד וואַרטן אויף מיר מיינע בני־משפּחה און קומען וועט שוין אַ טאָג פון גליקלעכן זיין צוזאַמען.

## דער וועג צוריק אַהיים

אין דער צווייטער יולי־וואָך 1944 געהערט האָבן מיר אין וואַלד זיצנדיק, אַז אַרום ווילנע שפּילן זיך שוין אָפּ פאַרביסענע קאַמפן און עס איז ניט אויסגע־שלאָסן, אַז די שטאָט קען אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג באַפרייט ווערן. דייטשן

האָבן געהאַלטן אין איין צוריקציען זיך און אָפּטרעטן — ווערנדיק אַלץ מער און נאָך מערער איינגעקלעמט אין אַ געשלאָסענעם פּאַנצער־רינג — אונטערן מעכטיקן דרוק פון פאָרווערטס מאַרשירנדע סאָוויעטישע אַרמייען. פריילעכער איז געוואָרן אויף די הערצער; געמיינט האָט מען אַז עס קומט שוין פאַר אונדז די ענדע פונעם „גלות" און מען וועט שוין קומען צוריק אַהיים. ניט אַזוי טוט זיך אָבער ווי מען גלויבט און האָפט. עס איז נאָך ווייט געווען... דערווייל האָט מען זיך גע־קוויקט מיט די געהערטע ידיעות בלויז. און דאָס איז שוין אויך געווען אַ טרייסט. אַ בעסערע אויסזיכט אויף דער צוקונפט. דערווייל אָבער האָבן מיר אַ סך געמוזט אויסצושטיין ביז געזען האָבן מיר בעסערע סימנים־אָנזאָגער פון בעסערע טעג.

— גערדאַרפט האָבן מיר אויסהאַלטן שווערע וואָכן און טויט־סכנותפולע חדשים פון דייטשער בלאָקאַדע, הונגער און נויט, רעגנס און ווינטער־שנייען. מערער ווי אַ יאָר האָבן מיר אין וואַלד דורכגעמאַכט; פריער — אַליין מיט נאָך אַ פּאָר יידן; שפּעטער — אין פאַרבינדונג מיט אַ פאַמיליען־לאַגער אונטערן אויפזיכט פון פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן אָבער ניט אָנגעשלאָסן אין אים. ביז היינט ווייס איך ניט, ווי אַזוי איז אונדז געלונגען אויסצומיידן די גרויסע אָבלאַוועס אין דער אייזן־שטאָלענער בלאָקאַדע אויף פּאַרטיזאַנער־איינהייטן און „וואַלד־באַפּעל־קערונג", אַזוי ווי איך און אַנדערע ניט באַוואָפנטע. שוין סוף מאַי 1943 האָבן דייטשן געשפּירט, אַז „זייער פערד איז שוין אויסגעריטן"... זייערע כוחות ווערן אַלץ מערער אויסגעשעפּט און קומען וועט שוין זייער ביטערער סוף. געוואָלט האָבן זיי כאָטש בלייבן מיט זייערע הויפּט־כוחות, צוריקציען זיך ביז צו אַלטע פּויליש־סאָוויעטישע גרענעצן און צעמענטירן דאָרט זייערע פאָסטן־ליניע אַלס באַזע אויף אַ נייעם אָנגריף, וועלכער וועט זיי אפשר געלינגען. געמוזט האָבן זיי דעריבער אָפּריייניקן די וועלדער אויף הויפּטוועגן און שאָסייען פון פּאַרטי־זאַנער און אַנדערע שטערנדע כוחות, ווי אומצופרידענע פויערים אויסשפּירער. איך וועל ניט דערציילן וועגן די אַלע אויבנדערמאָנטע געיעגן אַריינטרייבן אונדז אין אַ געשלאָסענער „פּעסטקע" — מיר זאָלן דאָרט אויסשטאַרבן פון הונגער און אויסמאַטערניש. כ׳גלויב אַז די פּרטים דאַרפן דערציילט ווערן פון קריווי־טשער פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן אַקטיוו געקעמפט אין פּאַרטיזאַנער־רייען.

— אַזוי האָבן מיר אין וועלדער אַרום מיאדל געוואַנדערט ביז יוני 1944. דערווייל האָבן זיך אויך אָפּגעשפּילט נאָך געיעגן און אָבלאַוועס שטאַרקערע דאָס־מאָל און ניט דורכרייסבאַרע. די צוריקלויפנדע דייטשע כוחות פון מינסק וואָס איז באַפרייט געוואָרן אין דריטן יוני 1944, האָבן ווידער געמאכט אן ערנסטן פּרווו אויסצושפּרייטן אַ פּאַנצער־וואַנט און פאַרהאַלטן די אָנגרייפנדע סאָוויעטישע פּאַנצער־מאַשין אין אומפאַרמיידלעכן מאַרש אויף ווילנע און ווייטער. צום

גליק אונדזערן האָבן זיי ניט דערגרייכט שוין אַזוי טיף צו וועלדער ווו מיר זיינען געווען צוליב מאַנגל אין צייט. דעם 23־סטן יוני 1944 האָט די בלאָקאַדע פאַרלאָרן דעם אָטעם. שנעל ווי מעגלעך האָבן דייטשן געמוזט צוריקטרעטן און לויפן — צוליב דער גרויסער סאָוויעטישער גענעראַל־אָפענסיווע. די לעצטע יוני־טעג זיינען שוין געקומען צו אונדז פּאַרטיזאַנער באַוואָפנטע קריסטן ווי אויך יידן, וואָס האָבן געצויגן ווייטער. געלאָזן האָבן זיי אונדז אַ ביסל עסנוואַרג טרייסטנדיק אונדז: „עס קומען שוין אונדזערע רויטאַרמייער, מען וועט שוין באַלד אינדערהיים זיין"... אַזוי געקומען זיינען שוין האָפענונגספולע טעג אויך פאַר אונדז. יעדן טאָג כמעט דורכגעגאַנגען זיינען פּאַרטיזאַנער, טיילמאָל אויך יידישע גרופּן, וועלכע געשטורעמט האָבן אויסצופּילן זייערע קאַמף־אויפגאַבן און „זאַדאַניעס". איך און נאָך אַ פּאָר חברים מיט מיר (כ׳באַדויער שטאַרק, אַ שאָד! ניט געבליבן זייערע נעמען אין זכרון) האָבן שוין אַפילו געוועג באַקומען. דעם צענטן אָדער עלפטן יולי זיינען דורכגעפאָרן אויטאָמאָבילן פולע מיט יידישע חברה; צווישן זיי אויך אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע „ווילנע". זיי האָבן אונדז צוגע־רעדט פאָרן מיט זיי אין ווילנע. כאָטש אונדזער סביבה איז שוין כמעט באַפרייט געווען, זיינען נאָך געווען סכנות גרויסע צוליב אויסבאַהאַלטענע דייטשן און „פּאַרטיזאַנער" פון צווייטן זייט. אַלע מיטאַרבעטנדיקע מיטן שונא, געשפּירט האָבן אַז „עס ברענט שוין אונטער זייערע פיס" און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין וועלדער. געצויגן האָט מיר שטאַרק אַהיים און דאָך בין איך געפאָרן מיט דער „חברה" ווילנע. אַזוי זיינען מיר געווען שוין דעם צוועלפטן יולי אין ווילנע; אין שטאָט האָבן זיך אָפּגעשפּילט נאָך גאַסן־קאַמפן פון גאַס צו גאַס, פון שטוב צו שטוב — מיינע חברים פּאַרטיזאַנער פון דער חברה האָבן מיט מוט און לוסט געקעמפט; אויך מיר איז צוגעטיילט געוואָרן אַן אויפגאַבע: אָפּצוהיטן אָרדענונג און אַכטונג געבן אויף ציווילער זיכערהייט. גיי איך אויף „דייטשע" גאַס און „ברייטע" גאַס מיט אַן אמתן רעוואָלווער אין האַנט. אָט בין איך אין צענטער פון געטאָ — אויף יידישער גאַס, אויף שטראַשון, אָשמיאַנסקער, אויף יאַטקעווער — ווו דייטשע תליינים אויפגעהאָנגען האָבן חוויניקן — כ׳הער ווי מיין געקרענקטע און אויסגעפּייניקטע נשמה פליסטערט צו מיר מיט זאַנפטער פרייד; עס איז גוט מענדל ראַבינאָוויטש! אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר; זיך אויסגע־וואַלגערט און געוואַנדערט. דייך גערעאַנגל צום לעבן האָט געזיגט, באַקרוינט מיט אַ נצחון. פון וו"ג אַרויס אַ קעמפער, צוריקגעקומען אין דער באַפרייטער שטאָט. עס איז גוט, מיר פאָרן באַלד אַהיים....

אויף מאָרגן דעם דרייצנטן יולי 1944 איז די גאַנץ שטאָט שוין באַפרייט געוואָרן; דייטשן זיינען אָפּגעטראָטן און ווייטער שנעל געלאָזט זיך לויפן. סאָוויעטישע מאַכט האָט שוין איינגעאָרדנט אַלע אַמטן פון ציווילער מאַכט. איך

בין נאָך געבליבן אַ פּאָר וואָכן אין ווילנע, מאָביליזירט אַלס אַ מיטגליד פון דער רויטער מיליציע אין שטאָט. אַ ביסל שפּעטער אַרום ערשטע טעג פון אויגוסט 1944, איז שוין נאָרמאַליזירט געוואָרן דאָס ציוויל-לעבן אין שטאָט; אַלע אַמטן געאַרבעט האָבן שוין סטאַביל און רעגולער. כ'האָב שוין דערשפּירט, אַז כ'דאַרף מיר גרייטן. די מאַכט האָט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע ווי אויך אַן אַנקעטע — ווער פון ניי־געקומענע וויל אין ווילנע בלייבן — ווער וויל אַהיים פאָרן צו זייניקע — מיר האָט אַהיים געצויגן שוין פון לאַנג; אַ ניט צעטרייסלבאַרער גלויבן געוואַרעמט האָט מיר, אַז מיינע דערוואַרטן מיר מיט אומגעדולד. געהערט האָב איך, אַז וועגן זיינען שוין פריי; אַלץ רואיק, מען קאָן שוין פאָרן. איך האָב באַשלאָסן ניט צו בלייבן און פאָרן אין קריוויטש. צו מיין גרויסער און גליקלעכער פרייד האָט מיר מיין גלויבן ניט געלאָזן אַנטוישט; געפונען האָב איך מיין פרוי ווי אויך מיין יינגערער טאָכטער (דרייצן יאָר אַלט). אונדזער שותּפותער פרייד איז ניט צו באַשרייבן..

— זייער לעבנס־געראַנגל, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געראַטעוועט איז ווידער אַ קאַפּיטל פאַר זיך. כ'וועל נאָר בקיצור דערציילן וועגן דעם.

— ווי שוין פריער דערציילט זיינען מיין פרוי און יינגערע טאָכטער גע־בליבן אין קריוויטש נאָך מיין אַנטלויפן. אַ פּאָר טעג נאָכדעם, געקומען איז דער באַפעל, אַז יידן זאָלן איבערגיין אין געטאָ — אין צוויי אויסגעזונדערטע הייזער צו דעם צוועק. ווי זיי דערציילן ביידע, זיינען זיי אויך מיט אַלע צוזאַמען אָפּגעוועזן דאָרט ביז דער דריטער אָקטאָבער־וואָך 1942 — כאָטש צווישן סוף סעפּטעמבער און מיטן אָקטאָבער האָבן שוין אַ פּאָר יחידים, אַ צוויי פאַמיליעס געמאַכט „ויברח" אָדער געוועזן אויפן וועג — ווי מיין שוואָגער און שוועגערין בונימאָוויטש צ. ב., בנימין דער שניידער, וועלכער איז באמת ניט געוועזן אין געטאָ נאָר אַנטרינען דאַן, מאַריאַשע באָטווינ יק (מיט איר מוטער ציפּילעוויטש) און טאָכטערל זיינען שוין אויך גרייט געוועזן צו אנטלויפן. צווישן ראש השנה תש"ג און יום כיפור, האָט מען שטאַרק גערעדט שוין, אַז דייטשן גרייטן זיך צו דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון קריוויטשער יידן. מיין שוויגער — מיין ווייבס מוטער, אַ יידענע פון 80 יאָר האָט געטריבן מיין פרוי און טאָכטערל אַוועקרוקן זיך; זי האָט ניט אויפגעהערט און געצוווּנגען זיי דערצו — אַרגו־מענטירנדיק, אַז זי אַליין קען שוין ניט מיטלויפן און צו וואָס באַשווערן זיי? זי האָט שוין דאָס לעבן אירס אָפּגעלעבט. ניט גענוג דען 80 יאָר? זיי אָבער מוזן ראַנגלען זיך צו בלייבן לעבן, מענדל לעבט און וועט בלייבן לעבן! אויך דערפאַר מוזן זיי ביידע אַוועק.

צוויי טעג נאָך יום־כיפור תש"ג (אָקטאָבער 1942) זיינען מיין פרוי און טאָכטערל מיט נאָך עטלעכע פרויען צוזאַמען אַוועק פון שטעטל. אונדזער רבקה!

מיטצונעמען איז שוין צו שפּעט געווען... זי איז שוין דערשאָסן געוואָרן. (ס'איז לעכערלעך באמת, אָבער ווידער מוז איך מחילה בעטן; זיי געדענקען ניט און איך אַוודאי ווייס ניט ווי און מיט וועמען זיי זיינען אַוועק פון שטעטל). איבער פעלדער און וועלדער געווען איז זייער געלויף; געזונקען האָבן זיי אין זומפּן און בלאָטעס און מיט לעצטע כוחות דערשלאָגן זיך אין וועלדער אַרום ניעוויערייע אין געגנט פון קאַמיענאַיאַ. אַ קריוויטשער — קאַפּלאַן אויפן נאָמען מיט זיינע קינדער האָבן אַרויסגעהאָלפן דער פרוי מיינער און אויסגעפּאַרטיקט אַ „זיעמ־ליאַנקע״ פאַר זיי איבערצווינטערן, ווייל עס זיינען געווען שטאַרקע פרעסט ווי אויך רעגנס נאָכדעם. מיין ווייב האָט נאָך פאַרבאָרגן געהאַט מיט זיך אַ ביסל גאָלד־רובל, האָט זי דערמיט געהאָלפן אויך דער קאַפּלאַן־פאַמיליע. אַזוי האָבן זיי דאָרט געווינטערט, אויסגעפרילינגט און אויסגעזומערט וחוזר חלילה — ווידער דורכגעטריבן אַ ניט לייכטן (און ווידער) ווינטער און פרילינג ווי אויך נאָך אַ זומער אַ גאַנץ כמעט — ביז געקומען די גליקלעכע שעה פון באַפרייט ווערן. אַזוי זיינען זיי אויך געיאָגט געוואָרן מיט אָבלאַוועס און געיעגן, פאַר יעדן ווינטל זיך געשראָקן און ווייטער געלאָפן און זיך אומגעקערט. צייטן זיינען געווען, וואָס פאַרשמאַכט פון הונגער כמעט אויסגעגאַנגען. ניט איינמאָל האָט מיין ווייב געבעטן אויף זיך דעם טויט... די טאָכטערל אָבער האָט איר דערמאָנט דעם חוב צו בלייבן לעבן.

— אַזוי — נאָך דער באַפרייאונג ווען איך בין געקומען אהיים, געפונען האָב איך זיי קראַנק און שוואַך, אויסגעמאַטערטע — נאַקעט און באָרוועס. דערציילט האָבן זיי, אַז אונטערן דרוק פון הונגער, זיינען זיי ווי אַלע אַנדערע געגאַנגען בעטלען עסן ביי פּויערים אין דערפער. געווען זיינען צייטן, ווען מען האָט זיי אַרויסגעיאָגט און גאָרניט געגעבן. שפּעטער איז מען צו זיי בעסער געוואָרן מער פריינטלעכער, מען האָט שוין געגעבן... געפילט האָט מען שוין אַנדערע ווינטן...

אַזוי — אינדערהיים צוריק. שנעל פאָריבער און דורכגעלאָפן די פריידיקע שעהן פון באַגעגעניש אויפסניי. ווידער געדריקט האָבן אויף אונדזערע געמיטער, אויף אַלע צוריקגעקומענע, די אומעטיקע ביטערע און שאָטנהאַפטע שעהן פון אַ לעבן אַ פּוסט און וויסטן, פון אַ צעשמעטערטער היים אין חרובער היימשטעטעלע. געמאַטערט אונדזער באַוווסטזיין און געוויסן האָט די ברענענדע פראַגע: ווי אַזוי איז עס דען מעגלעך ווידער אויפבויען אַ לעבן אויף בלוטיקן טרויער און איינזאַמען עלנט אויף קברים, אויף אַ גרויסן ברודער־קבר?

**אינדערהיים און פרעמד**

— לאַנגזאַם, ביסלעכוויז, האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען אין היימשטעטל רעשטלעך פון אַנטלאָפענע לעבן געבליבענע קריוויטשער. איינציקוויז — קוים

ובאים. החילונו לעשות כל ההכנות לחוג ימי „זכרון תרועה" ויום הד־ן. הפעם רצינו לעשות הימים ולחוג אותם כהלכה בביתנו. הן מאז גלינו מביתנו לא יכולנו לעשותם כיאות וכדין. יש לדאוג לפחות למניין, לספר־תורה, לבשר כשר וכל הדרוש. רעייתי בושקה וגיסתי פייגל נחלצו ונסעו לווילנא לדאוג למספר עניינים הקשורים בהכנות לחגים. הן שבו והביאו עמהן ספר תורה, מספר „חומשים" וסידורים, תפילין, שופר וכיוצא באלה. החילונו לדאוג גם למניין, כיוון שלא היו גברים במספר הדרוש לתפילה בצי־בור. הודות למאמצינו עלה לגייס גברים (בנוסף לאלה שהיו) מבודסלב, מדולהינוב וקורניץ.[10] אני עצמי שימשתי כחזן לכל; שחרית ומוסף, מנחה וערבית וביום כיפור „לכל נדרי" ערבית, שחרית ומוסף, מנחה ו„נעילה" וערבית. תקענו בשופר בימי ראש השנה ובמוצאי כיפור התקיעה הגדולה וקראנו הקריאה המסורתית „לשנה הבאה בירושלים!" אף כי רחוקה היתה משאת נפשנו מכדי הישג ידנו... כל באי המניין אכלו יחד עימנו בצוותא. כך חגגנו גם סוכות ושמחת תורה. כך חגגו שרידי קריביץ' אודים מוצלי־ם מאש את חגי ישראל. את אשר הרגשנו אין לתאר: אותם רגשות של יתמות, שכול ואלמון שאפפו אותנו יכול היה להביע צלם אמן, פייטן או צייר אמן מחונן. היה זה „קיבוץ" מועט ודל משארית הפליטה של עיירתנו ושכנותיה; אחד ממשפחה ושניים מעיר...

## לסופה של דרך וקץ הנדודים

תמו פגעים ותלאות שלי ושל משפחתי, מנת חלקנו באוקיאנוס הדמים ודרכי נדודינו מעיירתנו הרחומה, עד הגיענו לחוף מבטחים. לא היתה לפנינו דרך אחרת. שערי העלייה לארץ־ישראל היו סגורים. כלום יכולנו לחכות לתוצאות המאבק על פתיחת השערים? לא יכולנו עוד לחכות... ב„גלותנו" החדשה, באמריקה ציפו לנו בני־משפחה וכלתה נפשנו להתרפק על נחמה ומנוחה כלשהי בצל קרובים שלא חזו מבשרם כל האימים והזוועות שבאו עלינו.

תמו גם רשימותי ואין אני יודע מה ערך להן לגבי הכלל היהודי ואיזו היא מהותן האובייקטיבית. הרי סוף־סוף אינני רושם קורות העיתים. על קר־ביץ' העיירונת לא נשאר לי עוד מה לספר, על י"א אייר — (יום שואת עיירתנו ויום הזכרון הכללי של כל קדושי קהילתנו) הראשון לאחר שובנו ולאחר שובם של שאר השרידים אליה, לא אספר. וודאי סיפרו ומספרים זאת אחרים מבני העיירה. לא אספר איפוא על ליקוט עצמות ושרידים של קדושינו וכיצד הבאנום

---

10 משהו לא סביר נראה לנו בדברי המספר: אפשר והוא משתבש ומחליף שבתות ראשונות לאחר שובם לעיירה בימים ובמועדים הנ"ל. לפי המסופר ע"י אחרים היו כבר יותר ממניין גברים שחזרו. אלה שהגיעו מבחוץ לעיירה היו בנוסף.

כדת וכדין לקבר ישראל בבית העלמין של העיירה, שטוהר על ידנו. מילאנו החוב הקדוש כלפי כל וכולם. גמלנו חובנו לרב ובני ב־תו וכל השאר. ביצרנו קברות האחים הפזורים בכל מקום ואמרנו קדיש „ואל מלא רחמים״ לכל ולכולם. אחרים יספרו זאת ביתר פירוט.

זכות גדולה נפלה בחלקם של כל יוצאי עיירתנו בישראל. זכות השמירה על גחלתה ונרה של קריביץ׳. מהם יצאה היוזמה ל„נר־תמ־ד — ספר יזכור״. כי על כן „אווירא דארץ־ישראל מחכים״. יפה להם זכות הבכורה, כי הם ממשיכי השרשרת מני אבות אלי בנים — שרשרת מסורתה של עיירה מישראל שנכרתה מארץ החיים. רואה אני גם זכות מיוחדת ל׳, באשר שיתפוני בעבודת קודש זו. מי יתן ויבוא השלום לישראל ולתבל כולה; יגילו וישמחו אז יהודים בכל אתר ואתר. תיתי להם לבני עירי ולעורך, נכבדי מתתיהו בר־רצון נ. י. על שלא איבדו אמונתם ועשו עבודת הקודש.



במחנה העבודה הגרמני בקניאהינין

משמאל לימין: — רעיה קופלוביץ׳, סימה וולקיבר — (אפלבאום כיום) ארה״ב שרה (מרה) וולקובר ז״ל, איטקה שוד. הגברים חיילי־מילואים מהולאנד שגויסו בידי הנאצים

שלמה בלאכער (ברוקלין)

# קריוויטש – פראגמענטן און קנאה־טענער פון נשמה

„דיין פול אלפארביקער פראכט. אויך היינט זע איך און באשרייב, ווייל איך גאַר און ס׳בענקען ציט מיך״
אדאם מיצקעוויטש — „פּאַן טאדעאוש״

**וואָרצלען**

עס איז שוין פון דער נאַטור אַזוי: יעדן מענטש, צי יונג צי אַלט, אָרעם אָדער רייך, גוט באַגאַבט צי אומפעאיק און ווו ער זאָל ניט זיין — בינדן פיל פאַרבאָרגענע פעדעם און קניפּן צו דער שטאָט, שטעטל אָדער דערפל צי סתם אַ ישוב, אַן אָרטשאַפט, ווו ער האָט צוערשט זיינע אויגן געעפנט און ערשטן בליק זיינעם אויף דער וועלט געגעבן. אַזוי איז עס לענגאויס דעם לעבנסוועג פון געבורט ביז צום ראַנד פון קבר. אַזוי איז דאָס און עס איז ניט מער צו ענדערן.

וויפל לידער און הימנען, לויב־געזאַנגען ווי אויך עלעגישע טענער פונעם מענטשלעכן בענקען און אומעטיק־באַטריבטער נאָסטאַלגיע צו געבורט־אָרט־שאַפטן, קינדער־יאָרן (אינדערהיים) און יוגנט־לאַנדשאַפטן, זיינען פון ברויזנ־דע הערצער אויסגעגאָסן געוואָרן און אויפן פּאַפיר געשריבן. האָט ניט דען דער גרויסער פּוילישער נאַציאָנאַלער דיכטער און גרויסער הומאַניסט אַדאַם מיצקעוויטש אַזוי שיינפאַרביק אינהאלטסרייך ווי אויך פול לעבנס־זאַפטן און קאָלאָריטן — באַזונגען זיין געבורט און יוגנט־אָרטשאַפטן אין פאָטערלאַנד ליטע, נאָוואָגרודעק און סוויטעזש ווי אויך ווילנע (דזיאדי) און לידע (אין זיין פּאָעמע „גראַזשינאַ״? האָט דען ניט ער דווקא פאַרגליכן זיין „ליטע״ (ד. ה. זיין געבורט און יוגנט־היימלאַנד) צו מענטשלעכער געזונטהייט, וואָס מען קען עס פול אָפּשאַצן בלויז דאַן, ווען עס איז שוין ניט מער דאָ?... (פּאַן טאַדעאוש). די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור איז פול מיט אַזוינע הימנען און לויב־געזאַנגען, אָדעס און עלעגיעס — אונדזער נאַציאָנאַלע און אינטעגראַלע צווייִשפּראַכיקע ליטעראַטור (העברעאיש ווי יידיש) איז ניט אָרעם אין ענלעכע ביישפּילן. האָט דאָך טאַקע ניט קיין אַנדערער ווי אונדזער פאַרשטאָרבענער שאול טשערני־כאָווסקי דוכט מיר אויסגעגאָסן געפילן זיינע אַזעלכע אין פאָרעם און אינהאלט:

„כברת ארץ קטנה המשורר
וכל שירתו נוף מכורה...״
„אַ קליין שטיקל ערד בלויז די היימלאַנד פון דיכטער
פון ליד זיין די מהות; פון זינגען די אורזאַך און שעפער...״

די אַנטוואָרצלונג פון געבורט־לאַנדשאַפט, די אַנטפערנונג פון היימלאַנד און יוגנט־לעבנס־קוואל ווי אויך, די איינגלידערונג — דער איבערפלאַנץ אויף אַ נייעם באָדן, אין נייער לאנדשאפט און אַ קאָלאָריט א פרעמדן — איז טראגיש דעריבער און פיל שווערער פאַר יעדן פשוטן מענטש און ניט בלויז פאַרן דיכטער און קינסטלער, וועלכע קענען עס שטענדיק צום אויסדרוק ברענגען (כאָטש טיילמאָל אפשר צייטווייליק פאַרן שופלאָד...) מענטשן געוויינלעכע אין דער צייט, פשוטע „עמך"־לייט לעבן עס איבער גאָר שווער טאַקע... צי פריער צי שפּעטער מוז מען זיך צופּאַסן מיט „בלויזן" ליידיקע מיט מאַנגלען ווי אויך ווייטיקן און נאָכווייען. עס העלפט גאָרניט, מען מוז, ווייל מען טאַפּט אַ וואַנט, מען איז שטום און פרעמד אָן לשון... פאַרן דיכטער און קינסטלער איז עס פיזיש לייכטער ווי אויך מאָראַליש שווערער קאָמפּליצירט. שווער איז עס פאַר זיי איינצוזלעבן זיך און אָנהויבן שאפן אין אַ נייער סביבה און אַ פרעמדער (פאַר זיי) שפראַך און אטמאָספער; גאָר שווער קומט זיי אָן צו באַהערשן די נייע פאַרבן און לעבנס־קאָלאָריטן, פערמענטירן, ווי אויך איבערזייערן דורך זייערער געדאַנקען־זיפּ, כדי צו פאַראייגענען זיי. ביז צום נייעם אָנהויב, ביז צו ליטעראַרישער איינגלידערונג און אינטעגראַציע — לעבן זיי איבער גאָר א שווערן קריזיס.

— פרעגט זיך די פראַגע באמת, וואָס קען שוין מיין ניט ווערטע ווייניקייט זאָגן עפּעס נייעס וועגן דעם? קען איך מיר דען פאַרמעסטן אין קאָן גייען מיט אָט די אַלע ריזן־מוחות און שעפערישע גייסטער? צי האָט בכלל מיין הייס־פילנד בענקען אַ ווערט און אָביעקטיוון זין קעגן אויסדרוק פון די אַלע? זיכער איז עס, אַז ניין. אָבער דאָס ברויזן פון נשמה און קינה־געזאַנג פונעם האַרצן, זיינען שטאַרקער פון מיר, פון יעדער לאָגיק און זין. איך פיל מיטן גאַנצן אייגענעם איך, מיט אַלע רמ"ח־אברים און מיט לייב און לעבן, אַז איך מוז עס פון מיר אַרויסרעדן. און כאָטש איך גיב מיר אָפּ אַ געניועם דין וחשבון און כ'וויס, אַז מיין בענקען און טרויערן נאָך מיין היים אין שטעטל איז אַן אבסורד ביים היינטיקן טאָג קען איך מיר פון דעם ניט אָפּזאָגן. ווייל יעדער מענטש האָט וואָרצלען; ווי ער זאָל ניט זיין ווייט אָפּגעריסן פון זיי — ציט ער דאָך זיין גייסטיקע יניקה פון זיי. (אַ מענטש אָן וואָרצלען געפינט ניט קיין זין אין לעבן) — און מיינע ערשטע וואָרצלען שטעקן אין מיין היימשטעטעלע קריוויטש. אין דעם ליגט אויך מיין העזה אויסרעדן זיך אויף די שפּאַלטן פון אונדזער „נר־תמיד". אין דעם אויך די סיבה פון מיינע עלעגישע טענער.

מיין טייער און הייס באַליבט היימשטעטעלע קריוויטש! — אויך היינט, נאָכדעם ווי מער ווי דריי צענדליק יאָר זיינען אַריבער — איז עס ניט מעגלעך צו פאַרגעסן די שענסטע קינדער־יאָרן און קינדער־חלומות, ווי אויך אַלע יו־

גנט־פאַנטאַזיעס; די אַלע אָרטשאַפטן באצויבערטע ווו זאָרגלאָז האָט מען זיך געשפילט; יעגערס באַרג און די „בוימעלעך", סערוועטש־טייך; אַמאָליקן יידישן שבת. דעם „חדר" מיט די „מלמדים", די אַלע גערטנער מיט שמואל־הללס סאַד — ווו אַלע פרייע טעג פלעגט מען אין פרייד אַרומלויפן.

## געציילטע סילועטן אין שטעטל

אַ שטעטעלע איז עס געווען ווי אַנדערע טויזנטער שטעטעלעך — קלענערע צי גרעסערע אין פוילן: פול און פארשיידנאַרטיק האָט ברייט געאָטעמט אַ יידיש לעבן — ניט קוקנדיק אויף אומאויפהערלעכע „הבה נתחכמה" פרוון פון אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק, געטריבן דורך אַלע פוילישע רעגירונגען. (צי פון די „ענדעקעס" צי פון די אַנדערע קאָאַליציע־רעגירונגען אָדער אויך פון דער „סאַנאַציע". דער אַנטיסעמיטישער יסוד איז שטענדיק געבליבן אַ צענטראַלער צייל אין דער פּאָליטיק פון אַלע פוילישע רעגירונגען). פאַרשיידן, ענג און געדריקט זיינען געווען אַרבעט און באַשעפטיקונג; קליינהאַנדל און האַנטווערק; קרעמער און אַלערליי בעלי־מלאכהס.

עקאָנאָמיש איז דאָס לעבן צווישןביידע וועלט־מלחמות — אָנהויבנדיק פון די צוואַנציקער יאָרן (אין אונדזער איצטיקן יאָרהונדערט) געווען און אַלץ ערגער געוואָרן. די לעבנס־עקאָנאָמיק איז אַלץ מערער אויסגעקרימט און פאַר־קריפּלט געוואָרן. פאַרשיידענע איבערפּאַלן פון רויבערישע באַנדעס אין ביידע גרענעץ־זייטן (די אַלערליי „מוכאַווצעס", „באַלאַכאָווצעס" און סתם גזלנים) האָבן צעגזלט און אויסגעפּלינדערט דאָס לעצטע ביסל אָרעמקייט פון יידישן שטעטל. יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן נאָך ניט באַוויזן אַפּאַטעמען אַ ביסעלע און רעקאָנסטרואירן דאָס לעבן אויפסניי; גוטמאַכן אַלע שאָדנס פון ערשטער וועלט־מלחמה האָבן ווידער זיך געפונען „בלא"... און ליידיק. פון דער אַנדערער זייט האָט דער גוט באַרימטער גראַבסקי מיט זיין „פּאָדאטקעס־סיסטעם" — אויסקוועטשנדיק דעם „קליאַק" פון די ביינער, ניט דערמעגלעכט און צונישט געמאַכט יעדן פּרווו ווידער צו „שטעלן זיך אויף די פיס". טאָמער זיינען געווען שוין אויך אַ פּאָר יאָר שטילערע און לייכטערע, זיינען דאָך באַלד געקומען דרייסיקער יאָרן מיט סלאַוואָי סקלאַדקאָווסקיס „אָווסעם"־סיסטעם, וועלכער האָט עפנטלעך און לעגאַל דערמעגלעכט צו באָיקאָטירן יידישע געשעפטן און מלא־כה־וואַרשטאַטן, כדי ארויסצורייסן דאָס ביסן פון מויל — דאָס לעצט טרוקן שווער פאַרהאָרעוועט פּיצל ברויט. די אויבנדערמאָנטע פאַקטאָגראַפישע ווירק־לעכקייט האָט פאַרשטענדלעך שטאַרק געווירקט אויפן במילא איינגעשרומפּענעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן — אַ קיימא לן, אַז „אין קמח אין תורה"... פאַרוויסט און פוסט געבליבן זיינען אַלע לעבנסוועגן פאַר יוגנטלעכע, ווי אויך

פאַר אַ ביסל מער דערוואַקסענע; עס איז שוין גיט געבליבן מער צו וואָס זיך צו נעמען...

נעמט מען אָבער דערמאָנען זיך, וואָס און ווי אזוי האָבן עלטערן אונדזערע — קעמפנדיק פאַרן טאָג־טעגלעכן ברויט, פאַרן פשוטן מאַטעריעלן קיום אויך געלייסטעט און אויפגעטון כדי אונדז קינדער צו מאַכן פאַר מענטשן — גיט מען בלויז אַ טראַכט, אַן איבערפלעכלעכן בליק אויף זייערע מיזאַמע און גאָר פרוכטבאַרע פאַרדינסטן (ניט פאַרגעסנדיק אַפילו איין רגע די באַדינגונגען), לגבי דערציאונג־וועזן אין שטעטל, ווערן הערצער אויפגעגעסן און פאַרסמט פון ביטערן אומעט און מאַכטלאָזן צאָרן... איז דאָך גוט באַוווסט, אַז אַפילו אַ יידיש עלעמענטאַר־פאָלקסשול (ניט יידיש און ניט אַ „תרבות״־שול) איז אין שטעטל ניט געווען. „חדרים״ בלויז מיט זייערע „מלמדים״ זיינען געווען די איינציקע דערציאונג־מיטל און פאָרמען. די צייט איז דאָך אָבער שוין אַוועק פאָרגעשריטן; עלטערן אונדזערע האָבן פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט און ניט געקענט שלום מאַכן מיט דעם; זיי האָבן ניט געקענט רעגרעסיוו אַזוי בלייבן לגבי דער צייט. געוואָלט האָבן זיי אַ פול־אינטעגראַלע יידישע דערציאונג אין העברעאיש־נאַציאָנאַלער און מאָדערנער פאָרעם. פאַרשולדיקט האָבן זיי זיך אין חובות גרויסע, געבראַכט האָבן זיי אין שטעטל פלייסיק איבערגעגעבענע עברית־לערער (נאָר וואָס פרישע אַבסאָלווענטן פון עברית־סעמינאַר אין ווילנע, פאַרבונדן מיט דער חלוצישער באַוועגונג). מען האָט פאַרלייגט און אָנגעהויבן די לערנשול אין „עזרת־נשים״ פון בית־המדרש. שפּעטערע יאָרן (1935) האָט מען אויך א שיינע און ערנסטע געביידע פאַרן „בית־ספר״ אויסגעבויט, וואָס האָט נעבעך ניט דערלעבט קיינמאָל און ניט זוכה געווען, אַזוי ווי מיר אַלע, צו דער פייערלעכער „חנוכת הבית״. ווי אַ פאַטאַלער גורל איז די מלחמה געקומען און פון אַלץ אַ תל געמאַכט.

— ניין און צען מאָל ניין! עס לייגט זיך טאַקע ניט אויפן שכל, ס׳גלויבט זיך גאָרניט — —אַז אַלעס וואָס אויבן באַשריבן געהערט שוין אַזוי פיל יאָרן לאַנג צו דער שפּורנלאָז פאַרשווּנדענער וועלט... דאָך איז עס אַ פאַקט פון ביטערער ווירקלעכקייט. אַ תל, תלי־תלים! געוואָרן איז פון אַלעס און אַלעמען און נעם גיי און שריי חי וקיים!... שפּינט זיך אָבער נאָך ווייטער דער מוח־געוועב, שטורעמדיק פליסן דערינערונגען און געדאַנקען און דער זכרון איז טעטיק איבערשעהן... שווימט אַרויס פון זכרון די יוגנט אין היימשטעטעלע, די ציוניסטישע יוגנט. ווייל קיין אַנדערער יוגנט האָט קריוויטש ניט פאַרמאָגט. און טאָמער געווען זיינען אפשר בלויז געציילטע ניט ציוניסטיש געשטימט זיינען זיי בטל בששים געוואָרן. „ואם יש את נפשך לדעת״... ווילסטו וויסן די סיבות, וועלכע געשטויסן האָבן אַ „קרוג צום קוואַל״ לאָז זיך אין וועג לויט

די פֿאָלגנדע שפּורן; — די געשאַפֿענע סינטעז צווישן פֿאַקטאָגראַפֿישן צושטאַנד פֿון איין זייט; — פּאַרוויסטע וועגן פֿאַר דער יוגנט ניט האָבנדיק צו וואָס זיך צו נעמען, אַ דירעקטער פּועל־יוצא פֿון עקאָנאָמישע באָיקאָטן, פֿון אַנטיסע־מיטישער העצע און וואַקסנדער שנאה — מיט איין וואָרט געזאָגט: די טרייבנדע אַרויסשטויסונג־־קראַפֿט פֿון היימשטעטל ריכטיקער געזאָגט, פֿון פּוילן. פֿון דער אַנדערער זייט. די אַזוי טיף איינגעוואָרצלטע הייסע געפֿילן פֿון דער ייִדישער טראַדיציע, פֿונעם טאָג־טעגלעכן בענקען „ותחזינה"... סיי געדאַוונט, סיי ניט געדאַוונט; די איינפֿאַך־פּשוטע אהבת־ישראל און אהבת־ארץ־ישראל ווי אויך די אָפּקלאַנגען (אין דער ייִדישער פּרעסע אין פּוילן) וועגן אַ ניי־געשאַפֿענער ווירקלעכקייט אין ארץ־ישראל, וועגן גאָר א ניי־אַנטשטאַנען לעבן דאָרט — קורץ פֿאַרמירט. די צוציִענדע מיטרייסנדע קראַפֿט פֿון אַלט־נײַעם לאַנד, האָט געשאַפֿן, געשטאַרקט און אויסגעבילדעט די ציוניסטישע יוגנט, וואָס האָט אַלץ מערער און נאָך מערער אויסגעפֿאָרעמט זיך דאָס בילד און אימזאַש פֿון „אַרבע־טנדן ארץ־ישראל" און זיך חלוציש געריסן עולה צו זײַן. אַ סך יוגנטלעכע האָבן דורכגעמאַכט „„הכשרה"; מען האָט זיך געגרייט, מען איז געזעסן „בדחילו ורחימו"... מען איז געווען מיט לייב און לעבן „הנני מוכן ומזומן"... און מען האָט געוואַרט — אָט־אָט וועט מען עולה זײַן! די טויערן פֿון לאַנד זײַנען אָבער דערווײַל פֿאַרמאַכט געבליבן, סערטיפֿיקאַטן זײַנען ניט צוגעטיילט געוואָרן. איינצלנע בלויז האָבן זוכה געווען און איינציקע פֿון היימשטעטלע זײַנען עולה געווען; שלום צוקערמאַן, גרינדער און פֿאָרזיצער פֿון החלוץ — ערשטער עולה פֿון שטעטל, איז נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן עולה געווען. שלום באַטוויניק הי"ד (השם ינקום דמו) איז אויך עולה געווען אין דער זעלבער צײַט. (ער האָט זײַן גורלדיקן טעות באַגאַנגען מיטן קומען צוריק אין קריוויטש — כדי אומ־צוקומען מיט אַלע ייִדן צוזאַמען אין טאָג פֿון דער שחיטה — י"א אייר תש"ב, יאָרטאָג פֿון שטעטלשער קהל־אזכרה). אין דרײַסיקער יאָרן איז אויך שלומס שוועסטער — ראשקע צוקערמאַן עולה געווען. מײַן שכנה און חברטע פֿון קינ־דער און יוגנט־יאָרן, זלאַטקע כלאַווונעס (שטיינגאָלד) — זהבה סלאָבאָדסקי היינט, איז אויך עולה געווען אין דער צײַט און נאָך אַ פּאָר געציילטע בלויז האָבן זיך דערשלאָגן צו זייער עליה און אַוועקגעפֿאָרן. אַלע אַנדערע געוואַרט האָבן אַלץ — ביז געקומען איז דאָס שרעקלעך און מוראדיק „פּאַטום" — די וועלט־מלחמה און אַ פֿולשטענדיקן חורבן געלאָזן.

### סאַדיזם און רשעות אָן אַ ברעג

— שטיל און באַשיידן, פֿאַרזאָרגט און אָנגעשראָקן ווי אַ טויב, האָבן זיך ייִדן אין מײַן היימשטעטעלע געהאַלטן אין צײַט־אָפּשניט פֿון סאָוויעטישער

הערשאפט. דאָס לעבן איז נאָך מערער שווערער געוואָרן; אָדעמקייט איז גע־וואַקסן און אויך „נאַציאָנאַליזירט" געוואָרן; אַלע שטעטלשע יידן זיינען גע־וואָרן כלומרשט מלוכה־אַנגעשטעלטע, פּריוואַט־האַנדל און אייגנטום פאַרוועַרט איינגאַנצן. אַרעסטן און פאַרשיקונגען האָבן ניט אויפגעהערט; די שענסטע בעלי־בתים און אַקטיווסטע געזעלשאַפטלעכע טוער זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן און פאַרשיקט. דאָך האָט דאָס יידישע שטעטעלע טראָץ אַלע צרות און פאַר־פאַלגונגען געזשיפּעט, ווי עס איז דורכגעטריבן טעג, וואָכן און חדשים; מען האָט נאָך געלעבט.

פלוצים — ווי א ריזיקע אָדלער־כמאַרע אויף אַ פּאָר איינציקע פאַרזאַמטע פויגל — האָבן זיך אָנגערוקט סוף יוני 1941 די געפּאַנצערטע חיהשע היטלער־אָרדעס. באַלד האָבן זיי צעפירט שוין די הענט און געגומען באַלעבאַטעווען — מיט דער הילף פון זייערע „יוצאי־משרתים" און ארויסהעלפער — די ביז דאַן אונדזערע „גוטע ברידער", פּוילישע און ווייסרוסישע שכנים. עס האָט גלייך אָנגעפאַנגען אַ נייער קורס פון צרות און פורעניות; אַ מבול פון רדיפות און דערנידערונגען האָט זיך אָן רחמנות אויף אונדז אויסגעגאָסן. באַלד זיינען שוין אויך געפאַלן די ערשטע קרבנות: אהרון זילבערגלייט און שמעון קאצאָ־וויטש הי"ד. אַ פּאָר חדשים שפּעטער — אויך פסח און ברוך זילבערגלייט זק"ל. ווי קלאָר איז מיר אין זכרון פאַרבליבן יענער סוף־זומערדיקער שבת פאַרנאַכט, ווען מען האָט זיי פון זייער הויף אַרויסגעפירט און אַוועקגענומען. עס געדענקט זיך מיר אויך קלאָר דער צווייטער שבת אין אַ וואָך אַרום, ווען מען האָט זיי גענומען שוין כדי אַוועקצופירן צו דער עקזעקוציע — צום לעצטן וועג זייערן. זייערע געשרייען און יאָמער־געוויין עד לב השמים און ניט צו פאַרטראָגן — קלינגט אויך היינט נאָך אין מיינע אויערן און געהירן... ניט איך און אויך קיין אַנדערער, קיינער האָט זיי שוין ניט מער געזען.

— אָט קומט שוין פון זכרון אַרויס קלאָר און בולט אַזוי מיט אַלע פּרטים און דעטאַלן די פאַקראַמירונג פון אונדזער בית־מדרש. מיין גורל האָט געוואָלט אַזוי, אז איך זאָל זיין דערביי אַן „עד ראייה", א לעבעדיקער עדות — כ'זאָל מיט מיינע אויגן און חושים איינזאַפּן, באַנעמען אַלעס, צוקוקן און זען וואָס מען טוט אָפּ מיט אונדזער גייסטיקן קולטור־צענטער, מיטן „מקום" און „מקור" פון אונדזערע האָפּענונגען און גלויבן... .ווייל דער בית־המדרש אין שטעטל איז פאַר אונדז שטענדיק געווען און געבליבן ניט בלויז א „מקום קדוש" און א „תפילה־שטוב". א סך מער איז דער בית־מדרש געווען. ווייל וואָס איז אין בית־מדרש ניט פאַרגעקומען און ניט צושטאַנד געקומען? חתונות און דאַקעגן אויך דער ערשטער וועג פון לוויות; די פייערלעכע גרינדונג פון „גמילות־חסדים־פאָלקס־קאַסע"; יערלעכע סעודות און פאַרזאַמלונגען פון „חברה־קדי־

שא״, דרשות מגידישע. „מלמדים״, וואָס האָבן קיין אָרט ניט געהאַט אויפן חדר זייערן „געקנעלט״ האָבן צייטווייליק אויף דער שאַלקע פון „עזרת־נשים״ דאָרט. שפּעטערע יאָרן האָט „עזרת־נשים״ אויפגענומען און אַ שפּאָר ביסל צייט „געאורחט״ און געהאַלטן ערשטע קערן פון העברעאישן פּאָלקסשול. קינדער און יוגנטלעכע געשפּילט האָבן זיך דאָרטן; געטרוימט, פאַנטאַזירט... ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען — „החלוץ״־גרינדונג און פייערלעכע אַקאַדעמיע לכבוד דער עפענונג פון העברעאישן אוניווערסיטעט אויפן „הר הצופים״ אין ירושלים. בקיצור: קיין זאַך האָט ניט אָנגעהויבן און ניט געענדיקט אָן בית־מדרש... און אָט בין איך געשטאַנען אַ צושויער אויף געהאַקטע ווונדן און זיך צוגעקוקט צום חורבן און דעמאָלירונג פונעם „צענטראַלן מוח״ פון „מקום״, וואָס האָט אַלץ אַרומגענומען, אַריינגענומען און געהאַלטן.

אַ גאָר בייזע שעה איז פאַר מיר אויסגעפאַלן יענעם ביטערן און אומגליקלעכן טאָג פון ענדע אויגוסט 1941 (אַזוי דוכט מיר). איך בין געשטאַנען נאָענט צו אונדזער שטוב און מיט מיר רפאל ווייסנהאָלץ און לייזער שוד (סוד). מיט אונדזערע חושים האָבן מיר שוין געפילט, אַז עס שפּילט זיך ווידער אָפּ גאָר אַ נייע גזירה קעגן יידן אין שטעטל. די נייגעריקייט עפּעס צו וויסן און די אַרומנעמענדע שרעק האָבן אונדז ווי צום אָרט צוגעשמידט; מיר האָבן זיך פשוט ניט געקענט אַ ריר געבן און זיך „אַוועקטראָגן״. אַ פּאָליציאַנט איז אָנגעקומען און האָט אונדז באַפוילן תיכף ומיד אַריינצוקומען אין בית־מדרש. האָבן מיר דען אַ ברירה געהאַט? געפאָלגט האָבן מיר און געגאַנגען. צוקומענדיק און זעענדיק וואָס עס טוט זיך, זיינען מיר ווי פאַראַליזירט געוואָרן. אַרום און אַרום ווי אויך אין בית־מדרש גופא פול קינדער און יונגע שקצים, אַ פּאָר דייטשן און פיל שטעטלשע קריסטן. אַ טומל, אַ געפילדער און אַ בייזוויליקער געלעכטער האָט געטראָגן זיך אַרום. ואני הגבר... איך מיט מיינע אייגענע אויגן ווי אויך די איבערגעבליבענע חברים האָבן געזען ווי מען האָט ספרי־תורה, ספרים און נאָך „קדושה־תשמישים״ אַרויסגעטראָגן אויפן מאַרק, אין אַ קופּע אויפגעלייגט; גוט באַגאָסן מיט בענזין און אָנגעצונדן... אַזוי געברענט האָבן אונדזערע הייליקטימער און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך אויך ווער געברענט. געפלאַקערט האָבן האַרץ און נשמה און אויך היינט, נאָך אַזוי פיל יאָר ברען איך אויפן זעלבן פייער... קיין סך שטיין בלייבן אויפן פּלאַץ האָט מען ניט דערלאָזט, באַפוילן האָט מען צו „אַרבעטן״... ביים טיר פון „מקום״ האָבן מיר שוין געטראָפן חיים יודעלעוויטש מיט חיים ראַדאָשקאָוויטש. זיי האָבן אונדז דערציילט, וואָס איז פאָרגעקומען און געזאָגט, אַז עס איז גוט וואָס מיר זיינען פריער ניט געווען. זיי אַליין האָבן שוין באַקומען אַ „מנה יפה״ פון יסורים און פיין. מען האָט זיי גוט צעשלאָגן, הייסנדיק אַרומלויפן דעם „מקום קדוש״ אָן אַ

שיעור און אויפן קול שרייען און אויסרופן; יאָ! אַ גאָט איז דאָ אויף דער וועלט!... די אָנגעלאָפּענע שקצים און דערוואקסענע האָבן אַלעס געבראַכן אין בית־מדרש. ספרים־שענק, פּענצטער־שויבן און טירן, בענק און שטענדער; ספרים צעריסן און די בלעטער געוואָרפן און מיט פיס געטראָטן. „יריעות" פון געשענדעטע „ספר־תורהס", גמרא און משניות־בלעטער, „מדרשים" און „עין יעקבס", ווי אויך „שמות" פון צעריסענע „סידורים" און „מחזורים" — האָבן זיך געוואלגערט ארום און אַרום צוזאַמען מיט „טליתים" און פאראומרייניקטע „פּרוכתן".

געהייסן האָט מען אונדז אַלעס אויפצוקלייבן און צוריק (ניט אריינטראָגן!) אריינוואַרפן דורך אַלע צעפּראלטע פענצטער. ווערנדיק געצוווּנגען צו דעם, האָבן מיר עס טון געמוזט; צוריק אריינגעוואָרפן האָבן מיר „שמות", ספרים און אַנדערע „קדושה־תשמישים". אָבער „מעשה שטן" להכעיס האָבן שקצים אַלעס צוריקגעוואָרפן. אַזוי איז עס א שפּיל געוואָרן ווי פון אַ פארכישופטער ראָד... מיר וואַרפן אריין — זיי וואַרפן ארויס... און עס נעמט ניט קיין ענדע, קיין סוף איז ניט געווען צו זען... פארשטאַנען האָבן מיר, אַז די אַלע מיט דייטשן אין דער שפּיץ מיינען עס גאָר ניט ערנסט. זיי ווילן בלויז אויסלאַכן אונדז און יסורים גורם זיין — מאָראַליש פייניקן, וואָס מערער דערנידעריקן. מיר האָבן זיך סוף כל סוף מיט העזה אָנגענומען און באַשלאָסן צעלויפן זיך אין פאַרשיידענע ריכטונגען. פאָליע און איך האָבן זיך אַ ריס געטון אין אַ גע־וויסער ריכטונג, אַלע אַנדערע אין אַ צווייטער. גלייך האָט אָנגעפאַנגען אַ געיעג; מען האָט אונדז געיאָגט. אַלע אַנדערע אויך מיט פאָליען, איז עס גע־לונגען שפּורלאָז נעלם צו ווערן; מיר ליידער ניט. מען האָט מיר געכאַפּט און אויפן פּלאַץ אומגעקערט, כדי נאָך אַ ביסל שפּאָטן און לאַכן ווי אויך פּלאָגן... קיינער האָט מיר ניט געדארפט מקנא זיין; געשלאָגן האָט מען מיר גוט געממיתט, האַקנדיק מיט ביקסן־קאָלבעס און לעדערנע רימען ווו מען האָט נאָר אָנגעטראָפן...

— דאָס שלאָגן האָט אויפגעהערט; אַליין בין איך געבליבן און אַרום מיר געציילטע דייטשן, סתם קריסטן און יונגע שקצים, ווי אויך געהילף־פּאָליציאנטן. אָנגעווייטיקט אין יעדן אבר מיינעם בין איך ווידער געשטאַנען צוקוקנדיק דער דעמאָלירונג פון „מקור החיות" אונדזערן — דעם קוואַל פון אונדזער ניט אויסלעשנדיקער וויטאַליטעט. געוווּסט האָב איך ניט (און אפשר ווייס איך עס אויך היינט ניט), וועלכער צער און סאַראַ ווייטיק פון דיביידע איז שטאַרקער געווען, גרעסער און מער נאָגנדיקער, צופנדיק ביי דער נשמה; — מיינע יסורים פון צעשלאָגענעם גוף מיינעם צי די נשמה־ווונדן אין ליכט פונעם צע־שטערטן חרוב געמאַכטן בית־מדרש?

אַ צעשלאָגענער, קוים אויף די פיס געשטאַנען, האָב איך שוין באַלד הויל־נאַקעטע ווענט געזען; געקוקט האָבן מיינע בלוט־טריפנדיקע אויגן מיט „פּאָ־נאַרן" אונטערגעהאַקטע אויף פענצטער, צעפּראַלטע לעכער, אויף צעהאַקטע טירן און אָט געזען האָב איך, אַז קיין דאַך איז שוין ניטאָ. אַרונטערגעריסן האָט מען אים פּשוט, די רויטע קאַכל צענומען און אַוועקגעפירט... געקוקט האָבן מיינע אויגן ארום; געטליעט האָט נאָך אַש פון פאַרברענטע ספר־תורהס און ספרים; אַרום און אַרום בערג פון זשוויר און ברוך פון שטיינדלעך מיט שטיקער האָלץ, „שמות" אומעטום רעשטלעך פון ספרים און פאַראומרייניקטע „קדושה־תשמי־שים". נאַקעט געשוועבט האָט די אַרויסגעטריבענע שכינה, געדרייט זיך און געטוליעט צו די אנטבלויזטע ווענט און צו מיר — פּונקט ווי איך געהאַט האָב אַ געוויסן אָנשפּאַר און אַזוי ווי איך אַליין וואָלט אים ניט געזוכט. מיינע ליפּן געמורמלט האָבן אַ תפילה; „הבט משמים וראה כי היינו ללעג ולקלס בגויים". יאָ, בית־מדרש מיינער! מיר ביידע — דו ווי אויך איך געזען האָבן אַמאָל בע־סערע טעג, ליכטיקערע! איצטער — איז אונדז ביידע חושך און ניט צערונען ווערט די פינצטער... וועט אונדז נאָך ליכטיק ווערן? אין אָט דעם קורצן מאָ־מענט געבלעטלט האָבן זיך בלעטער און ווי ביי אַ „שכיב־מרע", וואָס גוססט און מורמלט ווידוי, געפינקלט האָבן בילדער פון אונדזער בית־מדרש אין מיין לעבן.



בית הכנסת של קריווּיטש. מבט מזרח. מיאַדל. מאת יוסף שמיד (שימנציק)

בית המדרש

— געזעץ האָבן אויגן מיינע חנוכה־אָונטן נאָך מעריב — פול געפּאַקט איז דער בית־המדרש געווען. געווען זיינען יונג און אַלט; אַלע יוגנטלעכע. און־דזער יוגנט איז געקומען פרייען זיך אַליין ווי אויך פריילעך מאַכן אַלעמען. ליכטעלעך געברענט האָבן מיט זייער פינקל און אָנגעוואָרפן א שפּרודל פון האָפענונגען און גלויבן צום ליכטיקן בעסערן מאָרגן. פריילעך געזונגען האָבן הערצער: „הנרות הללו"... און „מעוז צור ישועתי"... ווי אויך „חנוכה, חנוכה אַ יום־טוב א שיינער"... יינגערע קינדער פון אונדז זינגען אין אַ כאָר. אויבן אין „עזרת נשים". אַלע אָן אויסנאַם מונטער און פריילעך — כאָטש גאָר ניט לאַנג, מיט א קנאַפּן יאָר צוריק — איז דאָס שטעטל אָפּגעקומען ממש מיט ניסים — אַ גזלנים־באַנדע, רויבער פון צווייטן זייט גרענעץ זיינען אַדורכגע־לאָפן אונדזער שטעטעלע און ברוך השם, אַדורך איז אַלעס מיט גאָר קליינע שאָדנס. בלויז שרעק איז געווען... דאַרף מען דאָך, אויב אַזוי גאָר פריילעך זיין און חנוכה בפרט! און עס איז פריילעך טאַקע, א שמחה! — די הויפּט־פירער און טאָן־געבער אויף דער שמחה — ליכטיקע צוויי געשטאַלטן; אַ לערער־פּאָרפּאָלק — מינה און ראובן פינגער. גאַנצע וואָכן און חדשים גיבן זיי נשמה מיט לייב און לעבן; מען לערנט „תינוקות דבית רבן". געקומען זיינען זיי צו אונדז אויפן וועג קיין ארץ־ישראל; זיי דאַרפן אין קורצן שוין עולה זיין. און דערווייל — (לויט באַמיאונגען פון אונדזערע עלטערן ווי אויך בעלי־בתים פון שטעטל), פלאַנצן זיי „אהבת ישראל און אהבת ארץ־ישראל" אין יונגע הערצעלעך. לענגאויס זייער לעבנסוועג זיינען זיי — חלוצים! — אין קריוויטש ביי אונדז, דערציער־פיאָנערן און מאָרגן, איבערמאָרגן דאָרט — חלוצים צו וואָס מען וועט נאָר באַדאַרפן!...

אַ קולכעלע פון אַ קליין מיידעלע זינגט — „חנוכיה, חנוכיה! אספרה לך מעשיה"... אַ כאָר פון קולכעלעך יונגע מיידעלעך און יינגעלעך ענטפערט אָפּ — אַ צווייט קולכעלע פון אַ יינגעלע דאָס מאָל: „אנוכי נר ראשון מעשיה יודע"... און ווידער ענטפערן אָפּ יונגע קינדער אין כאָר „חנוכיה, חנוכיה!" אַזוי ווערן די אַכט חנוכה־ליכטעלעך פּערזאָניפיצירט דורך אַכט יונגע קינדער. עס זינגט דער קינדער־כאָר, קהל זינגט מיט און אויפן האָרץ איז וואַרעם און גוט — מינה פינגער גיט צו וויסן, אַז איצט וועט דער קינדער־כאָר זינגען אַ יידיש ליד — מאָריס ראָזנפעלדס „ליכטעלעך" — וואָס איז נאָך ליידער ניט איבערזעצט געוואָרן אויף עברית [1] — „אָ איר קליינע ליכטעלעך"... זינגען קינדער;

[1] היינט, נאַטירלעך, איז עס שוין לאַנג איבערזעצט.

קולות זייערע פארשפרייטן זיך איבערן גאַנצן בית המדרש און קלינגען אָפּ וויט — —

וועז איך זע אייך שמיגלענדיק
קומט אַ חלום פינקלענדיק;
רעדט אַן אַלטער טרוים;
ייד! דו האָסט געקריגט אַמאָל
ייד! דו האָסט געזיגט אַמאָל
האָסט אַמאָל רעגירט...
אַ איר קליינע ליכטעלעך!
אייערע געשיכטעלעך;
וועקן אויף מיין טרוים —

פלוצים איז אלעס פארביי... ווידער האָט זיך אריינגעפלאָנטערט — און כ׳וויס אויך ניט פון וואַנען — די תפילה: „הבט משמים וראה כי היינו ללעג ולקלס בגויים; נחשבנו כצאן טבחה״... קילאָמעטער אַרבעטן מיינע געהירן און געדאַנקען לויפן; וועל איך שלמה (בלאַכער) בן בתיה זוכה זיין? וועלן מיר יידן אין קריוויטש און אַרום האָבן נאָך אַ „נס־חנוכה״ און אַזוי זינגען? פראַגן זיינען געבליבן הענגען אין דער לופטן, אויגן געקוקט האָבן אויף הויל־נאַקעטע ווענט...

— „לאָוף פאָרט מיט דיינעם זאַוי־בלוט, לאַוף שנעל!״ — האָט פלוצים אַ „ביל־געשריי״ מיר איבערגעריסן מיין געדאַנקען־לאַבירינט. געזען האָב איך מיר בלוטנד צעשלאָגן... כ׳האָב מיר אַ ריס געטון לויפן שנעל אַהיים. סקראָדסקי מיט יאַסקולסקי זיינען גראַדע מיר אַנטקעגן געקומען. „אוטשעקיי פאַן!״ — האָט סקראָדסקי אַ זאָג געטאָן דורך די וואָנסן מיט אַ שמייכל פון שאָדנפרייד. יאַסקולסקי האָט צוגעגעבן מיט אַ בייזן סאַרקאַסטישן בליק: „אַלעזש זבילי פאַנאַ דאַבזשע!״... כ׳האָב מיר ניט אָפּגערופן, ווייטער געלאָפן בין איך... און אפשר איז עס מיין „נס־חנוכה״ אין חודש אָב? ניט אַזאַ מין נס געוואָלט האָב איך ווי אויך אַלע מיינע קריוויטשער... און עס איז ניט דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב מיין טויט פאַר די אויגן געזען... ענדלעך בין איך שוין דערלאָפן אַהיים...

**זעלבסטשווירדיק און שטאָלץ ביז צום טראַגישן סוף**

— אַזוי און ווידער אַזוי האָבן אונדז צרות אַלטע ווי אויך נייע טאָג־טעגלעך געזוכט. אַ מבול פון גזירות און רעפּרעסיעס! יעדן טאָג עפּעס נייעס; וואָס אַ טאָג — אַ נייע פּורענות. אַ נייע קאָנטריבוציע... איין טאָג פּעלצן; אַ צווייטן טאָג — שטיוול, זייגערלעך און אַנדערע קאָסטבאַרע ווערטזאַכן — און דאָ גיב

זיי גלייך אַוועק, שטעל זיי שנעל צו גאָלד־רובל און סתם גאָלד און וואָס ניט? — קופּערנע פאַנען און טעפּ אויך אַ סחורה, מעשענע לייכטער, סאַמאָוואַרן — און דערביי אַ קלאָרע ווי אויך אַ גאָר ערנסטע וואָרענונג: — וועט מען די אַלע זאַכן געפינען אין אַ געוויסער יידישער שטוב (אָדער איינע פון זיי אַפילו) נאָכן באַפוילענעם טערמין — וועלן אַלע בני־משפחה פון שטוב דערשאָסן ווערן אָן אַ משפט, אָן אַ שום געריכט־אורטייל און לית דין ולית דיין! איז גיי זשע זיי אַ גיבור און גיב זיי ניט, שטעל זיי ניט צו!...

וואָס אַ טאָג איז עמעצער פון יידן אין שטעטל געשלאָגן געוואָרן און שי־קאַנירט, געפילט האָבן עס אַלע אָן אויסנאַם. ס'האָט ממש פיזיש וויי געטאָן אונדז אַלע. אָבער נאָך מערער האָבן מיר געפילט זיך מאָראַליש געטראָפן. מיט אַלע מיטלען און כוחות האָבן שונאים אונדזערע פאַרמאָסטן זיך און באַמיט דעגראַדירן און ברענגען אונדז צו דער מדרגה פון אוממענטשן; אַוועקנעמען ביי אונדז דער מענטשלעכער ווירדע, אויסוואָרצלען דעם יידישן שטאָלץ און צונישט מאַכן די זעלבסט־אָנערקענונג פון „עם סגולה", וואָס האָט אונדז צעמענטירט און פעסט געהאַלטן לענגאויס דעם גאַנצן גלות. איז עס דאָך צו באַוווּנדערן ממש! ווי אַזוי מען האָט זיך ניט געבראָכן, ווי אַזוי מען האָט ווירדיק געהאַלטן ביז צום טראַ־גישן סוף און אויסגעטראָגן דעם ביטערן גורל — ניט זוכנדיק חלילה פאַר קיין פאַל קיין שום „קאָנצעסיעס און פּריווילעגיעס" אויפן חשבון פון אַנדערע יידן (ניט מאַכנדיק קיין שום פּרווו!) דורך אַ „מסירה" דעם שונא. ווי אַזוי מען האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם מאָראַלישן פאַרזאָג: ייהרג ולא יעבור! ווי אַזוי אין אַלע פאַלן דעצידירט האָט מען גורלדיק; בעסער מיט אַלע יידן צוזאַמען יסורים ליידן און פּיין ווי לעבן אַ גוטן טאָג אַליין קעגן אַלע יידן! — איז עס דאָך אַן אומפאַרניינטער פאַקט, וואָס לאָזט זיך בשום אופן ניט אָפּלייקענען און ברעכן; ניט פאַרשוועכט האָבן קריוויטשער יידן די טראַדיציע און נאָמען זייערן (וועלכע געהאַט האָבן זיי שטענדיק) אַלס „מכניסי אורחים" און ווילטעטער. אָן קיינע פראַגן האָבן יידן אין סאַמע שרעקלעכסטע געפאַרפולע שעהן אויפגענומען און אויסגע־האַלטן (מיטן ביסן זיך געטיילט!) אין שטוב ביי זיי אַנדערע פון טויט אַנטלוי־פענדע יידן, פליטים פון אַנדערע שטעטלעך. רבונו דעלמא כוליה! פון וואַנען גענומען האָבן זיך העזה און כוחות פון נשמה צו דעם? פון וואַנען די אומ־אויפהערלעכע און ניט צערייסבאַרע געטריישאַפט און נאמנות. — אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע?! — בלייבט בלויז איין תשובה אויף די אַלע פראַגן; ישראל ערבין זה לזה... שטענדיק, אין אַלע אומשטענדן, אונטער אַלע באַדינגונגען און אָנ־געלעגנהייטן ובשעת צרה דווקא — טריי בלייבן, ווירדיק און שטאָלץ אָפּהיטן דעם „צלם האדם", דעם „מותר האדם מן הבהמה" (ומן החיה...).

ביים אָפּענעם הייליקן „נר־תמיד" אונדזערן וויל איך ניט זינדיקן מיט

„לשון הרע״ אויף אַנדערע יידן, אויף אומגעבראַכטע יידן מיט אַלערליי „מיתות משונות״, וואָס זיינען אויף אַ רגע „נכשל״ געוואָרן. ווייל ערשטנס: — „ישראל אף על פי שחטא ישראל הוא״ ווי אויך צווייטנס: „אל תדון את חברך (לכף חובה) עד שתגיע למקומו״... און דאָך איז עס אַ פאַקט, אַ ביטערער, וועלכן איך דאַרף דאָ דערמאָנען; באַרעכטיקט צי אומבאַרעכטיקט זיינען אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך באַצייכנט געוואָרן „יודנראַטן״ אין „אַנדערע „טונקעלע״ און ניט גינסטיקע פאַרבן. עס איז אויך זיכער, אַז געוועזן זיינען „יודנראַטן״ אָדער איינ־צלנע מיטגלידער, וואָס האָבן אויסגענוצט זייער „כוח״ און מיט אָבזיכט פאַר זייער גונסטן, ניט איין זינד באַגאַנגען לגבי קהל זייערן. ביי אונדז אין קריוויטש, אין מיין היימשטעטעלע געוועזן איז עס גאָר אַנדערש ווי אומעטום — אויף וויפל עס גרייכן די ידיעות פון מיין וויניקייט. פאַרמאָגט האָט קריוויטשער „יודנראַט״ טייערע און האַרציקע יידן ווי כלאַוונע שטיינגאָלד, אליעזר באָטוויניק און יהושע (היישקע) שולמאַן און אַנדערע. עס איז מיין הייליקער חוב, צו דער־מאָנען ביי דער געלעגנהייט איינעם פון צענדליקער כאַראַקטעריסטישע פאַקטן — כאָטש איך לאָז איבער פריערדיקע געשעענישן און גיב אַ שפרונג, צו שפעטער־דיקע — —

ס׳איז געוועזן אַ זונטיק — אַ וואָך צי צוויי פאַר פסח תש״ב. אויפן גאַס נאַס און בלאָטיק — ווי סוף ווינטער נאָך צעגאַנגענע שנייען און אייז. צופעליק בין איך דאַן געוועזן ביי כלאַוונען אין שטוב — אין מיין צווייטער היים: (מיין צוגעבונדנקייט און פערזענלעכע נאָענטשאַפט צו אָט דער שטוב איז געבליבן און אויך נאָך מערער געוואַקסן נאָך דער עליה פון מיין חברטע זהבה). פלוצלונג, אומדערוואַרט איז אַ פאָליציאַנט אַריינגעקומען און אויפגעפאָדערט כלאַוונען — אַלס פאָרזיצער פון „יודנראַט״ — אַרויסשיקן יידן אויפן מאַרק צו מאַכן גימ־נאַסטישע איבונגען... ער האָט גלייך אָפגעענטפערט: „איך האָב ניט קיינעם און וועל קיינעם ניט געבן, ווייל איך קען ניט! עס איז מיין פליכט אַליין צו גיין! איך גיי גלייך, כ׳וועל אַליין אויספילן אַלעס!״... אַרויסגעלאָפן איז ער פון שטוב און אַוועק. כ׳האָב אַלעס געזען, אַליין איז ער געלאָפן איבערן גאַס, געפאַלן אויף דר׳ערד און אויפגעהויבן זיך, מאַכנדיק אַלע איבונגען לויט געגעבענע באַפעלן, ניט קוקנדיק אויף פאַרזאַמלטע שטעטלשע קריסטן און פויערים פון אַרום, וואָס האָבן אים אויסגעלאַכט... אָט אַזעלכע יידן האָט פאַרמאָגט מיין היימשטעטעלע, אַזעלכע אָפפערווויליקע יידן זיינען געוועזן אין „יודנראַט״. אַליין זיך מקריב געווען ווירדיק און שטאָלץ — כדי צו פאַרשפאָרן און פאַרמיידן ליידן און יסורים פון אַנדערע.

## מיט שרעק אָפּגעקומען

א טאָג אין דריטער וואָך פון סעפּטעמבער־מאָנאַט 1941, האָבן מיר געקריגן אַ ידיעה, אַז אַ גרופּע פון „געסטאַפּאָ" איז אַרויסגעפּאָרן פון ווילייקע אין קריוויטש. אַ שרעק איז אָנגעפאַלן און אַלעמען באַהערשט; אַלע מענער זיינען זיך צעלאָפן. אַ „גליקלעכער" צופאַל איז געווען דער גורם, וואָס באַהאַלטן זיך האָט מען ניט געדאַרפט. אַזוי ווי יענע טעג האָבן יידן געמוזט האָלץ צושטעלן, זיינען כמעט אַלע אין וואַלד געקומען צולויפן. איך בין דאַן צוזאַמען מיט שמחה צוקערמאַן, לייבקע זילבערגלייט און פאָלע ווייסנהאָלץ אויך אין וואַלד געקומען. דאָרט איז מעגלעך געווען פילן זיך אַ ביסל זיכערער, ווייל קודם כל האָט מען לויפן געקענט באַהאַלטן זיך. צווייטנס — האָט מען נאָך מאַגיש געגלויבט אין דער „זיכערקייט ביי דער אַרבעט", „ווען מען אַרבעט פאַר זיי קען גאָרניט זיין, בלויז נאָכדעם"... געווען איז עס גאַנץ קיל און נאַסלעך; אַ רעגנדל אַ דראָבנער האָט ניט אויפגעהערט צו טריפן און אין ביינער זיך איינגעגעסן. דאָך האָט מען געמוזט אין וואַלד בלייבן ווי אויך אַרבעטן כדי אָפּצוהיטן זיך פון סכנות און געפאָרן.

אַזוי האָבן מיר אָפּגעאַרבעט דעם טאָג און געהאָפט אויך אַהיים צוריקקערן זיך; געוואַרט האָבן מיר אויף אַ ידיעה... מען האָט אָפּגעדאַוונט מנחה בציבור און אַלץ געהאָפט „אולי ירחם" — אפשר וועט נאָך קומען אַ ידיעה, אַז מען קען שוין אַוועק אַהיים — ליידער איז עס ניט געשען און צוגעפאַלן איז די נאַכט, נאַס און קאַלט. עולם האָט גענומען שיטערער ווערן; מען איז אַוועק. יעדער איינער כמעט האָט געהאַט באַקאַנטע פּויערים אין דערפער אַרום און מען איז אַוועק צו זיי אויף נאַכט.. כ'האָב ניט געהאַט וווהין צו גיין... כ'ווייס, אַז כ'קען ניט און טאָר ניט באַשולדיקן קיינעם; אַזאַ מין ביטערע צייט. און מיר זיינען דאָך אין וואַלד געווען, אין דער פרעמד — ניט ביי זיך אין שטוב ווו מען האָט זיך אַן עצה געקענט געבן מיט איינעם, וואָס האָט ניט וווהין צו פאַרשטעקן זיך. דערווייל איז אויך גוט פינצטער געוואָרן און עס איז כמעט ניט געבליבן קיינער אין וואַלד. כ'האָב שוין טראַכטן גענומען צו בלייבן אליין אין וואַלד. דאַן איז פּלוצלונג אברהם ווייסנהאָלץ צוגעגאַנגען צו מיר און אַ פרעג געטאָן, וווהין האָב איך צו גיין? כ'האָב געענטפערט ווי עס איז אמת געווען, אַז האָבן האָב איך ניט וווהין... ער האָט ניט געטראַכט בכלל אַפילו און גוטוויליק אַ זאָג געטאָן:

קום מיט מיר! — חיה־סימע מיט די קינדער זיינען אין פּאַראָבקע ביים בורמיסטש. אויך מיר ביידע וועלן דאָרט איבערנעכטיקן און מאָרגן וועלן מיר זען — איז דאָך גאָט אַ פאָטער! — מיר זיינען טאַקע גלייך אַוועק אַהין.

קיינמאָל, צייט כ'לעב וועל איך ניט פאַרגעסן די קאָשמאַרן פון יענער נאַכט; געדויערט האָט נאַכט־פינצטערניש אַן אייביקייט! כ'האָב קוים דערלעבט

צו זען דער ערשטער פאַרהעלערניש אויף טאָג. אברהם און איך זיינען תיכף אויפגעשטאַנען און אויך גלייך אַוועק צוריק אין וואַלד. אַ שפּאָר ביסל מענטשן געווען שוין דאָרט, ווען מיר זיינען פון פאַראָבקע געקומען. דער רב פון היימ־שטעטל, ר׳ מלכיאל פּרצי — איז שוין אויך געווען דאָרט. קיינער האָט ניט געוווסט צי קען מען שוין צוריקגיין אַהיים. שלום פּאָליסקין איז אַוועק אין אַ געוויסן דאָרף און געשיקט אַ פּויער אין קריוויטש, כדי צו וויסן וואָס איז געווען, וואָס טוט זיך. אַלע זיינען געבליבן וואַרטן. אַ פּאָר שעה זיינען דערווייל אַדורך; דער פּויער האָט זיך אומגעקערט און דערציילט, אַז אַלץ איז שטיל און רואיק; „געסטאַפּאָ״ איז געווען טאַקע און פאַרלאָזן שוין דאָס שטעטל, ניט אָנרירנדיק קיינעם. אין וואַלד איז שוין גוט ליכטיק געוואָרן. אַלע זיינען שוין אַהיים זיך צעגאַנגען. נאָר דער רב, חיים ראַדאָשקעוויטש און איך זיינען נאָך געבליבן. געבעטן האָבן מיר דעם רב גיין מיט אונדז אהיים צוזאַמען, ווייל געמיינט האָבן מיר, אַז אַליין וועט אים שווער אָנקומען אַרויסצוגיין פונעם וואַלד.

אַרויסקומענדיק פונעם וואַלד האָט אונדז באַלד דערטאַפּט שוין אַ פּאָלי־ציאַנט, פון וואַנען ער האָט שוין אַזוי פרי געדרייט זיך אַרום וואַלד, האָב איך ניט געוווסט. ער האָט טאַקע גענומען זיך תיכף צום רב, אָנהענגענדיק אים משו־נהדיקע פאַרדאַכטן און ניט געוואָלט אָפּלאָזן. אַ רעוויזיע האָט ער געמאַכט, צונע־מענדיק ביים רב אַ זייגערל פון טאַש און נאָך אַ פּאָר זאַכן „קאָנפיסקירט״. גע־וואָלט האָט ער אויך פאַרהאַלטן ר׳ מלכיאלן און מיר האָבן קוים איינגעבעטן דעם פּאָליציאַנט, ער זאָל אונדז לאָזן אַלע צוזאַמען אַוועק אַהיים. ער האָט ענדלעך באַוויליקט און אָפּגעלאָזן אונדז אַלע דריי. פאַרשטענדלעך, אַז מיר זיינען ווייטער געגאַנגען אונדזער וועג. ווי דער שטייגער איז, האָבן מיר צווישן אַנאַנדער גע־שמועסט; געפרעגט האָב איך ווידער די אַלטע יידישע קושיות: פאַרוואָס און עד מתי?... ווי לאַנג דען קאָן מען ליידן אַזוי פיל? צי דען האָבן מיר אַזוי פיל חטאים און וואָס פאַר אַ שלעכטס, האָבן מיר עמעצן אָפּגעטאָן צו גאָט אָדער צו לייטן, וואָס שטענדיק ליגט אויף אונדז „אשמנו מכל עם, בושנו מכל גוי״?...

— וויסן זאָלסטו שלמה, זונעלע — האָט ר׳ מלכיאל ניט טראַכטנדיק אַפילו אַ רגע, אָנגעהויבן שטיל זיין ענטפער — (און דברי תלמידי חכמים בנחת נשמעים): ווי איך בין אַ ייד און אויך אַ רב דערצו, בין איך אַ מאמין באמונה שלמה און א מלא בטחון, ווי גרויס און מאַכטפול זאָלן זיין נאָך (ווי איצטער!) היטלערס נצ־חונות ,פיל גרעסער און מערער צעשמעטערנדיק וועלן ווערן זיינע ריזיקע מפּלות און נידערלאַגן. אַזוי וועט עס זיין און ניט אַנדערש! ווייל ווייסן ווייס איך דאָס קלאָר און דייטלעך. לא בכדי, ניט אומזיסט זאָגן מיר ימים נוראים אין תפילות פון „שמונה־עשרה״: וכל הרשעה כעשן תכלה כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ. קיין שום מלכות (אַפילו אויך די שטאַרקסטע!) קען ניט אויפגעבויט ווערן אויף

אַזוי פיל בלוט און טרערן... (אויך דעם בית המקדש האָט דוד המלך, להבדיל אלפי הבדלות, נאָך מלחמות אַזוי פיל ניט געקענט בויען!) אלא וואָס דען? עס איז טאַקע און בלייבט אַ קושיה: צי וועל איך, מלכיאל, עס דערלעבן און לויבן קענען זיין שמו יתברך: ראיתי תשועת השם. דאָס ווייס איך ניט... (מיט טיפן אומעט פון נשמה געקלונגען האָבן זיינע ווערטער) ווייסן ווייס איך אָבער, אַז היטלערס פסק־דין וכת דיליה איז שוין פאַרחתמעט — האָט ער צוגעגעבן און אנטשוויגן געוואָרן אויף א מינוט.

— איר אַלע האָט דאָך חומש געלערנט — האָט ער נאָך אַ קורצער ווײַלע פאַרגעזעצט — ווייסט איר און געדענקט אַוודאי פון דער פרשה וישלח... וועגן רחל אמנו — מאי טעמא ותלד רחל ותקש בלדתה? יאָ! זי האָט טאַקע גאָר אַ פיינעם זון געבוירן, בנימין. נאָר ותקש בלדתה... ותמת רחל בדרך אפרתה היא בית־לחם — זי האָט אים שוין ניט דערלעבט צו זען — ווי ער קוועלט אויף און וואַקסט. אַזוי איז עס מיט אונדז, מיט מיר אויך... אַזוי איז אונדזער וועלט — אַ בלוטיקע מלחמה אַ געפּערלעכע! — תבל הקשתה בלדתה... כ׳ווייס ניט צי וועל איך דערלעבן דער נייער נאָך־מלחמה וועלט. איך בין דאָך אַ רב און מיט אַ קהילה האָב איך צו פירן אַלס מרא דאתרא. ניט מעגלעך און שווער וועט מיר אָנקומען צו באַהאַלטן זיך — האָט ער ווי צו זיך אַליין גערעדט — שטענדיק וועלן שונאים מיר געפינען! — און אַפילו יאָ געלונגען וועט מיר צו באַ־האַלטן זיך, וואָס וועט קהל טון? וועל איך מיין קהילה אויף הפקר לאָזן? וועל איך נאָך אַ תקומה האָבן; וועל איך נאָך מיינע אויגן אויפהויבן קענען צו גאָט און צו לייטן? און מיין געוויסן? — עס איז מיין חוב צו בלייבן מיט דער קהילה — ביזן לעצטן אָטעם, ביזן לעצטן בלוט טראָפּן! עד כלות הנשמה — האָבן ווערטער זיינע געקלונגען ווי אַ פּאַרזאָג, ווי אַ שבועה... מיט אייך קינדערלעך איז עס אַנדערש; איר זענט דאָך נאָך יונג, איר קענט נאָך אפשר דערלעבן, איר וועט דערלעבן, איר מוזט דערלעבן לראות בישועת השם! ווייל לא המתים יהללו יה... איך — ווערטער זיינע ווי אָפּגעהאַקט אינמיטן פלוצלונג, געקלונגען האָבן ווי אַ קינדער־פאַנטאַזיע. עס איז דאָך ווייט געווען פון „שכל הישר״ צו טראַכטן אַפילו וועגן לעבן בלייבן.

אַזוי דערגאַנגען זיינען מיר ביז מיאדלער גאַס. דער רב איז ענדלעך אַריין צו זיך אין שטוב; ביי פייגע באָטוויניקס טאָכטער איז יענע טעג זיין דירה געווען. חיים ראַדאָשקאָוויטש און איך האָבן שנעל געמאַכט אַ „קפיצת הדרך״ איבער גערטנער און אויך אַוועק אהיים. איך בין נאָר אין אונדזער שטוב אַריין; כ׳האָב נאָך אַפילו ניט אויסגערעדט אַ וואָרט צו דער מאַמען מיינער, ניט דערציילט ווי און וואָס — האָב איך שוין גלייך באַמערקט דורכן פענצטער ווי ווידער טרייבט מען דעם רב אין פּאָליציי. אַ לאַנגן שטעקן מיט אַן אָנגעהאָנגענער רויטער טוך

האָט ער ווי אַ פּאָן אין האַנט געטראָגן און צוויי פּאָליציאַנטן — איינער פון זיי יאַראָשעוויטש מיטן אָנגעלאָדענעם ביקס, שטופּן אים און שטויסן ווייטער — צו דער גרויסער פרייד פון קריסטן און שקצים פאַרזאַמלטע אויף ביידע זייטן גאַס, וואָס האָבן שאָדנפריידיק געלאַכט און אָפּגעשפּאָט. איך האָב שוין לויפן געזען מיטן גאַנצן אימפּעט, מיטן ברען זיינעם — דעם האַרציקן אומדערמידלעכן ייד כלאַוונען. צום זאָנדער־קאָמענדאַנט. וואָס און ווי ער האָט געטון ווייס איך ניט; עס איז אַ פאַקט אָבער — „אויסגעקויפט” האָט ער דעם רב און געבראַכט אים אַהיים.

אָט אַזוי איז געווען דאָס לעבן אונדזערס; „אויסקויפן” און טיילמאָל אויך „אויסקעמפן” אַפילו האָבן מיר עס געמוזט יעדן טאָג אויפסניי און שטענדיק כמעט מיט שרעק אָפּקומען — געקומען אָבער זיינען טעג, וואָס שרעק אַליין איז שוין ניט געווען גענוג... די גרוילהאַפטע שרעק און מורא זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אמתעווירקלעכקייט־שטיקער... עס איז שוין ניט געווען קיין אָרט מורא צו האָבן פאַרן לויערנדן אומקום. ווייל אומקום איז געווען און געוואָרן דאָס ווייטערע: פאַרשלונגען אינגאַנצן, ניט מער געבליבן זיינען דער רב ר׳ מלכיאל, דער מרא דאתרא מיט זיין גאַנצער קהילה.

## אַ פאָרגעפיל פון אומקום

— וואָכן און חדשים־לאַנג געגאָגט האָבן מיך אין האַרצן די געשעענישן פון יענעם סעפּטעמבער־טאָג (1941). ניט פאַרגעסן האָב איך בשום אופן (ניט געקענט אויך) די קלאָרע, ווי אויך אומעטיקע ווערטער ר׳ מלכיאלס יענעם פרי־מאָרגן. ריבונו של עולם! האָט אים באמת פאָרויסגעזאָגט אַזוי אין האַרצן? צי האָט ער אַזוי קלאָר, גענוי און פּינקטלעך פאָרויסגעזען דעם שפּעטערן „סדר הדברים”? באמת איז עס דאָך אַזוי געווען! ניט תיכף טאַקע, פיל שפּעטער; אָפּגעלאָפן איז מערער ווי אַ האַלב יאָר פול שנאה און פאַראַכטונג צו אונדז קריוויטשער ידן. אויסשטיין האָט מען נאָך געדאַרפט פיל בושות און בזיונות, יסורים פיזישע ווי אויך פּיין און מאָראלישע דערנידערונג פון יעדן נישטיקן „שקץ”, פון יעדן פּויערישן גראָבן יונג...

— נישט איינמאָל איז עס אויסגעקומען ווידער מיט שרעק בלויז אָפּקומען. דאָך האָט מען געזשיפּעט נאָך; געוואָלט האָט מען לעבן ווי אויך אַלץ איבער־לעבן. טיף איינגעוואָרצלט אין נשמה געטליעט האָט און אויפגעפלאַקערט דער „אני מאמין” פון ייד; אַז פאַלן וועט און שוין ניט אויפשטיין! דער גרעסטער שונא אונדזערער, דער ביטערסטער און געפערלעכסטער צורר היהודים המן־היטלער!. געוואָלט האָט אָבער יעדער ייד און עד כלות הנשמה געריסן זיך דער־לעבן און זוכה זיין צו דער גרויסער מפּלה זיינער — כאָטש קלאָר איז געווען,

אַז עס איז ניטאָ קיין יסוד צו דעם... כאָטש טאָג־טעגלעכע אָנגעקומענע ידיעות, קלאַנגען און אָפּקלאַנגען האָבן בלויז חורבן פון ידישע שטעטלעך און ימים יידיש בלוט אָנגעזאָגט און דערציילט. אַרום פורים איז געקומען די ידיעה וועגן אַ שחיטה אַ גרויסער אין איליע; אויף מאָרגן נאָך פורים האָט מען שוין געוווּסט, אַז ווילייקע איז „יודנריין". צו דער „פורים־סעודה" איז אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן ווילייקער געטאָ. און אָט געקומען איז אַ ידיעה אַ ביטערע וועגן אַ שחיטה אין דאַלהינאָוו פון צוועלפטן מערץ 1942. ווי אַזוי האָט מען נאָך האָפן געקענט, ווי אַזוי נאָך צו גלויבן? — האָט דאָך יעדער ייד פאַרמאַסטן זיך צו גלויבן — אויך מיין ווייניקייט — וויסנדיק אַז עס קאָן זיך אויסלאָזן אַ בלוט־ביטערער פיאַסקאָ! אַ לעכערלעכער אַבסורד... אויפגעוואַכט ביי אונדז האָט דער שטענדיקער יידישער „אף על פי"... יעדער געטראַכט האָט; איך גלויב, וויסנדיק, אַז עס איז אַן אבסורד! און דאָך „אני מאמין באמונה שלמה... אף על פי שחרב חדה מונחת על צואר ייתי ולא אחמינהו! — גלויבן גלויב איך, כאָטש עס דראָט טאָג־טעגלעך אַ טויט, אַפילו א שווערד אויפן האַלדז וואַרט איך אויף דערלייזונג — ניט צו פאַרזאַמען!

ליידער! אַך וויי און וויי! — זוכה געווען האָבן בלויז יחידי יחידים! די דייטשע אויסראָטונג־מאַשין האָט געאַרבעט אָן אויפהער. אַ טאָג צוויי פאַר ערב פסח תש"ב האָט מען אין פּרודניק דערשאָסן חנה קאַצאָוויטש מיט די קינדער (ר' ישעיהס פרוי און שוועגערין פון ר' מלכיאלן). אין טאָג פון ערשטער סדר־נאַכט, גאַנץ פרי, האָט מער שוין גענומען דעם רב מיט זיין משפּחה. גע־טומלט האָט זיך אין דער ערשטער סדר־נאַכט; ס. ס.־לייט און געהילף־פּאָליציי גענישטערט האָבן אין יידישע הייזער; בלוטדורשטיק האָבן זיי געזוכט פּליטים פון אַרומיקע שטעטלעך. אינדערפרי אויף מאָרגן א' דפסח[2] געוווּסט האָבן שוין אַלע, אַז ניטאָ שוין דער רב. ער איז דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע אַלס „קאָמוניסטן"... יענער נאַכט האָט מען אויך אויסגעפירט אַ „טויט אורטייל" איבער א מאָלאָדעטשנער יידישער משפחה, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין שטעטל און כאַרנאַס — אַ ייד פון קורעניץ, דעם פאָטער פון שטעטלשן אברהם כארנאסן.

— אָן א בית־מדרש, וואָס איז שוין לאַנג חרוב און הויל־נאַקעט געשטאַנען, אָן דעם רב — וואָס דערהאַלטן, געטרייסט און געמונטערט, געשטאַרקט האָפענונגען און גלויבן — איז די אַלגעמיינע שטימונג געדריקט געוואָרן נאָך מערער. קלאָר איז געוואָרן, אַז עס איז גאָר נאָענט שוין צום ביטערן סוף... מען דאַרף

[2] אנדערע גיבן איבער — ערשטן טאָג חול המועד.

זיין גרייט. אויף דער וואָך זיין שטענדיק. שלאָפן אין די זאַכן, ניט אויסגעטון — אַ קלאָרער פאַרגעפיל פון אומקום! — און דאָך געוואַכט האָט דער באַוווסטזיין און וויסן (ניט פאַרצווייפלט!) אַלעס מוז געטאָן ווערן צו אַנטקומען דעם סוף און אויסמיידן אים... אפשר פרוון אויסבאַהאַלטן זיך? אפשר וועט דאָך געלינגען צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן — אַ לעבעדיקער עדות בלייבן צו דערציילן, ווי אַזוי מען האָט אונדז רוצחיש אויסגעמאָרדעט און די לייכטנדיקע זון ווי אויך שאַרפע גרינאַויגיקע וועלפּישע הימלען געשוויגן האָבן שטום... געבויט האָט מען „מאַלינעס", לעכער געגראָבן זיך אויסצובאַהאַלטן. כ'האָב אויך אַ „מאַלינע" געבויט צוזאַמען מיט שמערל מוטערפערל; געאַרבעט האָבן מיר גאַנצע נעכט. אויסגעפּאַרטיקט אין לעצטער נאַכט פאַר דער שחיטה. ניט באַוויזן שוין אויס־צונוצן... שטעטלשע פּויערים אונטערמינירט האָבן אַ מיליטערישן לאַסטצוג מיט בענזין צו מלחמה־פראָנטן, (אַזוי געזאָגט האָט מען אין שטעטל... איך ווייס ניט אויב אמת) — אַ מיטל צו פאַרשנעלערן די ענדע פון יידן, די גרויזאַמסטע שחיטה.

## אומקום... להרוג ולאבד

י"א אייר תש"ב — טאָג פון גרויסער שחיטה. אַריין בין איך גאַנץ פרי אין שטוב אונדזערער; אויפן גאַס האָט זיך געטומלט שוין און געראַשט. מען האָט מענער געכאַפּט און יונגע בחורים, כדי צו טרייבן פערד אויפן פראָנט. מען האָט שוין געשאָסן אין הויפן און הייזער. עס קומט דער סוף!... ניט געבליבן צייט באַהאַלטן זיך אין „מאַלינע", צו לויפן אַהין. מיכלה, אונדזער שכנה, אַריינגעלאָפן איז צו אונדז אין שטוב אַ באַהעלטעניש געפינען. מיין מאַמע האָט אַפילו ניט געטראַכט; זי האָט אונדזביידן שנעל אַריינגעשטופּט אין קעלער פון אונדזער שטוב — פאַרשטעלנדיק גוט דעם קעלער־טיר מיט אַ שווערער שאַפע.

אזוי האָבן מיכלה און איך די שחיטה אויסגעמיטן אויפן חשבון פון מיין מאַמען און מיכלעס משפחה. מיר האָבן זיך געראַטעוועט. און וואָס ווייטער? ווי אזוי ווייטער טרייבן דאָס לעבן? — י"א אייר תש"ב איז ניט צו פאַרגעבן קיינ־מאָל! איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעבן און ניט פאַרגעסן נאַצישע רוצחים מיט זייערע מיטהעלפער, וואָס האָבן אויסגעמאָרדעט אויף פאַרשיידענע וועגן מיינע שוועסטער און ברידער, מיין בית־מדרש און מיין רב, מיין פאָלק! מיינע יידן אין היימשטעטל... זאָלן אַלע רוצחים ווערגן זיך און שטיקן אין זייער אייגן בלוט, אויף אייביק פאַרשאָלטן!

— שוואַך איז מיין האַנט און אָרעם מיין פען, ווייטער צו שילדערן און באשרייבן ווי געראַנגלט האָב איך מיר נאָך ווייטער לעבן צו בלייבן.

אליעזר שוד / פתח־תקווה (שעריה)

# על קידוש החיים

## דברי עדות

— — בעיניים דומעות ולב כואב אספר בזה על שראו עיני ובאזני שמעתי, באותם ימי אימה ושואה. על כל אשר נגול לפני במשך דרכי הארוכה, עד שובי לביתי החרב וכל אשר הדהד בי לאחר זאת — עד בואי לאדמת ישראל כאוד מוצל מהשריפה ששורפנו; — כאחד מאלה שנאבקו על קידוש החיים והצליחו בכך. לא כל שאספר, ראיתי גם בעיני; אלה שראו כל זאת, לא יכלו גם לא יוכלו לספר עוד על כך לאף בן־תמותה עלי אדמות. אשר ראו והיו עדים לכך אינם עוד; עצמותיהם נפזרו ביערותיה ושדותיה של קריביץ׳ עיירתי וסביבתה. לא רבים מהם זכו לקבורה כיאות, לאחר מכן. מעטים מהם אף טולטלו לדאכאו ודמיהם הפרו אדמות באוואריה ושדותיה; אספר גם כל שנודע לי מפי שרידים שנתלקטו ומפי שכנים שאינם בני־ברית וזיק אנוש בקרבם — עדים מחרישים לזוועות. כל זאת — למען ידע ויזכור כל יהודי בן־עיירתנו וגם לא ממנה — בכל אתר ואתר; מה נורא הוא הדבר להיות אחר ושונה, בודד וזר בסביבה עויינת או אדישה במקרה הטוב ביותר. מה רע ואיום להישאר חלש ונחות אל מול ובתוך זאבי־אדם...

בדחילו ורחימו אגש איפוא אני — אליעזר בן ישראל יליד 1916 בעיירת־קריביץ׳ — פליט חרב ואש בוערת (היוקדת עד היום בתוך תוכי) לספר כל אשר בא עלינו, כל שעבר עלי ועל יהודי עיירתי היקרים והנלבבים בימי שואה וחורבן, משום החובה הקדושה (ויראת הכבוד) להנציח כל אלה מעל דפי „נר־תמיד" — יד לקהילת קריביץ׳ וסביבתה. אללי לי! כי יעדני הגורל גם לכך.

## הטבח הגדול

י"א אייר תש"ב, העשרים ושמונה באפריל 1942 — יום שכל יוצאי עיירתנו בכל מקום שהם — יזכרוהו ולא ישכחוהו לעד. יום שלישי בשבת, אחד אפור ורגיל כשאר הימים. כמו תמיד השכמתי קום ויצאתי לעבודתי כפי שהוטל עלי מטעם ה„יודנראט" — בפקודת השלטון הגרמני האזרחי. השעה היתה שבע בבוקר. הגעתי כבר אל בנין ה„יודנראט" אשר בקצה השני לעיירתנו. משם הלכתי יחד עם הלל שטיינגולד ושמואל קאצוביץ׳, ה׳ ינקום דמם, כפי שציוו עלינו, למקום עבודתנו בתחנת הרכבת של קריביץ׳. אבי ואחותי נשארו בבית. לא ידעתי דבר ולא שיערתי כלל, כי משהו עלול להתרחש. כמוני כן חברי המשכנו בדרכנו

שלהן בינתיים; המשפחה גדלה ובנותינו שנולדו גדלו והיו נערות בנכר. סוף סוף הגענו ארצה והחילונו בחיים חדשים ומאבקים בעייתיים אחרים. עברנו בכור המצרף של חבלי קליטה והסתגלות למציאות שונה ואחרת; התערינו במקומנו וכבר זכינו לנכדים אשר נולדו לנו והם גדלים, על אדמת ישראל. את אשר עבר עלינו בבית שנחרב ואשר חווינו בימי השואה, לא נשכח ולא נשכיח; לא נוכל גם אם נרצה בכך. חובה עלינו לזכור ולהזכיר את אשר עשה לנו עמלק במאה העשרים. אבל נדע ללא ספק; הגענו לסוף המסע ולקץ הנדודים. מכאן לא נזוז עוד. ואף כי גם כיום רבו אויבינו וטרם הונח לנו משנאת־ישראל בקרב העמים ובעולם, נאמין באמונה שלמה כי כאן לא נהיה עוד מחוסרי הגנה מופקרים לכל רוח־עוועים מצוייה. מדינת־ישראל הנאבקת על ביטחונה ושלומה תיגבר על כל אויביה, תחזק ותנצח! זו המצבה המפוארת שהציב העם בציון לעם היהודי שנהרג ונטבח בשואה. עליה — יחד עם כל קהילות ישראל שנהרגו, שנשרפו ונחנקו — ינון גם שמה של עיירת־מכורתנו ובית־גידולנו, שמה של קריביץ' הרחומה והנלבבת.

על דעת עיני שראו את השכול
ועמסו זעקות על לבי השחוח,
על דעת רחמי שהורוני למחול,
עד באו ימים שאימו מלסלוח,
נדרתי הנדר: לזכור את הכול
לזכור — ודבר לא לשכוח!

**(אברהם שלונסקי: נדר)**

קלאַראַ טאוגער–שוד / פתח־תקוה (שעריה)

# קאַפּיטלען פון געראַנגל אויפן לעבן

ויהי היום, אָנגערוקט האָט פּלוצלונג דער אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה פּרייטיק דווקא — פּרייטיק פאַרטאָג דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939. כאָטש ביטערע און אומעטפולע פאָרגעפילן האָבן געעגבערט אונדזערע הערצער און געלעכערט זיי ניט אויפהערנדיק, האָט דאָך קיינער, אַפילו אין שרעקלעכסטע בייזע חלומות, ניט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז מיר האַלטן שוין ביים אָנהויב פון ענדגילטיקן סוף חורבן פון יידישן לעבן אין פּוילן און מזרח־אייראָפּע — פיזיש ווי גייסטיק, אַז קומען וועלן חדשים און יאָרן פון אומקום און אויסראָטונג און טויזנטער יידישע קהילות, מיט אונדזער יידיש היימשטעטעלע איינגערעכנט, פאַרגייען וועלן שוין אין אַש און פייער און דערטרונקען ווערן אין ימען פון טרערן און בלוט. מען האָט זיך פיל, גאָר פיל געשראָקן פארן נאַצי־פאשיסטישן דייטשלאַנד — ניט וויסנדיק, ניט קענענדיק טראַכטן אַפילו צו וואָס זיי זיינען מסוגל און פעאיק... וויסנדיק בלויז, אַז נאַציס זיינען אונדזערע דעקלאַרירטע אויסגעשפּראָכענע און עקסטרעמסטע שונאים, איז יעדן דורך אַן אויפשיטערנ־דער שוידער. מיין ליבע אומפאַרגעסלעכע שוועסטער באדאנקע האָט אָבער פאָרגעפילט קלאָר און פּינקטלעך, וואָס מיט אונדז וועט זיין. זי האָט ניט אויפ־געהערט צו טענהן און דערקלערן, אַז נאַצי־דייטשלאַנד וועט אונדז פאַרניכטן און אויסוואָרצלען אומעטום — ווו עס וועט נאָר מעגלעך זיין. „נאַציס זיינען די פּעסט פון גאָט און מענטשן. די פּעסט פון דער וועלט און אייראָפּע בפרט!”.

אינדערהיים ביי אונדז, ביי טאַטע־מאַמע איז געווען אַ גאָר געדריקטע שטימונג; מיין ברודער חיים (אָדער ווי גערופן האָבן אים אַלע אין שטעטל, מאָטקע) איז שוין גלייך מאָביליזירט געוואָרן און אַוועקגענומען ווי פיל אַנדערע, קריסטן ווי יידן פון מיליטער־פעאיקע יאָרגענג צו די פראָנטן־ליניעס — אויפן סמך פון פּראָקלאַמירטער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע דורך דער פּוילישער רע־גירונג. גלייך איז פאַרשטענדלעך דערקלערט געוואָרן איבער גאַנץ פּוילן קריג־צושטאַנד און ספּעציפיש באַזונדער אויף צפון־מזרחדיקע (אונדזער אומגעגנט אַריינגערעכנט) און דרום־מזרחדיקע „קרעסן” — מיט זייערע ספּעציפישע דיסציפּלינירטע שטראָף־געזעצן.

ידיעות און אָפּקלאַנגען וועגן שוידערהאַפטע אומגליקן — רעזולטאַטן און פּרוכטן פון פיינלעכע טעטיקייטן צווישן קריג־פירנדע מחנות — האָבן ניט געפעלט און איין ידיעה איז ערגער געווען פון דער אַנדערער. פּוילישע ראַדיאָ־

סטאַציעס האָבן ניט אויפגעהערט צו אַלאַרמירן די באַפעלקערונג און רופן צו פאַרטיידיקונג־אַרבעט, שוץ־גראָבונג און אַנדערע באַפעסטיקונג — קעגן שטאַרקע דייטשע אָנגריפן פון אַלע זייטן און בעיקר פון אויבן — פון דער אַוויאַציע. זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו שילדערן אין פאַרבן די באָמבאַרדירונגען פון ווילנע און גראָדנע, לידע און מאָלאָדעטשנע. דערציילט האָבן זיי וועגן פליער, וועלכע זיינען געפלויגן גאָר נידעריק און מיט אויטאָמאַטן „געשניטן" אָן אויפהער די אומבאַוואָפנטע שוצלאָזע ציווילע באַפעלקערונג. ידיעות אָנגעקומענע פון מויל צו אויער, זיינען געווען נאָך מערער שרעקנד. די שרעק און פּאַניק איז געוואַקסן פון טאָג צו נאַכט און פון נאַכט ביזן צווייטן פרימאָרגן.

מורא געהאַט באַזונדערס האָבן מיר, יידן אין שטעטל וויסנדיק גוט פון דערפאַרונג — אַז ווו נאָר עפּעס אַ „ויהי" לאָזט זיך אַלדאָס בייז צו יידן — עפּעס וואָס און ווען ליידן און בלוטיקן יידן. געוויינלעך האָבן מיר זיך געשראָקן, טאָמער וועלן דייטשן אַרייַן צו אונדז אין שטעטל. אָבער אויך פאַר דער פּוילישער מיליטער־מאַכט און אירע כוחות געהאַט האָבן מיר גענוג סיבות מורא צו האָבן און שרעקן זיך. געקענט האָבן מיר צו גוט דעם צוזאַמענשטעל פון מענטשן־כוחות אין דער ק. א. פּ.־פאָרמאַציע („קאָרפּוס אָכראָני פּאָגראַניטשנעי"), וואָס איז ווערבירט געוואָרן אין מאַקסימאַלער מאָס פון פּאָזנאַניער געביט און איז געווען אַדורכגעגעסן פון אַנטיסעמיטישער העצע און זאָאָלאָגישער נאַצישער שנאת־ישראל. געדענקט האָבן מיר אויך זייער גוט און ניט פאַרגעסן נאָך די אַנטי־יידישע העצעס, פּאָגראָם־אַגיטאַציע, ווי אויך אַלע פּרוּוון און פּראָוואָקאַציעס אין דרייסיקער יאָרן — פיזיש צו פּאָגראָמירן די יידישע באַפעלקערונג.

— 17 שווערע טעג האָט דאָס שטעטל אַדורכגעלעבט אין וואַקסנדער אַנגסט, פאַר דער צוקונפט פונעם מאָרגן און איבערמאָרגן, טאָמער וועט די נאַצישע מלחמה־מאַשין באַווייזן אַריינצושטעקן אַ פוס אין אונדזער סביבה. די זאָרג און דאגות — ניט האָבנדיק קיין שום ידיעה וועגן ברודער האָבן אויך ניט אויפהערנד געעגבערט. דער פאָטער אונדזערער איז פאַרזאָרגט אַ שווייגנדער און די מאַמע, די שוועסטער — אַ רחמנות צו קוקן אויף זיי! אַ תל געוואָרן פון דאגות. האָבן מיר דען געקענט וויסן, אַז עס איז נאָך ניט אַלעס? אז עס גייען נאָך טעג, וואָכן און חדשים קומען פון אומקום און ענדלעכן חורבן?...

אַזוי געווען איז עס ביזן אַריינמאַרש פון סאָוויעטן. פאַרשפּרייט האָט זיך פּלוצלונג אַ קלאַנג מיט אַ פּאָר טעג פריער, אַז די רויטע ארמיי איז שוין אַרויס צו הילף דער פּוילישער קעמפנדער אַרמיי, קעגן דייטש. אמת זאָגנדיק האָט קיינער ניט געוואָלט גלויבן אין דעם. ווייל יעדער האָט גוט פאַרשטאַנען,

אַז דער היטלער—סטאַלין אָפּמאַך שטייט אין בולטער סתירה מיטן גלויבן אין דעם. דער טומל און דעזאָריענטאַציע, די כאַאָטישע צערירונג איז אַזוי גרויס געווען, אַז יעדע געהערטע ידיעה האָט געקענט גלויבלעך ווערן.

ניט לאַנג האָט מען זיך געקענט קוויקן און טרייסטן מיט „חלשות״... באַלד האָט שוין מאָסקווע קלאָר געמאַכט אַלע ספיקות; אָפיציעלע קאָמוניקאַטן האָבן דערציילט און געמאָלדן, אַז די רויטע אַרמיי איז אַרויס און אַריינמאַרשירט אין מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע (מזרח־גאַליציע מיט לוואָוו, טאַרנאָפּאָל א. אַ. וו.) כדי צו באַפרייען דאָרט די „רוסישע ברידער־מינדערהייטן (ווייסרוסן און אוקראַינער) פון זייערע „פּוילישע רעאַקציאָנערע אונטערדריקער״ — צוזאָגנדיק אויך אַלע געליטענע יידן פון אַנטיסעמיטישער העצע און גיפטיקן יידנהאַס, אַ בעסערן ליכטפולן מאָרגן און אַ מער זיכערער עקזיסטענץ. אָבער צוהערנדיק די אַלע הבטחות איז דאָך ביטער געוואָרן אויפן האַרצן; עס איז שווער געווען מיט דעם זיך צו קוויקן... אין שטעטעלע ביי אונדז זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין גוט אויסגעניכטערט זיך פון זייער זיסן געשמאַקן חלום וועגן סאָוויעטישן „גן־עדן״... עס איז טרויעריק און קלאָגעדיק געוואָרן יעדן איינעם, ניט צוליבן ביטערן גורל פון יידן־פיינטלעכער פּוילן־מדינה, נאָר צוליב מורא וווהין און צו וועמען וועלן מיר אַריינפאַלן. יידן אין קריוויטש (און וואַרשיינלעך אויך אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך) האָבן אָנגענומען די סאָוויעטן אַלס דאָס מינדערע פון שלעכטס... יידן, אויסגעשפּראָכענע ציוניסטן האָבן געהאָפט און געגאַרט, די סאָוויעטן זאָלן אַריין — ווייל ווי אויבנדערמאָנט, די שרעק פאַרן דייטש איז ניט געווען צו אָפּשאַצן און מעסטן.

דערווייל זיינען אָנגעקומען שוין אין שטעטל אונדזערס, די ערשטע אַנטלאָפענע פון שטעט און שטעטלעך פאַרכאַפּטע דורך היטלעריסטישן מיליטער. זיי האָבן נאָר וועגן בייזע און שרעקלעכע איבערלעבענישן צו דערציילן געהאַט. צווישן אַנדערע איז געקומען דער שוואָגער פון יעקב קאַצאָוויטש. די ברידער דיקמאַן פון וואַרשע, אונדזער זהבה סלאָבאָדסקיס (זלאַטקע שטיינגאָלדס) קרובים — שוין דאַן צוויי באַרימטע בחורים מיט זייערע אויסגעצייכנטע קענטענישן און פיל באַגאַבטע פעאיקייטן — זיי זיינען געוואָרן פּריוואַט־לערער אין שטעטל.[1] געקומען איז אויך זהבהס אַ פעטער פון סווענציאַן — העשל גאָרדאָן

---

[1] שלמה און אריה דיקמאַן האָבן זיך געלאָזט לויפן פון טאָג און נאַכט באַמבאַרדירטער וואַרשע דורך נאַצישע פליער, צום פּויליש־רוסישן גרענעץ; זיי זיינען דערקומען אין קריוויטש צו זייערע קרובים. לויט א רעגירונגס־פאַראָרדענונג פון סאָוויעטן האָבן זיי ווייטער געמוזט ציען און אין ניעסוויעזש זיינען זיי געווען — ווי עס גיט איבער

מיט אַ טאָכטער איטעלע (יהודית) — אַ מיידל פון 13־14 יאָר, ווי אויך די ברידער אברהם און רפאל טראַכטנבערג פון פּאָדבראַדזש ביי ווילנע מיט אַ טאָכטער רבקה (אויך פעטער פון זהבהן). געווען זיינען אויך נאָך אַנדערע, וואָס איך געדענק שוין ניט די נעמען פון זיי.

17־טן סעפּטעמבער זיינען אַריין אין קריוויטש די ערשטע טרופּן פון רויטער אַרמיי. אַ פּאָר טעג נאָכדעם זיינען שוין אויך אָנגעקומען היכע ציוויל־באַאַמטע צו גרינדן און אָרגאַניזירן אויפן אָרט אַלע ציוויל־אינסטאַנצן און אמטן פון דער מאַכט און דעם „רעיאיספּאָלקאָם״. כ׳וועל מיך ניט פאַרהאַלטן דאָ כדי צו שילדערן ברייטער דאָס יידישע לעבן אין שטעטל אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט. געוויס וועלן עס אַנדערע בעסער טון פון מיר, ווייל מיר אַלס אַ מיידל אַ זיצנדע אין שטוב, איז ניט אויסגעקומען צו זען גרויסע „ישועות ונחמות״ פון דער „באַפרייערישער רויטער מאכט״. עס איז מיר נאָר געבליבן אונטערצושטרייכן, אַז פון אַלע האָפענונגען און גלויבן אין צוגעזאָגטע הבטחות, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ הוילער בוידעם... גאָר שנעל האָט יעדער דערשפּירט דעם טעם פון אונדזערע „דערלייזער״. פּריוואַט־האַנדל — אָפּיציעל און געזעצלעך אונטער אַ דראָענדער שטראָף — שטרענג פאַרווערט; געשעפטן געשלאָסן, רעקוויזירט; אַרעסטן און חקירות, פאַרשיקונגען אין דער ווייט, ווי אויך אַנדערע אונטערדריקונגס־מיטלען און שיקאַנעס זיינען שוין אויסגעפּירט געוואָרן. מען האָט שוין געפילט וואָס מערער דעם קלעם אַרום אונדז. אַזוי זיינען שוין פאַרהאַלטן געוואָרן און פאַרשיקט יעקב קאַצאָוויטש, אַן אָנגעזעענער ייד אין שטעטל, ישעיהו קאַצאָוויטש און אַנדערע. פון אַרעסטן און פאַרשיקונגען האָבן געליטן אויך קריסטן ווי יידן. מער פאַרמעגלעכע פּאָליאַקן און ווייסרוסן, אלע זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר. פאַרשיקט געוואָרן זיינען כמעט אויך אַלע אָנגעפּאָרענע „פּליטים״ אין שטעטעלע אַ חוץ יחידים, וואָס האָבן זיך ווי עס איז אויסגעדרייט. צווישן זיי אויך די שוין אויבנדערמאָנטע ברידער דיקמאַן פון וואַרשע, אלס „ציוניסטן, רעאַקציאָנערע העברעאיש־לערער און פאַרביסענע פיינט פון אַרבעטער־קלאַס און פּראָלעטאַרישן מענטש...״ אזוי איז דאָס זעלבע געווען אויך מיט סאָניע שימענטשיק, די

שלום חאלאבסקי אין זיין בוך: „עיר ויער במצור״ — „שטאָט און וואַלד אין בלאָקאַדע״. שלמה דיקמאַן ז״ל, דער באַגאַבטער מייסטער־איבערזעצער אויף העברעאיש פון גריכיש און לאטייניש קלאַסישע מייסטער־ווערק, דער פּוילישער איבערזעצער פון ביאַליקן, ווי אויך איבערזעצער פון ביאליקס „דאָס לעצטע וואָרט״ פון יידיש אין עברית. ער און אריה זיין ברודער זיינען שפּעטער פאַרהאַלטן געוואָרן און פאַרשיקט אין דער ווייט פאַרפרוירענער וואַרקוטע. נאָכן אָפּזיצן יאָרן דאָרט זיינען זיי באַפרייט געוואָרן, צוריקגעקומען קיין פּוילן און עולה געווען אין ישראל. אַ פּאָר יאָר נאָכדעם איז שלמה דיקמאַן נפטר געוואָרן אין ישראל. זיין ברודער אריה לעבט אויך היינט אין תל־אביב.

רעדאַקטאָר פון בוך

אַפּטייקערין אין שטעטל, וואָס איז מיט אירע קינדער מלכה און יוסף אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן.

מיט דעם קורצן צרות־איבערבליק וועל איך מיר באַגנוגענען. וועגן קרי־וויטש אין צייט־אָפּשניט פון סאָוויעטן „פאַרן מבול" וועלן געוויס דערציילן ר' ישעיה קאַצאָוויטש ווי אויך אונדזער פריינט סאָניע שימענטשיק (אין אויס־טראַליע) מיט איר זון יוסף שמיר (דאָ מיט אונדז). כ'וועל דערציילן די ווייטערע לעבנס־קאַפּיטלען.

## הימלען פאַרכמאַרעט בייז און אין כעס

### אַ שטעטל אויף הפקר

ווי זאָגט ביי אונדז אַ פאָלקס־ווערטל? — מען דאַרף נאָר בעטן אויף יאָרן, צרות וועלן שוין אַליין קומען... אַזוי איז עס געווען. צרות האָבן ניט אויפגעהערט אונדז אָפּצוזוכן; זיי האָבן אויף אונדז אומאויפהערלעך געלויערט. איז ניט גערעכט געווען מיין אומפאַרגעסלעכע מאַמע (אירע בלוטן זאָלן די רוצחים ניט געשענקט ווערן קיינמאָל און ניט פאַרגעבן ווערן!), ווען זי האָט מיר אָפּגעענטפערט איינמאָל אויף מיין באַקלאָגן זיך פאַר איר, איבער ביטערע און שווערע שטיקנדע לעבנס־באַדינגונגען אונטערן סאָוויעטישן רעזשים בזו הלשון: „בעט ניט טאָכטער מיין קיינמאָל, אויף אַ נייער מלכות... ווער קען דען וויסן צי עס וועט ניט ערגער זיין?!" זיכער איז זי גערעכט געווען, אָן שום צווייפל! עס איז א נייע מלכות געקומען... און זע ימען בלוט, זע דעם מבול פון פייער און חורבן, וועלכן זי האָט מיטגעבראַכט!

— גאָר פּלוצים אומדערוואַרט — ווידער מלחמה! 22־סטן יוני 1941 איז סאָוויעט־רוסלאַנד פון אַלע זייטן באַפאַלן געוואָרן דורך דער נאַצישער אַוויאַציע און היטלעריסטישע פאַנצער־טרופּן. די סאָוויעטישע מאכט האָט דער־קלערט גלייך אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע און ווידער איז מיין ברודער גענו־מען געוואָרן אין מיליטער. צו שפּעט שוין! עס איז שוין ניט געווען וווהין צו פירן די מאָביליזירטע — אַלע וועגן אָפּגעשניטן. די העכערע אָפיצירנשאַפט און הויכע רעגירונגס־באַאַמטע זיינען זיך באַלד צעלאָפן. „רעאַיספּאָלקאָם" באַאַמטע און אַנדערע „מלוכה־אָנגעשטעלטע" האָבן זיך געפּאַקט... אַלע ניי־מאָביליזירטע זיינען שנעל צעשיקט געוואָרן אין זייערע הייזער. עטלעכע שטע־טלשע בחורים און אַ פּאָר מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין סאָוויעטישע אַמטן, האָבן זיך געבעטן רחמים, מען זאָל זיי מיטנעמען מיט עוואַקויִרטע אַמטן, אָבער נאָר איינציקע איז געלונגען מיט זיי אָפּצוטרעטן און אָוועק — ווי צום ביישפּיל בערל קאַצאָוויטש מיט זיין פרוי אידע און זיין ברודער זוסקע. אַזוי

שנעל, דערפֿאַלגרייך מיט נצחונות מאַרשירט האָבן נאַצי־פֿאַשיסטישע „רייכס־ווער״־טרופּן.

גאָר שנעל און ראַש האָבן סאָוויעטן אָפּגעטראָטן. דאָס שטעטעלע איז גע־בליבן הפקר, אָן אַ פּאָליציי־אמט אַפילו. אַלץ איז געבליבן פראַנק און פריי צו רויב און גזילה. דייטשן האָבן ניט געאײַלט זיך אין שטעטל אַרײַן. אַלע כוחות האָבן שנעל געאײַלט קיין פּאָלאָצק, קיין מינסק, כדי צו פֿאַרשליסן אין אַ ברייטן קלעם־צוואַנג די שטאָט סמאָלענסק און אומגעבונג, וווּ קאָנצענטרירט געווען זײַנען באַדייטנדע סאָוויעטישע מיליטער־כוחות און איז אויך געווען אַ גאָר וויכטיקער קרייץ־פּונקט אויפֿן וועג קיין מאָסקווע. אין גאַנצן אַרום, אין ווילייקע און גאַנצן „אויעזד״; אין מיאָדל און אַרום נאַראָטש זײַנען שוין געווען דייטשע כוחות, האָבן זיי דעריבער געגוג צייט געהאַט.

די דייטשן האָבן אויסער דעם געהאַט אויך אויסגעצייכנטע פֿאַרטרעטער און מיטהעלפֿער: שטעטלשע קריסטן, פּאָליאַקן און ווייסרוסן — אַלע אומצו־פֿרידענע פֿון סאָוויעטישער הערשאַפֿט, האָבן מיטגעאַרבעט מיט די היטלעריסטן. מיט דער אָפּמונטערנדער צושטימונג פֿון דייטשן מיליטערישן ווילייקער קרייז־קאָמענדאַנט מאַרטין קראַנצבראַון, האָבן זיי געבילדעט די צײַטווײַליקע לאָקאַלע ציווילע מאַכט און אויפֿגעשטעלט אַ פּאָליציי און די מוניציפּאַלע מאַכט. רויב, גזילה, ווי אויך איבערפֿאַלן אויף יידישע הייזער און שלאָגן זײַנען פֿון איצטער אויף ווייטער, געטון געוואָרן מיט אַן אָפֿיציעלן צודעק — מיט מערער הפקרות, אָן קיין שום אויספֿאָרשונג און משפּט. שיסן אָדער שלאָגן אַ יידן איז גאָר גע־וואָרן אַ געזעץ און אַ געבאָט. צײַטווײַליקער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז געוואָרן יאַסקולסקי — אַ פֿינצטערער פֿאַרשוין און אַ קרימינעלער פֿאַרברעכער. ניט לאַנג איז ער געבליבן אויפֿן פּאָסטן; אַפילו ביי ס. ס.־לייט און פֿאַרשטייער פֿון „געסטאַפּאָ״ איז ער ניט געווען אָנגעזען אַלס באַגלויבלעכע פּערזענלעכקייט. ער איז טאַקע נאָכן אָנקומען פֿון דייטשן זאָנדער־קאָמענדאַנט באַזייטיקט גע־וואָרן און געצוווּנגען געווען זיך אָפּצוזאָגן. אָבער פֿאַר דער קורצער צייט, וואָס ער איז געווען פּאָליציי־קאָמענדאַנט, האָט ער געגוג בלוט פֿאַרגאָסן און שלעכטס געטון. בלויז אַ קורצער צייט איז דער מנוול אין פּאָליציי געבליבן (אַלס געווײַנלעכער פּאָליציאַנט פֿון דער שורה). מען האָט אים באַזייטיקט אײַנגאַנצן — לויט אַ פֿאַראָרדענונג פֿון ווילייקער קרייז־קאָמענדאַנט.

די לאָקאַלע פּאָליציי איז לויט אַ דייטשער פֿאַראָרדענונג געבליבן אַלס געהילף־פּאָליציי און זי איז באַשטאַנען פֿון וווערבירטע שטאָטישע און דאָרפֿישע קריסטן ווי די לעשצינסקיס (דער יונגער מיטן אַלטן צוזאַמען), קאַזשימיעזש סאָוויצקי; אַדאַמאָוויטש פֿון כאָמוטנע א. נ. א. (צי קען איך דען זיי אַלע גע־דענקען ?). בקיצור: — צרות האָבן אונדז ניט געפֿעלט — אַרום צענטן אָדער

צוועלפטן יולי, געקומען איז אין שטעטל צום ערשטן מאָל אַ קליינע דייטשע מיליטער־פאָרמאַציע און אויפגעשטעלט זייער גאַרניזאָן־קאָמאַנדע מיט אַ לאַגער ביים באַן־פולסטאַנעק אין קריוויטש. כמעט אין דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעקומען — געשיקט פון ווילייקער קרייז־קאָמאַנדע — דער „זאָנדערפירער״ און זאָנדער־קאָמענדאַנט אין שטעטל. עס איז גלייך געבילדעט געוואָרן אַ ציוויל־געריכט אין צוזאַמענשטעל פון דאָקטאָר מאַקאַרעוויטש, גלח קראַפּיווּ־ניצקי און דער זאָנדער־קאָמענדאַנט. די הויפּט־קאָמאַנדע אויף דער געהילף־פּאָליציי איז איבערגעגעבן געוואָרן דער מיליטערישער זשאַנדאַרמעריע און נאָכדעם דער קרייז־קאָמאַנדע פון ס. ס. אין ווילייקע. דער געבילדעטער ציוויל־געריכט איז באַפולמעכטיקט געווען פאַרמשפּטן אויך צום טויט... משפּטים זיינען אָבער ניט פאָרגעקומען, פאָרלויפיק געטויט האָט מען אָן דעם געריכט...

## אַ „סדרה״ קרבנות

ווי דער שטייגער איז ביי יעדער רוצחישער מלכות, געפאַלן זיינען שוין קרבנות גלייך אין די ערשטע יולי־וואָכן. אַ פרייטיקדיקער זומער־טאָג איז געווען; אַרויס פון זיין שטוב איז אַן עלטערער ייד — יצחק שולמאַן; גאָט זאָל זיך נוקם זיין פאַרן בלוט זיינעם! ער האָט אַרום שטוב זיינער געשפּרייזט אַהין און צוריק — ניט אָנרירנדיק קיינעם, אַ באַנדע שקצים, שטעטלשע און דאָרפישע, וועלכע זיינען צופעליק אַדורך, האָבן גענומען בייזערן זיך און סתם שרייען אויף אים. פלוצים האָט איינער פון זיי הוכלע, אַ דאָרפסיונג פון פלאַשינע (אַ דאָרף אין אומגעבונג), אַרויסגעריסן אַ שטיין אַ גרויסן פון ברוק, געוואָרפן דעם אַלטן אין קאָפּ אַריין און אים שטאַרק געטראָפן. ער איז תיכף אַוועקגעפאַלן פאַרבלוטיקט; אָפּמאַטערנדיק זיך אין ווייטיקן און ליידנדיק יסורים אַ פּאָר שעה איז ער אויסגעגאַנגען... ער איז געווען איינער פון איינציקע קרבנות, וואָס האָבן נאָך זוכה געווען צו קבר־ישראל — ווי עס דאַרף צו זיין — אויפן קריוויטשער בית־עלמין.

דער צווייטער יידישער אומשולדיקער קרבן איז געפאַלן צוויי טעג שפּע־טער, זונטיק. אהרון זילבערגלייט הי״ד, זאָל דער אַלמעכטיקסטער אויפמאָנען און נוקם זיין פאַרן אומשולדיקן בלוט! — אַ שטילער פרידלעכער בעל הבית אין שטעטל. ווי אַזוי און צוליב וואָס ער איז דערמאָרדעט געוואָרן האָב איך ניט געוווסט און איך ווייס ניט. בלויז דאָס ווייס איך. אויפן הויף לעבן זיין אייגענער שטוב איז ער דערשאָסן געוואָרן. יאַסקולסקי איז געווען זיין מער־דער; ער האָט אים פון שטוב אַרויסגעפירט, אַוועקגעפירט אין פּאָליציי־קאָ־מאַנדע און דערשאָסן אויפן הויף. דער אויסוווּרף און „ימח שמוניק״ האָט זיך נאָך באַרימט מיט זיין גרויסן אויפטו. טרעפנדיק מיר נאָכדעם צופעליק אין גאַס האָט ער צו מיר געזאָגט: „ווידזיש קלאַראַ? זאַבילעם טראַז טעגאָ פּסאַ,

אַרטשיקאַ! פשיפּאַטש סיע; קרעוו יעשטשע זשיוואַ!״. ער איז אויך נאָך זוכה געווען צו געפינען זיין אייביקער רו אויפן בית־עלמין אין היימשטעטעלע.

— דעם זעלבן טאָג און אויך אויף מאָרגן — ווידער נייע צוויי אומשול־דיקע קרבנות: מען האָט זיך פאַרנומען נאָך מיט אהרונס לוויה — און שוין האָבן רוצחים אַוועקגעשלעפּט שמעון קאַצאָוויטשן — אַן אַרבעטס־מענטש, אַ שוסטער. געזאָגט האָט מען אַפילו, אַז פון בית הקברות האָט מען אים גענומען. אַלס אַ לייטער פון „חברה־קדישא״ איז ער זיך „מתעסק״ געווען מיט דער קבורה און דאָ איז פּלוצלונג, אומדערוואַרט, צוגעשטאַנען בראָנקע יאַקובאָוויטש דער „קידר״, ווי מען האָט אים גערופן. דער באַנדיט האָט אים אַוועקגענומען... אַ לעבעדיקן האָט מען אים שוין ניט געזען. ביי פּרודניק איז ער אַלס „קאָמו־ניסט״ דערשאָסן געוואָרן. דאָס שטעטל — אויפגעשיטערט און גערירט, גוט צעטומלט פון גרויסן אומגליק און בראָך פון משפחות — איז מאָנטיק אין מאָרגן־שעהן ווידער אויפגעציטערט און גערירט געוואָרן. מען האָט ריווטשען (רבקה זילבערגלייט ז״ל) געפונען אַן אויפגעהאָנגענע אין איר פאַראייִנזאַמטער שטוב. צוריקקומענדיק פון איר אהרונס לוויה אין שטוב אַריין צווישן פיר ווענט, האָט זי זיך אַליין ניט געפונען מער... אויסהאַלטן האָט זי ניט געקענט... פון גרויס צער און ביטערניש אויף אהרונס אומשולדיק בלוט און אומבאַוווּסטן גורל פון קינדער צעלאָפענע, איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד; זי האָט זיך אויפגעהאָנגען. אַזוי האָט זי געהאַט די זכיה ווידער צו פאַראייניקן זיך מיט איר גע־ליבטן מאַן אויפן קריוויטשער בית־עלמין אין קבר־ישראל — זי איז אפשר געווען שוין די לעצטע, וואָס האָט נאָך די זכיה געהאַט...

אַזוי, אין פאַרלויף פון בלויז פיר טעג — פון פרייטיק ביז מאָנטיק — האָט שוין דאָס שטעטעלע אונדזערס פיר קרבנות, שוצלאָזע און אומשולדיקע.

**פרישע צרות, רשעותדיקע גזירות**

דאָס אויבנדערציילטע איז בלויז אַן אָנפאַנג געווען און אַן אָנזאָג אויף ווייטערע צרות און פּלאָגן, וואָס טוען אונדז צו יאָגן אומאויפהערלעך. עס איז אונדז מער קיין צייט געבליבן איינצולעבן זיך מיט פריערע גזירות און שוין האָבן מיר צרות און רשעות געהאַט נאָך און נאָך... יידן אין שטעטל זיינען געוואָרן ווי פאַרדאַמט — אויסגעזונדערט און אָפּגעזונדערט פון יעדער באַצי־אונג מיט ניט־יידן. יידן האָבן אַפילו ניט געטאָרט קומען אויפן מאַרק קויפן עפּעס. קריסטן האָבן בשום אופן ניט געטאָרט פאַרקויפן יידן קיין זאַך אָדער קויפן ביי זיי, וואָס ניט איז. מיט שטרענגער שטראָף איז פאַרבאָטן געוואָרן, אַז קריסטן זאָלן אַריין אין אַ יידיש הויז אָדער פאַרקערט — אויסגעשלאָסן פּאָליציי אין דער צייט פון דינסט. באַלד איז אויך געקומען די שאָדנפריידיקע

און בייזווייליקע פאַראָרדענונג פון דער „געלער לאַטע'' מיטן געלן מגן־דוד און אויפשריפט „יודע'' — אין אירע פאַרשיידענע אַנטוויקלונג־פאָרמען. איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן אויף אַלעס, ווייל זיכער האָבן שוין אַנדערע וועגן דעם דערציילט מערער אויספירלעך און גענוי.

### אַ „יודנראַט'' אין שטעטל

אין אַ שיינעם העלן טאָג — ווידער אַ בשורה! געקומען איז די פיינטלעכע גזירה וועגן אַ „יודנראַט'' אין שטעטל — עפּעס אַ קלייניקייט? „אַ יידישער קאָמיטעט!'' — לויט דייטשער אויפפאַסונג כלומרשט, פאַרטרעטער און „באַ־שיצער'' פון יידישע ענינים ביי דער מאַכט; די כוונה אָבער אַ גאָר אַנדערע: געוואָלט האָבן זיי אין דער אמת מאַכן פון „יודנראַט''־מיטגלידער, אויספיר־משרתים פון דער רשעותדיקער מאַכט מיט אירע טאָג־טעגלעכע בייזווייליקע גזירות. אין שטעטעלע אונדזערס איז עס ניט געגאַנגען און ניט געלונגען; די מענטשן פון „יודנראַט'' זיינען געווען טרייע איבערגעגעבענע פאַרן כלל, מענטשן וואָס האָבן טאַקע טאָג־טעגלעך זיך מקריב געווען. זיי האָבן אַלעס געטון וואָס מעגלעך און איבער זייערע כוחות, צו פאַרמינדערן, פאַרלייכטערן דיליידן און פיין פון יידן אין שטעטל, ווו נאָר אַ שווערערע אויפגאַבע — ניט לייכטע אַרבעט אָדער באַוויזן זיך אין אַ קאָמישער און לעכערלעכער סיטואַציע (ווי גימנאַסטיק מאַכן, לויפן און וואַרפן זיך אין בלאָטע) האָבן זיי אויף זיך גע־נומען און איבערהויפּט כלאַוונע שטיינגאָלד. צי האָבן אָבער זייערע שתדלנות־דיקע באַמיאונגען און גרויסע אָפּפערווויליקייט געהאָלפן און געענדערט עפּעס איז אַן אַנדער פראַגע. צי איז דען עמעצער גרייט געווען זיי אויסצוהערן? צי האָט אַמאָל ווער ניט ווער פון דער מאַכט (דייטשן און זייערע נאָכשלעפּער) באמת העלפן געוואָלט און אויך גרייט געווען דערצו? די ביטערע טאָג־טעגלעכע לעבעדיקע ווירקלעכקייט האָט באַוויזן, אַז קיינער האָט אַפילו ניט געוואָלט הערן וועגן דעם. די ראַפינירטע צום שלעכטן און פאַרדאָרבענע מאכט אין אַלע אירע אַנטוויקלונג־פאַזן און פאָרמען, האָט בייזוויליק געוואָלט אויסנוצן שטענ־דיק די אָפּפערווויליקייט פון „יודנראַט''־מיטגלידער און דעם גרויסן צוטרוי צו זיי מצד שטעטלשע יידן. אָבער, ווי אויבנדערמאָנט שוין — האָבן זיי זיך ניט אונטערגעגעבן און האָבן ניט געוואָלט פאַרציכטן אויפן שותפותן אחריות־געפיל און טיפער לאַנגער איינגעבאָרענער אהבת־ישראל, וועלכע וואַקסט אויף און אויסגעוואַקסן אין דער נשמה פון יידישן פאָלק און ביי יעדן יידן אין האַרצן. כאָטש קיינער איז ניט גרייט געווען צו נעמען אויף זיך אָט דעם עול — האָבן זיי דאָך אַנטשלאָסן זיך אויף דעם, ווייל עס איז ניט געבליבן קיין אַלטערנאַטיוו. די מאַכטהאָבער האָבן מיט מעשים אָנגעוויזן, אַז אַן אַ „יודנראַט''

אין שטעטל וועט נאָך ערגער זיין... עס איז אויך באַלד געקומען אַ באַשיינפּערלעכער באַווייז, אַז צי מיט גוטן צי מיט בייזן, וועלן זיי, די שררה־מענטשן, זייערס אויספירן.

געווען איז עס שוין סוף תמוז אָדער צוויי־דריי טעג פאַר תשעה באב תש״א (1941), אין אַ פריערע נאָכמיטאָג־שעה זיינען מיר געווען אין שטוב — מיין מאַמע און איך; די שוועסטער און ברודער זיינען ניט געווען. אַוווּ? — געדענק איך ניט און ווייס ניט. אומעטפול, אָטעמלאָז און בלאַס; ניט טויט ניט לעבעדיק איז דער טאַטע אין שטוב אַריינגעלאָפן אויסרופנדיק אויפן קול מיט טרערן אין די אויגן: עס איז שוין צו ענדע, אַלץ גייט אויפן פולשטענדיקן חורבן! נאַציס און שטעטלשע קריסטן באַפאַלן אונדזער בית־מדרש.[2] געוואַלד! הימלען, וואָס שווייגט איר?! מען ברענט ספרי־תורהס און ספרים...

שנעל קינדערלעך, אנטלויפט! מיר זיינען גלייך אַרויסגעלאָפן. כ׳געדענק ניט פון וואַנען איז געקומען דאַן די שוועסטער. כדי אָפּצוהיטן דעם טאַטן, וואָס איז קרוב געווען צו פאַלן אין חלשות, בין איך מיט אים געלאָפן אין גאָרטן אַראָפּ, כדי אויסבאַהאַלטן זיך. די מוטער און שוועסטער באַהאַלטן האָבן זיך אַנדערשוווּ. די שטוב איבערגעלאָזט אויף הפקר... אַ פּאָר שעה האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן און גאָרניט געזען... צוריקקומענדיק אין שטוב אַריין, געהערט האָבן מיר שוין, אַז אַלע ספרי־תורהס און ספרי־קודש זיינען פאַרברענט געוואָרן; דער בית־מדרש דעמאָלירט און צעשטערט — פיר הויל־נאַקעטע ווענט שטיין געבליבן.

גלייך נאָכדעם האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אַ „יודנראַט” אין שטעטל. איך ווייס ניט צי איז עס געווען אַ דירעקטער צי אומדירעקטער פּועל־יוצא פון בית־מדרש חורבן. ווייסן ווייס איך אָבער זיכער דאָס כלאַוונע שטיינגאָלד (השם ינקום דמו!) און אַנדערע האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צו בילדן דעם „יודנראַט”. אַלס פאָרזיצנדער איז צייטווייליק באַשטימט געוואָרן כלאַוונע. עס זיינען נאָך געווען לייבע געלבאַרט, אַליעזר באָטוויניק און יהושע (הײשקע) שולמאַן. די זיצונגען פון „יודנראַט” זיינען פאָרגעקומען אין גרויסן צימער פון אונדזער שטוב. אַזוי האָבן טרייע און שטאָלצע יידן, איבערגעגעבענע מענטשן פאַרטיידיקט אויף וויפל עס איז מעגלעך געווען, יידישע לעבנס. כ׳מוז אָבער אויך באַטאָנען ביי דעם: די אַלע יאָרן ביז היינט, עגבערט מיר דער געדאַנק, ווי אַזוי זיינען זיי אַליין אינערלעך, באַוועגט און באַצוווּנגען געוואָרן צו זייער

[2] גיט נאָר אין קריוויטש איז אזוי געווען: אזוי האָבן נאציס אומעטום באהאנדלט „יודנראַטן”. דורך טעראָר, הבטחות און פארנאַרן האָבן זיי מצליח געווען אין גרעסערע און קלענערע שטעט איינצושלעפּערן דעם באַוווסטזיין.

טאַט? און אפשר האָבן שונאים צו דעם געצווונגען, אפשר געשלאָגן האָט מען זיי און מיט אַנדערע מעטאָדן געדריקט און געשראָקן?... כ׳ווייס ניט, כ׳קען אויף דעם ניט שווערן. דאָס מינדערט אָבער בשום אופן ניט אין קלענסטער מאָס, זייער געוואַגטן טאַט. כ׳בין שטאָלץ אויף דעם, אַז מיר קענען אויף פאַר זיי אָנצינדן היינט אַ ברענענדן פאַקל, אויף די שפּאַלטן פון „קרייטשער נר־תמיד".

**צרות ווערן ניט אַלט...**

— אַזוי טאָג ביי טאָג און נאַכט־אויס, נאַכט־איין געזוכט האָבן אונדז — יידן אין שטעטל — צרות אַלערליי. קען מען דען אַלץ אויסשרייבן און שיל־דערן? — אויף איינציקע פּרטים וועל איך מיר אָפּשטעלן אין מיינע זכרונות־נאָטיצן: אָט וואַכט אויף ווו ניט איז צווישן מיינע זכרון־פאַלדן אַ פיינלעכער פאַל, וואָס דרינגט מיר אַדורך נאָך היינט אַפילו מיט אַ טיפן ציטער. אַ פאַמיליע איז אין קריוויטש געווען — אנשילעוויטש אויפן נאָמען — אברהם־משה און זיין מוטער חיה־שרה מיט אירע שיינע טעכטער: פריידע (פריידל), שיינע און הע־ניע. גאָר פון אָנהויב שוין (און ווייסן ווייס איך ניט אַפילו צוליב וואָס), האָבן די לאָקאַלע מאַכט די געהילף־פּאָליציי (יאַסקולסקי מיט לעשצינסקי איבער־הויפּט) און די דייטשן נאָכדעם געוואָרפן אויף זיי אַ בייז און שלעכט אויג. שטענדיק האָט מען זיי גערודפט, ניט צורו געלאָזט קיינמאָל און פאַרפאָלגט. אַלע האָב זיך געטשעפּעט צו זיי — ביז צו דער ביטערער ענדגילטיקער ענדע — ביי דער גרויסער י״א אייר תש״ב־שחיטה.

אין אַ געוויסער זומער־נאַכט האָבן דייטשן מיט זייערע נאָכשלעפּער גוט זיך אָנגעזויפט און שיכור ווי לוט איז מען צו זיי אַריינגעקומען... יידן אויפגע־וואַכט אין מורא פון פיינלעכע געשרייען און הילף־רופן, האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. די שיכורים־באַנדע האָבן אַרויסגעשלעפּט די פריידע אנשילעוויטש פון שטוב מיט בולטער כוונה איר צו מאַטערן און פאַרגוואַלדיקן. זי האָט זיך קוים אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און אַנטלאָפן. אַ שטיקל צייט האָט זי זיך ביי אונדז אין שטוב, באַהאַלטענערהייט אויפגעהאַלטן. יענער נאַכט האָט קיין יידיש מיידל אָדער יונגע פרוי ניט געוואַגט מער צו שלאָפן...

אַזוי אין פאַרלויף פון טעג, וואָכן און חדשים — צווישן אַלטע און נייע גזירות ווי אויך טאָג־טעגלעכע בייזוויליקע איינפאַלן און אויסטראַכטענישן — האָט מען אומאויפהערלעך געצאַפּט אונדזער בלוט און ווידער נאָך זיינען גע־פאַלן קרבנות. אונדזער בייזן און ביז גאָר שלעכטן סוף, וואָס לויערט אַרום און דערוואַרט אונדז, האָבן מיר אַפילו נאָך ניט געטראַכט אויפן זין — כאָטש בי־טערע פאַרגעפילן האָבן אונטערגעזאָגט... און אָט אין אלול־טעג תש״א, (אויב

איך בין מיר ניט טועה איז עס געווען אַרום 24־טן צי 25־טן אויגוסט 1941), ווען לויטן יידישן אָנגענומענעם פאָלקס־ווערטל פאַנגט אָן אַפילו אַ פיש אין וואַסער צו ציטערן, לא כל שכן אַ ייד, געשען איז שוין נאָך אַ טראַגעדיע:

צוויי יונגע קריוויטשער בחורים — פסח (אהרונס) זילבערגלייט און ברוך (מענדלס) זילבערגלייט הי״ד זיינען צוריקגייענדיק פון דאַלהינעוו קיין קריוויטש פאַרהאַלטן געוואָרן ביים בריק דורך אַ פּאָר געהילף־פּאָליציאַנטן און אויסגעלי־פערט געוואָרן דער „געסטאפּאָ״ — מיט עדות (פאַלשע!) און באַווייזן, אַז זיי זיינען קאָמוניסטן. מען האָט זיי פריער געהאַלטן אין דער געוועזענער נ. ק. וו. ד.־טורמע; ביי דער אויספאָרשונג מערדערלעך געשלאָגן און טעראָריזירט, זיי זאָלן זיך מודה זיין. ניט געהאָלפן האָבן לויפענישן פון „יודנראַט״־מיטגלידער און גוטוויליקע קריסטן און אויך קיין אויסקויף־געלט (כופר נפש). ענדלעך האָט מען זיי אַן ערב־שבת אָפּגעלאָזט אַהיים אָבער ניט אויף לאַנג... צווייטן שבת פאַרנאַכט האָט מען זיי ווידער גענומען, אַרויסגעפירט אויסערן שטעטל, אַ זיבן קילאָמעטער ווייט און דערשאָסן. זייערע קערפּערס אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב.

— כ׳פאַרזשמורע נאָר מיינע אויגן און שליס זיי צו אויף אַ מינוט. קומט נאָך אַ פאַל אויפן זכרון: פּאַסירט האָט דאָס אַ וואָך אָדער צען טעג שפּעטער נאָכן אויבנדערמאָנטן גרויזאַמען מאָרד איבער די צוויי יונגע בחורים. מעשה שהיה איז אַזוי געווען: אַ געוויסער נאָכמיטאָג־שעה, געקומען זיינען צו אונדז אין שטוב געהילף־פּאָליציאַנטן און אויפגעפאָדערט מיין ברודער זאָל מיט זיי מיטגיין, כדי העלפן אַריבערפירן אַ קלאַוויר פון אַלטן שוחטס הויז אין דער געביידע פון פּאָליציי־קאָמאַנדע. מיין ברודער איז שוין גרייט געווען מיט זיי אַרויס — ניט צוליב גרויס חשק, נאָר צוליב מורא. אונדזער ליבע טייערע מאַמע האָט זיך אָבער איינגעשטעלט טענהדיק, אַז דער זון איז קראַנק און קען ניט שלעפן... זיי זיינען אַוועק און דער ברודער איז אין שטוב געבליבן. אַ פּאָר שעה שפּעטער, אין אָוונט שוין, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן צוזאַמענ־געקליבן פיל בחורים און יונגעלייט; דער שווער־באַוועגלעכער פּיאַנאָ האָט מען טאַקע אַריבערגעפירט אָבער אַלס אויסדרוקפולן דאַנק, זיינען אַלע מער־דערלעך צעשלאָגן געוואָרן מכות־רצח און זוכה געווען קוים אַהיים צו קומען.

איז נאָכניט פול געוואָרן די פאַרגיפטעטע כוס? איז נאָכניט גענוג? ניין מיינע פריינט! — נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל שרויפט אויף דער זכרון און בלעטלט דער מוח יסורים־בלעטער און צער־קאַפּיטלען אין משך פון טעג און נעכט. געווען איז עס שוין נאָך סוכות. כ׳געדענק ניט אַפילו ווי אַזוי און פון וואַנען פאַרשפּרייט האָט זיך די מורא און אויפגעציטערט אַלע? נאָך פאַרמיטאָג־שעהן געקומען איז די ידיעה, אַז פון בודסלאַוו און ווילייקע זיינען אַ דריי־

צענדליק „געסטאַפּאָוצעס״ געקומען אין שטעטל. עס איז געוואָרן אַ געלויף; יונגע מענער, בעל־הביתלעך און בחורים ווי אויך פרויען און יונגע מיידלעך, האָבן זיך אַ לאָז געטון לויפן אין וואַלד — ווו שטעטלשע יידן צוואַנג־אַרבעטער געזעגט האָבן בוימער און געהאַקט האָלץ פאַר דער מאַכט מיט אירע נאָכשלעפּער — די לאָקאַלע פּאָליציי. געבליבן אין הייזער זיינען בלויז עלטערע מענטשן און פרויען ווי אויך מאַמעס מיט קינדערלעך. מיין שוועסטער איז אויף אַרבעט געווען יענעם טאָג, די מוטער האָט זיך ניט גוט געפילט; דער פאָטער מיטן ברודער זיינען אַרויסגעלאָפן אויסבאַהאַלטן זיך. בלייבנדיק מיט דער מוטער אין שטוב האָב איך מיר צוגעקוקט און געזען באַלד דייטשן, „געסטאַפּאָ״ מיט געהילף־פּאָליציי, אַריינגיין אין יידישע הייזער ווי אויך געהערט פון ווייטן פרויען־געוויין און יאָמער פון קינדער מיט אַ רעש פון גלאָז־ברעכן און צעהאַקן פון האָלץ־מעבל. די פּאַניק איז אַלץ גרעסער געוואָרן; מען איז שוין געווען זיכער, אַז עס דרייט זיך דער „מלאך המוות״ אומצוברענגען גלייך אַלע יידן אין שטעטל. עס איז מיר גאָר טרויעריק און ביטער געוואָרן אויפן האַרצן; געמיינט האָב איך, אַז אָט־אָט לויפן זיי אין אונדזער שטוב אַריין ווי אַ זאַוויערוכע... און אָט איז אונדזער שטוב דווקא דורכגעלאָזט געוואָרן; ניט אַריין זיינען זיי און ווייטער געגאַנגען... פּלוצלונג געזען האָב איך מיט מיינע אויגן ווי איינער אַ געהילף־פּאָליציאַנט יאַראָשעוויטש מיט זיין אָנגעלאָדענעם ביקס גרייט צו שיסן, פירט אונדזער רב ר׳ מלכיאל פּרצי, וועלכער האַלט אין האַנט אַ „רויטע פאָן׳׳... אַ שטעקן מיט אַ רויטער טוך אָנגעבונדן. אַ נידערטרעכטיקע און ביין־וויליקע פּראָוואָקאַציע! ער האָט אַוועקגעפירט דעם רב אין דער פּאָליציי־קאָמאַנדע. פון טויט שרעק בין איך אַרויסגעלאָפן זען און הערן וואָס טוט זיך.

— שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה איז דער רב געבראַכט געוואָרן אַהיים (דורך כלאַוונע שטיינגאָלד, אויב כ׳בין מיד ניט טועה) דער יונגער לעשצינסקי האָט אים באַפרייט — כ׳וויס ניט צי לויט אַ פאַראָרדענונג פונעם זאָנדער־קאָמענדאַנט — צי האָט מען אים עפּעס „געגנותנט׳׳... אָט אַזוי און ווידער אַזוי דורכגעלעבט האָבן מיר טעג און וואָכן; חדשים זיינען געלאָפן און קיין ברעג צו אונדזערע ליידן און צרות. יעדן טאָג געדאַנקט האָבן מיר דעם אַלמעכטיקסטן און דעם גורל, פאַרן אָפּלעבן נאָך אַ טאָג און אַ מעת לעת — אין גרויסן ים פון רשעות און צעווילדעוועטע אינסטינקטן פון אונטערמענטשן, רוצחים!

אָט אַזוי שוין, ביז צו דער גרויזאַמער מאַסן־שחיטה י״א אייר תש״ב — 28־סטן אַפּריל 1942.

# אונדזער גרויסער בראָך

## ערשטע מאַסן־שחיטה

דינסטיק, י״א אייר תש״ב — 28.4.1942 — אויפגעשטאַנען זיינען מיר ווי שטענדיק. מיין שוועסטער באדאנקע איז אַוועק צו דער ארבעט אין קניאהינין אויף דער באַן־סטאַציע. דער ברודער גרייטנדיק זיך אויך אַרויס צו דער אַרבעט איז נאָך געווען אין שטוב; דער פאָטער און די מוטער זיינען אויך אין שטוב געווען. אַלץ האָט אויסגעזען „נאָרמאל״ — כאָטש איינגעגעסן האָט זיך אין האַרצן ביי אונדז, אַ געבליבענער אַנזאַץ פון טרויער און ביטערניש נאָכן איבערלעבן אַזוי ניט לאַנג, דעם בלוטיקן פסח, ווען אונדזער טייערער פיל געשעצטער רב ר׳ מלכיאל פרצי מיט די רביצין און זייערע קינדער, ווי אויך חנה זוט־קאַצאָוויטש, די פרוי פון ר׳ שעיהן און זייערע קינדער, השם ינקום דמם! זיינען אומגעקומען. זיי זיינען אַלע מיט נאָך אַ פּאָר געכאַפּטע יידן פון די סמאָליארנעס אין אומגעגנט און א פּאָר קריסטן, דערשאָסן געוואָרן אלס „קאָמוניסטן״. זייער אומשולדיקע בלוטן זאָלן שטענדיק שטיקן און ווערגן זייערע רוצחים — וווּ זיי זאָלן ניט זיין!

זיצנדיק פאַרטראַכט אַזוי איבער אונדזער ביטערן און בייזן גורל, האָט די מאַמע געהערט פלוצלונג ווי דערציילט האָט עמעצער אויפן גאַס, אַז דייטשן האָבן פאַרמאַכט שוין די אַמטן פון „יודנראַט״. זי האָט מיר געבעטן אַריינגיין צו באָטוויניק און פרעגן וואָס איז געשען און וואָס טוט זיך? איך בין גלייך אַרויסגעלאָפן און שוין געשפּירט האָט זיך עפּעס אַ גערודער. צוקומענדיק נאָענט צום הויז פון די באָטוויניקס האָט שוין מיר פון וויטן די פרוי באָטוויניק פאַרזאָגט: „קלאַראַ, טאָכטערל! ווי גאָט איז דיר ליב, לויף שנעל אַהיים צוריק... טו אָנזאָגן אַלעמען, עס איז ווידער אַ ביטערער אומגליק! מען האָט אַלעמען פון „יודנראַט״ אַוועקגענומען אין „אָבאָז״... זיי כאַפּן יעדן וועמען זיי טרעפן אויפן וועג, זיי שלעפּן שוין פון אומעטום״...

געלאָפן בין איך שוין שנעל מיט אַלע כוחות אַהיים; אַריינגעלאָפן אין שטוב בין איך מיט אַ גאָר קורצן אָטעם — אויסגעשריען כמעט וואָס איך האָב געהערט. די מאַמע האָט אונדז אַלעמען געהייסן אַראָפּ אין קעלער און וואָס שנעלער באַהאַלטן זיך. אין גרויסן קעלער פון אונדזער שטוב איז שוין פון לאַנג אין געהיים צוגעגרייט געווען אַן אָרט אויף צו באַהאַלטן זיך — א „מאַלינע״ [3] בעת צרה. אַרויסנעמענדיק אייניקע געמויערטע ציגל און גראָבנדיק

[3] א „מאַלינע״ — א שיבוש אַ פאַרגרייזטער פונעם תנ״כישן וואָרט „מלונה״ — אין יידישן „גנבים־לשון״ — „בלאַט״־יידיש, אריינגעדרונגען אויך אין אינטערנאַציאָנאלן גנבים־לשון און אויך אין דער רוסישער גנבים־ליד: „בילאַ טאַם סלאָווּנאיא מאַלינא א טעפּיער אוזשע ניע אָדנא״.

טיפער, האָבן מיר געשאַפן אַ פאַרשטעלטן אָרט אויף אַ באַהעלטעניש, צי וועט עס זיין זיכער צי ניט זיכער, איז קיין צייט געבליבן זיך צו פאַרטראַכטן. גלייך זיינען צו אונדז אַריינגעלאָפן אונדזערע קוזינס אהרון און יהושע שולמאַן, יצחק און ירמיהו שולמאַן, ווי אויך שלום און סאָניע אַלפּעראָוויטש מיט זייער קליינער טעכטערל סימע. געקומען זיינען גלייך נחשון זוט מיט זיין פרוי שאָשקע און זייערע צוויי קינדער, זלמן קאַצאָוויטש און יצחק שולמאַנס פרוי זלאַטע מיט צוויי קליינע קינדערלעך פון ווילייקער קרובים. דער מוטערס אַ קוזין מיט זיין פרוי פון ווילייקע משה נחמיה און ריבל קאָפּעלאָוויטש.

מיר אַלע אויבנדערמאָנטע ווי אויך מיין ברודער האָבן זיך תיכף שנעל אַראָפּגעלאָזן אין „מאַלינע”. אַלע תחנונים און בקשות צו טאַטע־מאַמען, זיי זאָלן אויך מיט אונדז אַראָפּ, האָבן ניט געהאָלפן... דער פאָטער אַוועקמאַכנדיק מיטן האנט: „מיר זיינען דאָך שוין עלטערע מענטשן, אונדז וועט מען אין „אָבאָז” ניט נעמען”... זיי זיינען אַליין אין שטוב געבליבן...

— ניט לאַנג האָט עס געדויערט און דערשפּירט האָבן מיר, אַז שטאַרקער ווערט דער טומל און אַלץ מער און מער נאָענט צו אונדז. געהערט שוין האָבן זיך קלאָר פון אַרום געשרייען און געוויין, זידל־ווערטער, קללות און אויסרופן „אַלע יודן קאַפּוט!”... טופּען פון פיס, איינציקע שיס־קנאַלן האָבן זיך דער־נענטערט מערער. באַלד האָבן מיר שוין אויך איבער אונדז אויבן געהערט פיס טופּען, ארומזוכן און נישטערן. די רוצחים, ימח שמם וזכרם! זיינען שוין ביי אונדז אין שטוב... גוט געהערט האָב איך די טענות פון אונדזער טאַטע־מאַמע און דאָס איינרעדן די רוצחים, אַז מער איז ניטאָ קיינער אין שטוב, ווי אויך זייער שטאַמלענדן און האָפענונגלאָזן בעטן זיך צו בלייבן אינדערהיים... אַ שאָס געטראָגן האָט זיך ניט פון וייט און געלאָזט זיך הערן; ווידער איז אַ ביסל רואיק געוואָרן. געהערט האָב איך און מיט אַלע מיינע קערפּער־גלידער געפילט האָב איך לעצטע זיך דערווייטערנדע און ניט צוריקקערנדע טריט פון אונדזער אומפאַרגעסלעכע טאַטע־מאַמען, וואָס זיינען שוין אַוועק אויף זייער לעצטן וועג... א שטאַרקע קראַפּט אַן אינערלעכע גלייך פון הארצן, אָן שכל און אָן איבערטראַכטן האָט מיר מיטגעריסן... ניט אָפּגעבנדיק מיר אַפילו קיין שום דין וחשבון געוואָלט האָב איך אַרויס, ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם, וואָס איך שטעל אין לעבנס־געפאַר די אַלע באַהאַלטענע מיט אונדז. מיין ברודער אָבער האָט מיר פעסט געהאַלטן און ניט דערלאָזט אַפילו אַ שריט צו מאַכן. אין דער אַנגסט־פולער שטילקייט האָבן מיר געהערט ווי אין שטוב ווערן טירן און פענצטער מיט טשוועקעס פאַרהאַקט... דער רעש און געפילדער זיינען לאַנג־זאַם שטופנווייז פאַרשטילט געוואָרן, טופּעניש פון געשטיוולטע פיס ווו ניט ווו פאַרשוווּנדן; טענות, געוויין און בעטענישן זיינען אומבאַהאָלפן פאַרשוויגן גע־

וואָרן... אַ גאַר מאָדנע רואיקייט האָט מיטאַמאָל אַרום און אַרום געלאָזט זיך לויפן — ווערנדיק איבערגעריסן פון צייט־שטיקער צו צייט־טיילן דורך ווייט־ווייטע קולות... לאַנג און לאַנג זיינען מיר זיצן געבליבן אין קעלער־פינצטער־נישן... ווי לאַנג? — מינוטן, שעהן — איז דען מעגלעך געווען צו וויסן, טרעפן און אָפּשאצן? — זיצנד אזוי אין דער פינצטער, ווייטיקנדיק אין פיינלעכער שרעק און נאָגנדן צער ניט וויסנדיק בכלל וואָס שפּילט זיך אָפּ ערגעץ ווו אַ ביסל ווייטער פון אונדז, איז שוין אַוועק דער טאָג...

— עס איז שוין נאַכט געוואָרן, שטילקייט ארום איז מערער געוואקסן; ווען ניט אָפּקלאַנגען און עכאָ פון שוין לאַנג געהערטע הילפס־געשרייען און קוויטשערייען פון ווייט גאָר ווייט האָט מען געקענט מיינען, אַז אַרום אונדז איז שוין אַלץ טויט־שטיל געבליבן. נאָר מיר בלאָנדזשען אַרום אין עולם התוהו, אין קעלער פאַרהאַקט. — מיר ווילן דאָך אָבער לעבן! ווען מיר פון דאַנען ניט אַרויס וואָס פריער און שנעלער וועט מען סוף כל סוף אונדז אנטדעקן... ניט וויסנדיק טאַקע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט און וואָס איז פאָרגעקומען, גע־שפּירט האָבן מיר, אַז אַן אומגעהויער אימהפולער בראָך איז געשען...

## אַ קליין ליכטעלע אין חושכדיקער נאַכט

איינציקוויז שטילערהייט און לאַנגזאַם זיינען מיר פון קעלער אַרויף אין שטוב אַריין, אָבער אַרויסגיין איז געווען אוממעגלעך. עס איז אַלץ פאַרקלאַפּט געווען מיט טשוועקעס... קיין סך האָט מען ניט געטראַכט; אויפגעבראָכן שנעל אַ פענצטער און איינציקוויז אַרויס — אין דרויסן האַרט ביי דער טיר — איז געלעגן אין זיין גאַנצער לענג מרדכי גינצבורג הי״ד — אַ קרוב פון דער מאַמען, וואָס איז געווען פון שטענדיק אַ קראַנקער און האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין שטוב. די רוצחים האָבן אים אויך מיטגעשלעפּט. ער האָט אָבער ניט געקענט און אויך ניט געוואָלט מיט זיי מיטגיין; דערפאַר האָבן זיי אים אויפן אָרט דערשאָסן. דאָס איז געווען טאַקע דער שאָס (פון נאָענט) וועלכן מיר האָבן איבער אונדז אין קעלער געהערט. ווי גרויס אָבער איז געווען אונדזער שטוינונג, ווען מיר האָבן גלייך אנטקעגן אונדז באַמערקט אין אַ פאַרבאָרגן ווינקל אויפן הויף אַ זיך באַוועגנדן לעבעדיקן שאָטן, וואָס האָט זיך צו אונדז מער דערנענטערט — די מומע רייזל! — מוטער פון די ברידער שולמאַן און סאָניע אַלפּעראָוויטש! געוווּסט האָט זי פון אונדזער באַהעלטעניש און אַהין געלאָפן. זי האָט אָבער ניט באַוויזן צו דערלויפן... די שטעטלשע „מלאכי־חבלה״ — געהילף־פּאָליציי, האָבן איר אָפּגעהאַקט דעם וועג און מורא האָבנדיק געכאַפּט צו ווערן, האָט זי זיך שנעל באַהאַלטן אינעם אָפּטרעט און דאָרט האָבן זיי איר טאַקע אויך דערוויישט נאָכדעם. מען האָט איר געהייסן אַרויס און פאַר־

ווערטס מאַרשירן. אָן אַ ברירה האָט זי זיי געפּאָלגט און געגאַנגען. שפּירנדיק אָבער, אַז זי ווערט ניט באַגלייט פון קיינעם און קיינער זעט ניט, האָט זי שנעל און וואַכזאַם אָפּגעשפּרונגען צוריק און באַהאַלטן זיך אינעם ווייט פאַרשטעלטן ווינקל פון אונדזער הויף. דאָרט איז זי אויך וואַרטן געבליבן, ביז מיר וועלן פון אונדזער באַהעלטעניש אַרויס, ווייל געזען האָט זי קלאָר און בולט, אַז ניט דערווישט האָט מען אונדז, ניט געפונען און ניט אַוועקגעפירט — ווו היטלער־טייוולאָנים האָבן אַלעמען געטריבן. גרויס איז געווען די פרייד, ניט באַשרייב־לעך אונדזער אַלעמענס שמחה אויף דער אומדערוואַרטער באַגעגעניש.

— קיין לאַנגע שהיות צו מאַכן איז שוין ניט געבליבן; וואַכזאַם. אָפּהי־טנדיק זיך האָבן מיר טריט ביי טריט שנעל אָפּגעצויגן. דורך אומוועגן — איבער גערטנער און סעדער דורך הויפן פאַרלאָזטע און פּוסטע — זיינען מיר שטיל געגאַנגען — ביז מיר זיינען דערקומען צום טייך (סערוועטש). ווי עס איז זיינען מיר אויך אַריבער אויפן צווייטן ברעג און זיך אַוועק געלאָזט איבער נאַסע פעלדער און בלאָטעס. אייניקע פון אונדז זיינען אַוועק צו אַ באַפריינ־דעטן פּויער; ניט לאַנג האָט עס געדויערט און זיי זיינען צוריק געקומען מיטן פּויער צוזאַמען — וועלכער האָט אונדז געבראַכט צו עסן, וואָס ער האָט גע־האַט: — ברויט און מילך. דער פּויער, אַ מענטש אַ פּשוטער מיט אַ ברענענדן מענטשלעכן פונק אין האַרצן — אנטאָן שאַכאָוויטש, אַ ניט מאָר פאַרמעגלעכער, האָט אונדז באַשווירן מיט אַלע זיינע (און אונדזערע) קדושים — אַז ווי מיר זאָלן ניט זיין פאַרביטערט און ווי פיינלעך טרויעריק עס איז אויפן האַרצן, זאָלן מיר דאָך ניט וואַגן חלילה וחס אַוועק צוריק אין שטעטל. מען שיסט נאָך אויף די וועגן; פיל דייטשן און פיל פּאָליציי זיינען אומעטום דאָ. אַנדערע דער־ציילן (געזאָגט האָט ער), אַז אַלע קריוויטשער יידן זיינען אויסגעמאָרדעט גע־וואָרן באַהיט גאָט! צלמנדיק זיך פיל מאָל. פיל מאָל האָט ער זיך געשווירן, אַז ווען ער וואָלט געהאַט געניג פּלאַץ וואָלט ער אונדז אַלע צו זיך גענומען — ער איז אַוועק.

זיינע ווערטער אויסהערנדיק איז ניט געבליבן וואָס צו טון דערווייל; קיינער האָט זיך ניט אָנגענומען מיט דער העזה אומצוקערן זיך אַהיים אין שטעטלע. מיר האָבן דאָס ברויט געגעסן, מיטן מילך פאַרטרונקען און יעדערער פון אונדז — איינציקווייז אָדער פּאָרווייז — געלאָזט האָט זיך אויף גאָטס באַראָט און גענומען אָפּזוכן אַוו זיך אהינצוטון. איך מיטן ברודער זיינען אַוועק אין זאַדוביע אַ קליינע „אָסאדקע" מיט וואַלד ארומגערינגלט — צו פריינטלעכע קריסטן פון אונדזערע עלטערן — אפאנאסיי און ניקאָליי הונקע (ווייסרוסישע פּויערים). ארויסגעוויזן האָט זיך אין קעגנזאַץ צו אַלע אונדזערע איבערטראַכ־טענישן און צווייפלען אויפן וועג צו זיי, אַז אויפגענומען האָבן זיי אונדז מענטש־

לעך און וואַרעם; זיי האָבן געגעבן צו עסן און צוגעגרייט פאַר אונדז געלעגערס. געבליבן זיינען מיר ביי זיי איייניקע טעג; טאָגוויייז — אין וואַלד אויסבאַהאַלטן זיך און געלעגן. די נעכט ביי זיי איבערגעשלאָפן... אַזוי האָבן אַ פּאָר קליינע ליכטעלעך פון מענטשלעכער פריינטלעכקייט געלויכטן אונדז אין חושכדיקן וועג, אין אימהדיק־פינצטערע און ביטערע אומגליקלעכע נעכט און טעג.

## ס'לויערן אומגליקן אין שטעטל

פראַגעס וואָס ווייטער? ווי אַזוי און וווהין? האָבן ניט אויפגעהערט צו מאָנען, עגבערן און טרייבערן הערצער מיט געהירן — פאָדערנדיק פון אונדז אַ קלאָרן ענטפער. ווי וואַרעם און ליכטיק דאָס ליכט זאָל שיינען, האָט עס דאָך אויך אַ סוף... און וואָס נאָכדעם ווי אויך להבא? אפשר איז אויף אַ וואָסער ניט איז אופן אונדזער שוועסטער באַדאַנקען אויך לעבן געבליבן און וואַרט אויף אונדז? אפשר נאָך עמעצער... אפשר טראָגט דער סכנה איז עס מעגלעך ווי עס איז אריינצוקומען אין אונדזער שטוב און ארויסנעמען נויטיקסטע זאַכן פאַר אונדז? — עס קען דאָך ניט מעגלעך זיין, אַז אַלץ און אַלע זיינען שוין ניטאָ מער... ווען מיר האָבן ענדלעך שוין דערהערט פון אונדזערע גאַסט־פריינטלעכע אויפנעמער, אַז אין שטעטל איז רואיק דערווייל און יידן וואָס לעבן געבליבן זיינען שוין דאָרט צוריק, האָבן מיר אויך באַשלאָסן צוריקקערן זיך אין שטעטל. מיר האָבן האַרציק באַדאַנקט פאַר גאַסט־פריינטלעכקייט און אַוועק צוריק אין קריוויטש.



פאמיליע הונקע קריסטלעכע פריינד אין פינסטערע טעג

פאַרשלייערט אין דער נאַכט־פינצטערניש זיינען מיר אָנגעקומען אין שטעטל; קוים דערמאַנגען אויפן הויף אונדזערן, האָבן מיר באַשלאָסן צוליב דער סכנה ווי עס איז איבערנעכטיקן אין גרויסן שייער ווייל אין שטוב האָבן מיר מורא געהאַט אַריינצוקומען טאָמער חלילה דערזען וועט עס אַ מין בייז אויג. אַזוי איז אויך שנעל אַדורך די גאַנצע נאַכט; אויפן פרימאָרגן זיינען מיר אַריין ביידע אין שטוב פון אונדזער מומע רייזל. אויף אונדזערע פינצטערע און ביטערע געמיטער האָט ווי ניט ווי עטוואָס אויפגעשיינט, עס איז גאָר אַ ביסעלע ליכטיקער געוואָרן; געטראָפן האָבן מיר די מומע רייזל און די אַלע, וואָס זיינען מיט אונדז אין קעלער־באַהעלטעניש פאַרשטעקט געווען. כאָטש געוווּסט האָבן מיר שוין אַלע פּרטים איבער דער גרויזאַמער שחיטה און אויך וועגן גרויסן פּערזענלעכן בראָך — וועגן דעם טרויעריקן טויט פון אונדזערע טייערע טאַטע־מאַמען — זיינען דאָך דער דראַנג און לוסט צום לעבן ווי אויך געראַנגל אויפן לעבן שטאַרקער געווען פון אַלץ. וויסנדיק און זעענדיק, אַז עס זיינען געבליבן נאָך יידן מיט אונדז, האָט ווידער אָנגעצונדן זיך אַ פונק פון האָפענונג און גלויבן, אַז אונדזער געראַנגל וועט באַקרוינט ווערן מיט הצלחה, מיר וועלן נאָך לעבן בלייבן און אַלעס איבערלעבן! — אָבער ניט אַזוי פּשוט און לייכט איז עס אָנגעקומען. פאָרגעשטאַנען איז אונדז נאָך אַ לאַנגער דורעהאפּטער וועג.

— אין די מאָמענטן האָט די לוסט צום לעבן אין הערצער געפּליסטערט: „פאַל ניט אַראָפּ ביי זיך, ראַנגל זיך אין קאַמף! דו ווילסט דאָך לעבן, דו מוזט לעבן בלייבן; פאַר דורות דערציילן — וואָס מען איז אויף אונדז באַגאַנגען! איבערפלאַנצן זיך און ווידער איינוואָרצלען אין אַ נייעם לעבן וועסטו און אפשר נאָך אין ארץ־ישראל!״ — מיר זיינען שוין צוריק געגאַנגען אין אונדזער אייגענער שטוב; נאָר געבליבן וווינען זיינען מיר ביי דער מומען.

— ווידער זיינען אַדורכגעלאָפן טעג; דאָס לעבן האָט זיך שוין ווידער „אינסטאַלירט״ און איז געוואָרן ווי פאַר דער שחיטה, ענלעך צו „נאָרמאַל״... ווידער איז מען אַרויס אויף צוואַנג־אַרבעט. גייענדיק איין טאָג צו דער אַרבעט האָב איך מיר צופעליק דערוווּסט, אַז די שוועסטער באַדאַנקע האָט זיך געראַטעוועט, זי לעבט און איז געזונט! — דער גורל האָט איר דערווייל נאָך געשאַנעוועט; אינעם טאָג פון דער גרויסער שחיטה (דינסטיק, י״א אייר) האָט אַ פריינטלעכער קריסט — אַ פּאָליאַק זאַוואַדסקי, פון דער אַרבעט איר גענומען צו זיך אינדערהיים און געהאַלטן אויך אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט ביי זיך אין שטוב. אַ קליין ליכטעלע האָט ווידער באַשיינט די פינצטערניש אין מיין נשמה! מיין גוטע טייערע שוועסטער לעבט.

גלייך נאָך דער אַרבעט בין איך אַוועק אַהין. ווער פאַרמאָגט דען אַ פּען

און כוח צו שילדערן און באשרייבן אַ בעגעגעניש פון צוויי לעבן געבליבענע שוועסטער פון דער גרויסער שריפה און חורבן... ניין, כ׳קאָן ניט, מיינע נשמה־מיטלען צו אָרעם דערצו. מיין שוויגן קען אַ סך מער באַשרייבן — באַדאַנקע איז ניט געגאַנגען מיט מיר צוריק; זי האָט זיך דאָרט געפילט מער זיכערער; זי איז געבליבן דאָרט און געאַרבעט. אויף אַ פּאָר טעג בלויז איז זי שפּעטער אַ ביסל געקומען צו אונדז אין שטעטל — אין דער שטוב פון דער מומע רייזל. זי איז נאָכדעם ווידער אַוועק און צו הונקען דאָס מאָל — אַוווּ זי איז פאַר־בליבן פון האַלב מאַי אומגעפער ביז האַלב אָקטאָבער 1942 — ביז צום אַרי־בערגיין אין וואַלד צו דער פּאַרטיזאַנשצינע.



שלום און סאָניע אלפּעראָוויטש

איך בין צוזאַמען מיטן ברודער מיינעם געבליבן ביי דער מומען ביז אַ צוויי אָדער דריי טעג פאר שבועות. (ווי מיר דאכט איז עס געווען די לעצטע טעג פון מאי 1942). דעם לעצטן טאָג פון דעם צייט־אָפּשניט בין איך אַוועק צו דער אַרבעט מיט נאָך צוויי מיידלעך: ציפּע קאַצאָוויטש און נאָך איינע, חיה האָט זי געהייסן; אָפּגעאַרבעט דעם טאָג זיינען מיר ווי יעדן טאָג אַהיים געגאַנגען. אויפן וועג איז אַלץ געווען ווי געוויינלעך; קיין שום אויפפּאַלנדער זאַך האָבן מיר ניט געזען. אָבער דורכגייענדיק דער פּאָליציי־קאָמאַנדע געזען האָבן מיר, אַז אַלע פּאָליציאַנטן זיינען זייער גוט געשטימט און לאַכן גוט אויפן קול. געפילט האָבן מיר, אַז אויך אונדז לאַכן זיי אויס. פון די אַלע — איז גרויזד אַ ווייסרוס דווקא פון א נאָענטן דאָרף — צוגעגאַנגען און מיר געפרעגט: צי האָב איך ניט מורא ווייטער צו בלייבן אין שטעטל און אַרויסגיין צו דער אַרבעט? ניט איך און ניט די מיטגייענדע האָבן אים געענטפערט; מיר האָבן אים בלויז דערשטוינט אָנגעקוקט און ווייטער געגאַנגען אויפן וועג אַהיים.

אויפן וועג שוין האָבן אונדז יידן דערציילט, אַז ערשט ניט לאַנג איז דער־מאָרדעט געוואָרן משה־יצחק שוד — אַ פעטער פון לייזער (אליעזר) שוד אויף לאַנגע יאָר! — פון דעם, וואָס איז שפּעטער געוואָרן מיין מאַן. אַריינגייענדיק אין דער מומע רייזלס שטוב איז שוין געווען גאָר פינצטער; צוגעפאַלן איז די נאַכט. געמיטער פון אַלע אַנוועזנדיקע נידעריק דערדריקט, פאַרביטערט און באַטריבט. איצטער בלויז האָב איך פאַרשטאַנען די פּראַגעס פון אויבנדערמאָנטן גרוזד. דאָך איז מען נאָך אַ לעבעדיקער מענטש, וועלכער ווערט אויך הונגעריק אַמאָל — בפרט נאָך א שווערן אַרבעטס־טאָג... כ׳האָב מיר געזעצט צום טיש עסן עפּעס. איך האָב נאָכניט באַוויזן אָפּצועסן מיין קנאַפּן „מאָלצייט״ און ווידער פלוצלונג אַ ויהי!... קראַסניעוויטש אַ געהילף־פּאָליציאַנט אַ ימח שמוניק, איז אריין אַ באַוואָפנטער אין שטוב; אַרעסטירט האָט ער און פון שטוב ארויסגע־פירט מיינעביידע קוזינען יצחק שולמאַן און שלום אַלפּעראָוויטש (סאַניעס מאַן). אַרויסגעלאָפן בין איך גלייך צוזאַמען מיט זלאַטען (יצחק שולמאַנס פרוי) אָדער מיט סאָניע אַלפּעראָוויטש (כ׳געדענק ניט גענוי) אין גאַס — זען און דערוויסן זיך כאָטש וווהין האָט ער זיי אַוועקגעפירט. מיר האָבן זיי געפּרוווט נאָכלויפן, מענטשן האָבן אונדז אָפּגעהאַלטן פון דעם און געעצהט ניט לויפן. מען שיסט אין די גאַסן... (מיר האָבן אויך געהערט שיסקנאַלן). בלית ברירה זיינען מיר אַוועק אַהיים.

אין פאַרלויף פון דער גאַנצער נאַכט האָבן מיר שוין ניט צוגעמאַכט קיין אויג. ווער קען דען שלאָפן?... זיצן איז מען געבליבן, געוואַקלט זיך און די נשמה געריסן צווישן אַ האָפענונגסלאָזן גלויבן און אַ טיפער פינצטערער פאַר־צווייפלונג ביז יאוש... אַלע בחורים (מומע רייזלס זין), וואָס זיינען געווען מיט אונדז אין שטוב, האָבן תיכף אָפּגעצויגן און „ויברח״ פונעם שטעטל. מיין ברודער איז שוין אויך דאַן אַוועק און ניט צוריקגעקערט אין קריוויטש ביז נאָך דער מלחמה. אין גאָר פריע מאָרגנשעהן צומאָרגנס, געוווּסט האָבן מיר שוין, אַז געפאַלן זיינען אין משך פון דער נאַכט זיבן נייע קרבנות; די האָפענונג צוריק צו זען די צוויי קוזינס געזונט און בשלום אינדערהיים, איז צעקראָכן און געוואָרן צו נישט און טרויער. זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן! אַזוי געפאַלן זיינען יענער נאַכט: נחום שוד (מיין לייזערס אַ ברודער). פאַליע (רפאל) ווייסהאַלץ, גבריאל (גאבקע שאולס), גיטליץ ירוחם באַטוויניק און די אויבנדערמאָנטע יצחק שולמאַן, שלום אַלפּעראָוויטש און משה־יצחק שוד — איין גאָט אין הימל זאָל נוקם זיין זייערע אומשולדיקע בלוטן!

— אַזוי און אויך ווייטער האָט זיך געצויגן און פאַרגעזעצט ביז צום סוף דער וועג פון יידיש שטעטל. פּיינלעך און טרערנפול, בלוטיק וויפל בלוטיק! — פול שרעק און ליידן, ביז צו דער ענדגילטיקער „ליקווידאַציע״...

### אַ געטאָ — לעצטער אַקט

ניט באַערדיקט נאָך די הרוגים פון דער נאַכט, אינדערפרי — אַ נייע גזירה! אַ נייע פאַראָרדענונג דעקרעטירט און אונטערגעשריבן פונעם ווילייקער קרייז־קאָמענדאנט: אַלע קריוויטשער יידן מוזן היינט (דעם זעלבן טאָג) פאַר־לאָזן זייערע הייזער און קאָנצענטרירן זיך אין אָפּגעזונדערטן „געטאָ". ווער עס וועט ביז נאַכט ניט אויספירן די פאַראָרדענונג, וועט גאָר שטרענג באשטראָפט ווערן... מיט וואָס פאַר אַ שטראָף? — האָבן אַלע געוווּסט... טויט! און אויסגע־פירט האָבן אַלע דעם באַפעל. אַלע קריוויטשער יידן, (מיטן אויסנאַם פון איינציקע פאַכמענער, לויט אַ בפירושן באַפעל), האָבן זיך איבערגעטראָגן מיט זייערע אָרעמע מטלטלים־רעשטלעך פונעם צעראַבירטן און געגזלטן „האָב און גוטס", מ׳שטיינס געזאָגט, אינעם „געטאָ" אַריין. זיצן אין די הייזער געבליבן זיינען בלויז: בנימין גיטליץ (דער שניידער — היינט אין ישראל, אין חדרה); איטשע (יצחק) גיטליץ דער שמיד און ברוך מאַכנאָוויטש דער גאַרבער. פאַק־טאָגראַפיש גענומען איז עס מיין פליכט צו באַטאָנען אויפן אָרט, אַז מען האָט ניט אויפגעשטעלט אַ געטאָ ספּעציעל. מען האָט אַלעמען אַריינגעשטופּט אין צוויי הייזער פון פריער אָנגעצייכנטע, אינעם עק פונעם שטעטל, און אָפּגעזונדערט זיי (פּראָ־פאָרמאָ בלויז) מיט שטאַכל־דראָט. די שטוב פון שרה־מערע וואַלקאָ־ווער און דאָס הויז פון ציפּע קאָפּעלאָוויטש. אויף וויפל מיין זכרון איז מיר



יצחק שולמאַן און זלאַטע (יעקב קאַצאָאוויטשעס אַ טאָכטער) מיט א ווילנער טעכניקער

בכוח צו דינען וועל איך מיר באַמיען אויסצורעכענען אויספירלעך ווער האָט „געוווינט" (צווידייטיק צו פאַרשטיין; איז מעגלעך צו רעדן וועגן דעם אַלס נאָרמאַלע באַדינגונגען?) אין ביידע אויבנדערמאָנטע הייזער.

אין דער „געטאָ-שטוב" פון שרה-מערע וואלקאָווער האָבן „געוווינט" מיין מומע רייזל (שולמאַן) און איך ווי אויך מערע בונימאָוויטש; אסתר ראַבינאָוויטש מיט דער טאָכטער חיה (מענדל ראַבינאָוויטשעס פרוי און קלענערע טאָכטער); מאַריאַשע באַטוויניק מיט דער טעכטערל רייזעלע — א קליין מיידל ווי אויך מיט שיינקע און ביילע ציפּילעוויטש — איר שוועסטער און מוטער. אלי מאַריאַשעס מאַן און רייזעלעס פאָטער איז שוין דאַן אויף אַרבעט געווען „פאַרדונגען" ביי אַ פּויער אין אַ דאָרף און באַצאָלט האָט ער גוטע געלט — בלויז פאַרן באַהאַלטן זיך און נאַקעטן קיום. אויסער אַלע אויבן אויסגערעכנטע זיינען געווען אין דער זעלבער שטוב מאטלע געלמסאַן מיט איר טאָכטער דבורה; פייגע באַטוויניק (אלי און מאַריאַשעס שוועגערין) מיט אַ טאָכטער. און צוויי קוזינען פון ווילייקע: משה-נחמיה און ריבל קאַפּעלאָוויטש; ראשקע מעלצער מיט איר טאָכטער חנה און פאַמיליע און נאָך אַ חשובער קריוויטשער ייד, אַן עלטערער מאַן, ר' משה-אברהם קאַידאַנאָוו, וועלכער איז אַ צעקיילטער און צעביילטער, האַלב באַוווסטלאָז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין געטאָ-שטוב. ווי באַקאַנט איז ער אויף מאָרגן פאַרטאָג נאָך דער אייר-שחיטה מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן דורך פאָליציסטן און סתם גויים, ביז ער איז אינגאַנצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צעהאַקטער און צעקאַטעוועטער בלוט-טריפנדער שטיק פלייש. אַזוי געווען איז ער אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט אין דער לאַגע — ניט טויט, ניט לעבעדיק — און די קאַפּעלאָוויטשעס פון ווילייקע האָבן זיך מטפּל געווען מיט אים. לאַנגזאַם און ביסלעכווייז איז ער ווידער צו זיך געקומען און שוין שטיין געקענט אויף אייגענע פיס ווי אויך אַרויסגיין. זיין שטאַלצער יידישער באַוווסטזיין, זיין לעבנס-כוח ווי אויך זיין וויטאַליטעט און לוסט צום לעבן, האָבן גובר געווען אַלץ.

דער גורל פון אָט דער שיינער הדרת-פּנימדיקער פּערזענלעכקייט, איז אָבער ביטער געווען ביז צום סוף. דער לויערנדער אומקום, דער אומפאַרמיידלעכער טויט! האָט אים אַפילו אויך אין קורעניץ דערטאַפּט. ר' משה-אברהם קאַידאַנאָוו, קריוויטשער „בעל-קורא" אין משך פון לאַנגע יאָר האָט געהאַט אויסגעגעבענע טעכטער אין קורעניץ; דערוויסנדיק זיך וואָס האָט פּאַסירט מיטן פאָטער, איז געקומען די עלטסטע טאָכטער זיינע און געוואָלט אים נעמען אין קורעניצער „געטאָ", ווייל ער איז שוין נאָך דער שחיטה געבליבן אַליין... ער האָט אָבער ניט געוואָלט פאַרלאָזן זיין היימשטעטעלע. געוואָלט האָט ער בלייבן מיט אַלעמען און טיילן זייער גורל. אַלע בקשות און תחנונים האָבן ניט

געהאָלפֿן; ער האָט ניט געוואָלט זיך רירן. די טאָכטער זיינע האָט דאַן דער־לויבט זיך אויף אַ זייער געוואַגטן שריט; טראָץ דער גרויסער סכנה אויפֿן וועג צווישן קורעניץ—קריוויטש, איז זי אַ צווייטן מאָל געקומען אין אונדזער געטאָ־הויז — מיטברענגענדיק איר עלטסטן זונעלע — משה־אברהמס עלטסטן איי־ניקל. דער גרייז־גראָער אַלטיטשקער האָט אים זייער ליב געהאַט. מיט טרערן אין די אויגן האָט דאָס יינגעלע זיך געבעטן ביים זיידן, ער זאָל מיטפֿאָרן אין קורעניץ. דעם נסיון האָט אונדזער בעל־קורא ניט געקענט שוין באַשטיין. ער איז ענדלעך מיט דער טאָכטער און אייניקל אַוועק אין קורעניצער „געטאָ" און דאָרט אומגעקומען מיט דער גאַנצער עדה אינעם טאָג פֿון לעצטער מוראדיקער שחיטה. זיין יינגערע טאָכטער טייבע מיט זיינע צוויי אייניקלעך — קינדער פֿון זיין זון אלי איז געלונגען צו ראַטעווען זיך. טייבע איז געשטאָרבן אין אַמעריקע און די צוויי אייניקלעך יהודה מיטן ברודער זיינען אין אַמעריקע און געבליבן הייסע שטאָלצע יידן.

די צווייטע געטאָ־הויז — אין דער שטוב פֿון ציפּע קאָפּעלאָוויטש איז באַ־זעצט געוואָרן פֿון דער פֿאָלגנדער אויסגערעכנטער „באַפֿעלקערונג": ציפּע קאָ־פּעלאָוויטש מיט ראַשקען אירס אַן אייניקל און איר שנור מייטע מיט נאָך אַן אייניקל — אַ יינגעלע פֿון 8 יאָר, מאָטעלע; יהושוע בונימאָוויטש מיט דער פֿרוי זיינער חנה; הירשל גינדלין מיט דער פֿרוי שרה און זייער טאָכטער פּע־סיע; אייזיק וואָהלמאַן מיט רייזל זיין פֿרוי און זייער טעכטערל מיניע־ליבע; רייזלס צוויי שוועסטער העניע און רבקה קרעמער. אין דער זעלבער שטוב זיינען געוואָרן נאָך אַ חוץ אַלע אויבן־אויסגערעכנטע זלאַטע זילבערגלייט און נאָך אַ ייד משה הערץ — שלום זילבערגלייטס אַן איידעם. די שוועסטער קרעמער און רייזל וואָהלמאַן מיט איר טאָכטער האָבן דורכגעלעבט אַלע צרות און פּלאָגן אין אומקום־יאָרן; פֿונעם „געטאָ" דורך טיפֿע זומפּן אין וועלדער דערגרייכט; פֿונעם וואַלד נאָך אַלעמען אין שטעטל צוריק האָבן זיי זיך דערשלאָגן אויך נאָך אַ לאַנגן וואַנדערן קיין ישראל — אַלע אין אַשדוד. לײדער איז שוין רייזל מער ניטאָ...

דאָס שווערע לעבן אין יענע יאָרן, אַרומוואַנדערן און קריכן אין אַלע לע־כער — ווערנדיק געיאָגט און פֿאַרפֿאָלגט פֿון בלוט־דורשטיקע צוויי־פֿיסיקע חיות — די כמעט שטענדיקע שרעק און פּאַניק פֿון אַ מאַמע פֿאַרן גורל פֿון אומבאַהאָלפֿן טעכטערל. אַ מאַמע, וואָס איז געבליבן אַליין און דאַרף אויך דעם טאַטן פֿאַרטרעטן. (דער פֿאָטער אייזיק וואָהלמאַן איז אומגעקומען שוין נאָך דער שחיטה). דערביי דאַרף מען אויך ניט פֿאַרגעסן, אַז די זעלבע רייזל איז צו פֿרי פֿאַריתומט געוואָרן פֿון טאַטע־מאַמען און נאָך אַלס גאָר יונג מיידעלע — 11־12 יאָר אַלט, האָט זי געדאַרפֿט זאָרגן פֿאַר זיך און ביידע שוועסטער —

אויסהאַלטנדיק זיי און ציענדיק חיונה פון זייער קראַם. פאַרשטענדלעך, אַז די אַלע פאַקטאָרן האָבן זיך גאָר שווער געלייגט אויף איר געזונט און זי האָט צו־זאַמענגעבראָכן — דווקא אין טעג און שעהן, ווען זי האָט שוין געקענט געניסן פון רו און פרידן אַלס באָבע ביי דער טאָכטער מיניע־ליבע אין שטוב. זי האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן מער... אַוועק איז זי אין איר אייביקער רו... זאָלן זשע מיינע פּאָר ווערטער וועגן רייזלען דינען אַלס אַ בינטל פרישע בלומעלעך אויף איר קבר...

## ס׳האַלט גאָר שמאָל — ליקווידאַציע

געזעסן איז מען אין געטאָ, וואָכן זיינען אַדורך און געוואָרן חדשים — אויסערלעך האָבן זיך דערווייל קיין ענדערונגען ניט געלאָזט שפּירן. ווי פריער איז מען געגאַנגען צו דער אַרבעט, צוריקגעקערט און מאָרגן ווידער... דאָך האָבן געוווּסט אַלע, אַז מיט אונדז האַלט עס שוין גאָר שמאָל. ווער לעבן וויל, מוז וואָס פריער אַנטרינען און „ויברח" פונעם שטעטל, ווייל — צי פריער צי שפּעטער, קומען וועט די ליקווידאַציע! מיר האָבן עס אין האַרצן געפילט — ווייל ווער איז נאָך אַזוי צו צרות גרייט און וואַכזאַם ווי אַ פאַרקלאַמערט יידיש האַרץ אין מאַטעריעל־פיזישן, גייסטיקן און אויך געזעלשאַפטלעכן קלעם? אָבער נעם אַנט־לויף דו יידישער מענטש, ווען אַלץ אַרום איז פאַרשפאַרט, געשלאָסן; ווען הפקר איז דיין קערפּער, דיין בלוט און לייב, דיין לעבן! אַפילו דיין שמאַטע־קלייד, וואָס דו טראָגסט אויף זיך קען אויך יעדער אַראָפּרייסן און לאָזן דיר נאַקעט...

דערווייל האָט מען נאָך אַלץ געאַרבעט — מיט נאָך אַ מענגע מיידלעך (און זאָלן מיר מוחל זיין אונדזער רעדאַקטאָר, ווי אויך אַלע לעזער פון בוך; כ׳גע־דענק שוין ניט ווער). האָב איך טאָג־טעגלעך געאַרבעט אין יעגערס הויף. אין אַ געוויסן טאָג, ביי דער אַרבעט ממש, זיינען פּלוצלונג אָנגעקומען לאָקאַלע גע־הילף־פּאָליציאַנטן, אַראָפּגענומען אונדז אַלע פון דער אַרבעט און געבראַכט אין דער געביט־קאָמאַנדע. דאָרן האָט מען אונדז באַפוילן אויסצושטעלן אין רייען, מוש־טריר־איבונגען מאַכן, מאַרשירן און זינגען דערביי רוסישע לידער... ווער עס האָט ניט געזונגען — נאָך ערגער! מען איז צעקיילט און צעביילט געוואָרן. נאָכ־דעם האָט מען אונדז געהייסן אויסטון זיך נאַקעט און שטיין בלייבן. ווער עס האָט ניט אויסגעפירט דעם באַפעל האָט מען פון איר (צי פון אים) די זאַכן אַראָפּגעריסן, צעפּליקנדיק אַלץ און שטאַרק געשלאָגן דערביי. גאָלד האָט מען געזוכט ביי אונדז, ווערטזאַכן און מטבעות. האָט עמעצער געהאַט עפּעס אַ מיניאַ־טור אַפילו — איז עס קאָנפיסקירט געוואָרן גלייך. שטייענדיק נאַקעט און בעטנ־דיק זיך ממש תחנונים, האָט מען אונדז נאָך אַ לאַנגע פּאָר שעה צוריקגעגעבן

אונדזערע שמאַטעס־זאַכן און מען האָט אונדז אויף דער גאַנצער נאַכט אין אַרעסט־קאַמער פאַרשלאָסן. אָט דער נאַכט וועל איך שוין קיינמאָל ניט פאַרגעסן, שטענדיק וועל איך זי געדענקען גוט. אין דער זעלבער קאַמער מיט אונדז צוזאַמען האָבן זיי אַריינגעזעצט אַ מענטש פון אונטערוועלט, אַ קרימינעל־פאַרברעכער און אַ שיכור אַ גרויסער אַלעקסאַנדער יאַניצקי (צי פּאַלאַטשאַנסקי, וויסן זאָל אים דער טייוול!) פאַרן צעשלאָגן זיין ווייב ביז באַוווּסטלאָזיקייט. ער האָט געליאַרעמט, געסקאַנדאַלעוועט, געשפּרונגען און געטשעפּעט זיך צו אַלעמען און וואָס נאָר עפּעס מיט מיאוסטע זידל־ווערטער אין „דער מאַמען אַריין"...

פאַרטאָגצו שוין, ווען עס איז נאָר מעגלעך געוואָרן צו באַוועגן זיך — צוליב שווערע „געטאָ"־פאַראָרדענונגען און קריגס־צושטאַנד — האָבן אונדזערע שכנים אין „געטאָ"־שטוב אַלאַרמירט און צו וויסן געטאָן ברוך מאַכנאָוויטש וועגן דעם. ער איז טאַקע געקומען צולויפן גלייך מיט אַ שריפטלעכער פאַראָרדענונג פון זאָנדער־קאָמענדאַנט צו באַפרייען אונדז תיכף אָן קיין שום אויספאָרשונגען.

— אָט אַזוי געליטן האָבן מיר און אויסגעשטעלט געווען צו יעדער צרה און פּלאָג. אָט מישט זיך ווידער אויף אין זכרון אַ גאָר שרעקלעכע נאַכט, ווען איבער אונדז ממש איז שוין געהאָנגען דער טויט אין דער געשטאַלט פון מערדערישע העק — כ'קאָן ניט געדענקען און וויסן היינט, ווען דאָס האָט פּאַסירט. שוין מישן זיך מיר אין זכרון זומער־טעג און האַרבסט־פרימאָרגנס, סובטעלע פרילינג־אָוונטן און פינצטערע קאַלטע ווינטער־נעכט... שטעטלשע קריסטן האָבן געפייערט אַן אָוונט, אַ „וועטשערינקע" געפּראַוועט אין אַ קריסטלעכער שטוב און עס איז פריילעך געווען ביי זיי „לגויים!" אַז מען האָט זיך שוין גוט אָנגעזויפט און גוט שיכור געווען, האָבן אַלע גענומען העק, לאָמען, מעסערס, אייזנס און האַמער, ווי אויך הייס געווער. באַשלאָסן האָבן זיי שוין איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויסרוצחנען אַלע יידן אין „געטאָ" — ניט פרעגנדיק אַפילו קיינעם... זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט הוראַ־געשרייען אויף די געטאָ־הייזער. עס איז געוואָרן אַ גוואַלד! — פון טומל און געשרייען זיינען אָנגעלאָפן אַ פּאָר דייטשן, זעלנער פון „רייכסווער־טרופּן" אין סלאַבאַדע, וועלכע האָבן צופעליק געווײלט אין שטעטל און דראָענדיק מיט זייערע „אויטאָמאַטן" און שווערערע מאַשין־געווער צעטריבן אַלעמען און געבליבן היטן, עס זאָל גאָרניט געשען אין פאַרלויף פון דער נאַכט...

די דערציילטע פּאַסירונג איז אָבער ניט די ערשטע ווי אויך ניט די לעצטע געווען. און ווידער דערמאָן איך מיר שוין נאָך אַ פאַל און שטייט פאַר די אויגן די מוראדיקע אימה און האָר שטייען קאַפּויער — געווען איז עס אַ סוף זומער־טאָג, אין אַ שעה פון „בין השמשות", אין אלול תש"ב סוף אויגוסט 1942 — אַ שעה, וואָס ניט ליכטיק, ניט פינצטער; כ'בין שוין פון דער אַרבעט צוריק אין

שטוב געווען. גאָר צופעליק בין איך אין דרויסן אַרויס, כדי צו געניסן אַ ביסעלע פון דער קילער פרישער לופט... פּלוצלונג האָט מיין אויג באַמערקט ווי אַ געהילף־פּאָליציאַנט מיט אַ ביקס באַוואָפנט פירט די צוריקקערנדע פון זייער אַרבעט אין דער מילך־ווירטשאַפט — יהושוע בונימאָוויטש און יצחק שקליאַר. שוין איז ער מיטן ביקס גרייט צו שיסן אָן א פאַרוואָס. חנה בונימאָוויטש, יהושועס פרוי, וואָס האָט אויך באַמערקט דאָס, איז אַרויסגעלאָפן זיי אַנטקעגן. דער פּאָליציאַנט האָט איר פאַרשטעלט מיטן ביקס דעם וועג און ניט געלאָזן ווייטער. טרערנפול געבעטן האָט זי זיך ביי אים, ער זאָל זיי לאָזן גיין אַהיים. זיי האָבן דאָך קיין שום פאַרברעכן ניט באַגאַנגען. „ניין און נאָכאַמאָל ניין! כ׳וועל זיי ביידע אַוועקשיסן. אָט אַזוי מוז עס זיין און ניט אַנדערש!״... געהערט האָב איך ווי דער „פּאָליציי־באַנדיט״ האָט געזאָגט, טרייבנדיק זיי ווייטער און צילנדיק אויף יהושוען. אַ שרעק האָט מיר אַרומגענומען און געשטיקט... באַוויזן האָב איך נאָך זען ווי חנה האָט אַ כאַפּ געטון דעם ביקס און אָפּגענויגט אין דער זייט. דער אונטער־מענטשלעכער אויסוואורף האָט איר מערדערלעך גענומען שלאָגן מיט דער קאָלבע. איך האָב מיר צוריקגעצויגן, רופן נאָך מענטשן צו הילף, ער זאָל חלילה ניט צום טויט שלאָגן... איך האָב אָבער שוין באַמערקט ווי ביידע גענומען האָבן לויפן שנעל און נאָכגעיאָגט האָט זיי דער באַנדיט. געהערט האָב איך צוויי שיס־קנאַלן. אויפן אָרט בין איך שטיין געבליבן ווי געפּלעפּט... צו מיינע אויערן איז דערגאַנגען חנהס אויסגעשריי: מיין ליבער יהושוע! — און תיכף נאָכדעם האָט חנה מונטער אויסגערופן: זיי לויפן, אַנטלאָפן זיינען זיי שוין. ער יאָגט זיי... געשאָסן און ניט געטראָפן! כ׳מוז מיר שנעל באַהאַלטן.

פּלוצלונג — כ׳ווייס גאָרניט פון וואַנען, איז אָנגעקומען מיט אַ געלויף — לעשצינסקי דער אַלטער, אויסרופנדיק אין אַ געשריי, אַז „פּאַרטיזאַנער״ זיינען אַריין אין „געטאָ״. אַ סך פּאָליציי זיינען אָנגעלאָפן און אַרומגערינגלט ביידע געטאָ־הייזער, אַרויסטרייבנדיק אַלעמען אויפן גאַס — זוכנדיק און נישטערנדיק חנה בונימאָוויטשן, וואָס האָט די „פּאַרטיזאַנער אין געטאָ געבראַכט און זיי האָבן באַפרייט טאַקע שקלאַרן און בונימאָוויטשן״ — לויט לעשצינסקיס ווערסיע. מען האָט שוין אַלעס איבערגעקערט זוכנדיק, און חנהן האָט מען ניט געפונען; פאַרשוונדן איז זי שפּורנלאָז... משה־הערץ שלום זילבערגלייטס איידעם האָט אין אַ קעלער זיך באַהאַלטן; די באַנדיטן האָבן אים דערוויִשט, אַרויסגעפירט און אויפן אָרט דערשאָסן. אונדז אַלע — דאָס רעשט ביסל יידן — האָט מען אין געביט־קאָמאַנדע אַוועקגעפירט.

כאַראַקטעריסטיש איז צו באַטאָנען, אַז דאָס מאָל האָט מען אויך אַלע פּאַכלייט מיט זייערע בני־משפּחות אַהין געבראַכט און מיט אונדז צוזאַמען אין אַרעסט־קאַמער פאַרשלאָסן. פריי געבליבן זיינען בלויז איטשע שמיד (גיטליץ) און ברוך

מאַכנאָוויטש. די אַטמאָספער אין אַרעסט־קאַמער איז געווען גאָר געדיכט; די לופט שטיקנדיק. אַסטמאַטיש־קראַנקע און הוסטנדיקע האָבן פשוט ניט געקענט אָפּאָטע־מען. מורא געהאַט האָבן אַלע פאַרן סוף פון דער נאַכט. איז מעגלעך דען צו פאַרגעסן אַזוינע רירנדע מאָמענטן ווי קליינע קינדער, וואָס האָבן שוין אַלץ פאַרשטאַנען און לוסט געהאַט צום לעבן — געבעטן האָבן זיך ביי די פּאַלייט, זיי זאָלן צוגערעכנט ווערן צו זייערע משפּחות, ווייל „זיי וועט מען דאָך זיכער לעבן לאָזן און אַלע אַנדערע וועלן נאָך אין דער זעלבער נאַכט דערשאָסן ווערן"...

אַזוי גערעדט האָבן קינדער, ווי שרעקלעך איז עס געווען צו הערן, די אימה ווי גרויס! כ'האָב ניט געקענט אַריינקוקן אין די טרערנפולע אויגעלעך און צו־הערן נאָך די אומעטיקע טרויער־פולע בקשות פון די, וואָס האָבן שוין קיין כוח ניט געהאַט צו רעדן, אַרגומענטירן און באַווייזן, אַז זיי ווילן לעבן בלייבן... איך האָב ניט געקענט... האָב איך מורא געהאַט? האָב איך מיר געשעמט און אפשר געפילט זיך שולדיק? און אמת, געדאַכט האָב איך, אַז אַ שולד אַ גרויסע ליגט אויף מיר און אויף אונדז אַלע, ווייל מיר זיינען נישטיק... און צו וואָס און פאַר־וואָס האָט מיך צום לעבן געצויגן, פאַרוואָס האָב איך נאָך געוואָלט לעבן בליי־בן? — לעבנס־אינסטינקטן, לוסטן און דראַנג, פרעגן אָבער ניט קיין שאלות...

— אין קליינע נאַכט־שעהן האָט אַ געוויסער קריסט צו וויסן געטאָן ברוך מאַכנאָוויטשן, איבערגעבנדיק אים די ידיעה, וואָס טוט זיך מיט אונדז. ווידער האָט ער זיך איינגעשטעלט (און דאַסמאָל איז אויך פאַר אים די געפאַר גרעסער געווען) פאַר אונדז — לויפנדיק פון אימה געיאָגט צום זאַנדער־פירער, ווי אויך צום געביט־קאָמענדאַנט — און וויסנדיק קלאָר, אַז אפילו דאָס ערגסטע קען אונדז נאָך אָניאָגן, איידער ער וועט עפּעס אויספועלן... פאַרטאָג איז אָנגעקומען דער זאָנדער־קאָמענדאַנט מיט ברוך מאַכנאָוויטשן. מיט זיין אייגענעם שליסל האָט דער דייטש געעפנט אונדזער אַרעסט־קאַמער און אונדז אַלעמען אַהיים צעשיקט. ברוך מאכנאָוויטש האָט טיף און שווער אָפּגעאָטעמט, אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ און אויך אַוועק. דערציילט האָט ער מיט אַ צייט שפּעטער נאָכדעם, אַז געציטערט האָט ער פון אימה — טאָמער וועט שוין קיינער ניט זיין... קומענדיק צוריק „אַהיים" אין דער געטאָ־שטוב, האָבן מיר שוין ניט געפונען קיין שום זאַך. אַלץ איז צערויבט געוואָרן און צוגעגזלט...

## פונעם געטאָ אין וועלדער

### כ׳מאַך פליטה...

נאָכן אומגעלונגענעם פאַרזוך „ליקווידירן" אונדז אַזוי גלאַט און אומבאַרענ־גען, ווי אויך אויסוואָרצלען ביז צום לעצטן ייד אין שטעטל — האָט יעדער איינער בלויז מיט זיך אַליין געקענט באַשליסן ווי אַזוי צו לייזן די פּראָבלעמאַטיש־טרא־

גישע דילעמע: אַנטלויפֿן (אַליין אַפֿילו!) און לעבן בלייבן (על כל פּנים מיט אַ סך מערער אויסזיכטן צו דעם) צי טיילנדיק דעם גורל פֿון כלל, בלייבן אויפֿן אָרט, אויף אַ זיכערן טויט. קיין דריטע ברירה איז ניט געווען. אמת זאָגן, בין איך געווען ראַטלאָז און ניט געווען אימשטאַנד אַליין צו לייזן די פֿאַרקניפּלטע און פֿאַרוויקלטע פּראָבלעמאַטיק. איך האָב מיר ניט געקענט דעצידירן אויף אַ ווייטערן שריט... בין איך ענדלעך קאַלט און גלייכגילטיק געבליבן; עס איז מיר געוואָרן שוין אַלץ איינס. פֿון מיינע נאָענטסטע איז לעבן מיר קיינער ניט געווען. די שוועסטער אַוועק ווי שוין איבערדערמאָנט, דער ברודער אַוועק — ווער ווייס וווּהין אין וועלדער אַרום — מומע רייזל אַפֿילו איז שוין אויך ניט געווען. זי איז איין טאָג אַוועק און מער האָב איך זי שוין ניט געזען. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז זי איז אַוועק אין סוויר. וואָס קען איך אַליין טאָן. אַווּ קען איך מיר אהינטון? בין איך געבליבן אַפּאַטיש. קיין פּיצל מער גלויבן... עס וואָלט שוין אפֿשר געבליבן אַזוי און ווער ווייס ווי אַזוי געווען וואָלט שוין מיין סוף — ווען ניט אַ דורכלויפֿנדער צופֿאַל, וועלכער האָט אַלעס אומגעוואַנדלט און איבערגעקערט — און אויך אין מיר דערוועקט אַ לוסט צום לעבן, ווי אויך אַ נייעם ווילן און דראַנג, אַ באַגער צו דערלעבן בעסערע צייטן.

— דריי וואָכן נאָכן איבנדערמאָנטן פּרווו פֿון א נייער ענדפּולער שחיטה, האָב איך מיר צוריקגעקערט אין געטאָ־שטוב פֿון אַ פּויערישער הויז אין דאָרף. עסן האָט מען דאָך געדאַרפֿט אין אַלע אומשטענדן, אונטער אַלע באַדינגונגען און שטענדיק האָט אויסגעפּעלט און ניט געווען וואָס. די פּויערטע, וואָס איך בין צו איר אַוועק איז אַמאָל שולדיק געבליבן מיין מאַמען אַ חוב. איך האָב ביי איר אָפּגענומען פֿאַרן חוב אַ פּאָר קילאָ מעל, אַ ביסל מאַנאייל ווי אויך קאַרטאָפֿל — עס זאָל זיין עפּעס צו עסן... נאָענט צוריק צום שטעטל איז מיר אַנטקעגן געקומען אַ באַקאַנטע קריסטין, אַ יונגע „שיקסע” פֿון מאַליגאָווקע. (אַ דאָרף ניט ווייט פֿון קריוויטש). זי איז געווען אין געהיים אַ פֿאַרבינדלערין צווישן פּאַרטיזאַנער־גרופּן און זייער שטאַב, ווי אויך מיט אַלע דאָרפֿישע פּויערים — וואָס זיינען נאָענט געשטאַנען צי אויך סימפּאַטיזירט, מיט אַלע קעמפֿנדע איינהייטן קעגן דייטשע אָקופּאַנטן און הענקער פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג. דערזעענדיק מיר האָט זי זיך זייער דערפֿרייט, ווייל זי האָט געהאַט פֿאַר מיר און פֿאַר שיינקע ציפּילעוויטש אַ צעטעלע — פֿון דאַמאָסלאַווער בלאָטעס. איך האָב גענומען פֿון איר דאָס פּאַפּירל און איבערגעלייענט... עס איז אויפֿן האַרצן עפּעס פֿריילעכער געוואָרן; געפֿילט האָב איך, אַז מיינע אויגן ווערן ליכטיקער, שוין פֿאַנגען זיי אָן אויפֿצושיינען — סוף כל סוף בין איך דאָך ניט אַליין! מענטשן, חברים צעלאָפּענע קימערן זיך פֿון דער ווייט איבער וואָס עס קומט פֿאָר מיט מיר און מיט אונדז אַלע! — כ׳האָב שוין געוווּסט, אַז עס איז שוין דאָ ווּ אָנצושפּאַרן און אַ סוף

צו מיין ראַטלאָזיקייט; ניט מער אינדיפערענץ און גלייכגילטיקייט. געשריבן האָבן אונדז דאָס צעטעלע די חברים שלמה בלאכער (אין אַמעריקע היינט) און מיכאלקע סיצקין (מייק סילווער — אין קאַנאַדע היינט). צוויי קריוויטשער יונגע חברים, וואָס זיינען שוין פריער אַנטלאָפן און דערשלאָגן זיך צו פּאַרטיזאַנישע געביטן. זיי האָבן זיך ביי אונדז געבעטן ממש, מיר זאָלן וואָס שנעלער אַרויס און ראַטעווען זיך. עס איז דאָ איצטער אַ מעגלעכקייט אַוועקגיין אין דער ווייט: — „זאַ ליניו פראָנטאַ" — דורכרייסן פראָנט־ליניעס און טיפער אַריין אין רוסלאַנד — ווו ניט קעמפנדער מענטשן־פּאָטענציאַל וועט זיך קענען איינאָרדענען און אָנטייל נעמען דורך אַרבעט אין די קאָלאָסאַלע מלחמה־צוגרייטונגען און אָנשטרענגונגען. איין זאַך נאָר האַלט זיי אָפּ פון דעם שריט. דאָס וואַרטן אויף אונדז און נאָך שטעטלשע, וועלכע וועלן אויך איינגיין צו פאַרלאָזן דעם פאַרגייענדן און אויסגייענדן „געטאָ".

אַלס טרייע פאַרבינדלערין פון פּאַרטיזאַנער האָט זי מיט פולער גרייטקייט — טראָץ דער גרויסער סכנה, מסכים געווען אַריינקומען מיט מיר צוזאַמען אין „געטאָ", כדי צו זען זיך מיט מאַריאַשע באָטווינִיק — האָבנדיק פאַר איר אויך אַ בריוועלע, אַ באַזונדער פון איר ברודער אלי ציפּילעוויטש. נאָכעדם ווי מאַריאַשע, שיינקע און איך האָבן דורכגערעדט זיך גוט מיט דער פאַרבינדלערין, האָבן מיר באַשלאָסן וואָס שנעלער וועלבירן נאָך „בעלנים" צו לאָזן זיך אויף דעם וועג — אָנזאָגנדיק דורך דער מיידל, אַז גאָר אינגיכן וועלן שוין די חברים הערן און וויסן פון אונדז. כאַראַקטעריסטיש און מערקווירדיק: דערציילנדיק אַלץ אונדזערע „געטאָ־איינוווינער" האָט זיך דערווייל ניט אָפּגערופן קיינער; עמעצער האָט אַפילו ניט אויסגעדריקט זיין ווילן גרייט צו זיין און אַוועק אין וואַלד. אַזוי שטאַרק איז געווען די גלייכגילטיקייט און קאַלטקייט פון אַלע צום גורל, וואָס דערוואַרט אונדז אין די נאָענטסטע טעג... דאָך באַשלאָסן האָבן מיר טראָץ דער אַלגעמיינער אינדיפערענץ און קאַלטקייט, אַז איך און מאַריאַשע זאָלן אַרויס אויף אַן אויסשפּיר־מיסיע צו די חברה, כדי אַליין זיך איבערצייגן און וויסן — אפשר איז עס טאַקע דער איינציקער אויסוועג צו אַנטרינען פון זיכערן טויט אין געטאָ, כדי בלייבן לעבן? — מיר האָבן אויך געטאָן אַזוי.

— געווען איז עס אַ וואַרעמלעך שיינער שבת־טאָג מיט אַ גאָלדענעם האַרבסט־פרימאָרגן; ביידע האָבן מיר זיך אָנגעטון אַלס דאָרף־שיקסעס און אַזוי לאַנגזאַם געגאַנגען ווי אויף אַ שפּאַציר איבערן וועג שפּרייזנדיק און דורכגייענדיק די באַן־ליניע און אויך געגאַנגען ווייטער. דייטשן ביי דער ליניע ווי אויך אַנדערע אויפן וועג האָבן זיך ניט געווענדעט אַפילו און אויך קיינמאָל ניט פאַרהאַלטן אונדז. געגאַנגען זיינען מיר אַזוי, ביז מיר זיינען אין אַ קליין וועלדל אַריין. גייענדיק אַ ביסל ווייטער האָבן מיר פלוצים באַמערקט די שפּרייזנדע אונדז —

אַנטקעגן — אלי ציפּילעוויטש און יצחק שקליאַר. די גרויסע פרײדיקע באַגע־געניש איז פאַרשטענדלעך געווען אַ געמיינזאַמע; מיר האָבן זיך דערפרייט מיט זיי, ווי אויך זיי מיט אונדז. מיר האָבן זיי דערציילט וועגן דער אַלגעמיינער אינדיפערענץ און וואָס מיר האָבן ביידע באַשלאָסן פון אייגענער איניציאַטיוו. זיי האָבן אונדז צוגעאיילט מיר זאָלן גלייך מיט זיי צוזאַמען אַוועקגיין אין זייערע מקומות, כדי צו זען אַלץ פאַר אונדזערע אויגן און איבערצייגן זיך ווי האַלט עס באמת. מיר זיינען אַלע פיר גלייך אַוועק און ביז צו האַלבער נאַכט זיינען מיר שוין אָנגעקומען אויפן פּלאַץ. פון וויטן געזען האָבן מיר בלויז גרויסע קופּעס היי און ניט מער. אַז מיר זיינען דערגאַנגען שוין גאַר נאָענט צו די היי־קופּעס האָבן שוין אונדזערע חושים דערכאַפּט אַ שטילן גערויש, וואָס איז אַלץ מערער הערבאַר געוואָרן. אַ פּאָר מינוט נאָכדעם זיינען שוין אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן: שלמה בלאָכער; מיכאַל סיצקין; יחזקאל (חאַצקל) און רחקע בענעש; יהושוע בונימאָוויטש מיט זיין פרוי חנה; (ווי אַזוי איז זי דאַן אַנטלאָפן און אויפן פּלאַץ אָנגעקומען — ווייס איך ביז היינט ניט). דוד, חיים און מוליע קאַצאָוויטש מיט זייער שוועסטער יאַכקע (יוכבד) ווי אויך ב. ב. פון קריוויטש מיט זיין הויזגעזינט. די אַלגעמיינע פרייד, וואָס האָט אַלעמען באַ־הערשט איז גאָר געהויבן און גרויס געווען. צו אָרעם זיינען מיינע אויסדרוק־מיטל און פען, כדי אלעס ווידער צו שילדערן...

געוויס מוז איך מודה זיין, אַז די וואַרעמע און ברידערלעכע אטמאָספער האָט אונדז מיטגעצויגן צו בלייבן. גרויס איז אָבער געווען די אחריות אונדזערע. פיזיש געשפּירט האָב איך, אַז אָן צוריקגיין און מיטנעמען אַהער אויך מיין שוועסטער באַדאַנקע — וועל איך פשוט ניט קענען. מאַריאַשע געטענהט ווידער, אַז זי מוז נאָך צוריק — מיטצונעמען איר מאַן אלי, שיינקען ווי אויך איר מאַ־מען און קליין טעכטערל. כאָטש אַלע דאָרטיקע געאיילט האָבן זיך וואָס שנעלער אַוועק אַדורכצוצורייסן די פראָנט־ליניעס, האָבן זיי דאָך פאַרשטאַנען אין וואָס אונדז גייט. זיי האָבן באַשלאָסן אָפּצוּוואַרטן אויף אונדזער צוריקקערן נאָך אַ פּאָר טעג. איך מיט מאַריאַשען זיינען, פאַרשטענדלעך, צוריק אַוועק אין קריי־וויטש. איך בין אויך אַוועק גלייך צו הונקע, כדי מיטצונעמען די שוועסטער מיינע באַדאַנקע. איך האָב ניט געוווּסט אַוווּ איז מיין ברודער... מיט מאַריאַ־שען האָבן מיר זיך אָפּגערעדט, אַז איך און מיין שוועסטער וועלן אָפּוואַרטן איר מיט אירע נאָענטע, ביי הונקע.

געוואָרט האָבן מיר אויף זיי אַ צייט לאַנג; מאַריאַשע מיט אלין זיינען ניט געקומען. צו אונדז געקומען זיינען בלויז איר מאַמע ביילע ציפּילעוויטש מיט מאַריאַשעס טעכטערל — דערציילנדיק, אַז אין שטעטל איז בלאָ און שמאַל... אַ ליאַדע טאָג — אַ שחיטה! און מאַריאַשע האָט נאָכניט געזען אלין צוליב די

באזונדערע אומשטענדן. זי איז שוין צו אים אַוועק און זיכער וועלן זיי א בי־סעלע שפּעטער אונטערקומען — באַשלאָסן האָבן מיר אַלע אָפּצוּוואַרטן נאָך אַ נאַכט, ווייל ווי די גאסט־פריינדלעכע קריסטן האָבן אונדז איבערגעגעבן, געוווּסט האָבן מיר שוין, אַז אויך יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין קניאהינין גרייטן זיך אָפּציען און מאַכן „פליטה״. אַדורך איז אָבער די נאַכט און קיין שפּור פון מאַ־ריאַשען מיטן מאַן. מער האָבן מיר שוין ניט געקענט וואַרטן. מיר זיינען אַוועק — עס האָט לאַנג געדויערט ביז מיר זיינען צו די זומפּן אָנגעקומען. דער וועג איז אונדז ניט באַקאַנט געווען אַזוי. מיר האָבן אויך לאַנג געבלאָנדזשעט... צום גליק איז אונדז אַנטקעגן געקומען „זוסיע עסטאַניעץ״ — זיכער האָבן שוין אַנדערע דערציילט ווער ער איז — איך וועל ניט איבערחזרן. כ׳וועל באַטאָנען בלויז, אַז ווערט איז דער חברה־מאַן פאַרשריבן צו ווערן אין יזכור־ביכער פון אונדזער סביבה. אַ דאַנק זיינע באַמיאונגען האָבן זיך פיל יידן געראַטעוועט. אַ ווו איז ער היינט, דער מסירות־פולער און פריילעכער זוסיע מיט זיין יידישן ברען און חסידישער דבקות ממש — צו ראַטעווען יידן? לעבט ער ערגעץ ווו? — אַ ווו ער איז נאָר זאָלן אונדזערע ווונטשן און גרוסן טרעפן אים און באַגלייטן! טאַקע ער האָט אונדז צוגעפירט און געבראַכט צו אונדזערע חברה. ער האָט אונדז אויך געפירט אין ווייטע וועגן אין שפּיץ פון אונדזער קאַראַוואַן.

מיר זיינען אָנגעקומען אַהין ערב יום־כיפור בייטאָג; אַלע האָבן זיך שוין אין וועג געגרייט; באַשלאָסן האָט מען שוין אַוועקרוקן זיך נאָך אין דער זעל־בער נאַכט. אַלע האָבן טיף באַדויערט וואָס מאַריאַשע מיט אלין זיינען ניט געקומען — בפרט נאָך, אַז די פאַרבינדלעריך פון מאלינאָווקע האָט איבער־געגעבן, אַז אין דאַלהינעוו און נייקע זיינען אַלע יידן דערמאָרדעט געוואָרן. אין קריוויטש זיינען די געטאָ־הייזער ענג פאַרצוימט געוואָרן און אָפּגעשלאָסן — ניט אַרויס און ניט אַריין! אַפילו צו דער אַרבעט לאָזט מען שוין ניט אַרויס... געוואָרן איז יעדן יום־כיפורדיק אויפן האַרצן. עס איז שוין אוממעגלעך געווען צו בלייבן.

עס איז שוין פינצטערלעך געוואָרן. יעדער איינער האָט גענומען אין מויל עפּעס אַ קיי טאָן — צו פאַרפאַסטן און אָפּעסן אַ „סעודה מפסקת״... מנחה האָט מען שוין אויך אָפּגעדאַוונט. ערב־יום־כיפור תש״ג... יום־כיפור אין האַרצן און נשמה. אַרום און אַרום אויך יום־כיפורדיק. אַ מסוכנדיקער לאַנגער וועג שטייט פאַר אונדז — מיט צעבראָכענע הערצער געשטעלט האָט מען זיך צום „על דעת המקום״... צו כל־נדרי. די „מעריב־תפילה״ מיט אירע „יעלות״ האָט מען ניט געדאַוונט שוין. נאָר אויסגעוויינט — ווייקנדיק זיך אין טרערן. יעדער איי־נער אין האַרצן האָט זיך געזעגנט פונדערווייט — מיט טויטע און „לעבעדיקע טויטע״ פאַרשלאָסן אין היים־שטעטל דאָרט און פאַרצוימט אין די הייזער. מיט

קברים דאָרט און קברים אין האַרצן. געהאַפּט האָט יעדער און געבעטן פון גורל אַ מתנה — אַז אַפּגליקן זאָל דער וועג! געגוג שוין ימען פון טרערן און אָקעאַנען בלוט! — מען איז גלייך נאָכדעם אַוועק. דער חשבון איז אָבער נאָך ניט געווען צו ענדע...

— א שווערער ליידנפולער וועג איז עס געווען. איך און מיינע נאָענטע זיינען אים ניט אויסגעגאַנגען ווי אויך ניט דערגאַנגען... מיר זיינען שוין אַ טאָג צוויי אָפּגעגאַנגען אונטער שטילע בלויע הימלען, קאַלטע און פרעמדע. פלוצלונג האָבן אונדז אָנגעיאָגט נאָך אַ דריי צי פיר יידן. אַז זיי האָבן זיך דער־נענטערט צו אונדז האָב איך צו מיין גרויסער פרייד דערזען מיין ברודער, ווי אויך אהרון און יהושע שולמאַן מיט יענקעלע ברוק — מומע רייזל שולמאַנס אן אייניקל. גרויס איז געווען די שמחה איבער דער באַגעגעניש. אונדזער ברו־דער מאָטקע האָט געוווסט, אַז באדאנקע אונדזערע געפינט זיך ביי הונקע. הע־רנדיק אין וואַלד זיך דרייענדיק, אז אין קריוויטשער געטאָ איז שוין נאָך אַלע־מען... אויפגעריסן און פארברענט, האָט מען די ביידע געטאָ־שטיבער מיט אלע פאַרשלאָסענע איינוווינער — איז שוין אים גוט קלאָר געוואָרן, אַז ניטאָ מער וואָס צו זוכן דאָרט. געוווסט האָט ער בלויז, אַז די גרופּע מיטן „עסטאָניעץ” גרייט זיך אין וועג. ער איז גלייך צו הונקען געלאָפן באדאנקען נעמען. מיר זיינען שוין דאָרט ניט געווען. טרעפנדיק אַהרונען, יהושע מיט יענקעלען באַ־שלאָסן האָט ער נאָכיאָגן אונדז. עס איז זיי אויך געלונגען. איז דאָך גוט געמלעך, ניט אַזוי? עס איז אָבער צו גליקלעך געווען... אונדזער חשבון פון יסורים איז נאָך ניט געווען צו ענדע.

מיר האָבן ווייטער פאָרגעזעצט אונדזער וועג מיט דער גאַנצער גרופּע, כדי דורכצושניידן זיך צו די פראָנט־ליניע — טיפער אריין אין רוסלאַנד.ליידער בין איך מיטן ברודער און שוועסטער ווי אויך אהרון און יהושע שולמאַן און יענקעלע ברוק, געצוווּנגען געווען צוריקציען זיך און אומקערן פונעם וועג. אונדזער שוועסטער באדאנקע, מיט אָפּגעשוואָלטענע פיס פון לאַנגן זיצן איז ניט גע־ווען בכוח ווייטער צו גיין. זי האָט זיך איינגעבראָכן. דער ברודער, איך און אהרון האָבן ממש געדאַרפט טראָגן איר אויף די הענט. געפילט האָבן מיר, אַז מיר שטערן און פארהאַלטן אונדזער גאַנצן קאַראַוואַן אין אַ סכנותפולן וועג. האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן זיך אומצוקערן פונעם וועג אויף גאָטס באַ־ראָט... זאָל זיין וואָס דאַרף זיין!

— א מענטש טראַכט און גאָט לאַכט... ווער איז דען בכוח אויפצופלאָנטערן און לייזן די געהיימענישן פון גורל? אומגעקערט האָבן מיר זיך דאָך, כדי גאַנץ אָפּצוהיטן אונדזער שוועסטער. און זי דווקא איז אונדז פאַרלוירן געוואָרן — איר גורל האָט זי פון אונדז אַנטריסן און אַוועקגעכאַפּט...

נאָכן אומקערן זיך צוריק פונעם ווייטן וועג האָבן מיר אַלע באַשלאָסן ניט פאַרזוכן מער נאָכאַמאָל דורכצורייסן די פראָנט־ליניעס און ניט טראַכטן וועגן דעם אַפילו. מיר האָבן באַשלאָסן צו זוכן דעם וועג, ווי אַזוי צושטיין און אָנגע־נומען ווערן צו פּאַרטיזאַנער־איינהייטן אין אונדזערע קאַנטן, אין אָרטשאַפטן וווּ מיר האָבן זיך יענער צייט געפונען. מיין ברודער חיים איז שנעל פון אונדז אַוועק. זיין פּאַרטיזאַנער־איינהייט, צו וועלכער ס'איז אים געלונגען צוצושטיין, איז גענומען געוואָרן אויסצופירן אויפגאַבן אין דער ריכטונג און אומגעבונג פון לידע. געווען זיינען זיי אין ליפּיטשאַנער פּושטשע און ווייטער — דורך נאַליבאָקער וועלדער זיך ווידער דערנענטערט צו אונדזערע קאַנטן. נאָך איבער דריי צענדליק יאָר ווייס איך אַפילו ניט, צי ער אַליין געדענקט נאָך ווי אַזוי איז ער מגולגל געוואָרן אין אלע וועגן. אַ פּשיטא, אַז איך געדענק ניט און ווייס ניט — כאָטש זיכער האָב איך פון אים געהערט וועגן דעם. איך דאקעגן און די שוועסטער באדאנקע, ווי אויך יהושוע (היישקע) שולמאַן מיט יענקעלע ברו־קן — אַן אייניקל פון דער מומע רייזל, ווי אויבנדערמאָנט, זיינען צוגעשטאַנען צו פּאַרטיזאַנער־איינהייטן, וואָס זיינען געווען טעטיק אין געגנט פון „פּאַ־ליק" — אַ שטח פון וועלדער און זומפּן, וועלכער ציט זיך פון פּלעשצעניץ — דורך בעהאָמיל ביז פּאָלאָצק. דאָרט זיינען געווען אויך מענטשן אין אַ ניט קעמפנדן פאַמיליע־לאַגער, וועלכע זיינען געווען אונטערן שוץ פון פּאַרטיזאַנער־איינהייטן, א טייל פון די האָבן אויך נאָכדעם באַקומען געווער און טעטיק גע־ווען אויף פּאַרשיידענע וועגן, מיסיעס און אויפגאַבן, באַדאַנקע מיט יהושוען און יענקעלע זיינען געווען צוזאַמען. איך אַליין אויף אַ צווייטער פּלאַצוווקע, ניט ווייט.

אַזוי זיינען מיר געווען פּאַרטיזאַנער; אויסגעפירט אויפגאַבן. געפלויגן זיינען וואָכן און חדשים. מיר האָבן שוין דורכגעמאַכט ווינטער־חדשים פון 1943. עס איז שוין געווען פרילינג. 10־טן יוני 1943 האָבן גרויסע דייטשע כו־חות: מאָטאָריזירטע אינפאַנטעריע, לייכטע טאַנקן מיט שווער מאַשין־געווער, ווי אויך פּאַרשטאַרקטע פליער־מאַנשאַפטן אָנגעגריפן די פּאַרטיזאַנער — העפּ־טיק אומאויפהערלעך. זיי זיינען אַריינגעדרונגען טיף אין וועלדער און זומפּן מיט דער כוונה  אריינשטופן און צושטיקן טיפער אין די זומפּן, אָפּצוימען און פארשליסן אַלע וועגן צו באקומען שפּייז־מיטל און צווינגען זיי צו קאַפּיטולאציע אָדער אַ זיכערן טויט... טאָג און נאַכט האָבן זיי באָמבאַרדירט פון אויבן, באַלאַ־גערט און אָנגעגריפן פון אונטן. אַלע איינהייטן פון פּאַרטיזאַנער האָבן זיך צוריקגעצויגן טיף אין די זומפּן, מען איז געלעגן אין וואַסער און בלאָטע... איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייטן זיך צו פאַרבינדן מיט באַדאַנקען. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אויף אונדז די גרויסע בלאָקאדע, וואָס האָט אָנגעהאלטן ביז דעם

21־סטן יוני 1943 — ווען דייטשן האָבן גענומען צוריקציען זיך — ליידנדיק גרויסע פאַרלוסטן. פּאַרטיזאַנער־איינהייטן האָבן ניט איין פּרווו געמאכט זיך דורכצורייסן דורך דער בלאָקאַדע און ניט מצליח געווען.



אונדזער שוועסטער באַדאַנע טאָוגער

17־טן יוני 1943 האָבן צום ערשטן מאָל אַ פּאָר איינהייטן דורכגעריסן זיך דורכן אייזן־קלעם און דאַן האָב איך מיר אויך באַגעגנט אויף אַ וואַלד־פּאַ־ליאַנע מיט באַדאַנקען און מיט יהושוען און יענקעלען. מיר האָבן זיך צונויפגע־רעדט האַלטן זיך צוזאַמען און אויך אַנטלויפן צוזאַמען, ווען עס וועט נויטיק ווערן. גלייך נאָכדעם האָט זיך אָבער אָנגעהויבן ווידער אַ דייטשער אָנגריף פון דער לופט ווי אויך אַרום און אַרום אונטן. ווידער איז געוואָרן אַ מהומה און ווידער זיינען מיר אָפּגעזונדערט געוואָרן און אָפּגעשיידן. מער האָב איך שוין באַדאַנקען ניט געזען... נאָך דער בלאָקאַדע האָב איך אומזיסט געזוכט און גע־פאָרשט, באַדאנקע מיט יהושוען און יענקעלען זיינען שפּורלאָז פאַרשווונדן און ניטאָ!

אַ דאלהינעווער ייד — כ׳געדענק ניט ווער ער איז — האָט מיר נאָך דער מלחמה שוין דערציילט, אַז ער האָט זיך געטראָפן ביים צווייטן פּרווו דורכצו־רייסן די דייטשע רייען, מיט באַדאַנקען און היישקען. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז זיי האָבן גראַנאַטן און זיי וועלן אַליין זיך (מיט זיי) אויפרייסן — אין פאַל פון אַ געפאַר געפאַנגען צו ווערן ביים דייטש. אים איז עס געלונגען, זיי זיינען גע־בליבן... אפשר אויך דערפאַר, ווייל זיי האָבן מיט יענקעלען ניט געקענט לויפן —

אַזוי איז מיין שוועסטער געפאַלן... אַזוי ניט געבליבן מער יענקעלע מיט מיין קוזין היישקע. כבוד זייער אָנדענק!

שוועסטער באדאנקע! לויט ווי כ׳האָב דיר גוט קענען געלערנט, דיין כאַראַקטער און געטריישאַפט צו דיין לעבנסוועג — שליס איך אויס יעדער מעגלעכקייט פון געפאַנגענשאַפט. געוואָגט און העראָאיש האָסטו אויסגעפירט אַ זעלבסט־אַטענטאַט אויף זיך אַליין און דיינע נאָענטע, און אונדז — דיין שוועסטער מיטן ברודער, אויף שטענדיק פאַריתומט.

— מיין דערציילן איז מיט דעם צו ענדע; מיין ווייטערער וועג איז דער זעלבער וואַנדער־וועג ווי פון אַלע אַנדערע. איז עס טאַקע איבעריק ווייטער דערציילן און ניט געוווּנטשן... כ׳קען שוין מער ניט ווייטער, כ׳בין עס ניט מער בכוח. צו ביטער און אויפגעשיטערט ווער איך — ווען כ׳געדענק אַלץ נאָכאַמאָל. גענוג אויפגעציטערט האָבן מיר קאָשמאַרפולע נעכט, ווען געמיינט האָב איך צו הערן אַז באַדאַנקע רופט! דערוואַכט האָב איך און ניטאָ קיינער. פאַרשווונדן שפורלאָז...

זאָל מיין דערציילונג אויף די שפּאַלטן פון קריוויטשער יזכור־בוך, אויפלייכטן און באַשיינען די געשטאַלטן פון אונדזערע טייערע יידן אין אונדזער קריוויטש — וואָס איז שוין ניט מער דאָ. זאָל איבער קריוויטשער פעלדער הענגען תמיד דער רוצחישער אות קין: הרצחת וגם ירשת? האָט איר דערמאָרדעט און אויך געירשנט?! און אונדזערע קדושים — אין דער אייביקער רו — אַן אייביקן יתגדל ויתקדש!

דב (ברל) קאצוביץ' / פתח־תקווה

# עיירתי — היבטים ממרחקים

## (זכרונות מתחומי מקום וזמן והלך־נפש)

**הבית ונופו**

בית היה בעיירה — בית אבא־אמא; נוף ילדות ומחוז־נעורים. בית־מכורה וגידול. מסורת שנתגבשה מדור לדור — שרשים קרי. עוד אזכור יראת קודש של שבתותיו וימי מועדיו; שלשה רגלים, הימים הנוראים ואותו חג מופלא של שמחת־תורה. כמו־כן אזכור גם אפרוריותם השיגרתית של ימי החולין אשר לו.

בבית זה (ואין המדובר בבית־אבי בלבד, אלא בכל בית־אב בעיירה), נשתקפה התגלמות חיים ובבואה של עיירה יהודית פעוטה וצנועה, העיירונת. ואפילו דומה היתה בתנוחות קוויה לצורה של צלב והיו בה, גם כנסיה קאתולית מיסודם של הפייארים וגם כנסיה פראבוסלאבית היה היתה קריביץ' עיירה יהודית. כיון שלא יהודים אשר בתוכה, בטלים היו בה בששים בין הרוב הגדול של יהודים. ברצוני איפוא לספר בכאן על בית בעיירה, על ביתי; נבצר ממני לספר על כל בית־אב בה. על כן אספר על ביתי ולא משום הנימוק הפשוט; „אדם קרוב לעצמו ולבשרו" אלא מבחינת הקשר אל הישוב כולו, אל כלל הציבור — כחוליה מפוארת בשרשרת נכסי ציבור ובתיהם של העוסקים בצרכי ציבור באמונה — כשם שהיו גם בתיהם של הטאוגרים של שטיינגולד ושל אחרים, חוליות־חוליות באותה שרשרת־זהב של נכסי ציבור, פעולות ומעשים לשמם „ובלתי־ממוסדים" כלל.

מה צורב הוא הצער ועד מה נוקף הלב, על שכל אלה נמחו ואינם עוד... על עולמות שחרבו ואינם ועל דור הבנים, דור בנינו המיותם ללא סבא וסבתא... וגם עלינו השרידים החיים בעולם ערכים, מושגים ותחומים אחרים. נטשנו כאמור ערכים ומסורת בית האב שנחרב וטרם יצרנו וגיבשנו שרשרת ערכים ומסורת שונה ואחרת — הווה אומר; תרבות חיים שלמה ומקיפה. כי על כן מרחפים שבתותינו ומועדינו בחלל, ללא אותה חרדת־קודש שריטטה בלב וחיינו זורמים באפיק של חולין. מה נוריש איפוא לבנים שנתייתמו מסבא וסבתא ורב־סבא? מה נעביר להם מאותם נכסים והווי מסורתי מגובש, מאותם קניינים שרשיים שהביאונו והדריכונו עד הלום — עד קרקעה של מולדת עתיקה ומתחדשת? — על כן כה חשוב לנו להעלות בספר־יזכור זה, בזה „נר־התמיד" — צללים וצלילים מאותו בית אשר היה ונגוז לעולמי עולמים.

ביתנו — בית גדול (לפי מושגי העיירה) בן ארבעה חדרים מרווחים ופרוזדור

ארוך — עמד מול כיכר השוק ברחוב הראשי. בבית זה נולדתי ובאתי לעולם ביום ה־18 למארס 1919 לאבי שמעון הסנדלר (כך נקרא בעיירה בפי כל) ולאמי מוסיה או מושקה — אשה פשוטה וצנועה ילידת מינסק, כפי שזכור לי מסיפוריה הרבים על בית הוריה ואחיותיה באותה עיר. את ביתנו זה זוכר אני עוד משנות ילדותי הראשונות; הוא השתרע על פני שטח גדול (יחסית) לא הרחק מחוף הנהר סרבץ׳ המתפתל והולך וחוצה העיירה — דבר שגירה דמיוני הילדותי ועורר בי רצון (לכשגדלתי מעט) להתרחץ בו ולשחות. החדר הקידמי שבדירתנו הגדולה למדי, שימש כחנות לנעליים ומגפיים וגם סדנאה לסנדלרות בה הועסקו „שקצים" — נערי איכרים מכפרים שבסביבה, אשר עבדו כשוליות־סנדלרים ולמדו המלאכה אצלנו. עסק זה כולו היה מנוהל בידי הדוד לייבה אחי אבי — אדם גבה־קומה זקוף ויפה־תואר מלא חדוות־חיים ודעתו בדוחה עליו תמיד. בזכרוני מאותן שנות ילדות, בולטים גם כמה מקרים משעשעים מאד. על אחד מהם אספר בזה.

בחדר הסדנאה בו עבדו השוליות, עמד ספסל ארוך על יד הקיר — עליו היו מתיישבים הלקוחות הנכנסים לקנות נעליים ומגפיים והיו מודדים לרגליהם כל אשר נראה להם. ומי היו הלקוחות? חייכם שאין אתם יודעים! לא ביהודי העיירה מדובר. הללו בטלים היו בששים בין איכרי הכפרים ובניהם ובנותיהם והם שהיוו מרביתם של הקונים. היו כמובן גם אחדים אשר התנצחו ועמדו על המקח; יצאו וחזרו ושוב הטרידו בדי̈ן ודברים וכבר הגדישו הסאה. בסופו של דבר הלכו מבלי לקנות דבר. אף ללקוחות „קבסתנים" וטרדנים מסוג זה „לנודניקים" בשפת אמא, „לנמרים" בלשון הישראלים — „נמר" קרי (נודניק ממדרגה ראשונה) — מצא דודי לייבה דרך מקורית ביותר; — בקצה החדר נקשר חבל ארוך ומחט בסופו. מדי פעם כאשר לקוח מסוג זה „נדנד" יתר על המידה והגיע בשיחו ושיגו לבלבול מוח סתם, היה השוליה „השקץ" שישב באותו קצה נרמז על־ידי דודי ומושך בחבל; התוצאה היתה מפתיעה ומשעשעת, אותו ברנש היה מתכבד בדקירה במקום המכובד... רמז שעליו לסיים לכאן או לכאן. ועוד זכור לי: מפעם לפעם היו נכנסים יהודים מכובדים בני העיירה — מי לקנות דבר כלשהו ומי לשוחח קמעא — ותוך כדי כך, בילו זמנם בשיחות על ענייני דיומא, „פוליטיקה" ועיסקי הקהל וגבאות וסתם שיחה בטלה. מענין לעניין אל פרשה בתורה או לפרק תנ"ך. דודי אותו לייבה היה מוצא עילה בכך להוכיח בקיאותו הרבה בתנ"ך. כשניסה מאנדהו לשאול על מראה־מקום, היכן, מתי ובמה מדובר? היה לייבה אומר מיד היכן ובאיזה הקשר נאמרו הדברים.

כל יום ד׳ בשבוע נתקיים יום השוק בעיירתנו, אליו נתכנסו ובאו הכפריים מכל הסביבה. יהודי העיירה (וגם מבודסלב ודולהינוב) היו מקימים להם דוכנים משני צידי הכיכר, רוכלים ומתגרים ועוסקים במקח וממכר. הניה האופה בעיירתנו ואופי דולהינוב ובודסלב היו מביאים אל השוק כל מיני מאפה מיוחדים כגון:

כעכים גדולים וקטנים, עוגות ועוגות־מצות זרועות פרג ובצל, רקיקי־דבש ודובשניות, רקיקי־בצים וסוכר וכיוצא באלה. (תגרני עיירתנו היו מחזירים כמובן ביקורים בימי השוק השבועיים, שנערכו באותן העיירות בימים אחרים בשבוע). בבחינת פרקמטיא חשובה העוברת לסוחר ונעלמת כלעומת שהובאה היו הדגים המלוחים, אשר נחטפו בכמויות ענק בידי האיכרים ורוקנו חבית אחר חבית. מרביתם, נאכלו בו במקום על „קירבם וכרעיהם" מבלי שטרחו כלל להדיח קשקשיהם במים ולפשוט עורם. לקינוח היו מטביעים את „המליחים" בכמויות בלתי־נדלות של יי"ש וכטוב ליבם, החלו ב„זמירות וברכות" עסיסיות ונמלצות. תוך כדי „זמירות" החלו גם התגרויות, תיגרות, מצה ומריבה — מהומה וצעקות והתכתשויות עד זוב דם במעגל מתרחב והולך ולעיתים — לקו בהן גם אנשים שלא היו מעורבים כלל, גם יהודים. לא פעם נזקקו לעזרת המשטרה, אשר הפרידה בין המתפרעים. גם כיום עודני זוכר, כיצד היו בני משפחותיהם של העצורים כרוכים אחרי אבי ומפצירים בו ולא מרפים ממנו, בשידוליהם להוציא קרוביהם מבית המעצר המשטרתי. כי על כן עמדה תחנת המשטרה מול ביתנו ואבי ז"ל הכיר בה כל שוטריה — ללא יוצא מן הכלל.

**למודי תורה ודרך־ארץ**

מלמדי הראשון ב„חדר־דרדקי" היה ר' לייב — איש גבה־קומה נעים־סבר הדור ועבדקן עטור שיבה, על כתפיו צמודה היתה תמיד באלכסון רצועת־עור צרה וארוכה בדומה לחגורת־קצינים („פורטופיה" בלע"ז). מפיו החילותי ללמוד תורה גם קרוא וכתוב ב„חדר" שלו. במרכז ניצב שולחן ארוך ואנו התלמידים מסובים היינו משני הצדדים לארכו, ושומעים לקח הרבי. מאלה שלמדו עימי באותו „חדר", זוכר אני את גדליה וולקובר, משה־יצחק שוד, מוליע קאצוביץ'! ועוד כמה אשר שמותיהם אינם שגורים עוד בזכרוני. ר' לייב מהלך היה סביב השולחן, מתבונן סחור סחור ונרכן פה ושם לאחד התלמידים ותוך כדי כך מרביץ תורתו ופוקח עין על תלמידיו השובבים. אבוי לו לאותו קונדס, אשר העיז „להתחכם" ולחמוד לצון על החומר או על הרבי בכבודו ובעצמו. אותו „עזות־פנים" שוקל היה כדבעי לכך וכך „כיבודים" במקומות שיפה להם הצנעה — רצועתו של הרבי לא ידעה מעודה מניעה מטעמי חיסכון. במקרים כאלה חילק לנו הרבי מלקותיו בהרחבה.

אין אני מיטיב לזכור אם למדתי ב„חדר" של ר' לייבה שנתיים או שלש; מכל מקום לכשגדלתי מעט ולמדתי כל תורת „דרקי" מפי הרבי עד תומה ו„חדר" זה, לא יכול היה עוד להרחיב תחומי ידיעותי, החילותי ללמוד אצל שוחט העיירה, שקיים במשך כמה וכמה שנים כיתות ללימודי משנה וגמרא ומעט חשבון — (אריתמטיקה בלע"ז) — ליד שולחן ארוך בבית המדרש היחיד בעיירתנו. אותו

שוחט ומלמד היה במשך שנים לסלע־מחלוקת בעיירה כולה. ועל מה ולמה? — עשו אזניכם כאפרכסת ואדרבא! שמעו שמוע: בר־מיצר לשחיטה ובעל „חזקה" בעיירתנו היה השוחט הזקן. אם כי לא יכול היה וגם לא אבה לשמש בה, רצה בכל מאודו להורישה ולהנחילה לחתנו ר' משה. וכך פרצה המחלוקת ונתקיים ה„חדר" של מלמדי החדש. עד שבסופו של דבר פסקו הגבאים והשמשים בקודש וכמותם גם זקני העיירה וגזרו, כי שני השוחטים יהיו בעלי „חזקה" ושלום על ישראל בקהילת קריביץ'. הנה כי כן; הוספתי ללמוד גמרא בבית המדרש וכך הרביץ בנו תורתו תוך הכנת „חלפיו"; כמו „מראה כהן היה סופר ומונה" ואומר פסוקיו ומשחיז באבן מיוחדת „חלפיו" — מעביר ציפורניו על חודי־חודיהם ובוחן אם לא נשארה בהם פגימה כלשהי, העלולה ל„הטריף" חלילה כל „שחיטתו" רחמנא ליצלן! שמא סבורים אתם כי מלמדי שוחט ובודק זה ככל המלמדים בעיירה, הרי טועים אתם במחילה טעות גמורה. הוא ראה עצמו (וזאת עליכם לדעת) מחדש גדול ו„מתקן" בשדה החינוך „מודרניסט"! מה שייך? הן רצועה בבחינת בל תיראה ובל תימצא! — כלל וכלל לא היתה בשימושו. אלא מאי, נוהג היה למרוט אזנים „שכך נאה ויאה להן". לכשנטפל לאזנו של ילד, לא הועילו כל טענות ומענות, לא בכי ותאניות־תחנונים ולא הבטחות. צובט היה אותה ומורטה על אף זעקותיו של קרבנו. אין ספק שהיה יסוד לחששותיו של הילד הנצבט, שמא תישאר האוזן בידי המלמד...

ברם, הנה סברו הורי (והם לא היחידים; רבים כמותם ביחס לבניהם בעיירה), בתוקף נסיונם ובחכמת־חיים שעמדה להם, כי ב„פסוק" וב„פרק" וב„דף" כמו־כן, לא סגי. יש להכשירני גם לבוא בין הבריות; ללמדני הילכי מעשה במלאכה ובמסחר ובעיקר — דרכי מו"מ עם אנשים שאינם „מבני בריתו של אברהם אבינו". לתכלית זו יהיה עלי גם לבקר ב„שקאלע" ולשמוע פרק, כיצד לשמוע ולדבר, לקרוא ולכתוב בשפת בני המקום. נמלכו איפוא הורי יום אחד ונועצו ביניהם, אף החליטו; כי בנם זה כלומר — אני ברל, קניתי לעצמי כבר תורה דרך־ארץ ודעת ב„חדרים" במידה מספקת ומכאן ואילך — חייב אני לקנות לעצמי השכלה בבית־הספר היסודי של „הגמינה" (מעין מועצה מקומית), אשר שפת ההוראה בו פולנית וללמוד יחד עם ילדים פולנים וביאלורוסים מהעיירה וכפרי הסביבה. ובכן הפכתי יום אחד לתלמיד בבית־ספר פולני, ב„שקאלא פאבשכנא", בית־הספר הכללי — יחד עם כמה וכמה נערים יהודים, מעיירתנו. האמת ניתנה להאמר כי אני וילדים יהודים שכמותי, חשנו ביחס המיוחד מצד מורים ותלמידים, אשר לא טרחו כלל להעלים שנאתם כלפינו. אלי לא נטפלו וזו האמת, הם אף לא ניסו כלל לעמת עצמם עימדי. עמדה לי זכות היותי נער מגודל וגבה־קומה ואף לא נחות בכוחי, יכולתי להראות גם נחת זרועי בשעת הצורך. אולם לילדים יהודים אחרים בכיתתי נטפלו וגם התאנו. לא פעם נאלצתי להגן על חברי בכוח,

גם לסטור בפרצופים ולהכות ממש. לאחר התכתשויות ממין זה היו המתאנים שיצאו על־פי־רוב בפחי נפש ובשן ועין, מתלוננים עלי בפני המורה מחנכת כיתתנו, כי הרבצתי בהם ללא שום סיבה. המחנכת שלא הצטיינה מעולם באהבת יתר ליהודים, היתה תמיד נוזפת בי קשות ופעם ניסתה אפילו להענישני עונש פיסי. היא תפסה ידי בידה ובשניה, אחזה והניפה סרגל גדול עבה וכבד. אלא שלא אני, ברל, אתן עצמי בקלות לעונשין בלתי־צודקים. חיש קל הוצאתי ידי מידה והסרגל המונף ביד המורה ניחת בכל כוח תנופתה על ידה של המורה. היא נאנקה מעוצמת הכאב, ידה אדמה כולה והתנפחה. נשארתי נבוך במקומי והפחד כירסם בי. קפצתי וברחתי מהכיתה ולא שבתי משך שבוע תמים. כל הפרטים כיצד ואיך סודרו העניינים במידה שיכולתי לחזור, אינני זוכר עוד.

— — כך בין „חדר" ל„חדר" ובינו לבית הספר, מכאן ולשם, חלפו ונשארו מאחורי שנות ילדות ושנות־נעורים ראשונות. הנה באו עלי שנות „העשרה" או כלשון בני ובני נוער ישראלי שנות „הטיפש־עשרה". תוך כל שנות לימודי, עת קניתי השכלה נימוסין ודרך־ארץ, גדלה אף התרחבה משפחתנו. נוספו לי אחים ואחיות והיינו עתה, שמונה ילדים במשפחה. בית־מגורינו המרווח בשעתו הפך והיה צר מדי, הן למגורים והן לניהול חנות ובית־מלאכה. ואכן, לתכלית זו שכר אבי דירה נוספת בקירבת ביתנו ואליה העביר כל העסקים. הוא גם הרחיבם והוסיף עליהם. אל הנעליים והסנדלרות נוספו עתה גם דברי קונפקציה, כלי־לבן ובגדים מוכנים. העסקים התנהלו למישרין אף נתנו רווחים לא רעים כלל. אדם שנכנס לחנותנו ובגדיו מרופטים, יכול היה לצאת כשהוא הדור בלבושו ומבריק למין שרוך הנעל ועד החליפה המגוהצת להפליא ואפילו מקל טיולים („סיקירקה" בלע"ז) בידו. אלה היו שנות השלושים הראשונות למאה שלנו. העסק הוסיף לשגשג ולהתפתח ואבי העסיק אפילו זבנית בחנותנו. היתה זו ביילקה אחותו של שלמה בלכר.

משעה ומאז שכל ילד מסוגל לזכור, ידוע אדע כי רוב הימים היה מחוץ לביתו טרוד היה ביותר; רק בערבים ניתן היה לראות אותו. פרט לטרדותיו היתרות בענייני פרנסה ונסיעות רבות ותכופות בענייני פרקמטיא וחידוש המלאי בחנות הטרידוהו גם עיסקי ציבור, בהם עסק באמונה ושלא על מנת לקבל פרס. בכל שאדע ואזכור כיום, לא נתרחש מאורע חשוב בעיירה (מעין חתונה, ברית־מילה או שמא לוויה חלילה, רחמנא ליצלן!) אשר אבי לא נטרד בגללו. כך נחרתה אמנם בזכרוני וחקוקה על לוח־ליבי דמותו העסקנית; נטרד וטורח תמיד ומתרוצץ ומסיח בינתיים דעתו מענייני הבית השוטפים, מצרכיו ומחסוריו. אף אמי נטרדה בגין כל אלה ומלכתחילה, לא תמיד ראתה הכל בעין יפה. הן כל זה העמיס על כתפיה את צרכי הבית וטרדותיו. והיא גרסה; על הגבר להיות בבית ולמנוע כל פרץ. יפה היא העסקנות אך במידה וגבול.

## כלכלה וחיי חברה בעיירה

עניה היתה עיירתנו ויהודיה אביונים מרודים — פרט למשפחות יחידות וספורות במצב טוב יותר; אלו משפחות שעסקו בעבודת־אדמה, ענייני יער, אנשי מסחר ובעלי־מלאכה מבוססים קמעא יותר ותו לא. רוב הפרנסות היו שיגרתיות ומקובלות אצל יהודי העיירות: חייטים, סנדלרים, כובענים, חנוונים וסוחרים זעירים, תגרים, רוכלים בכפרים, מתווכים וכיוצא באלה. היתה זו מנת חלקם של רוב יהודי העיירה. ימי השוק השבועיים בעיירה ובעיירות הסמוכות כנזכר לעיל, שימשו תשתית יסודית ועיקרית כמעט לחיי המסחר והכלכלה. כה רופף היה הכל ומרחף באוויר. מובן שלא ניתן כלל בתנאים אלה לדבר על חיים כלכליים מלא־ים מבוססים ושרשיים — עובדת יסוד, אשר הקרינה השלכותיה גם על החיים החברתיים־תרבותיים כפי שיסופר להלן. אינני פטור מלציין כי כמה וכמה משפחות כל אחיזתן החומרית נתגלמה בחכירת גן עצי פרי — למשך הקיץ. אם במקרה הטוב נתברכה אותה שנה בתנובה רבה, איתרע מזלן של אותן משפחות ונתאפשר להן קיום דחוק בצימצום מקיץ לקיץ. אך אם במקרה הרע היבול היה דל ובלתי מספיק, צפויים היו לאותן משפחות כמה חודשי ישיבה בנקיון־שיניים — קרי רעב ממש ומחסור; זקוקות היו לעזרת „הקהל". לא פעם בשנות „העשרה" וגם לאחר מכן הלכתי בשליחות אבי שנועץ במספר „בעלי־בתים", אל פלוני ופלמוני אמידים יותר, לשם קבלת תרומה עלומה וסודית מעין „מתן בסתר" עבור הנתונים במצוקה. זכור לי כמו־כן כי גם כמה חנוונים ובעלי־מלאכה בעיירה התרוצצו משך כל השבוע להשיג הלוואה לקניית סחורה או חמרי־גלם להשלמת תוצרת שהוזמנה — באין האפשרות בידם להכין הכל ליום השוק. פרט לכך, היו גם מקרים של הצלה ופיקוח־נפש ממש, אשר חייבו את כלל יהודי העיירה להיחלץ ולסייע לנפגע, עקב מחלה או אסון כלשהו. היה מקרה ויהודי בן העיירה לקה באופן רציני בעיניו. המצב היה חמור ביותר; החששות לעיוורון מתפשט והולך היו מאד ממשיים. אבי יבורך זכרו, בעזרת אנשים מספר אספו כסף לסייע לנפגע. הוא לקחו לווילנא אל מומחה למחלות עיניים בבית־החולים היהודי „משמרת חולים". שם טיפלו בו במסירות, הפרטים כיצד ואיך אינם זכורים לי כיום. אך העובדה היא, שיהודי זה ניצל והוחזר לו מאור־עיניו. אבי התמצא היטב בווילנא היהודית, במבואותיה ורחובותיה; ידע והכיר עסקניה הציבוריים וללא בושה והיסוס ידע לתבוע גם מהם. מה נעים היה לשבת עימו בשעת רצון, כשלא נטרד בענייני פרנסה או עיסקי ציבור ולשמוע סיפוריו על דא והא וכיצד מצא אזניים קשובות ורצון לעזור לו, בענייני תמיכה לנצרכים ועזרה קונסטרוקטיבית אחרת. בשוב אותו יהודי מ„משמרת חולים" מווילנא, רכש עבורו אבי מכונת תפירה לשיקומו בעבודה — בעזרת כספים שאסף הוא ועסקנים אחרים.

כל אותן נסיבות ותקלות שפורטו לעיל, צרכים שוטפים, פגעי מחסור צפויים

ולא צפויים עוררו מחשבה בלב עסקני עיירתנו כי „בחזרה על הפתחים" בשעת הצורך לא סגי; יש להקים משהו יציב יותר ובר־קיימא, יש הכרח בקרן מיוחדת לעזרה קונסטרוקטיבית ומחזור לגמילות־חסדים. כך זכתה עיירתנו **„לפאלקס־קאסע גמילות חסד — קופה עממית לגמילות־חסדים"**, אשר נוסדה בידי עסקני העיר ואבי בתוכם. זכור אזכור עוד כיום, אותה אסיפת קהל, אסיפת היסוד בבית המדרש — בה נבחר אבי ליושב־ראש הקופה. קרן זו העניקה הלוואות קצרות מועד לכל שפנה, לאחר שכל בקשה נחקרה על ידי חברי ההנהלה ונקבע הצורך. הבקשות נתלבנו ואושרו בישיבות השבועיות של הנהלת „גמילות־חסדים". פרט לענייני גמילות חסדים וישיבותיה השבועיות של ההנהלה נטרד אבי רבות בענייני „חברה־קדישא" בה היה היושב־ראש משך שנים רבות. יש לציין בשולי הדברים מתוך מבט לאחר שנים, כי עיסקי ציבור אלה היקנו לו מפעם לפעם יריבים וסתם שומרי טינה על דא והא (ולא בצדק)! אבי כמו כל העוסק בצרכי ציבור ומתמכר כדי לסייע, לעולם לא היה בכוחו לספק כל הצרכים ולכל הצורכים. תמיד יכול היה להישאר מאנדהו, הרואה עצמו מקופח או חושב לפחות כי אבי עשה לו עוול ולא רב את ריבו. ועוד יש להדגיש: תדמיתו הכללית של כל איש ציבור היא „כאיש ריב ומדון" (אין זו אמת ואין בכך מן הצדק כלל וכלל! — אבל זו עובדה). אבי התקומם תמיד על עוול שנגרם לזולת; רב את ריב המקופחים ולעולם לא דרש לעצמו דבר. כך ניצב הוא לנגד עיני גם כיום.

לאחר שתיארתי עד כה חיי עיירתנו מבחינה כלכלית, לא נשאר לי אלא לתאר חיי החברה בתוכה. המרכז היחיד העיקרי בו נתגלמו החיים בעיירה מבחינת ההיבט החברתי, היה בית המדרש. לא נתרחש מאורע חברתי או תרבותי, שלא נתקיים בבית המדרש. כנזכר לעיל התקיימה בו אסיפת היסוד של גמילות־חסדים; האסיפות השנתיות וסעודותיהן של חברה־קדישא אשר נתקיימו, גם הן מצאו בו מקום. חתונות, לוויות, „דרשות" של מגידים, ביקורי אורחים חשובים — כל אלה נתרחשו בבית המדרש. מאוחר יותר צצו ועלו ברפיפות עוד מרכזים אחדים. מהם קיקיוניים, מהם שהחזיקו מעמד. אך לכל אלה לא נועדו החיים; על הכל עלה הכורת — גם על בית המדרש...

ברם, אין אני פטור מלציין, כי בית־מדרש זה ראה גם תופעות לא מעודדות ואפילו מעציבות. מחלוקות ופרודים, ויכוחים שהתלקחו על לא־כלום ורוב מהומה על לא־מאומה; גבאות וענין „שוחטים" שהזכרנו. היו עיכובי־קריאת התורה בשבת, על דברים צודקים ולא צודקים. לא כאן ולא עתה זמן ומקום, להיכנס לכל אלה. אולם אעלה בזה כמה מהמראות שנחרתו בזכרוני וגם כיום עודן צובטות בלב. אזכור את יום הכיפורים בבית המדרש; אווירתו הרוטטת ויראת הכבוד באותו מעמד משך יממה שלמה — למן הלחש בקול דממה דקה בשעת „תפילה זכה" ועד לרינה ולתפילה „באור זרוע לצדיק" והתרת התפילה עם העבריינים

להצגה; התלבשנו ועטינו עלינו בגדי־חורף ובאנו לאולם. מצאנו אולם מלא כמעט ולהפתעתנו כי רבה, גם מוסק; תנור הברזל בער כהלכה ובלהבה עליזה החם האולם. כך עברו עלינו שעות אחדות של קורת־רוח בזכותו של נחשון נושא כל דבר שיש בו משהו תרבותי עבור עיירתנו. ואיך לא אזכור את נחשון בערבים של מוצאי יום־כיפור, עת לאחר ערבית היה יוצא עם כל הצעירים מבית המדרש. בגרביים יוצא היה ב„ריקוד׳ל" מסביב למקדשי הלבנה. לאחר מכן היה מגיע בריקוד עם כל הפמליה — אל ביתנו ל„קידוש" הפסקת הצום ולהחל בבניין הסוכה. מה רבה היתה החדווה ומעייני השמחה דבקו בכל ובכולם. לבי לנחשון, „הטרובדור" העליז של עיירתנו אשר ניספה הרחק מביתו אי־שם בגלובוקי ולא הובא לקבר ישראל...

**„הנוער הציוני" בקריביץ׳**

אדליק נר־נשמה גם „להסתדרות הנוער הציוני" בעיירתנו, אף אם לא אפרט פירוט יתר לבטי ייסודה וחבלי גידולה. הן הייתי מבין מייסדיה. אולם לא דבר זה חשוב בכאן. חשובה העובדה שנוסדה ונתקיימה עד הקץ. צורך קיומה למען צעירי עיירתנו, ריחף בחלל זמן רב לפני ייסודה. גם בלעדי חלקי בין המייסדים, היתה קמה ובאה לעולם. יתכן והיה לי חלק בהחשת הדבר. היותי מחוץ לעיירה לרגל לימודי — בסוונציאן קודם לכן ולאחר מכן בווילנא — דבר קשרי הרחבים עם בני נוער חברי תנועות שונות כגון: „השומר הצעיר", „ביתר" ו„השומר הלאומי" הוא עורר בי הרעיון להקים משהו מעין אלה בעיירתנו.

אליבא דאמת רבות התלבטנו בכך; לא ידענו איזו מסגרת תנועתית תהלום אותנו בני עיירונת פעוטה. לאחר פגישות רבות ושיחות עם צעירים מתנועות שונות, נתגבשה בנו הדעה, כי לפי תנאינו, מסגרת חיינו, חיי הבית והרחוב והנטיה הכללית לסתם ציונות, תהלום אותנו מסגרת „השומר הלאומי". לשם כך הוזמן על ידנו בחור מלידא; פרסקי שמו, והוא ישב עימנו שבוע ימים והורה אותנו בהלכות הסתדרותו. כך קם בתוכנו אותו גוף שכונה „השומר הלאומי" ולאחר מכן הפך „להסתדרות הנוער הציוני". המייסדים היו ח. טאוגר ואחותו בדנה, שלמה בלכר, שמחה צוקרמן ומשה מלצר ואני, ישראל כרמי ואחרים.

רובו הגדול של נוער העיירה התארגן בקן ואימץ לו מגמותיו החינוכיות ויעדיו המעשיים, כמשאת־נפש ודרך־חיים. רבים שאפו לצאת להכשרה ולהתכונן לעליה ארצה בממש ולא בגדר חלום בלבד. לרובנו הגדול אם לא לכולנו, ברור היה שאין עתיד ואין תכלית להישאר בעיירונת שכה אהבנו. על כן ראינו יעוד ואחיזה של ממש בעלייה. להוותנו ולאסוננו לא זכינו לכך; מעטים בין מעטים יכלו להיחלץ מכבלי המציאות המרתקים ולעלות. על כל השאר עלה הכורת האכזר. הצמית כליל חלומות ומעש והשאירנו מעטים בשכול וביתמות.

**חברתי בדנ׳קה**

עד סוף ימי אשא צערי ואקחנו עימי אל חידלוני עלי אדמה, על שכה התאכזר לך הגורל; על שלא זכית את, לא זכיתי אני ולא זכינו כולנו להיות עימך יחד, כאן על אדמת ישראל. לא נשאר לי אלא להדליק נר־נשמה.



יוסף שטיינגולד ז״ל

מה צדקת מאוד חברתי ואחותי ברוח; ישרת־עין ותמימת דרך היית. ראית וידעת אשר בישר לך לב רגיש ודואג. שעות רבות ישבנו בצוותא, ניתחנו והעלינו בשיחותינו ובוויכוחינו כל נושא ובעיותיו, כל בעייה אשר ניצבה בדרכנו. כמה היטבת לחדור לנבכי הבעיות של החיים הפוליטיים בפולין. כיצד אוכל לשכוח דבריך שאמרת וחזרת לא פעם: „זכרי זלטקה אשר אומר לך: הנאצים הם שיהיו בעוכרינו. מארתה של אירופה הם ועולם כולו. הם ישמידו היהודים בכל ארצות אירופה ובמיוחד את יהודי פולין בפולין. זמנים קשים באים עלינו ועלינו לעשות כל המוטל עלינו. בל נדחה דבר! אשר יש בידינו לעשות היום אל נדחה למחר!״ כך דיברת אלי ומעיניך היפות ניבט העצב התהומי ותוגת אין־סוף. הגיגיך היו תמיד עם מפעלנו בארץ־ישראל. בכל מזגך ולהט נעוריך, רצית לעבור הליכי הכשרה, להתכונן ולזכות לסרטיפקט בדרך כשרה והוגנת. לדאבונך ולדאבון כולנו נמנע הדבר ממך. מאוחר יותר יצאת לקיבוץ ההכשרה בווילייקה ושהית שם כמה וכמה חדשים. גם שם היית כה חביבה וטובה ואהובה על כל חברי ה„הכשרה״. כמה קשה היתה לך הפרידה ממני בעלותי. הן קול־ליבך אמר כי לא תראיני עוד...

ביום פקודה לא היססת; לא נשארת בעיירה. מילטת עצמך מזוועות י״א באייר — יום הטבח וחורבן הדמים. הצטרפת לפארטיזנים. ובמצור הגדול — עת סגרו הגרמנים מכל עבר — נפלת מרעב ואפיסת כוחות כשהשיג אותך כדור האויב. כבוד ותהילה לזכרך!

יודלק בזה נר־נשמות ויעלה זיכרם של שמחה צוקרמן ואחותו גולדה; פסח צוקרמן, יהושוע קאצוביץ׳, שיינקה ציפילביץ׳ מבוני ומטפחי תנועת הנוער בעיירה. דמם זועק עוד אלינו ממרחקי תחומים וזמן, כשם שזועקים דמי כל צעירינו הקדושים שלא הזכרתי שמותיהם. ינשאו גרות הנשמה וידליקו לבבות נוער בישראל ובתפוצות ויקומו דורות אשר לא ידעו שואה.

## אחי היקר יוסף שטיינגולד ז״ל

אבוי לי! כי מוטל עלי להספידך ולהדליק נר נשמה גם לך — מעל דפי „נר־תמיד״ שלנו. כמה גאה היית ושמחת בביקורך האחרון אצלנו על התגלמותו של רעיון זה, על התגלותה של יוזמה זו וגודל הרצון להקרימה עור ובשר, גידים ועצמות — זכורה לנו הבטחתך לעזור במימון ההוצאה לאור. והנה לא נשאר לי אלא להוסיף גם תמונתך אל דפי הספר בצירוף שורות אלה.

מה אספר עליך יוסף בן צירל וחלבנה שטיינגולד? במה אוכל להתחיל? האספר בכאן על מסירותך הרבה למשפחה, לאבא־אמא ולשאר בני הבית, על כי היית בן טוב ודואג? כלום רבותא בכאן? והרי זה מובן ביותר אם כי לא תמיד ובייחוד, בימים טרופים שעברו עלינו מאז ומתמיד וטרם פסקו ועודם נמשכים... הרינו כמעט בני גיל אחד, צעיר היית ממני בסך־הכל בשנה ורבע (בערך) ומהו מרחק זה בחיי אנשים שהם מעבר לגיל הילדות? הן היינו גם חברים ולא רק אחות ואח. באותם חוגים היינו בחברת אותם חברים וחברות.

צעיר לימים ביותר כבן חמש־עשרה וחצי עזבת את הבית בשנת 1929 או 1930 ונדדת למרחקים לדרום־אפריקה. צר היה לך בתחומי עיירתנו אף כי מאוד אהבת את ביתך. זכורים לי מכתביך הלוהטים אל בית אבא־אמא, בהם לא שכחת אף פעם לשאול עלי ועל כל הקרובים. היית אופטימיסט ללא תקנה והאמנת באור, באדם ובעתיד — על אף שרבו אז מאוד הצללים בחייך, כאשר היית בודד ועמל בפרך שרוי במרחקים. לא לגנותך אספר זאת: כמה השתוקקת כי אבוא אנוכי לדרום אפריקה ונהיה שם יחד — במקום שאעלה לארץ־ישראל ביקשת מהורינו כי ישכנעוני, כתבת גם אלי אך הרגשת אותי והבינות ללבי, כאשר הסברתי, כי העליה לארץ היא צורך נפשי עבורי.

— — שנים עברו — שנות מלחמת העולם השניה; נסתתמו הדרכים והשבילים. שנות דאגה קודרת ואבל... החילות לכתוב אלי, לדאוג לי, להביע במכתביך הפחדים והחרדות שלך, הדאגות לבני הבית אשר נשארו שם, באין ידיעה מהם...

ויום אחד בשנת 1942 הופעת בחדרון של הצריף בשכונת מונטפיורי — בו גרנו אז — במדי קצין, סרן בחטיבה הדרום־אפריקאית בצבא הבריטי אשר שהתה באותה תקופה במצרים. קשה היה לך לעכל את מגורינו „החלוציים" בצריף.



יוסף שטיינגולד ואחותו זהבה

— — פיתחת לפני תכנית להגיע למזרח־אירופה, לחפש ולגלות את ההורים. לא ידעת כשם שלא ידעתי גם אני כי באותה שעה לא שרד מהם ומכל משפחתנו הגדולה גם אחד. התכנית לא יצאה לפועל ושמחתי על כך שלא יצאת בדרך החתחתים והסכנות. שבת למצרים. הוספת להמטיר מכתביך אלי להוטי דאגה. מגורינו בצריף השביתו מנוחתך. שוב החילות ללחוץ כי נעבור לדרום אפריקה וייטב לנו שם, החיים יהיו קלים יותר... הסברתי כי טוב לי בארצנו ושמחה אני בחלקי, שוב הבינות לנפשי.

— — עברו שנים. נתגבשו חייך המשפחתיים ואף חיינו — חיי משפחתנו נתייצבו. הוספת לבקר בארצנו ומביקור לביקור (כל שנתיים) התלהבת יותר ויותר. בלב ונפש נתמכרת למדינת־ישראל ועז היה רצונך לעלות ולחיות עימנו כאן — על אף הקשיים של „עקירה" משם וההתערות ושתילה מחדש בכאן. החילות להמטיר בקשותיך כי נבקר אותך שם בדרום־אפריקה. ומימנת נסיעתנו, דאגת שם לכל — למען ניהנה מרווחה „וקונפורטביליות" ברמה המקובלת בדרום אפריקה. לא חסכת משך חודשים מאמצים ואמצעים לכך, על אף מחאותינו

והתנגדותנו. גם את עתידה בתי ונכדותי הזמנת אליך למספר חדשי חופש הלימודים.

זמנך היה קודש תמיד לחיי הציבור ועניניו. היית מפעילי המגבית. התמסרת לכל פעולה למען ישראל. ציוני היית בלב ונפש. ציוני ללא „מרכאות". היית „הרוח החיה" בהסתדרות הציונית ביוהנסבורג. מה כואב הלב ורותח עד כדי שבירה, כי על סף הגשמת רצונך, לאחר „עקירתך" משם בחומר וברוח לאחר מכירת הבית — שם — על סף עלייתך ממש, בא השבר! ליבך היקר, האוהב ודואג לא עמד בך עוד. לפתע פסק להלום. והנה — נעקרת מחיינו גם אתה...

יהא זכרך ברוך!

## דבר אחרון — לסיום

הנה הגעתי לסוף הדרך ברשימתי העצובה. רואה אני עתה משאלתי להצבת זכר לעיירתנו, מאז הימים האפלים קרובה לכלל הגשמה. משנות הששים ואילך התבררו אפקיה ונתלבנו. היה זה יוסף שמיר שלא פסק מלעורר בכל כנס ובכל מפגש להציב יד וזכר לעיירתנו היהודית עלי ספר — מצבת־עד חיה ליקירינו שנכרתו מארץ החיים. היו אלה דוד וגולדה קזשדן שלא פסקו לעשות נפשות למטרה זו. ובל נמעיט את חלקו של חברנו ח. טאוגר בשקידתו יחד עם עורכנו וידידנו על ביקורת החומר כולו לפני הבאתו לדפוס.

אכן, הדבר הולך ונשלם; יקום ספר לעיירתנו. ברם מסופקת אני אם ההגדרה „ספר" הולמת את תוכן הדברים שנכתבו בו. לא דפים ואף לא גווילים של ספרי־תורה לפנינו. עולם כולו כאן. מסורת ודת, חיים והווי, ארחות־חיים ומנהגים — תרבות־חיים שלמה ומקיפה של קדושינו, של כל יקירינו. דורות של אבות יעברו כאן לפנינו. תרבות של חיי דורות שאבדה ועברה מן העולם. צדק איפוא ידידנו עורך הספר בהציעו לנו השם „נר־תמיד" לקריביץ'.

מיכלע ווייסנהאַלץ / טאָראָנטאָ (קאַנאַדע)

# אַליין און עלנט איבער וועגן

### מיין יחוס־אבות

מיינע קינדהייט־ און יוגנט־יאָרן זיינען ניט געווען גאָלדענע — ווי זייער פיל מענטשן טראָגן זיי מיט זיך אין זכרון, ביז צום קבר... צי צוליב אמתער נאַטירלעכער נאָסטאַלגיע, צי צוליב אמתער רעאַלע ווירקלעכקייט — ווייל די לאַגע אינדערהיים ביי טאַטן־מאַמען איז געווען גוט און געהויבן.

די לאַגע אין מיין שטוב דאַקעגן איז געווען אַ גאָר דערדריקטע. גאָר פרי איז מיין מאַמע העניע־רייזע געבליבן אַן אלמנה מיט זיבן קינדער, אין יאָר 1919. מיינע צוויי עלטערע שוועסטער האָבן נאָך פריער חתונה געהאַט און גע־בליבן אין רוסלאַנד — איינע פון זיי האָט געהייראַט עטלעכע וואָכן פאַרן טאַטנס טויט. אין קריוויטש מיט דער מאַמען זיינען געבליבן — מיינע פיר ברידער: לייבע, יצחק, משה־שמעון, רפאל ווי אויך איך און מיין שוועסטער גוטע.

מיין ברודער לייבע איז מיט אונדז געבליבן ביז 1922; דאַן האָט ער „גע־שוואַרצט" די גרענעץ און אַריבער קיין רוסלאַנד. ער האָט זיך שוין ווי עס איז דערשלאָגן אין כאַרקאָוו צו די שוועסטער. שפעטער חתונה געהאַט דאָרט און פאַרבליבן אין רוסלאַנד. חוץ דעם ברודער יצחק, וואָס איז שוין דאַן געווען אַלט 17 יאָר, זיינען מיר אַלע נאָך ניט דערוואַקסן געווען און יונג. דאָס לעבן איז געווען שווער און קיין ליכטיקע זכרונות פון צוואַנציקער־יאָרן, פון מיינע קינ־דער־יאָרן האָב איך ניט... שווערע צייטן האָבן מיר דורכגעמאַכט. דאָך איז דאָס לעבן געגאַנגען און מיין גוטע לייכטנדע מוטער האָט אַלעס געטאָן איבער אירע מעגלעכקייטן, כדי מאַכן אונדז פאַר מענטשן. זי האָט מיינע ברידער צו מלמדים געשיקט לערנען; די עלטערע האָבן נאָך ביי ר' לייבע דעם מלמד געלערנט. רפאל (פאַליע ווי מיר האָבן אים אין שטוב גערופן) האָט שוין ביי זעליג דעם מלמד געלערנט.

איך אַליין האָב געלערנט אין דער אַלגעמיינער פויליִשער פאָלקסשול, אין „פאָווישעכנע" — פון 1924 ביז 1927, ווען איך האָב פאַרענדיקט די עלעמענטאַר־שול. יידיש האָב איך געלערנט נעמענדיק פריוואַט־לעקציעס און אין שטוב. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט בלויז, האָב איך עברית געלערנט ביי די לערער פינגער און בערעזאָווסקי. ליידער האָב איך געמוזט מיט דעם אויפהערן טראָץ דער ערגערניש פון דער מאַמען און כאָטש געוואָלט האָב איך זייער לערנען און

קענען, אונדזער אייביקער אוראַלט־נייער עברית־שפּראַך. מיר האָבן ניט געהאַט די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן שכר־לימוד צו צאָלן. עס איז ניט געבליבן קיין ברירה.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן אין מיין מוטער־הויז, וואָס איז געווען אַ געטריַע אָפּשפּיגלונג פונעם אַלגעמיינעם שטעטלשן לעבן. עס איז געווען אַ לעבן אָן אויסזיכטן און אָן האָפענונגען אויף אַ נאָענטן מאָרגן ווי אויך אויף אַ מער ווייטערער צוקונפט. אָט אַזוי און אין די ליכט־שטראַלן, זע איך אויך היינט דאָס געוועזענע לעבן אין שטעטל. אַ מאַטעריעלע און גייסטיקע וויסטע האָט זיך אײַ־בער אַלע פאַרשפּרייט... שווער, גאָר שווער, זיינען געווען די לעבנס־באַדינגונגען אין ערשטער העלפט פון צוואַנציקער־יאָרן. אַ סך פאַמיליעס יידישע זיינען גע־בליבן אָן קיין שום מיטלען צום לעבן. ווי דורך אַ נעפּל געדענק איך (גאָר יונג בין איך דאַן געווען) דער דורכגעפירטער פאָלקס־ציילונג אין 1921 מיט דער איניציאַטיוו פון „דזשאָינט" — כאָטש ווייסן ווייס איך ניט צי האָט די אַמערי־קאַנער יידישע דעלעגאַציע באַזוכט אין שטעטל. כ׳געדענק אָבער גוט, אַז נאָך דער דורכגעפירטער פאָלקס־ציילונג פון יידישער באַפעלקערונג ביי אונדז איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט פּראָדוקטן אין שטעטל — אונטערן אויפזיכט פונעם ווילנער „יעקאָפּא", וואָס איז באַפולמעכטיקט געווען פון דעם אַמעריקאַנער „דזשאָינט". מען האָט אין שטעטל גערעדט, אַז אויף אַנדערע פּלעצער — אין גרעסערע שטעט און שטעטלעך זיינען אָרגאַני־זירט געוואָרן דורכן זעלבן „דזשאָינט" ספּעציעלע קיכן, וווּ געטיילט האָט מען מילך און זעמל, ווי אויך אַ הייס געקעכטס צו מיטאָג. ביי אונדז איז עס ניט געווען.

שפּעטערע יאָרן — אין צווייטן האַלב־צענדליק פון צוואַנציקער־יאָרן, ווי אויך דרייסיקער — איז די אַלגעמיינע לאַגע ניט בעסער געוואָרן. געבליבן איז ווי געווען די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון שטעטל־לעבן, ווי אויך דער זעלבער ווירטשאַפטלעכער אויסזען און קאָלאָריט. איבער אַלע אויסגעצייכנט האָט זיך די גרויסע טעקסטיל־ און גאַלאַנטעריע־קראָם פון ר׳ שבתי שוחט. אָנגעפירט מיטן געשעפט האָט זיין פרוי, וואָס האָט זייער פלייסיק און קלוג געאַרבעט, און פאַרוואַנדלט די קראָם אין דער גרעסטער און שענסטער האַנדלס־אונטערנעמונג אין שטעטל. דאָך איז דער געראַנגל אירער פאַר מאַטעריעלער עקזיסטענץ ניט לייכט געווען און תמיד אָפּהענגיק פונעם וועכנטלעכן יריד אויפן שטעטלשן מאַרק. די איבעריקע געשעפטן זיינען נאָך ערגער געשטאַנען. די פיר יאַטקעס האָבן אויך ניט בעסער געמאַכט. אַלע אָן אויסנאַם — אויך בעלי־מלאכות און ערד־אַרבעטער, האָבן שווער געהאָרעוועט אויפן טאָג־טעגלעכן קיום.

דאָס איז מיין „יחוס־אָבות", ווי אויך דער יחוס פון גאַנצן שטעטל; אָט אַזוי איז געווען די שטעטל־עקאָנאָמיק און אַזוי געטריבן האָט מען אַ לעבן — פון מיינע ערשטע גאָר פריערע זכרונות — ביז צום פינצטערן גרוילהאפטן סוף...

## אויפן וואַנדער־וועג

### א „נס" פון קעלער־באהעלטעניש

עס פעלן מיר נשמה־כוחות און פיזישע געדולד — אַלעס ווייטער צו דער־ציילן און אָנצייכענען יעדן פרט פונעם לעבן אין שטעטל. ניט איך בין געבויט צו דעם און ניט איך קען עס אויפהויבן. אַנדערע וועלן עס זיכער בעסער פון מיר דערציילן — מיט מער וויסן און מערער גענויקייט. דערציילן וועל איך בלויז וועגן „נס" מיינעם אָדער גורלדיקן צופאַל — ווי אַזוי אויסגעוויכט האָב איך אין יענעם פינצטער־שווארצן י"א אייר תש"ב — פון אַ זיכערן טויט.

געווען איז אונדזער שטוב אין נאָענטער שכנות מיט שמואל זילבערגלייטס הויז און פנחס בליאַכער. 17 נפשות זיינען מיר געווען דאָרט. מיר אַליין זיינען געוועזן 11 נפשות: די מוטער, מיינע ברידער און איך, די שוועסטער ווי אויך מיין געהייראַטער ברודער — מיט זיין פרוי און פיר קינדער. אַ חוץ דעם גע־וווינט האָבן יענע טעג מיט אונדז צוזאמען נאָך 6 נפשות פון דער צוקערמאַן־משפחה; הערצל, שמחה, זייער מוטער און זייערע שוועסטער. זייער הויז איז קאָנפיסקירט געוואָרן דורך די נאַציס. דעם אומגליקלעכן טאָג גאָר פרי האָבן מיר שוין גוט באַמערקט עפּעס אומגעוויינלעכס. געזען האָבן מיר ווי אַרויסגע־פירט האָט מען לייבקע זילבערגלייט, כלאוונע שטיינגאָלד, דוד קאָפּעלאָוויטש און לייזער באַטוויניק, משה מעלצער, לייבקע ראדאָקשקאָוויטש און אַנדערע אין „אָבאָז". פאַרשטאַנען האָבן מיר, אַז עפּעס גייט... מיין שוועסטער האָט אָנגעהויבן זאָגן אַלעמען, אַז מען מוז זיך באַהאַלטן. הערצל איז אַוועק צו דער אַרבעט אין סלאָבאָדע; מיין געהייראַטער ברודער איז נאָך אין נאַכט־שעהן אַוועק צו דער אַרבעט אין קניאהינין. אַלע אַנדערע זיינען אינדערהיים געבליבן. ביי אונדז אין שטוב איז עס אוממעגלעך געווען בכלל איינצוואָרדענען אַ באַהעלטעניש; אַלע פענצטער און טירן זיינען געווענדעט געווען צו דער גאַס און אַ יעדער בייז אויג האָט אַלעס געקאָנט זען. מיין שוועסטער האָט זיך ביי מיר געבעטן, איך זאָל צו דער שכנה אַריינגיין צו דער בתיה בלאכער. איך האָב ניט געוואָלט אַוועק און איבערלאָזן דער מאַמען; איך בין אויך ניט גרייט געווען פון שטוב אַרויס־צוגיין, ווייל כ'האָב מיר פשוט געשראָקן... אַרויס אויפן גאַס איז דעם ברודערס קינד און זיך צוריק אומגעקערט — זאָגנדיק צו מיר: „ס'איז קיין לעבעדיק

נפש ניטאָ אויפן גאַס; האָסט ניט וואָס מורא צו האָבן. דו קענסט אַריין... דו דאַרפסט זיך באַהאַלטן".

איך בין געריררט געווען פון דער אַלגעמיינער דאגה איבער מיר, ווי אויך דער זאָרג פון מיין מאַמען — דווקא איך זאָל מיר באַהאַלטן; — ניט געוווּסט האָב איך און ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס. אַרויס בין איך אויפן גאַס און דורך דער הינטערטיר אַריין צו די בליאַכערס. זיי האָבן אויך געזען אַלעס, וואָס טוט זיך אין גאַס. אַ פּאָר מינוט נאָכדעם, האָט בתיה געהייסן מיר און איר זון שלמה, מיר זאָלן וואָס שנעלער אַראָפּגיין אין קעלער. זי וועט צומאַכן און אויף דער קעלער־טיר אַוועקשטעלן דער שאַפע, כדי צו פאַרבאָרגן אונדזער באַהעלטעניש, מען זאָל אונדז ניט אַנטדעקן. „פאַר מיר דאַרף מען ניט זאָרגן... אומברענגען זוכן זיי בלויז יונגע מענטשן... איך בין שוין אויסער דער געפאַר..."

— מיר האָבן דאָס מאָל געפאָלגט אָן קיין שום ווייטערס; ניט געפּרוּווט האָבן מיר אַפילו זיך קעגנצושטעלן, ווייל געוווּסט האָבן מיר, אַז עס וועט ניט העלפן. מיר זיינען שנעל אַראָפּ אין קעלער. זי האָט באַוויזן נאָר אַוועקשטעלן דער שאַפע אויף דער קעלער־טיר; האָט כמעט ניט אָפּגעטראָטן נאָך פונעם אָרט און שוין האָבן מיר געהערט אונטן, ווי די טיר פון שטוב איז אויפגעפּראַלט געוואָרן — די אויערן אונדזערע פאַרכאַפּט האָבן זידל־ווערטער און געשרייען: „וואָ האָסטו דען, דו יידישע זאוי־העקסע דיין גאָלד בעהאַלטן?" זיי האָבן געשריען אַ פּאָר מינוט און ארויסגעפירט איר פון שטוב. מיר האָבן איר שוין מער ניט געזען — איר קול איז שוין קיינמאָל צו אונדז ניט דערגאַנגען... געבליבן זיינען מיר דאָרט אין קעלער זיצן און געהאַלטן אין איין ציטערן — טאָמער וועט ווער אַנטדעקן אַ יעדער מינוט אונדזער באהעלטעניש און אויך אונדז אַוועקנעמען. מיר האָבן שטאַרק מורא געהאַט; הילכנדע רופן צו הילף, די געוואַלד־געשרייען האָבן זיך אָפּגערופן אין יעדן אבר, זיי האָבן געלאָזט פאַרפּרירן יעדן גליד אונדזערן. אַ קינדער־געוויין האָט זיך געטראָגן פון נאָענט און ווייט... שיסערייגעקנאַלן האָבן זיך אַלץ מער געלאָזט הערן; פריער פון גאָר נאָענט, שפּעטער פון ווייטן... און אַזוי שעהן לאַנג, פיל שעהן דויערהאפט... אין קעלער איז פינצטער געווען; פאַרלוירן געגאַנגען איז אונדזער באַגריף וועגן צייט פון מעת לעת; ניט געוווּסט האָבן מיר גענוי, ווען אַוועק זיינען טאָג־שעהן און ווען געקומען איז די נאַכט... לויט דער טויט־שטילקייט, וואָס איז געפאַלן און באַהערשט דעם גאַנצן אַרום — האָבן מיר געוווּסט און פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין שפּעט, גאָר שפּעט אין דער נאַכט...

שעהן לאַנגע פול מיט „מלאך המוות־אויגן" זיינען אַדורך; טאָג און נאַכט און ווידער טאָג... מיר האָבן דער ליכט פון טאָג ניט געזען. דער רעש און טומל בלויז אין שטוב אויבן, איבער אונדזערע קעפּ, האָבן אונדז צו וויסן געטון, אַז

ווידער איז שוין טאָג. אונדזערע שטעטלשע קריסטן האָבן אָנגעהויבן אין שטוב אַריינגיין און די פּאַנאַסיעוויטשעס איבערהויפּט. געוווּסט האָבן זיי, אַז אין שטוב איז נאָך דאָ זיכער תבואה און ווערטפולע זאַכן. איז מען אַריין רויבן און פּליג־דערן, אַלעס אַוועקנעמען. אַזוי זיינען זיי אין „טשאַטעס״ געקומען, אַוועק און זיך אומגעקערט ווידער. אַנדערע זיינען ווידער געקומען, אַוועק — און אַזוי ניט אויפהערנדיק. מיר זיינען אַלץ ווייטער פאַרשפּאַרטערהייט געזעסן שווייגנדיק, ניט גערירט זיך... צו וואָס עסן, טרינקען, שלאָפן? — אַלעס האָט אויפגעהערט צו זיין ממשותדיק... מיר האָבן עס ניט באַדאַרפט...

— פרייטיק פאַרטאָג האָבן מיר ענדלעך באַשלאָסן אַרויס אויף דער ליכטי־קער (פאַר אונדז פינצטערער) וועלט. מיט אונדזערע לעצטע אָפּגעשוואַכטע כוחות האָבן מיר זיך אַ לאָז געטון אויף דער קעלער־טיר. צעטרייסלט האָט זיך די שאַפע און אָפּגערוקט. מיר האָבן די טיר געעפנט און אויבן אַרויף אין שטוב. מיר האָבן אויסגעצויגן אַזוי אונדזערע פאַרשלאָפענע, פאַרהאַרטעוועטע גלידער פונעם לאַנגן זיצן; גלייך נאָכדעם האָבן מיר דורכן פענצטער אַרויסגעשפרונגען אין גרויסן גאָרטן אַריין, וואָס האָט זיך געצויגן בערך ביי א 500 מעטער, ביז צום סערוועטש. באַשלאָסן האָבן מיר טאַקע ווייטער לויפן ביז צום טייך.

אַ געהילף־פּאָליציאַנט האָט דערשפּירט אַ געוויסן שאָרך און אויף אונדז געשאָסן. שלמה האָט פאַרשנעלערט זיין לויפן און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן גאָר גיך. איך האָב מיר שוין ניט געוואַגט צום לויפן, עס האָט מיר אויסגעפעלט מוט צו דעם, ווי אויך כוחות. איך בין שטיין געבליבן אויפן אָרט. דער פּאָליציסט איז צוגעקומען צו מיר; געפרעגט און געפאָרשט, אַ ווו בין איך געוועזן און וואָס טו איך דאָ? כ׳האָב געענטפערט, אַז אין קעלער בין איך געווען באַהאַלטן. אַז ער האָט מיר געזאָגט, כ׳מעג גיין ווייטער — האָב איך אים געפרעגט: וווהין? — געזען האָט ער מיין ראַטלאָזיקייט און אָפּגעפירט מיר צו ברוך מאַכנאָוויטשן. ברוך מאַכנאָוויטש האָט מיר אַריינגענומען צו אים אין שטוב אַריין. ער האָט דעם פּאָליציאַנט אויך „מכבד״ געווען מיט אַ שיינער מטבע, ער זאָל וואָס שנע־לער אַוועק. חסיה — ברוכס פרוי, אַ קרובה מיינע, האָט מיר שוין דערציילט אַלעס און געניי וואָס האָט פּאַסירט. זי האָט דערביי צוגעגעבן, אַז רפאל און משה־שמעון מיינע ברידער האָבן זיך געראַטעוועט ברוך השם און לעבן געבליבן. ברוך און חסיה האָבן מיר אויך געראַטן איך זאָל דערווייל ביז וואָס ווען, מיט זיי בלייבן און ניט גיין אויף קיין שום פּלאַץ, ווייל די סכנות זיינען נאָך ניט פאַר־ביי... כאָטש איך האָב מסכים געווען מיט זייער אויספיר און בלייבן געוואָלט מיט זיי, האָט מיר אַ ווילן געלאָקט גיין צו מיר אין שטוב; זיין דאָרט נאָך איינ־מאָל... געדוכט האָט מיר, אַז איך וועל נאָך עמעצן טרעפן דאָרט א לעבעדיקן... אַ נאַרישער חלום.

איך בין אַוועק בייטאָג און אין שטוב אַריין — דאָרט איז ניט געווען קיינער. פּלוצים זיינען אַריין דייטשן מיט זייערע מיטהעלפער, שטעטלשע רוצחים און אַלעס אָנגעהויבן אַוועקנעמען און באַרויבן. איך האָב שוין ווידער אַרויסגע־שפּרונגען דורכן פענצטער און שנעל אַריינגעלאָפן אין דער שטוב פון מאַריאַשע באַטוויניק און געבליבן דאָרט אַ פּאָר שעה. אין אַ שעה פון נאָכמיטאָג האָבן זיך אומגעקערט פּאַליע און משה־שמעון פון דער אַרבעט און מיר דערציילט דעם אומעט־פולן טרויערדיקן סך־הכל פון אונדזער משפּחה. איך האָב מיינע ברידער צוגערעדט און געהאַלטן אין איין טענהן, אַז מיר מוזן וואָס פריער דערווייטערן זיך פון שטעטל; מיר מוזן אַוועק. האָבן מיר איינמאָל אונדזער לעבן אָפּגעראַ־טעוועט, טאָרן מיר עס ניט שטעלן מער אין קאָן פון טויט־געפאַר. באַשלאָסן האָבן מיר אַוועקצוגיין צוזאַמען צו באַקאַנטע פויערן אין דאָרף זאַהאַלע; מיר זיינען טאַקע אויך גלייך אַוועק, אָבער ניט דערגאַנגען צו דעם געפּלאַנטן אָרט. נאָענט פון פּרודניק האָבן מיר אָנגעטראָפן צווי קריוויטשער יידן (שווער איז מיר היינט צו געדענקען זייערע נעמען, ווער און וואָס), זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז עס איז אַ שאָד אונדזער גאַנג. ניטאָ מער וווהין צו גיין און וואָס צו טאָן. אַלע טירן אומעטום, שטייען און בלייבן געשלאָסן פאַר אונדז — קיין שטיקל ברויט וויל מען אַפילו ניט געבן...

— אָט אַזוי — ניט האָבנדיק קיין ברירה, זיינען מיר צוריקגעקומען פונעם מיטן וועג — אין שטעטל און פאַרבליבן דערווייל אין דער שטוב פון משה הערץ.

**אומגליק יאָגט מיר**

די רעשט ביסל לעבן געבליבענע יידן אין שטעטל, האָבן ווידער גענומען מיטן בעסטן ווילן (איז דען געווען אַן אויסוועג און אַ ברירה?) איינפּאַסן און צופּאַסן זיך אין ראַמען פון ניי־געגעבענע „מעגלעכקייטן" און באַדינגונגען. מען איז ווידער געגאַנגען אַרבעטן לויטן באַפעל און צוואַנג, צוריקקערן אַהיים און „אונטערהאַנדלען" מיטן צער און עלנט — איינזאַם און אַליין אָדער מיט נאָך אַ צווייטן משפּחה־נאָענטן צי סתם אַ ייד אַ פריינט, אַ באַקאַנטער — צווישן פיר שטומע ווענט. קיינער איז ניט זיכער געווען, אַז אַזוי וועט עס שוין בלייבן. פאַר־קערט; אַלע צוזאַמען און יעדער איינער באַזונדער, האָבן שוין קלאָר און דייט־לעך געשפּירט די קומענדע צרות, גרוילן און יאָגנדן אומגליק... אנטווייכן און אויסצומיידן איז ניט געווען ווי און ווו.

מיינע ברידער און אויך איך האָבן נאָך אַלץ געזוכט אַ וועג צו דערווייטערן זיך פון שטעטל. מיר האָבן פאַרזוכט צונויפרעדן זיך מיט קריסטן, באַקאַנטע אונ־דזערע, אפשר וועט זיך אונדז איינגעבן געפינען ערגעץ־ווו ביי זיי אַ מקום־

מקלט. דערווייל אָבער האָבן מיר גאָרניט דערגרייכט; ניט מעגלעך איז עס גע־ווען אויסצודרייען זיך פון קלעם, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען און פאַרשלאָסן. די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג איז נאָכניט טעטיק געווען אין אונדזער סביבה; טע־טיקייטן אירע האָבן זיך פאַרשפּרייט אויף ווייטערע אומגעגנטן. ערשט מיט מאָ־נאַטן שפּעטער — אין האַרבסט 1942 און אָנפאַנג פון ווינטער 1943, האָבן זיך פּאַרטיזאַנער־איינהייטן געוויזן אויך אין אונדזער געגנט. דערווייל אָבער זיינען קיין מעגלעכקייטן אויך ניט געווען אָנצובינדן מיט זיי א געוויסן קאָנטאַקט. אָפּגעבנדיק אַלעס, וואָס איז אונדז געבליבן נאָך — האָבן מיר געפּרוּווט פאַר־דינגען זיך אַלס אומזיסטע אַרבעטער ביי די פּויערים — אַבי ניט דרייען זיך מער אין שטעטל.

מיין עלטערן ברודער משה־שמעון האָט זיך יאָ איינגעגעבן אַזוי איינצואָר־דענען; אין דאָרף ניעוויערי ביי אַ געוויסן פּויער יאַטסינע, האָט ער אַן אָרט געפונען און אָנגעהויבן אַרבעטן. רפאלן האָט אויסגעפעלט מוט צו דעם זעלבן שריט, ער האָט זיך ניט געקענט פאַרדינגען. אומעטום, אַרום און אַרום, האָט ער בלויז שונאים געזען; געטענהט האָט ער, זיי ווילן אונדז אומברענגען און אָפּמעקן פון דער וועלט. איך בין מיט אים אַ פּאָר טעג געגאַנגען איבער פּויערן־הייזער אין נאָענטע דערפער און עס איז ניט געלונגען. דאַן איז ער אַוועק אין סלאָבאָדע, אַ דאָרף ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן און געאַרבעט — אַ מענגע בחורים און מיידלעך. ער האָט אויך אָנגעהויבן דאָרט אַרבעטן. און אַזוי זיינען דורכגעלאָפן טעג און וואָכן און געקומען איז אַרום שבועות־טעג.

צווי טעג פאַר שבועות בין איך אַוועק צו רפאלן אין סלאָבאָדע, פאַר־נאַכט — זיינען מירביידע צוזאַמען פון דאָרט אַוועק אין קריוויטש. קומענדיק אין שטעטל איז מען אַריין צו דער קרובה אונדזערער, צו חיה־סימען, וואָס האָט אונדז וואַרעם אויפגענומען און מכבד געווען מיט אַ וואַרעמער זופּ. מיר האָבן ביידע אָפּגעגעסן, אָפּגערוט זיך און געשמועסט. פּאַליע האָט מיר פּלוצים אַ זאָג געטון, אַז בלויז אויף אַ פּאָר מינוט וויל ער אריין זען און הערן, וואָס טוט זיך ביי איטשע שמיד. כ׳האָב אים געבעטן וואַרטן אַ ביסעלע; מיר וועלן תיכף גיין אַהין צוזאַמען. ער האָט זיך אָבער צוגעאיילט און אַליין אַוועק. איך האָב נאָך ניט באַוויזן ארומצוקוקן זיך, איז ער שוין געווען צוריק — באַגלייט ווערנדיק פון אַ געהילף־פּאָליציאַנט — בעטנדיק א לאָפּעטע צום גראָבן... אין דער שמידערײַ פון יצחק גיטליץ האָט אים דער פּאָליציאַנט דערטאַפּט. און — ניטאָ שוין מער פּאַליע! ער האָט גענומען די לאָפּעטע און אַוועק מיטן פּאָליציאַנט... קיינער האָט אים שוין מער ניט געזען. אַזוי האָט מען יענעם פאַרנאַכט אַרויסגעפירט פון די הייזער זיבן יונגע מענטשן: יצחק שולמאַן, שלום אַלפּעראָוויטש, נחום שוד, משה־

יצחק שוד, ירוחם באָטוויניק, ווער דער זעקסטער איז געווען — געדענק איך היינט ניט מער; און אפשר איז עס געווען גבריאל גיטליק? דער זיבעטער איז געווען מיין הייס־געליבטער ברודער רפאל. אַלע זיינען אין דער זעלבער נאַכט דערשאָסן געוואָרן. אָט אַזוי האָבן אומגליקן אונדז ניט אויסגעמיטן.

אויף מאָרגן נאָכן רוצחישן מאָרד בין איך אַוועק אין פאָראָבקער דאָרף; אָנ־געווענדעט האָב איך אַלע כוחות און באַמיט זיך איינצואָרדענען אין ניעוויערי — ווו משה־שמעון האָט שוין געאַרבעט. אין פאָראָבקע בין איך אַריין צו בורמייסטערן און אַלעס אים דערציילט. אויפגענומען האָט ער מיר אויף אַ מענטשלעכן אופן, אויסדריקנדיק דערביי אויף איידעלן אַרט, פיל מיטלייד. דריי וואָכן בין איך ביי אים געבליבן. איך האָב געאַרבעט דאָרט און בורמייסטער מיט זיינע שטוביקע, האָבן מיר געהאַלטן אין שטוב ביי זיי, ווי אַן אייגענער זייערער. עסן פלעג איך מיט זיי ביים טיש צוזאַמען. כאָטש ער איז ניט געווען פון די פאַרמעגלעכע, האָט עס קיינמאָל ניט געטראָפן, אַז ער זאָל גיין צום טיש ניט רופנדיק מיר עסן מיט אַלע צוזאַמען. אַזוי בין איך דאָרט געווען ביי אים, דריי וואָכן. רבקה פרידמאַן (קרעמער) איז אויך געווען ביי אים; זי האָט די בהמות געפיטערט און אויף דער סטאַדע אַכטונג געגעבן. קיין אַרבעטס־שיין אָבער האָב איך ניט געהאַט. און מורא געהאַט האָט בורמייסטערס פרוי. מען האָט דאָך ניט געטאָרט צונעמען און האַלטן אַרבעטער אָן אַרבעטס־שיינען און אַזוינע איז אויך שווער געווען צו באַקומען. דערווייל האָט זיך באַמיט משה־שמעון מיר צו העלפן: ער האָט אָפּגע־זוכט און געפונען אַ צווייטן פויער, וועלכער האָט אַ „כוטאָר" געהאַלטן ביי דער באַן־ליניע. אים איז עס יאָ געלונגען אַרויסצוקריגן אַן אַרבעט־שיין פאַר אַן אַרבעטערין. מיין ברודער האָט אים אַלעס אָפּגעגעבן, וואָס ער האָט נאָר גע־האַט — אַבי ער זאָל מיר האַלטן און באַשעפטיקן ביי דער ארבעט.

געהייסן האָט דער פויער, וואָס האָט מיר צוגענומען צו דער אַרבעט ביי אים פילאַטשינסקי. ער איז געווען ניט פאַרמעגלעך אינגאַנצן — אויב ניט צו באַצייכענען אַז אָרעם איז ער געווען. דערצו איז ער געווען שטענדיק פויל און גאָר אַ גרויסער שיכור. קיין ברויט איז ניט געווען צו גענוג פאַר אים און זיינע בני־בית. ער האָט אַליין ניט געהאַט; פון וואַנען האָט ער דען געקאָנט מיר געבן צו עסן? און ווידער האָט מיין גוטער משה־שמעון כאַפּן געמוזט אַ שטיקל ברויט פון זיין „באָס", ווען קיינער איז ניט „רואה" געווען און ברענגען מיר צו עסן. אין אַן אַנדער שכנותדיקן דאָרף — ביים וואָיט, וועלכער האָט אויך געהייסן אויפן נאָמען פילאטשינסקי (געווען זיינען אין יענעם דאָרף צוויי ברידער פון מיין אַרבעטס־געבער מיטן זעלבן נאָמען) — געאַרבעט האָבן הלל און עטקע שטיינגאָלד (ברודער און שוועסטער פון זהבה סלאָבאָדסקי). ביים צווייטן ברודער

פילאטשינסקי — גאַר אַ רייכער פויער האָט זיך אויפגעהאַלטן און געאַרבעט יהודה ברוק, אַ דאַלהינעווער בחור;[1] מיט אים פלעג איך מיר ניט איינמאָל צונויפ־טרעפן און שמועסן וועגן אונדזער לעבן, וועגן באַדינגונגען, וואָס ווערן ערגער פון טאָג צו טאָג; וועגן אומבאַוווּסטן מאָרגן — וועגן די פאַרשריטן פון די שונאים אויף אַלע פראָנטן און וועגן דער מלחמה בכלל — וואָס קיינער זעט נאָך ניט איר ענדע. ער פלעגט מיר ניט אויפהערן צו דערציילן אַז די באַציאונג צו אים איז גוט. אָבער, שטענדיק דייט מען אים אָן, אַז עס איז גוט... ניט איינמאָל האָט ער באַטאָנט מיט אַ פראַגע, וואָס ביז היינט איז זי הענגען געבליבן ווי אַן אומ־געהויער קרומער האַרבאַטער פראַגע־צייכן? „ווי קען איך דען פילן האַרציקייט צו דער גויע, ווען צוואַנציק מאָל אַ טאָג זאָגט זי מיר: איך בין דיר דאָך ווי אַ מאמע אזוי ווי דיין מוטער באַהאַנדל איך דיר — און דערביי דערלאַנגט זי מיר אַ וואַרעמער גלאָז מילך... צי דען ווייס זי ניט, אַז מיט דעם אַליין דערמאָנט זי מיר ווידער דעם שוידער, בויערט און עגבערט מיין צעבראָכן האַרץ?" אָט אַזוי פלעגט מען זיך קוויקן מיט אַ באַגעגעניש אַ צופעליקער: עס איז כאָטש געוועזן פאַר וועמען פון הארץ זיך אראָפּרעדן... האָפן און חלומען, צו פאַרטיזאַנער אַריי־בערלויפן. משה־שמעון מיין איינציקער ברודער, וואָס געאַרבעט האָט אין ניע־וויערי — דריי קילאָמעטער אינגאַנצן פון דאָרף, ווו זיי אַלע אויבנדערמאָנטע זיינען געווען — פלעגט אויך ניט איינמאָל קומען צו יהודה־ברוק און זיך מיט אים אונטערהאַלטן.

ביי אַזאַ מין באַגעגעניש איינמאָל, האָט דער ברודער דערציילט, אַז אין קניאַ־הינין־לאַגער האָבן שוין אַ פּאָר קריוויטשער דערהאַלטן צעטעלעך פון חברים, וועלכע געפונען האָבן אַ וועג צו „פּארטיזאנקע", וואָס איז שוין טעטיק — ניט וויט פון אונדז. כ'האָב גלייך אויסגעדריקט מיין מיינונג, אַז מיר דאַרפן אַפילו איין שעה ניט וואַרטן... מיר דאַרפן גלייך אַוועקגיין אין קניאַהינין־לאַגער און פון דאָרט — דערשלאָגן זיך ווייטער. יהודה־ברוק האָט זיך אויך געהאַלטן ביי מיין מיינונג און צוגעגעבן: „אַנטלויפן דאַרף מען, ווען אַפילו נאָר אַ פייגעלע אַ קליינס וועט אָנקלאַפּן אין פענצטער־שויב... עטקע און הלל דאַקעגן זיינען ניט געווען „אויסער זיך" פון דעם. זיי האָבן מורא געהאַט צו אנטלויפן: דער וואַלד האָט געשראָקן... זיי האָבן ניט געגלויבט, ניט פאַרגעשטעלט זיך אַפילו, אַז מען געניסט בלויז פון אַ קורץ, גאַר קורצן צייט־אָפּשניט און אָנגיין שנעל וועט דער סוף, דער אומפאַרמיידלעכער לעצטער טאָג פון לעבן...

[1] רייזל שולמאַנס אן איידעל.

**יום־כיפור טעג מיט זייער גזר־דין**

ערב יום־כיפור איז געקומען צו מיר מיין טייערער משה־שמעון צום לעצטן מאָל שוין... האָב איך דען געקענט מיט מיין שכל כאַפּן, אז מער וועל איך אים שוין ניט זען און ניט הערן זיין קול? אַן אומקלאָרער געפיל האָט גענאָגט אין האַרצן; ביידע האָבן מיר אַזוי שטאַרק געפילט דעם ווילן צו זיין שוין ווייט ווייט פונעם פלאַץ וווּ מיר זיינען געווען... ער האָט מיר געזאָגט: „ניט לאַנג נאָך שוועסטערל מיכלע, געדולד בלויז אַ ביסעלע... גאָר אינגיכן, וועלן מיר שוין דאָ ניט בלייבן. מיר וועלן זיין ווייט פון דאַנען..." ער האָט דערביי אויף מיר געקוקט מיט ליבנדע צאַרטע בליקן פאַרזאָרגטע; בליקן, וואָס האָבן גלייכצייטיק אויסגעדריקט אַ ליי־בנדער מאַמען, אַ ברודער־געטריישאַפט, ווי אויך אַ קימער און איבערגעגעבענער פאַראַנטוואָרטלעכער זאָרג פון אַ טאַטן, אַ הויפּט־פּערזאָן פון דער משפּחה. ער האָט געזאָגט, אַז כל זמן מיר האָבן ניט קיין גענויע ידיעות, קאָן מען סתם ניט לויפן. נאָר ווען מיר וועלן וויסן, אַז אַלץ איז גרייט שוין און אָרגאַניזירט, וועלן מיר דאַן אַריבערלויפן... ליבער און טרייער משה־שמעון! צי וואָלט ער אַזוי אויך גערעדט, ווען ער וואָלט געוווּסט, וואָס שפּעטער שוין מיט אַ פּאָר טעג קאָן און וועט אים טרעפן? מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער; געדוכט האָט מיר, אַז כ׳נעם אויף דער מאַמעס ברכה ווי יעדן יאָר — ערב יום כיפּור... געוויינט האָט מיין האַרץ, טרוקן האָבן מיינע אויגן געטרערט... ער האָט מיר דערלאַנגט א שטיק ברויט, כ׳זאָל האָבן צו פאַרפאַסטן — דאָס זאָל זיין מיין „סעודה מפסקת..." כ׳האָב געדריקט זיין האַנט און געקושט זיין פּנים. מיר האָבן זיך קעגנזייטיק געווּנטשן מיר זאָלן נאָך זוכה צוזאַמען זיין צווישן יידן.

די דאָזיקע באַשיידענע גאָר קליינע ווּנטשן, זיינען אָבער ניט מקוים גע־וואָרן. יום כיפּור תש"ב איז אויסגעפאַלן מאָנטיק; דאָנערשטיק — דריי טעג נאָכדעם, זיינען געקומען די דייטשע מערדער מיט זייערע מיטהעלפער אין דאָרף און אַוועקגענומען אַלעמען; עטקען מיט הללן, משה־שמעון מיט יהודה ברוקן, רבקה ראַבינאָוויטש, וואָס האָט זיך אויך געפונען ניט ווייט פון דאָרט — זיי אַלע האָט מען אַרויסגעפראַוועט צום לעצטן וועג זייערן... אַזוי זיינען די אַלע אויף אייביק געבליבן שוין טרייע ברידער און פריינט — איין אלי באָטוויניק בלויז איז געלונגען צו פארשטעקן זיך, באַהאַלטן און אַנטלויפן. איך האָב פון דעם ניט געווּסט בכלל; געאַרבעט האָב איך אַ דריי קילאָמעטער ווייט פון יענעם דאָרף — פון וואַנען מען האָט אַלעמען גענומען. כ׳ווייס ניט, ווי אזוי האָט דער בלינדער גורל מיר אָפּגעגליקט... צי זיינען די רוצחים ניט געקומען אויך מיר נעמען, ווייל זיי האָבן ניט געווּסט וועגן מיר — אויך אַ יידיש געביין, וואָס געפינט זיך אַזוי נאָענט — צי האָבן זיי געפוילט זיך שוין? — דאָס ווייס איך ניט ביזן היינטיקן טאָג. אַ מאָדנער געפיל האָט מיר אָבער יענעם

טאָג גענאָגט און ניט אויפגעהערט; קיין רו האָב איך שוין ניט געהאַט. מיין אומרו איז געוואַקסן אַלץ מערער נאָכדעם, ווי איך האָב שפּעטער אין זעלבן טאָג, געזען מיין אַרבעטס־געבער שושקען זיך מיט אַ צווייטן פויער פון אַן אַנדער דאָרף, וואָס ביי אים האָט געאַרבעט אלי באָטווינ יק. איך האָב גלייך געפרעגט: וואָס איז דען געשען, וואָס טוט זיך? זיי האָבן געענטפערט מיט אַ האַלבן מויל, ווילנדיק אַרויסדרייען זיך פון אַנדערע פראַגן: מען האָט גענומען עטלעכע מענטשן און אַוועקגעפירט. ווו, ווען און וווהין? — האָט מען שוין ניט געענטפערט און אָנגעטון אַ גרימאַס פון ניט וויסן גאָרניט... זיכער האָבן זיי מיר אַלעס ניט געוואָלט דערציילן... די זאָרג און מורא פאַרן גורל פון מיין איין און איינציקן ברודער זיינען וואָס שפּעטער גרעסער געוואָרן. איך בין שוין נאָענט געווען צו פאַרצווייפלטן וואנזין.

— אויף מאָרגן, פרייטיק, בין איך צוגעקומען נאָענט צום וואלד, אויפן שטענדיקן אָפּגערעדטן אָרט. איך האָב גערופן מיין ברודער שטילערהייט פריער, נאָכדעם שטאַרקער אויפן קול; כ׳האָב מיר געבעטן, געוויינט (פאַר וועמען?) — קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן, קיינער האָט ניט געענטפערט. כ׳האָב געוואַרט און קיינער איז ניט געקומען. געוויינט האָט מיין האַרץ און פאַרשטאַנען האָב איך, אַז כ׳האָב שוין ניט מער קיינעם אויף דער פיינטלעכער וועלט. איך בין אַליין געבליבן... פאַרטרויערט און פאַראומערט בין איך אַוועק צום אַרבעטס־געבער, צו פילאַטשינסקי. דערציילט האָט ער, אַז ניט לאַנג האָט אים אָנגעטראָפן בור־מייסטער פון פאַראָבקע. הערנדיק פון אים, אַז איך מיכלע בין געבליבן לעבן, האָט בורמייסטער גלייך דערקלערט — אַז ער וועט מיר, ווי אויך יעדן אַנדערן יידן אויפנעמען צו דער אַרבעט און האַלטן.

— איז עס געווען אַן אָנצוהערעניש פאַר מיר, כ׳זאָל מיר גיין שוין וואָס פריער? — סיי ווי סיי האָב איך באַשלאָסן אַוועק צו בורמייסטערן.

אין דער זעלבער נאַכט טאַקע האָב איך מיר אָפּגעטראָגן. כ׳בין ניט געגאַנ־גען מיטן וועג איבער דער אייזנבאַן־ליניע. אַפילו זייטיק פונעם וועג איז עס געווען אַ געפאַר געכאַפּט צו ווערן דורך דער דייטשער אייזנבאַן־וואַך, וואָס האָט די ליניעס גוט אָפּגעהיט. פון דער אייזנבאַן־ליניע צו בורמייסטערס שטוב איז אפשר געווען ניט מערער ווי א פופציק מעטער. איך האָב אָבער מורא געהאט צו ווייזן זיך אויף דער ליניע און אַפילו נאָענטער צו איר... כ׳האָב אין „כוטאר" זיך דערפרעגט ווי אזוי דערגיין אַהין דורך די פעלדער צו בורמייסטערן און אַוועק גלייך. איך בין שנעל אַראָפּ פון וועג און זיך דערווייטערט אויך פון דער באַן־ליניע — קיין בייז אויג זאָל מיר חלילה ניט באַמערקן... שנעל בין איך געגאַנגען דורך פעלדער און שוין גאָר שפּעט אין דער נאַכט בין איך שטיין געבליבן — ביי דער שטוב פון בורמייסטערן. שטיל איז געווען אַרום און אַרום,

א שטילקייט, אַז עס איז ניט געווען צו הערן אַפילו דאָס בילן פון אַ הונט... אַלעס אַרום האָט געררוט, אויך אין שטוב האָבן אַלע טיף און געשמאַק געשלאָפן. מיין האַרץ אָבער האָט ניט געקענט רוען און שטורמיש געקלאַפט... געפילט האָב איך, אַז אויב כ׳וועל ניט האָבן איין מענטשן כאָטש אַ וואָרט אויסצורעדן־אויסצושרייען מיין טיף בויערנדן ווייטיק און אויסוויינען די פאַרגליווערטע טרער — וועל איך אינגאַנצן צוזאַמענברעכן זיך אָדער פון זינען אַראָפּ... איך האָב שטיל אַ קלאַפּ געטון אויפן טיר; עס האָט ניט געענטפערט קיינער. די שטוב מיט אירע צימערן איז מיר גוט באַקאַנט געווען; געוווּסט האָב איך ווו יעדער שלאָפט — בין איך אַוועק צום פענצטער פונעם צימער ווו געשלאָפן איז די טאָכטער פון די בור־מייסטערס. שטיל האָב איך אָנגעקלאַפּט אין פענצטער־שויב; געוואַרט און נאָכ־אַמאָל אַ קלאַפּ געטון. זי האָט דאַן אויפגעטרייסלט און דערוואַכט פון שלאָף — טועדיק אַ פרעג צעשראָקן; „ווער איז דאָ?” אין קאָנטראַסט צום ברעכנדן שטורם פון מיין האַרץ, האָב איך מיר באַמיט אָנצונעמען דעם שטילסטן און איידלסטן טאָן, וואָס עס איז מיר נאָר מעגלעך געווען; איך האָב געענטפערט: — „האָב ניט מורא, און שרעק זיך גאָרניט; נעם מיר ניט צום שלעכטן ליבלעכע נאַטול־קע! זיי אַזוי גוט, וועק אויף דעם טאַטן און זאָג אים, אַז דאָס בין איך, די אומגליקלעכע און איינזאַם־עלנטע מיכלע”...

— די טיר האָט זיך תיכף אויפגעעפנט; אויפגעשפרונגען פון זייערע געלע־גערס זיינען די בורמייסטערס און וויינענדיק אין דער שטיל, בין איך אַריין אין שטוב. ניט רעכענענדיק זיך אינגאַנצן מיט דער אוממיטלבאַרער נאָענטער גע־פאַר, ניט מורא האָבנדיק פאַר דער אָנוועזנהייט פון דייטשער וואַך אַרום און אַרום, וואָס האָבן כמעט יעדע 50—60 מעטער געהיט די באַן־ליניע — אַזוי שטאַרק נאָענט צו זייער שטוב, האָבן זיי מיר אַריינגענומען און גאָר מילד צו מיר גערעדט מיט טענער פון מאַקסימאַלסטן מיטגעפיל, ווייל זיי האָבן שוין אַלץ געוווּסט. אמת: קיין טרייסט פאַר מיר האָבן זיי ניט געהאַט, קיין בשורה, קיין אָנזאָג; נאָר דאָס האָבן זיי מיר דערציילט; נאָך צוויי פון גורל געיאָגטע; צוויי שוועסטער אויך אין צרות און פּיין געפינען זיך ביי זיי אין אַ באַהעלטעניש — העניע און רבקה זיינען דאָ. מען האָט מיר דערלאַנגט צום טיש עסן און טרינקען, מען האָט מיר צוגערעדט, איך זאָל עסן... עס וועט מיר בעסער ווערן. כ׳האָב מיר באַמיט צופרידנשטעלן די גוטע מענטשן, כ׳האָב געגעסן און עס איז ניט איינגעגאַנ־גען; אַזוי שווער איז מיר אָנגעקומען צו שלינגען... ניט איין מינוט איז מיר אויסגעקומען, אַז גאָר ניט איך זיץ דאָ ביים טיש; עפּעס אַ וועלכע ניט איז אַנדערע באַמיט זיך צו עסן אַ ביסל און איך אַליין, בין גאָר עפּעס אַ שאָטן אַ טונקעלער און מיין אייגענער קיום, איז עפּעס ווו ניט איז צעשוווּמען און פאַרשווונדן... געזעסן אַרום מיר, גערעדט האָבן זיי; קיינער האָט זיך שוין

ניט געלייגט שלאָפן. מען איז מיט מיר געבליבן, שטיל, נאָענט און ליבלעך צו מיר געפּליסטערט, געזוכט צו שטילן דעם אין זיך פאַרשטיקטן, יאָמער. לינדערן אַ ביסל דעם לעכערנדן בויערנדיקן שמערץ און לעשן ווי נאָר מעגלעך דאָס פייער וואָס האָט מיר געפלאַמט אין האַרצן. כ'זאָל ניט מער וויינען.

— ווען עס האָט זיך נאָר באַוויזן דער פרימאָרגן, ס'האָט בלויז אָנגעהויבן ליכטיק ווערן, בין איך אַוועק צו דער באַהעלטעניש פון רבקה מיט העניען. זייער אומעטפול און טרויערדיק ביז גאָר, איז געווען אונדזער באַגעגעניש און גלייכצייטיק — אויך אַ פריידיק אַ קליינינקע, אַ פּיצעלע, דאָך אָבער אַ טרייסט עפּעס; נאָך אַ לעבעדיק נפש, נאָך צוויי נפשות לעבעדיקע, צוזאַמען...

אויף אונדזער פאַרלאַנג און ביטע, איז בורמייסטער געפאָרן אין קרי־וויטש — אָנשמעקן און דערוויסן זיך, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט און וואָס טוט זיך איצטער. אַ פּאָר שעה נאָכדעם, איז ער געווען שוין צוריק אין שטוב מיטן ביטערן אמת. געבראַכט האָט ער אונדז די טרויערדיק־קלאָגעדיקע ידי־עות, אַז קריוויטש איז שוין „יודנריין״; אַז די צוויי געטאָ־הייזער זיינען ביידע אויפגעריסן געוואָרן און פאַרברענט — מיט די איינוווינער צוזאַמען. אַ חוץ ברוך מאַכנאָוויטש מיט דער פרוי זיינער כאַסיע און דעם זונעלע יהודה, ווי אויך זיין שוויגער אסנע־לאה — ווען די רוצחים אַליין האָבן זיי אַוועקגע־פירט קיין דאלהינעוו (זיי האָבן אים נאָך געדאַרפט...) איז אין שטעטל שוין מער ניטאָ קיינער... דורכגעריסן און אַנטלאָפן אין וואַלד האָבן איטשע שמיד (גיטליץ) מיט דער פרוי און טעכטער, וועלכע האָבן זיך פאַרשטעקט און גע־לונגען איז זיי פון טויט צו אַנטווייכן; יענקל דער שוסטער מיט זיין פרוי גאָלדע און די קינדער,[2] ווי אויך בנימין דער שניידער (גיטליץ) מיט זיין פרוי און טעכטער (וועלכע זיינען נאָכדעם, אַ חוץ איין טאָכטער מיטן פאָטער בנימין בלויז — אומגעקומען אין וואַלד).[3] בולט און קלאָר געוואָרן איז פאַר אונדז דרייען, אַז איצט האָבן מיר שוין מער קיין אָרט ניט אין אונדזער היימשטעטעלע קריוויטש, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוצחישער מערדערישער נאָרע. מיט דער גאַנצער שאַרפקייט איז שטיין געבליבן פאַר אונדז די פראַגע: צי האָבן מיר נאָך בכלל אַ פּלאַץ אויף דער וועלט? צי איז אינגאַנצן כדאי פיל זיך אָנצומיען כדי לעבן צו בלייבן צווישן רוצחים, מענטשן־פרעסער אויף אַזאַ מין העסלעכער און גרויזאַמער בלוטפולער וועלט?

— אַ קליין אָדערל ערגעץ ווו אין גוף, אַ שרייפעלע אַ פּיצל, האָט זיך פּלוצים באַוועגט; אָנגעהויבן זשומען און אָן אינערלעכן טומל געמאַכט...

[2] היינט לעבן זיי אלע אין אמעריקע פאַ״יש, אין שיקאַגאָ.

[3] היינט זיינען דער טאַטע מיט דער טאָכטער און אייניקלעך אין ישראל, אין חדרה.

ווי הונדערטער האַמער געקלאַפּט אויף מידע געהירן און אויסגעמאַטערטן מוח. באַלד האָט שוין דיין גאַנצער לייב און לעבן, דער גאַנצער איך געטאַדלט און באַהויפּט: — „ניין! דו קענסט ניט פון גורל דיינעם אַנטלויפן... דיין גורל איז שוין לעבן צו בלייבן! דו וועסט נאָך פאַר אַלע פון דער נאָך־מלחמהדיקער וועלט דערציילן, אַז געווען איז אַמאָל דיין היימשטעטעלע קריוויטש... דורי־דורות, איבער דורות יידן געלעבט האָבן דאָרט; דורות — פון באָבעס, זיידעס און טאַטע־מאַמעס; דורות קינדער און יוגנטלעכע זיינען דאָרט אויפגעוואָקסן און אַליין געוואָרן טאַטע־מאַמעס און אויך באָבעס־זיידעס נאָכדעם... און אַזוי פון דור צו דור — ביז — עס איז פּלוצים אַ גרויזאַמער בייזער שגעון אָנגעלויפן, ביז אַ שטורמישער מוראדיקער וואַנזין איז אָנגעשטאַנען און אַלץ אין בלוט דערטרונקען און אין פייער אַ תל געמאַכט... אָט ניין! און טויזנט מאָל ניין... ניט דו ביסט משוגע! קלאָר און פאַרשטענדיק ביסטו געבליבן... אויף אַ גאַנצער אין שגעון פארזונקענער וועלט, שטייסטו ווי אויך דיינע גורל־שוועסטער אַלס איינציקע ניט וואַנזיניקע. וועסטו לעבן און דערציילן... אָט איז דער גאַנצער סוד און מהות פונעם זיין דיינעם; דער פאַרבאָרגענער (אויך פון דיר אַליין) תוך און זין פונעם צוואַנג ווייטער צו לויפן; און ווידער, קעגן ניט גלייכגעוויכטיקע כוחות פירן דעם געראַנגל און קאַמף לעבן צו בלייבן. אַ מענטש ביסטו געבליבן און ניט קיין חיה; גוט צעשעדיקט און פיל פאַרפייניקט איז דיין נשמה און דאָך — דיין ,צלם האדם׳ איז דיר געבליבן״.

— בלייבן ביי בורמייסטערן איז געווען אַ גרויס געפאַר פאַר אונדז אַלע דריי, ווי אויך פאַר זיי אַליין — כאָטש בורמייסטער האָט ניט געמינערט און ניט געענדערט זיין וואָרט צוצונעמען יעדן לעבן־געבליבענעם יידן, האַלטן און באַהאַלטן, אַז מען וועט דאַרפן — פונקט ווי פּילאַטשינסקי האָט מיר געזאָגט. ער איז גרייט געווען אונדז ווייטער צו האַלטן. קיין שום אויסזיכטן אויף ווייטער האָבן אָבער פאַר אונדז זיך ניט געוויזן, קיין סימנים אויף אַן עטוואָס ווייטערער צוקונפט. האָבן מיר דען געקענט האָבן דער פולער זיכערהייט, אַז ווידער וועלן די רוצחים אונדז ניט געפינען? מיר האָבן אויך געוואָלט זיין צווישן יידן און מיט יידן. כ׳האָב העניען און רבקהן דערציילט וועגן אַלע אונדזערע הכנות, וועלכע מיין ברודער משה־שמעון האָט געמאַכט, כדי מיר זאָלן קענען איבערלויפן צו די פּאַרטיזאַנער אין די ניעוויערער זומפּן — ווו עס געפינען זיך שוין קריוויטשער יידן, וואָס האָבן זיך אַהין דערשלאָגן. כ׳האָב זיי אויך פאָרגעלייגט מיר זאָלן אַלע דריי דעם וועג אָננעמען און מיט אַלע מעגלעכקייטן, אויך אַוועק אַהין. אויף דעם האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז אָן זייער שוועסטער רייזל מיט איר טאָכטער, קען גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן דעם. זיי מוזן פריער אָפּזוכן זיי; ערשט נאָכדעם וועט מען אפשר אַוועק דאָרט צוזאַ־

מען. מען דאַרף אַוועק אין סלאָבאָדע, ווו רייזל זייערע האָט דעם טאָג פון דער געטאָ־ליקווידאַציע, געאַרבעט. דאָרט דאַרף מען די רעלסן פון דער באַן־ליניע אַריבערגיין און ווייטער גיין — ביז מען וועט זיי געפינען. זיכער זיינען זיי, אַז רייזל מיט דער טעכטערל זיינען לעבן געבליבן. ניט וועלנדיק אַליין בלייבן, בין איך אויך מיט זיי קיין סלאָבאָדע מיטגעגאַנגען.

אָנקומענדיק אין סלאָבאָדע, האָבן מיר געטראָפן א גוט באקאנטן קריסט, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט. ער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז אין טאָג פון געטאָ־ליקווידאַציע אין קריוויטש האָבן אַרום אים געאַרבעט אַ צוועלף יידישע פרויען און מיידלעך; אַז זיי האָבן דערשמעקט, וואָס עס טוט זיך אין שטעטל, האָבן זיי איבערגעלאָזן די אַרבעט און אַנטלאָפן — וווהין זיי זיינען אַוועק און ווו זיי געפינען זיך איצטער, ווייס ער ניט. אָבער מיט איין שריט קען ער אונדז יאָ העלפן; ער וועט אונדז צופירן צום אָרט ווו זיי זיינען געווען יענעם טאָג — אפשר וועלן מיר זיך לויט זייערע שפורן אָנשלאָגן; — מעגלעך, אַז מיר וועלן זיך קענען דערפרעגן וווהין זיי זיינען אַוועק. דערוויל האָט ער אונדז דערציילט אויך, אַז צווישן די צוועלף אויבנדערמאָנטע פרויען האָט ער זיכער און אָן קיין שום צווייפל, געזען רייזלען מיט דער טאָכטערל, ווי אויך מיינע צוויי שוועסטער־קינדער פון דער צוקערמאַן־פאַמיליע. ער האָט דערפילט זיין צוזאָג און צוגעפירט צום פלאַץ. דאָרט געטראָפן האָבן מיר דער ציפּע ראדאָש־קאָוויטש, ווי אויך ראשקען מיט אהרל קאַצאָוויטשן. עס איז עפּעס פריילעכער אַ ביסל געוואָרן אויפן האַרצן; מיר זיינען שוין ניט מער דריי פרויען אַליין, צוגעקומען זיינען נאָך צוויי, ווי אויך אַ מאַנספּאַרשוין — בפרט, אַז מיר האָבן נאָר וואָס אויך אַ לעבעדיקן גרוס געהאַט פון אונדזערע נאָענטע, וועלכע האָבן אויך אויסגעמיטן דעם זיכערן טויט אין שטעטל.

— אָן קיין שום שהיה פּעיה האָבן מיר באַשלאָסן אַריבער גלייך די רעלסן פון דער באַן־ליניע און אַוועק ווייטער. געטראַכט, גערעדט און געטון. געווען איז עס אין די גאָר פריערע מאָרגן־שעהן; עס איז אַפילו נאָך ניט אינגאַנצן ליכטיק געווען; ווידער איז מיט אונדז אַ באַקאַנטער קריסט מיטגעגאַנגען — כדי אָנצווייזן אונדז דעם וועג. אַזוי גייענדיק אין פולן טעמפּאָ זיינען מיר שוין געווען ביים דאָרף קאַראַניזשיץ — אלא עס איז דערוויל גוט ליכטיק געוואָרן און מיר האָבן שוין ניט געקענט אין דאָרף אַריינקומען — צוליב זי־כערקייטס־טעמים. מען האָט אומבאַדינגט אויסמיידן געמוזט א יעדער בייזער אויג ווי אויך, ניט צו טרעפן זיך מיט אַ וועלכן ניט איז „גוטן ברודער", און אַזוינע האָבן דאָך ניט געפעלט. הקיצור: עס איז ניט געבליבן קיין אויסוועג; מיר האָבן זיך אויף דעם גאַנצן טאָג פאַרשטעקט צווישן די הויכע און גע־דיכטע קוסטעס. ערשט פאַרנאַכט צו האָבן מיר זיך גענומען אונדזער וועג

פֿאַרצווזעצן. מיר זיינען אַוועק אין דער ריכטונג פֿון קאַמיענער זומפּן, וועלכע ציען אַלץ מערער און ווייטער צו דער אומגעגנט פֿון מיאַדל און די אָזיערעס, אַרום דער הויפּט־אָזיערע נאַראַטש. עס איז גוט שפּעט געוואָרן דערזויל; פֿינצטער און קאַלט, די זומפּן אַלץ מער געדיכטער און טיפֿער. מיר האָבן זיך אין די וועגן ניט אָריענטירט; זיי זיינען פֿאַר אונדז אומבאַקאַנט געווען. עס איז שוין אוממעגלעך געוואָרן ווייטער צו גיין און פֿאַרזעצן דעם וועג... מיר זיינען שטיין געבליבן ניט ווייסנדיק — וואָס צו טון און ווי אַזוי ווייטער — געוווסט האָבן מיר אַז ניט ווייט, אין דער זעלבער סביבה — געפֿינט זיך אַ פֿאָלוואַרק פֿון אַ פּוילישן גוטבאַזיצער שימאַשקעוויטש, וועלכער האָט אַ פֿאָטער און אויך אַ ברודער — אַ פּאָליציסט פֿון הויכער ראַנגע — אין קריוויטש. מיר האָבן ניט געוווסט גענוי ווי אַזוי צוקומען אַהין. אונדזערע אויגן האָבן טיף דורכגעדרונגען דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט, גוט דורכגעמאָסטן אַלץ אינדערווייט — ביז עס האָבן זיך פֿאַר אונדז געוויזן די אומקלאָרע שאָטנס און סילועטן פֿון הייזער אַ פּאָר... מיר זיינען אַוועק אין דער ריכטונג און גייענדיק האָבן די אומקלאָרע סילועטן אלץ מערער אָנגענומען אַ ממשות.

— ביסלעכווייז, איינע נאָך דער אַנדערער, האָבן מיר זיך לאַנגזאַם אַריינגעשלייכט אין שימאַשקעוויטש־הויף — כדי איבערנעכטיקן און אָפּרוען. דער גוט־אייגנטימער האָט אונדז באַלד, גלייך אַנטדעקט. אַ גרויס געפֿאַר איז עס געווען צו זיין דאָרט, פֿאַר אונדז ווי אויך פֿאַרן גוטבאַזיצער אַליין. עס פֿלעגט ניט אַדורכגיין אַ טאָג אַז דייטשן, געהילף־פּאָליציאַנטן און זיין ברודער אַ פּאָליציי־אָפֿיציר זאָלן ניט זיין ביי אים... דאָך איז ער מסכים געווען, מיר זאָלן פֿאַרבלייבן ביי אים עטלעכע טעג בלויז אָפּצורוען; מורא האָבנדיק, אַז קיין אַנדערער זאָל ניט וויסן חלילה און ניט געטרויענדיק קיינעם — פֿלעגט ער אַליין יעדער נאַכט ברענגען אונדז קאַרטאָפֿל געקאָכטע מיט זויער־מילך — צום עסן. און אַזוי אין פֿאַרלויף פֿון גאָר אַ קורצער צייט. יענער צייט איז אויך געזעסן פֿאַרשטעקט ביי אים, די פֿרידע יאַבאָלאָנאָווסקי — (ניט קיין קריוויטשער. פֿון בריסק איז זי געקומען). געוווסט האָבן מיר נאָר, אז זי איז דאָ! מיר האָבן איר ניט געזען. כ׳געדענק שוין ניט ווי לאַנג מיר זיינען דאָרט געזעסן; — צי פֿיר־פֿינף טעג, צי אַ וואָך אָדער מערער. אין אַיינער אַ נאַכט ברענגענדיק אונדז עסן, האָט ער אונדז דערקלערט דעם ביטערן אמת; עס האַלט שוין גאָר שמאָל מיט אונדז; מיר דאַרפֿן שנעלער אַוועק און וואָס פֿריער. עמעצער האָט שוין וועגן אונדז עפּעס דערטראָגן; אַלע טאָג קומען שוין פּאָליציי אָנצושמעקן און אויסשפּירן... מען פֿרעגט און מען פֿאָרשט אים אַלץ מערער. דער ברודער זיינער, דער פּאָליציי־אָפֿיציר האָט אים געמאָלדן, אַז ביז איצטער האָט ער אַנולירן געקענט די פֿאַראָרדענונגען וועגן זוכן יידן אין

הויף; איצטער קומט אָבער אַן „געסטאַפּאָ" און עס איז פאַר אים אַליין צו גע־פערלעך אַריינצומישן זיך אַלס פּאָליציי־אָפיציר. דאַסמאָל וועט דער ברודער זיינער גאָרניט (קענען) טון — כדי אָפּצוהאַלטן, מינערן אָדער אויסמיידן, דער קומענדער שטאַרק־אינטענסיווער רעוויזיע — כדי צו כאַפּן יידן ווי אויף יאַגד. מען קען אים גלייבן, ווען ער זאָגט, אַז אים אַליין איז עס זייער „פּשיק־רע" אַרויסצוטרייבן שוצלאָזע און אומשולדיקע מענטשן אויף הפקר... ער טרייבט אויך ניט קיינעם... ער זאָגט נאָר דער גאַנצער ביטערער וואַרהייט. ווער פון אונדז באַשליסן וועט ביי זיך ביי אים צו בלייבן דערווייל — וויסן זאָל, אַז אַלס ייד ריזיקירט ער קודם כל מיט זיין אייגן לעבן און ניט נאָך דאָס אַליין; — ער איז אים אויך גורם אַלס יידן־פאַרשטעקער שווערע אומ־אָנגענעמלעכע רעזולטאַטן. בקיצור: וואָס איז נאָך צו רעדן געבליבן? — געמוזט האָט מען ווידער נעמען זיך אַרויסצופּעקלען און ווייטער, ווייטער, גיין...

### אַליין אויף שיידוועגן און אומוועגן

אונדזער פרייד־געפיל פון צוזאַמען זיין איז געווען דויערנסווערט — כל זמן מיר זיינען פאַרשטעקט געווען און געזעסן אין שימאַשקעוויטש־הויף. נאָך זיין אויבנדערמאָנטער אָפּנהאַרציקער דערקלערונג, האָט דער דאָזיקער געפיל אָנגעהויבן פאַרוואַסערט ווערן און צעגיין. פריער און צוערשט געדאַנקען ווי אויך רייד — צי איז עס אינגאַנצן רעאַל טאַטזאַכלעך אַרויסגיין אויף וועגן מסוכנדיקע און געפאַרפולע; אפשר איז עס כדאי צו זיצן בלייבן ווו און ווי מען זיצט, און טרעפן זאָל וואָס דאַרף! — וויפל קען אַ מענטש אַמפּערן זיך מיט זיין גורל, אַנטלויפן און אויסמיידן אים? — און אויב שוין יאָ אין וועג זיך אַרויסלאָזן איז צוערשט די פראַגע ווו און ווי אַזוי? — קלאָר איז עס גע־ווען פאַר אונדז אַלע, אַז ניט אַזוי לייכט דערגיין וועלן מיר און אָנקומען אין יענע זומפּן — ווו עס געפינען זיך די אויסגעהאָפטע פאַרטיזאַנער — קריווי־טשער יידן, ניט וויסנדיק אַפילו גענוי די וועגן וועלכע פירן אַהין. אונדזערע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן זיינען געוואַקסן; דאָס איז אויך נאָך ניט אַלץ; אָנגע־פאַנגען האָט זיך אַ קעגנזייטיקע אומטאָלעראַנץ ווי אויך אַ פּערזענלעכער אומגעדולד פון איינעם לגבי דעם אַנדערן...

העניע און רבקה אלס שוועסטער פון איין טאטן־מאמען, האָבן זיך נאָך אַלץ געהאַלטן ביי זייעריקע; זיי מוזן פאָרזעצן דאָס אָפּזוכן פון זייער רייזל מיט איר טאָכטערל. זייערע הערצער האָבן אונטערגעזאָגט און דיקטירט זיי; — אַוועקגייען מוזן זיי אין יאַנושאָווער דאָרף און אומגעגנט; — זיכער אַז רייזל איז דאָרט אַדורכגעגאַנגען...

ראַשקע און אַהרקע קאַצאָוויטש האָבן זיך ניט געקענט אַנטשליסן וווהין

צו ווענדן זיך. איך אַליין האָב מערער פון אַלץ זייער געוואָלט אָנקומען אין דאַלהינעוו — צו מיינע קרובים — חסיהן און ברוך מאַכנאָוויטש. אָבער ווי זשע קומט מען אַהין ווען אויפן וועג לויערן אַזוי פיל סכנות? אַ פּאָר מינוט בלויז האָב איך מיר פאַרזוכט צו שפּילן מיטן געדאַנק: אומצוקערן זיך אין קריוויטש, דורכגיין דאָס שטעטל און אַריבער אויפן בריק דעם סערוועטש, און איך בין שוין — אויפן וועג קיין דאַלהינעוו... איך האָב מיר אָבער שנעל אָפּגעטרייסלט פון דעם; צו געפערלעך און וואַנזיניק! אַ ניט געשטויגענער אַבסורד! ווען איך האָב עס פאַר די אַנדערע דערציילט, האָט מען מיר אָנגעקוקט ווי אַ געקומענער פון אַן אַנדער וועלט און אויסגעלאַכט...

ציפּע ראַדאָשקאָוויטש — די עלטסטע צווישן אונדז און רייכער מיט פיל לעבנס־דערפאַרונג — האָט צוליב אירע סיבות באַשלאָסן, ניט ראַנגלען זיך מערער מיטן שיקזאַל־געלויף און בלייבן דערווייל ביי שימאַשקעוויטשן. מיר פינף שוין אויבנדערמאָנטע; העניע מיט רבקהן, ראַשקע מיט אהרונען און איך אַליין זיינען דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכטלעך און אַ ביסל פינצטערלעך אַרויס אין וועג.

אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זיינען מיר אַלע שטילשווייגנד געגאַנגען צוזאַמען; אַזוי זיינען מיר אויך אין שפּעטערע נאַכט־שעהן שוין דערגאַנגען צו אַ ברייט־אָפענעם פעלדער־וועג, וואָס איז אויך געווען אַ שיידוועג פון וועלכן אויסגעשיילט האָבן זיך עטלעכע אַנדערע וועגן. רבקה מיט העניען זיינען אַוועק אויפן וועג, וואָס פירט אין יאַנושאָווע. ראַשקע מיט אַהרונען האָבן אַ צווייטן וועג גענומען און אַוועק. אויף מיין פראַגע צי מעג איך מיט זיי אויך מיטגיין? — האָט אהרון ניט געענטפערט; ראַשקע האָט געטענהט, אַז בעסער איז עס און זיכערער — אַ יעדער זאָל זיך, זיין וועג אַליין אָפּזוכן; — צוליב דעם איז זי אינגאַנצן ניט פאַראינטערעסירט אין „קאָמפּאַניע”. כ׳קאָן דאָך גיין ווו מיר געפעלט און ניט באַלעסטיקן קיינעם... כ׳האָב איר אויף דעם קיין וואָרט ניט געענטפערט אַפילו; געפרעגט האָב איך בלויז אַהרציקן און געבעטן אים אָנצווייזן מיר דעם וועג צום דאָרף אָסאָווע. אפשר וועל איך אַוועק אַהין... ער האָט אָנגעוויזן אין דער ריכטונג און מינדלעך אַ פּאָר ווערטער געזאָגט, וועלכע האָבן געקלונגען, ווי געוואָלט האָט ער זיך אַנטשולדיקן. זיי זיינען אַוועק.

— אַליין, פאַרוואָרלאָזט, געבליבן בין איך צווישן וועגן אין דער שפּעטער פינצטערער און קאַלטער נאַכט. קיילעכדיק פאַריתומט און אָפּגעריסן פון אַלץ און אלע נאָענטסטע מיינע. אַ פינצטערע און שווערע ביטערניש האָט זיך אויסגעלייגט אויפן האַרץ — געוויינט האָב איך און גערופן מיינע טייערסטע און נאָענטסטע — ניט אָפּגערופן האָט זיך קיינער... זיי זיינען פאַרגאַנגען. געבעטן

האָב איך דעם הויכסטן פון אַלע הויכסטע — דעם ריבון העולמים אָנגערופן בכבודו ובעצמו — אַז אַ פונק פון חסד זאָל מיר שיינען און באַלויכטן דעם וועג. אַלעס האָט אָבער געשוויגן אַרום און אַרום. די הימלען אין שוואַרצע וואָלקנס פאַרהוילענע, געבליבן זיינען שטום. ווי אַזוי זאָל איך ווייטער? — געפרעגט האָט יעדער גליד און בלוט־טראָפּן אינעם קערפּער; איז טאַקע „מענטש צו מענטש אַ וואָלף בלויז?... שווער איז עס געווען צו פאַרשטיין דאָן און אַראָפּשלינגען — היינט פארשטיי איך עס שוין גאַנץ אַנדערש; — איך בין אויך בכוח מיטן פארשטאנד מוחל צו זיין. עס איז געווען א בייזע פינצ־טערע צייט; ניט יעדער האָט געקענט אויפנעמען דעם צווייטן — אַלס גלייכ־באַרעכטיקטן שותף; געאורטיילט האָט ער, אַז עס וועט אים לייכטער זיין אַליין צו אַמפּערן זיך מיטן גורל — מיין גלויבן דאַקעגן אין „צלם האדם", האָט זיך אויך דעמאָלט ניט געמינערט. פון מיין ליכטיקער הייס־געליבטער מאַמען האָב איך געלערנט; אַז יידן זיינען געווען און געבליבן „רחמנים בני רחמנים" און „ישראל אף על פי שחטא, ישראל הוא" — און ווער ווייס, ווער קען עס וויסן — צי וועל איך נאָך אויף מיין מיסגליקלעכן איינזאַמען וועג געפינען אַ גוטן מענטשן בכלל און אַזוינע יידן בפרט?...

אין שוין אויבנדערמאָנטן דאָרף אָסאָווע, האָט געוווינט איינער אַ קריסט; פון לאַנג שוין איז ער באַקאַנט געווען מיט מיין מאַמעס שטוב — ווו ער איז כמעט געווען א שטענדיקער איינגייער בנוגע מסחר־אָנגעלעגנהייטן — קומיס האָט ער אויפן נאָמען געהייסן. צו אים טאַקע האָב איך באַשלאָסן צו גיין; אפשר וועט ער מיר אַנטקעגן קומען און באשטיין אין דער עת־צרה מיינער און העלפן אויך מיט עפּעס; אפשר וועט ער אויף מיין פאַרלאַנג און ביטע, אַוועקגיין צו חסיהן אין דאלהינעוו — זי זאָל מיר אַן עצה געבן, וווהין און ווי אזוי איך זאָל דערגיין — צו אַ ביסל מער זיכערן אָרט. איך בין שוין אַנטשלאָסן געווען כמעט, אַוועקלאָזן זיך אויפן וועג און דערשלאָגן זיך צום געטאָ אין סוויר־פּאָסטאַוו קאָבילניקער אומגעגנט — ווו איך האָב געהאַט קרובים און באַ־קאַנטע, און עס איז נאָך (ווי כ'האָב געהערט רעדן) אינגאנצן און פולשטענ־דיק רואיק געווען. דאָך האָב איך מיר געוואָלט צוהערן, וואָס חסיה מיין קרובה וועט אויף דעם זאָגן; אפשר האָט זי אַ בעסערן געדאנק?

— אין דער שפּעטער נאַכט־פינצטערניש, געגאַנגען בין איך איינזאַם, אַליין פאַרוואָרלאָזט יידיש מיידל אין לעצטע נאַכט־שעהן — ענדלעך דערגאַנגען צו דער כאַטע פון קומיסן — אין דאָרף אָסאָווע. שטיל־שטיל אָנגעקלאַפּט האָב איך אין זיין טיר; מילד און זאַנפט אַרויסגערעדט האָב איך ווער בין איך און געבעטן מיר אַריינלאָזן. אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער האָט קומיס, געעפנט גלייך און אין שטוב מיר אַריינגענומען. ער האָט גאָר מענטשלעך צו מיר זיך

באַנומען; גלייך דערלאַנגט צום טיש עסן און טרינקען — פון וואָס ער האָט נאָר געהאַט — צוגערעדט עסן, מיר באַרואיקט און אויסגעהערט. כ׳האָב אים באַלד דערקלערט, וואָס איך וויל אים בעטן, און ער איז דערויף תיכף איינגעגאַנגען. אָבער איין זאַך נאָר: וואַרטן מוז איך אַ טאָג, צוויי; היינט קען ער עס ניט אויספירן: ער איז באַשעפטיקט מיטן דרעשן די תבואה זיינער. נאָך איין טאָג איז אים געבליבן צו פאַרענדיקן; נאָכדעם קען ער און וועט טון פאַר מיר אַלעס. דערווייל זאָל איך ביי אים בלייבן — ביז ער וועט צוריקקומען פון דאַלהינעוו. איך בין געבליבן ביי אים אין שטוב; אין פאַרלויף פון טאָג האָב איך מיר פאַרשטעקט און געזעסן צווישן קוסטעס; אין משך פון דער נאַכט בין איך אין שטוב געווען.

אַ טאָג נאָכדעם האָט טאַקע דער פריינטלעכער קומיס פאַרענדיקט זיין דרעשעריי־אַרבעט און איז גלייך אויף מאָרגן פאַרטאָג אַוועקגעפאָרן מיט מיינעם אַ צעטעלע צו די מאַכנאָוויטשעס אין דאַלהינעוו. ער איז ביי זיי געווען; אויפגענומען האָבן זיי אים זייער צופרידן; — געפרייט האָבן זיי זיך מיט דעם, וואָס איך בין לעבן געבליבן און געפין זיך ביי אים. ער איז (פון זיי) גוט באַלוינט געוואָרן פאַר זיין אויסגעפירטער שליחות. זיי האָבן אויך מיט אים איבערגעשיקט אויך אַ 5 גאָלד־רובל, אַ האַלבער קילאָ פוטער, אַ שטיק לייוונט און אַ העמד ווי אויך אַ געשריבענעם צעטעלע צו מיר. עס האָט שוין גענומען פינצטער ווערן, עס איז שוין אָנגעגאַנגען אַ פאַרנאַכט־שעה אין דעמערונג; פון ווייטן האָב איך שוין געהערט זיין אָנקומענדיקער פור. ער איז שוין צוריק אין שטוב אַריין אַ גאָר צופרידענער; האָט מיר אַלעס דערציילט און אָפּגעגעבן וואָס זיי האָבן געשיקט. אין צעטל זייערן האָבן זיי געשריבן — איך זאָל אַפילו ניט וואַגן אַ טראַכט צו טון וועגן גיין אין סוויר. דאָס איז איצטער זייער געפערלעך; אויך דאָרט האָט עס שוין אָנגעפאַנגען... זייער עצה איז, וואָס שנעלער אַוועקרוקן זיך קיין האָראָדישצע — ווו די לייזער קאַפּלאַן־פאַמיליע מיט לייבע געלבאַרט האָבן לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער דייטשער ציוויל־מאַכט — פאַרוואַלטעט מיט דער סמאָליאַרניע. זיי וועלן שוין געניו מיר אָנווייזן און דערקלערן, ווי אַזוי סוף כל סוף דורכרייסן זיך צו די פאַרטיזאַנער. טאָמער קומט מיר אויס צו זען אַהרציקן מיט ראַשקען אָדער כ׳וועל זיך נאָך מיט זיי טרעפן זאָל איך זיי דערציילן אַלעס און דאָס זעלבע איבערגעבן. פאַר קיין פאַל ניט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן אַוועק חלילה אין סוויר. לייענענדיק דאָס אַלעס, האָב איך מיר שטארק געפרייט; דאָס הארץ האָט זיך צעשפילט מיט א פריילעכן געפיל און אַנדערע מחשבות, פריילעכערע האָבן גענומען מיר באַהערשן. איך האָב מיר שוין געזען אויף אַ זיכערן וועג צו ראַטעווען זיך און אויסמיידן אַריינצופאַלן אין דייטשע הענט. דאָס איז פאַר מיר געווען, די האַנט פון אויבערשטער השגחה

אַליין. דער פויער האָט מיר איינגעלאַדן צו עסן מיט אים צוזאַמען און נאָכדעם בין איך אַוועק און זיך געלייגט שלאָפן אין מיין פאַרשטעקטער באַהעלטעניש, אין דער שטוב זיינער.

אין דער זעלבער נאַכט אין אַ שפּעטער שעה, האָט ווער ניט איז אָנגעקלאַפּט אין שטובן־טיר; אַלע האָבן אויפגעשפּרונגען פיל דערשראָקן (איינשליסנד אויך מיר). דער פויער קומיס האָט געעפנט און צו מיין גרויסער שטוינונג, זיינען אין שטוב אַריין ראַשקע מיט אהרונען. אויך זיי האָט דער קריסט אויפגענומען מענטשלעך; אָבער וועגן מיר האָט ער זיי אינגאַנצן ניט דערציילט. איך האָב מיר פאַרשטייט זיך אויך ניט ווייסנדיק געמאַכט; כ׳האָב זיך צוגעהערט צו זייער רעדן און וואונדערלעך; — מיין ביטערניש און כעס קעגן זיי, וואָס האָבן זיך פריער אָנגעזעצט אויף מיין נשמה, זיינען צעשוווּמען אינגאַנצן. איך האָב אַ טראַכט געגעבן: זיכער האָבן זיי אַליין ניט געוווּסט וווּהין צו גיין און זיך געשעמט ווייזן פאַר מיר אין זייער פאַרלוירנקייט... והראיה: נאָכגעפאָלגט האָבן זיי מיר און ניט פאַרקערט. די גאַנצע שפּיל איז מיר שוין אויסגעקומען זייער נאַריש און לעכערלעך; אָנגעקוואָלן האָט מיין האַרץ אַ ביסינקע און איך האָב געשמייכלט. צוהערנדיק אַזוי זיך צו זייער שמועס, האָב איך מיר געכאַפּט דערויף אז זיי דערציילן קומיסן, וועגן זייער פּלאַן זיך אַוועקלאָזן אויפן וועג קיין סוויר אין געטאָ. שנעל ארויסגעשפּרונגען בין איך גלייך פון מיין באַהעלטעניש און למען השם זיי פאַרזאָגט ניט ארויפגיין בכלל אויף דעם וועג; זיי טאָרן עס ניט טון! איך האָב זיי אַלעס דערציילט וואָס חסיה מיט ברוכן האָבן מיר געשריבן אין צעטעלע, און האָב זיי געראַטן טון ווי מיינע קרובים האָבן געשריבן; אַוועקגיין צוזאַמען מיט מיר אין האָראָדישצע צו לייזער קאַפּלאַן און לייבע געלבאַרטן; — זיי וועלן אונדז שוין ווייזן ווי אַזוי אַדורכצוגיין און קומען צו די זומפּן, ווו עס געפינען זיך שוין יידן פונעם גאַנצן אומגעגנט אונדזערן ווי אויך פון אונדזער היימשטעטעלע קריוויטש. אהרון האָט זיך ניט געאַמפּערט וועגן דעם; ער האָט זיך ניט קעגנשטעלט, ראשקע אָבער האָט אין קיין שום באַדינג ניט געוואָלט צושטיין. איך דאַקעגן האָב געטענהט — אַז גיין וועל איך אַהין פאַר יעדן פּרייז... ווידער איז יעדער געבליבן ביי זייניקע און מען איז אַוועק שלאָפן.

גאַנץ פרי — נאָך אין דער ליכט פונעם זון־אויפגאַנג, זיינען מיר שוין אויפגעשטאַנען; מיר האָבן צוזאַמען מיטן דאָרפסמאַן וואָס האָט זיך געאיילט צו זיין ווירטשאַפט־אַרבעט — אַ זופּ געטון אַ ביסל זויערמילך, אַ ביס געטון אַ קאַרטאָפל און געגרייט זיך אַרויסצוגיין שוין. ער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז אויב מיר גייען ניט אַוועק, זאָל מען פאַרנאַכט אַריינקומען. איך גיי שוין אַוועק, האָב איך געענטפערט — אָבער איך וועל נאָך צוריקקומען נעמען אַ

פאַר זאַכן, ווען איך וועל זיי דאַרפן און קענען אָפּנעמען. קומיס האָט מיר אויף דעם געענטפערט, אַז ער וועט זיי אָפּהיטן ווי זיינע אייגענע — ביז איך וועל זיי קומען נעמען אָדער שיקן עמעצן. (געמיינט האָט ער בפירוש מיינע 5 גאָלד־רובל, וועלכע ער האָט מיר געבראַכט פון די מאַכנאָוויטשעס). ראַשקע און אַהרון, זיינען קאַלט געבליבן לגבי דעם גאַנצן פּלאַן מיינעם. אונדזער דאָרפסמאַן איז אַוועק צו דער אַרבעט און מיר אַלע דריי זיינען ארויס אויפן וועג. אַ שטיקל צייט איז מען צוזאַמען געגאַנגען, ביז מען איז אָנגעקומען צו אַ טיפלעכער קאַנאַווע. אַהרטשיק האָט מיר אָנגעוויזן אויף דער ריכ‏טונג קיין האָראָדאָשיצע, דערקלערט ווי אַזוי צו גיין און געזאָגט, אַז פּאָרלויפיק בלייבן זיי דאָ; זיי האָבן נאָכניט באַשלאָסן ווּהין צו גיין... אלנפאַלס וועלן זיי אָננע־מען די עצה ניט צו גיין אין סוויר. זיי זיינען אַראָפּ און זיך אריינגעלייגט אין דער קאַנאַווע ביים וועג און איך בין אַוועק — ווּהין כ׳האָב מיר פאַרמאָסטן.

## יידן־רחמנים בני רחמנים

אָפּגעגאַנגען בין איך אַזוי אַן אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער אומגעפער; שטיין בין איך געבליבן פאַר אַ קליין הייזל, וואָס האָט פּונקט אויסגעזען ווי אַ דאָרפיש בעדל. פון ערגעץ ווו זיינען מיר אַנטקעגן געקומען, לייזערס פרוי — פריידל קאַפּלאַן מיט זייערע קינדער. זעענדיק מיר שוין פון ווייטן, האָט זי פאַרשנעלערט איר גאַנג און געזען האָב איך איר שיינענדיק פּנים פון פרייד. מיין דעמאָלטיקע פרייד איז ניט צו באַשרייבן. אין שטוב (טאַקע אין בעדל, וואָס איז שטאַרק באַטעמט און פּשוט איינגעריכטעט געוואָרן אַלס וווינונג מיט אַן אויוון) האָט זי מיר אריינגעפירט ווייענדיק — סיי פון פרייד זעענדיק מיר אַ לעבעדיקע און סיי צוליבן דערמאָנען זיך אָן אונדזער אימהדיקן בראָך, אונדזער אַלעמענס טראַגישער עקדה און אומקום פון אונדזערע משפחות. זי האָט מיר גלייך געגעבן צו עסן און מיר האָבן זיך צערעדט; אונדזביידן איז עס געוואָרן לייכטער אַ ביסל אויף אונדזערע הערצער.

זיצנדיק אַזוי און שמועסנדיק זיינען שוין אויך אָנגעקומען לייזער קאַפּלאַן הי״ד און לייבע געלבאַרט ז״ל.[4] זיי האָבן זיך אויך געפרייט מיט מיר ווי מיט אַ שוועסטער בעת א צרה — נאָך אַ יידישע נשמה אין אַ לעבנדיקן גוף איז אַנטלאָפן און זיך געראַטעוועט פון אומקום. איך האָב פאַרשטענדלעך דערציילט אַלץ, וואָס איז מיר באַקאַנט געווען און אויך געשילדערט מיין לאַגע ווי עס איז, ווי אויך וועגן באַשלוס אַוועקצוגיין אין די זומפּן — לויט דער עצה פון חסיהן מיט ברוכן. כ׳האָב ניט פאַרגעסן צו זאָגן דערביי אַז ניט ווייט, אין דער

[4] דער לעצטער איז אויך זוכה געווען אָנצוקומען נאָך דער מלחמה קיין ישראל און צוקוקן דעם גרויסן נס פון יידישער מלוכהשאפט — פאַרקערפּערט אין מדינת ישראל. ער איז אין 1972 נפטר געוואָרן אין נתניה.

קאַנאַווע ביים וועג — ליגן באַהאַלטן ראַשקע און אהרון, וועלכע האָבן צוליב זייערע סיבות ניט געוואָלט מיט מיר מיטגיין. זיי האָבן שטאַרק געשטוינט אי־בער ראַשקע מיט אהרונען; זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען בשום אופן, פאַרוואָס זיי האָבן ניט געוואָלט קומען צו זיי. ס'טייטש ?! היתכן ? מען איז דאָך אין פאַרלויף פון אַ גאָר לאַנגער צייט געווען לייבלעך כמעט — גאָר נאָענטע און גוט־באַפריינדעטע שכנים — שטוב צו שטוב ממש ! זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו פרעגן מיר און נאָכפאָרשן — ביז איך האָב געגוי אויסגעמאָלן ווו כ'האָב זיי אין קאַנאַווע געלאָזן ליגן. דאַן איז לייזער אַוועק און געבראַכט זיי אויך אין דער בעדל־געביידע. זיי זיינען אויך אויפגענומען געוואָרן ברידערלעך און פריינטלעך, אַזוי ווי אַ פריינט נעמט אויף אַ פריינט בעת־צרה. מען איז ווידער געזעסן און אַרומגערעדט וועגן דער לאַגע און די אימה — וואָס איז געווען און אויך וועגן די, וועלכע קען און וועט נאָך קומען. זי איז איבער אונדז געהאָנגען שאַרף ווי אַ שווערד. לייזער האָט געזאָגט, אַז דער פּלאַן אַוועקגיין אין די זומפּן איז אַ גאָר אויסגעהאַלטענער שריט. אַלע האָבן צוגעשטימט. לייזער האָט נאָך דערביי צוגעגעבן, אַז ער וואָלט נאָך היינט אַוועק אַהין מיט אַלעמען — ווען פריידל זיינע וואָלט געווען ביי די כוחות צו גיין — ליידער ליידט זי איצטער שטאַרק אויף די פיס, וועלכע טוען איר גאָר וויי און דער־לאָזן עס ניט אויסצופירן. געגוי ווייזן אָבער וועט ער אונדז דעם וועג, מיר זאָלן ניט אריינפאלן ווו מען דאַרף ניט... ער וועט מיט אונדז מיטגיין אַ שטיק וועג; מיר וועלן קומען צווישן יידן; די גאַנצע געגנט אַרום איז שוין ביי פּאַרטיזאנער.

עטלעכע שעה שפּעטער, איז מען שוין אַרויס אויפן וועג; מיר האָבן זיך מיט אַלעמען אָפּגעזעגנט און זיך געווונטשן גאָר אינגיכן ווידער זען זיך אויף אַ זיכערן באָדן — צווישן די פּאַרטיזאַנער. לייזער איז מיט אונדז אַרויס — דורכצופירן אונדז דעם וועג ביז צום טייך ניעוויערי; פון דאָרט וועלן מיר שוין אַליין דערגרייכן צו דער פּאַרטיזאַנשצינע.

געגאַנגען זיינען מיר: ראַשקע, אַהרטשיק און איך; לייזער האָט אונדז גע־פירט דורכן וואַלד, אין דער ריכטונג צום דאָרף דאמאָסלאַווע. אין דער ליכט פון א נאָכמיטאָג־שעה זיינען מיר דערגאַנגען שוין צום טייך ניעוויערי. לייזער איז גלייך צוריק אַוועק און מיר זיינען געבליבן ביים ברעג. געדאַרפט האָבן מיר איצטער דעם טייך אַריבערגיין; קיין לאָדקע איז ניט געווען. געוואַרט האָבן מיר און דערזען פלוצים א פליטע שווימט פאַרביי; מיר זיינען אַרויף און אויך דער־שווומען מיט איר, ביז צום צווייטן ברעג. אַזוי זיינען מיר אַריין אויך אין דאָרף און זיך גענומען דערפרעגן אויף פאַרבינדלער, וואָס ווייזן אָן און פירן צו די פּאַרטיזאַנער אין די בלאָטעס. מיר האָבן אַזוי לאַנג געפרעגט, ביז מען האָט

אונדז אויף איינעם אָנגעוויזן. ער איז תיכף דערויף איינגעגאַנגען אַוועקצופירן אונדז — אַ ווו יידן געפינען זיך שוין. מיר זיינען פאַרשטענדלעך נאָך אין דער זעלבער נאַכט אַוועק מיט אונדזער וועג. אַ שיינע עטלעכע שעה איז מען געגאַנגען און סוף כל סוף דערגרייכט...

— מיר זיינען שטאַרק מיד געווען פונעם גאַנג אָבער אויפן האַרץ איז יעדן געוואָרן אַ ביסל היימלעכער און פרייליכער, עס איז גלייך קענבאַר געווען די בולט־קלאָרע נפקא־מינה; דער גרויסער אונטערשייד; דער פערזענלעכער צוגאַנג פון יעדן צו פראַגן און פּראָבלעמען, וועלכע די געגעבענע לעבנס־ווירקלעכקייט האָט אַרויסגערופן און אַוועקגעשטעלט פאַר יעדן איינעם. די לעבנס־פראַגן, באַדינגונגען און אָנגעלעגנהייטן זיינען ניט פּשוט געווען, דאָך האָט יעדער כמעט — אַ חוץ איינצלנע געשווירענע „פּעסימיסטן און גאַל־מענטשן” פריי אָפּגעאָטעמט. עס קלינגט אפשר גאַנץ אויסטערליש אָבער עס איז אַ פאַקט; די אימה און שרעק פון דאָרטן וואָס געהערשט האָבן אין אונדזערע מקומות — איז ניט געווען צו מערקן. מען האָט געקענט הויך האַלטן דעם —קאָפּ און גלויבן און האָפן... וואָס אמת איז און דאַרף באַצייכנט ווערן: די באַציאונג מצד די פריער אָנגעקומענע צו אונדז ניי־צוגעקומענע, איז געווען אַ זייער ניט גוטע: כ'וויל ניט זאָגן א שלעכטע און ניט דולדנדע, אַ פיינטלעכע. דאָס וואָלט געהייסן אַ שווער־קאַטעגאָרישע באַשולדיקונג; און איך קען ניט און וויל ניט באַשולדיקן קיינעם. עס איז געווען א תקופה פון אַזאַ גרויסן פורעניותדיקן לעבנס־איבערברוך מיט באַדינגונגען — וואָס האָבן גאָר לייכט און שנעל, פאַרוואַנדלען געקענט אַ מענטש אין אַ חיה... פיל האָבן בייגעשטאַנען דעם נסיון. פיל נאָכמער האָבן ניט געקענט ביישטיין; זיי האָבן דעם לייכטערן וועג אָנגענומען: זאָרגן און דאגהן פאַר זיך קודם כל און בלויז פאַר זיך — ווען עס קומט אויס אָפילו, צעטרעטן און אריבערגיין גלייכגילטיק אויפן לעבנדיקן קערפּער פון א צווייטן... אַזוי האָט אונדז געוויזן די דערפאַרונג; צום גליק אָבער שפּילט אָפּ די לעבנס־פאקטאָגראַפיע כמעט שטענדיק אַזוי: צווישן אַזוי פיל שלעכטס און בייזער אימהדיקער גרוילהאַפטיקייט ג־ט דאָך עפּעס אַ טראָפּן, אַ פּיצל פון אויך עפּעס גוטס. צו מיין גרויסער אמתער פרייד האָב איך געטראָפן מיינע צוויי שוועסטער־קינדער מ. און ח. צוקערמאַן. זיי האָבן מיר אויפגענומען ווי אַ לייבלעכער שוועסטער; צוגעטיילט מיר פון זייערן אָרעמען ביסן, און אַזוי זיינען מיר שוין געבליבן און ניט געשיידן. מיר האָבן צוזאַמען געפרייט זיך ווי אויך אומעטיק געווען צייטנווייז; די לעבנס־ווירקלעכקייט, באַדינגונגען, פאַקטן און אָנגעלעגנהייטן — האָבן אונדז צונויפגעגאָסן און צעמענטירט; מיר זיינען געוואָרן ווי אמתע שוועסטער, אויב ניט מערער...

# מיין „פּאַרטיזאַנשצינע"

### איבער די דערפער —
### פאַר אַ שטיקל ברויט...

ענדלעך האָב איך דערגרייכט דעם ציל מײַנעם און —צופרידנגעשטעלט מיינע ווילנס־שטרעמונגען — ווייט זיין פון דער חרוב־געוואָרענער היים, ווייט פון דער סכנה, — צווישן פּאַרטיזאַנער און צווישן יידן־פּארטיזאַנער, וועלכע קעמפן קעגן שונא. צי האָב איך מיט דעם דערגרייכט צום ברעג? צי בין איך געווען שוין ביים סוף פון ליידן און פּיינפולן וועג? — טאַט־זאַכלעך ניין און ניין! — קיין ברעג און קיין ענדע... עס איז נאָך ווייט געווען צום סוף פון מיין וואַנדער־וועג.

— קיין קעמפערין מיט געווער אין האַנט בין איך ניט געווען; קיין אַנטייל אין סאַבאָטאַזש־אַקציעס, לויערונג־איבערפאַלן און אויפרייס־אַקציעס האָב איך ניט גענומען. איך בין ניט גענויגט צו דעם און קיין געווער איז ניט געווען בנמצא, ווען אַפילו כ׳וואָלט יאָ געוואָלט אַקטיוו זיין צווישן קעמפער. נאָר איינצנלע פון אונדז, יחידים פון דער גאַנצער צונויפגעלאָפענער מחנה, האָבן געהאַט דעם זכות דערשלאָגן זיך צו געווער און קעמפן קעגן שונא. איך און פיל אַנדערע — אין מערסטן טייל עלטערע לייט, פרויען און קינדער אַ ביסל — האָבן געהאַט די מעגלעכקייטן צונויפקאָרטשען זיך אַרום געביטן ווו קעמפער זיינען געווען און האָבן א פיצל זיכערקייט... אַזוי בין איך און אַלע אנדערע מיינסגלייכן געווען, אין אַזוי גערופענע „פּאַרטיזאַנישע פאַמי־ליע־אַטריאַדן" ניט קעמפערישע איינהייטן, וועלכע די הויפט־לייטונג פון פאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט פון צייט צו צייט פראָטעזשירט און עטוואָס צוגעטיילט צום עסן. אין צייטן פון אַנגריפן מצד דעם שונא, זיינען אָבער די אַלע ניט קעמפערישע איינהייטן אויסגעשטעלט געווען צו גרעסטע און גע־פערלעכסטע טויט־געפאַרן. האָבן מיר אויך דאָס אַנגענומען באהבה. מיר האָבן געהאַט דעם ווילן, דעם מוט און העזה — צו בלייבן לעבן.

— די פריילעך־שטימונגספולע שעהן — צו דער באגעגעניש מיט היימישע, מיט נאָענטע זענען גאָר שנעל אַוועק — ווידער איז אַנגעלאָפן די „וואָכעדי־קייט"; דער שטענדיקער געיעג נאָכן שטיקל ברויט; דער קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן קיום. דער זומפיקער וואַלד און זיין סביבה איז געווען אָרעם, נאָר איינצלנע דערפער אַרום און אַרום. דער מחנה איז גרויס און עסנוואָרג איז ניט געווען צו קריגן... טאָג־איין, טאָג־אויס, האָב איך מיר ווי אויך אַנדערע, אַרומגעשלעפּט איבער די הייזער אין דערפער — אַ שטיקל ברויט צו בעטן,

אַ פּאָר קאַרטאָפל — מיט עפּעס דעם הונגער צו פאַרטרייבן און די כוחות דערהאַלטן...

די געגנט ווו מ׳ר האָבן זיך אויפגעהאַלטן איז פון טאָג צו טאָג מערער אומזיכער געוואָרן. עס זיינען געווען פיינטלעכע אויסשפּיר־איינהייטן אָדער סתם גויים, וועלכע האָבן דערטראָגן ידיעות צום שונא. אַזוי זיינען דורכגע־פירט געוואָרן אָנגריפן פון שונא אויף די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן אויך אַ סך קרבנות איינגעשלונגען. עס איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט אָפּציען ווייטער און טיפער. די צענטראַל־ליטונג פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט באַ־פוילן אַפילו דערווייטערן זיך צו מזרח און אויך איבערשרייטן די פראָנט־לי־ניעס פון שונא. אַ סך פון אונדז זיינען אַוועק און עס איז זיי אויך געלונגען; מיר און אַנדערע האָט ניט אָפּגעגליקט און מ׳ר זיינען געבליבן אויפן אָרט. דאָן איז אונדז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל — וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ; עס איז שוין צו פיל אַנטבלויזט און אָפן פאַרן שונא, ווי אויך ניט גרייט צום איינגראָבן זיך און באַשיצן פון זיינע אַנגריפן. מיר דאַרפן אַריבער אין גרעסערע וועלדער, אין אנדרייקער פושטשע — ווו פּאַרטיזאַנער האָבן קאָנצענטרירט פיל כוחות. מען האָט אונדז אַפילו געשיקט פּאַרטיזאַנער, כדי דורכצופירן און ברענגען אין דער פושטשע. גאָר איינצלנע זיינען געבליבן אויפן זעלבן אָרט.

### טיף אין אנדרייקער פושטשע

די אויפגאַבע איז אויף אַ געלונגענעם אופן דורכגעפירט געוואָרן; אונ־דזער פאַמיליע־אָטריאַד איז שוין אין גרעסטן טייל געבראַכט געוואָרן אין אַנדרייקער פושטשע. ביסלעכווייז, לאַנגזאַם האָט מען זיך שוין ווידער גע־נומען איינצואָרדענען דאָס שותפותע לאַגער־לעבן אויפן נייעם אָרט. די לינדערע און ווייכע קלימאַט־באַדינגונגען האָבן אויך מיטגעהאָלפן צו דעם אין אַ געוויסער מאָס. קומענדיק טיף אין וואַלד האָט מען אויפגעשטעלט ביידלעך צום זיצן; ווער עס איז ביי זיינע כוחות געווען האָט פאַר זיך אויסגעגראָבן אַ זעמליאַנקע צום איבערווינטערן. ווער עס איז ניט געווען בכוח (פרויען אין גרעסטן טייל) און אויך קיין ביידל ניט פאַרמאָגט, האָט געמוזט בלייבן אונ־טערן פרייען הימל... אין שניי. דאָס איז געווען אויך מיין גורל ווי אויך פון מיינע אויבנדערמאָנטע „שוועסטער".

די האַרבסט־תקופה פון 1942 — אַ יאָר פון גרוילהאַפטע שחיטות, אימה־דיק־פיינפולע ליידן און חורבנות — איז געווען אַ טרוקענע, אַ גאָר לייכטע, אָן רעגנס כמעט. אויך דער ווינטער פון 1943 איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען ניט שווער. אָבעו׳ שניי איז געווען... ניט פראָסטיק אָבער קאַלט — און זיצן

ווי אויבנגעזאָגט איז מען אויפן שניי געבליבן. אַזוי האָב איך אוי׳ך אויפגעוואַכט איין טאָג מיט ווייטיקן אין אַלע גלידער. מיין גאַנצער קערפּער האָט געפיבערט און געוואָרפן שטאַרק ווי אין קדחת. אין שניי ליגן בלייבן אָדער זיצן, איז מיר שוין ניט מעגלעך געווען מערער. איך האָב מיר אויפגעהויבן מיט פיל מי און אַוועק צו לובאַנער[5] יידן, וועלכע האָבן געהאַט אין זייער פאַרמעגן אַ זעמליאַנקע און געבעטן מען זאָל מיר אַריינלאָזן אויף אַ שטיקל צייט. אמת זאָגנדיק — האָבן זיי שטאַרק חשק ניט געהאַט צו דעם — דאָך האָבן זיי מיר אַריינגענומען, זעענדיק מיין שווערן געזונט־צושטאַנד און ווי כ׳האָב אויסגעזען... איך בין געווען ביי זיי אַ שטיקל צייט; געלעגן און זיך דערוואָרעמט. מיינע „שוועסטער" פלעגן מיר ברענגען צוטראָגן אַ ביסל וואַרעמע וואַסער מיט אַ פּאָר „סקאָרינקעס"... אַזוי איז מיר בעסער געוואָרן; אַזוי בין איך אויך איבערגעקומען מיין פיבער־קראַנקהייט.

— טעג און וואָכן זיינען אַדורכגעלאָפן; חדשים פאַרגאַנגען, געקומען איז שוין ווינטער 1943. אַזוי איז ווידער איין טאָג אין אונדזער לעבנס־וועלט, אַריינגעשפּרונגען דער דראַנג אַוועק צו מזרח. ווער עס האָט געהאַט געלטמיטלען האָט באַדאַרפט צאָלן, ווער עס האָט ניט געהאַט — האָט פיל שוועריקייטן געמוזט דורכברעכן כדי מיטצוגיין. איך און מיינע „שוועסטער" האָבן גאָרניט פאַרמאָגט. רייזל האָט געהאַט אַ גאָלדענעם בראַסלעט. אויך די רביצין פון מיאַדל האָט אַזוינס געהאַט. וויסנדיק, אַז פיל שווערער וועט אונדז זיין כדי צוצושטיין צו די אַוועקגייענדע — ניט האָבנדיק מיט זיך גאָרניט, האָב איך טראָץ דער גרויסער געפאַר — באַשלאָסן אַוועקגיין ווידער אין אַסאָווע צו קומיסן, אָפּנעמען מיינע 5 גאָלד־רובל. איך בין אַוועק אַהין צוזאַמען מיט מיינע צוויי שוועסטער־קינדער. אַ לאַנגער און ווייטער וועג ווי אויך פיל סכנות לויערנד, איז אונדז פאָרגעשטאַנען דורכצומאַכן. קיין אנדער ברירה איז אָבער ניט געווען אויסצוקלייבן...

— געגאַנגען זיינען מיר אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג און בלויז אונטער דער שוץ פון נאַכט־פינצטערניש. אין די טאָג־שעהן איז מען פאַרשטעקט געבליבן. אַזוי זיינען מיר אויך איין נאַכט אין אַ שפּעטערער שעה אָנגעקומען צו קומיסן. כ׳האָב אים דערקלערט גלייך, אַז איך זיץ אין וואַלד אונטערן פרייען הימל ניט אָנגעטון; ניט האָבנדיק מיט וואָס זיך צוצודעקן, בין איך געקומען דעריבער אָפּנעמען מיין געלט, וועלכע איך האָב ביי אים איבערגעלאָזן. ער האָט מיר תיכף אָפּגעגעבן די גאָלד־רובל, אָן קיין שום

[5] לובאַן — אַ דאָרפישער ישוב אַרום קורעניץ, ווו יידן האָבן געוווינט אין ווירטשאַפטן — ווי מאַטיק לעבן אונדז צ. ב. (מיכלע ווייסנהאָלץ).

ווייטערע שהיות. בלייבן דאָרט ביי אים לאַנג איז אוממעגלעך געווען. אַ גרויס געפאַר. מיר האָבן טאַקע אויף מאָרגן אין דער נאַכט אָפּגעצויגן צוריק. גייענדיק דורכן דאָרף האָבן מיר באַמערקט אַן אומגעוויינלעכער באַוועגונג. געזען האָבן מיר זיך דרייען פון ווייטן אומבאַקאַנטע פאַרשוינען. מיר האָבן זייער מורא געהאַט, ניט ווויסנדיק ווער זיי זיינען. באַלד האָט מען אונדז אויך פאַרהאַלטן; אויסגעפרעגט ווער מיר זיינען און וווהין מיר גייען? אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז פאַרטיזאַנער זיינען יענער שעה אין דאָרף אָנגעקומען און דורכגעגאַנגען אויפן וועג אויסצופילן אַן אויפרייס־אַקציע, צווישן זיי איז אויך געווען זוסיע עסטאַניעץ — ווי מען האָט אים גערופן און עטלעכע דאַלהינעווער חברה, מיט אברהם פרידמאַן דעם בלעכער. אויסהערנדיק אונדז ווער און פון וואַנען מיר זיינען געקומען, האָבן זיי אונדז געגעבן עסן און געלאָזט ווייטער גיין, וואָרענענדיק, ניט צו גיין אויף אַזוי ווייטע וועגן ביינאַכט ווייל גאָר לייכט קען מען אַריינפאַלן אין אַ פיינטלעכער אויסשפיר־נעץ, אָדער סתם דערמאָרדעט ווערן דורך די רוצחישע „גוטע ברידער" היימישע...

די וואָרענונגען פון אונדזערע יידישע פאַרטיזאַנער האָבן אויף אונדז אָנגעוואָרפן נאָך אַ מער מוראדיקערער שרעק; דאָך האָבן מיר פאָרגעזעצט אונדזער גאַנג אויף דער פאַרטיזאַנער־באַזע אין אַנדרייקער ברייט־פאַרצווייגטן וואַלד. פאַרשטענדלעך אַז געהיט האָבן מיר זיך ניט דורכצוגיין אין אומבאַקאַנטע דערפער און געמיט אויסמיידן צו טרעפן זיך מיט פרעמדע. אין אַ פאָר דערפער האָבן מיר דאָך געמוזט אָפּטרעטן צוליב מאַנגל אין כוחות, צי קריגן עפּעס צו עסן. אַזוי זיינען מיר אַריין אין דאָרף בילעוויטש — ווו פויערים פונעם דאָרף האָבן אונדז מכבד געווען מיט אַ וואַרעמען ארבעסגעקעכטס, אַ שטיקל ברויט און אַ נאַכט־־געלעגער אָפּצורוען פון אַזוי פיל גיין. נאָכן אָפּרוען זיינען מיר ווידער אַוועק ווייטער. אויסגעקומען איז אונדז אָפּטרעטן נאָך אין אַ כוטאָר ערגעץ ווו אויפן וועג, צוליב אויבנדערמאָנטע סיבות. אַוועק זיינען ווידער אַ פאָר טעג ווי אויך נעכט פונעם גיין אונדזערן, ביז דערשלאָגן האָט מען זיך שוין צוריק אויפן „שטענדיקן" פלאַץ. נאָכן צוריקקערן אונדזערן האָבן מיר זיך תיכף געמאָלדן אין „שטאַב" פון די ווערבירער צו „מזרח־פראָנט־ליניעס"; אָפּגעגעבן אַלעס, וואָס מיר געהאַט האָבן, אַבי צוגערעכנט ווערן צו אַלע איבערוואַנדערער — וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן דורכצורייסן דעם פראָנט. עס איז שוין דערווייל ווערבירט געוואָרן אַ באַדייטנדע גרופּע פון אַ 200 מענטשן — מענער, פרויען און קינדער, אויסצופירן דעם פלאַן. אָט האָט אויך שוין אָנגערוקט דער טאָג פון אונדזער אַרויסמאַרש.

## געפּרובט און דורכגעפֿאַלן

עס איז געווען אַ זונטיק פֿאַרנאַכט; מען האָט אונדז אַלע אויפֿגערופֿן, אין רייען צעשטעלט; — אָנגעקומען איז די שעה, מען שפּרייזט אַלע אויף מזרח. פֿריער נאָך האָט מען אונדז אָנגעזאָגט, דאָס יעדער מוז באַזאָרגן און צוגרייטן עסן אויפֿן וועג. מען האָט נאָכאַמאָל קאָנטראָלירט אונדז, געגעבן די לעצטע וואָרענונגען און אינסטרוקציעס — ווי אַזוי זיך האַלטן און גיין אויפֿן וועג.

— דער „אַרויסמאַרש" אונדזערער האָט אָנגעפֿאַנגען, מען איז געגאַנגען רואיק אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט. יעדער האָט איינגעהאַלטן אין זיך די פֿראַגע: צי האָט באמת פֿאַר אונדז די שעה אויסגעפּויקט און מיר גייען צו מערער זיכערקייט — ווייט פֿון שונאים, באַנדיטן, וועלכע לויערן אומברענגען אונדז? אין האַרצן האָט תּפֿילה געטון יעדער איינער; אַלע רמ"ח־אברים און יעדער בלוטס־טראָפּן אין קערפּער געגאַרט האָבן; „ריבונו דעלמא כוליה! זאָל עס כאָטש דאָסמאָל, געלונגען!..."

— דורכן וואַלד זיינען מיר געגאַנגען שוין אַ שפּאַר ביסל צייט. ענדלעך האָט מען אונדז פֿון וואַלד אַרויסגעפֿירט שוין. פֿאַרויס זיינען די פֿירער געגאַנגען אין דער שפּיץ פֿון אונדזער מאָדנעם משונהדיקן קאַראַוואַן; מ'ר אַלע האָבן זיי נאָכגעפֿאָלגט, שריט ביי שריט. אָנגעזאָגט האָט מען אונדז, אַז אַרויסגייענדיק פֿון וואַלד וועט מען אַריבער שנעל, זייער שנעל, די אייזנבאַן־ליניע און גיין גלייך, ניט פֿאַרהאַלטן זיך ווייטער. די פֿירער אונדזערע נאָכן אויסשפּירן און איבערצייגן זיך, אַז עס איז רואיק אַרום און אַרום — האָבן אונדז גאָר גוט און זייער געניט אַדורכגעפֿירט די הויכע באַן־ליניעס — ניט ווייט פֿון נייקע. פֿון דאָרט איז דער גאַנג פֿאַרגעזעצט געוואָרן; אויסמיידנדיק נייקע זיינען מיר שוין גאָר נאָענט געווען צום „רויטן הויף" („טשערוואָני דוואָר") און דאָ, דווקא דאָ — איז אויף אונדז געקומען דער מיסגליקלעכער בראָך...

אויף אונדזער בייזן מזל, איז פֿאָרגעקומען יענעם אָוונט אין „רויטן הויף"" אַ דייטשע פֿאַרוויילונג אַ „וועטשערינקע" ווי עס הייסט ביי דאָרפֿישע ווייסרוסן. פֿיל דייטשן זיינען דאָרט געווען ווי אויך שיקסעס און שקצים פֿון הויף און אַרום. געהוליעט און געטאַנצט האָט מען און עס איז לעבעדיקפֿריילעך געווען „לגויים!". געוויינלעך האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון אונדזער „מזרח־עקסקורסיע" ניט געקענט וויסן פֿריער וועגן אָט דער „וועטשערינקע". אין אַלגעמיין, איז אַזאַ מין אָנגעלעגנהייט גוט ווינטשנסווערט פֿאַר פּאַרטיזאַנישער „גערילאַ־טעטיקייט" און עס קאָן זיין, אַז אויך אונדז וואָלט עס אָוועק געלונגען. אָבער ניין — כ'ווייס אויך ביז היינטיקן טאָג ניט — צי איז עס

געוועזן אַ בייזער אומגליקליכער צופאַל בלויז און אַ דייטשער וועכטער האָט עפּעס אָנגעשמעקט... צי האָט ווער ניט איז פון דאָרפישע „טעלער־לעקער" דערטראָגן וועגן אונדז — און אפשר האָבן אויך די זייער שטילע שאָרכן פון 400 גייענדע פיס, דערוועקט דער אויפמערקזאַמקייט פונעם שונא — אומדערוואַרט איינגאַנצן, גאָר פּלוצלונג האָט מען אויף אונדז געעפנט אַ שטורמישן ראַפּיד־פייער פון אַלע כלים. געהילכט האָבן שיס־זאַלפן פון ביקסן; געקנאַלט האָבן אויטאָמאַטן; קוילן זיינען אָן אויפהער געפלויגן איבער אונדז, פאַרביי אונדז — ווי אויך געטראָפן. קרעכצן, ווייגעשרייען האָבן זיך געהערט... עס איז ניט געווען אַפילו ווו צו באַהאַלטן זיך. מען איז זיך צעלאָפן תיכף, ניט וויסנדיק איינער פונעם צווייטן. איך ווי אויך מיינע צוויי „שוועסטער", וועלנדיק אַרויסדרייען זיך שנעלער און וואָס גיכער אַנטלויפן פון לויערנדן טויט, האָבן תיכף אַוועקגעוואָרפן אונדזערע פּעקלעך, איינער דער אַנדערער אָנגענומען ביי דער האַנט און שנעל געלאָפן צוזאַמען. אַ צייט לאַנג האָבן אונדז נאָכגעיאָגט די הילכנדע שיסעריי־געקנאַלן פון אויטאָמאַטן און „בילערייען" פון ביקסן — ביז מיר זיינען ווייט געווען שוין און אַלעס איז שטיל געוואָרן.

אין גרויסן קוראַזש און געלויף א צייטלאַנג, האָבן מיר ניט געזען אפילו אַז אָנגעפאַנגען האָט שוין צו טאָגן; עס איז גוט ליכטיק געוואָרן און געוווּסט האָבן מיר, אַז מיר טאָרן מער ניט לויפן — צוליב דער געפאַר, מען זאָל אונדז זען, און דערטראָגן וועגן אונדז. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרשטעקן זיך — ניט האָבנדיק אפילו דער פולער זיכערהייט אין דעם, אַז מיר זיינען שוין ווייט פון לויערנדע סכנות — זאָל שוין זיין, וואָס דאַרף! אַריין זיינען מיר אין אַ וועלדל אויפן וועג, איינגעקאַרטשעט זיך וואָס קלענער און וויניקער צווישן קוסטעס אוןביימער, זיצן בלייבנדיק וואַכזאַם און צוהערנדיק יעדן שאָרך פון דער ווייט און דער נאָענטשאַפט. אַזוי האָבן מיר אין גרויס שרעק פאר ווייטערע נאָכפאָלגנדע געשעענישן, אָפּגערוט נאָכן גאַנג און געלויף פון דער נאַכט...

— זיצנדיק שוין א פאָר שעה אין וועלדל האָבן מיר דערשפּירט און זיך אָנגעשטויסן, אויף אַ געוויסער לאַנגזאַמער באַוועגונג פון מענטשן. באַלד האָבן מיר געזען שוין פרויען, קינדער ווי אויך עטלעכע מאַנסלייט. ווי מיר דריי, האָבן זיי אויך וואַרשיינלעך זיך דערקליבן אַהער. פּלוצים איז אויך געקומען צולויפן צו מיר, גיטל די רביצין פון מיאדל מיטן קינד — שלוכצנדיק אין יאָמער מיט פאַרבראָכענע הענט: — „אַן אומגליק, מיכלע טייערע! האָט מיר געטראָפן; מיין קינד, מיין קליינס; מיין קליין פויגעלע איז געבליבן דאָרט אויפן וועג... עס איז אַ טומל געוואָרן. מען האָט געשאָסן און

מען איז געלאָפֿן... איך בין געווען צעשראָקן; ניט אכטונג געגעבן און — ניטאָ מער מיין קינד!..." זי האָט ספּאזמירט און זיך געריסן אויף צוריק; געוואָלט זוכן דאָס פֿאַרפֿאַלענע קינד. מען האָט ניט דערלאָזט און איינגע־האַלטן איר — עס איז דאָך אַ געפֿאַר וואָס קען חלילה, אַלעמען באַשעדיקן. אַלע פּרווון צו באַרואיקן איר, האָבן ניט געהאָלפֿן. אַ צייט לאַנג האָט זי גערופֿן וויינענדיק דאָס פֿאַרלוירן קינד — קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. אַלע האָבן איר גוט מיטגעפֿילט... אַ סך האָבן זיך געשראָקן, ווייל די לויערנ־דע סכנות נאָכן דורכפֿאַל אונדזערן, זיינען נאָכניט פֿאַרביי געווען.

אָפּגעזעסן אין וועלדל איז מען שוין אַזוי, אין פֿאַרלויף פֿונעם גאַנצן טאָג. ווען עס איז אַ ביסל פֿינצטערלעך געוואָרן, האָט אונדז נתן גורעוויטש ווידער אָרגאַניזירט און פֿאָראָרדנט ווייטער צו גיין, ניט בלייבן אויפֿן אָרט. דער ווייניקער און אומעטפּולער קאַראַוואַן אונדזערער האָט ווידער אין וועג זיך אַוועקגעלאָזט — און ווידער איז שוין כמעט אַוועק די גאַנצע נאַכט — ביז מיר זיינען דערגאַנגען (צום צווייטן מאָל) אויף אונדזער אַלטער פֿאַרלאָזע־נער באַזע און איצטער — אַ סך מענטשן ווייניקער, אָן שיך און אָן מלבושים, כמעט אינגאַנצן נאַקעט און באַרוועס — אונטער קאַלטע הימלען אויפֿן שניי...

## אין קלעם פֿון געיעג און לאַנג־דויערנדיקער בלאָקאַדע

נאַקעט און באַרוועס אויפֿן שניי אונטער אייז־פֿר־רנדע בלייענע הימלען, איז נאָכניט געווען אונדזער גרעסטער בראָך — כאָטש דאָס אַליין, איז אויך אַ ניט קליינע פּלאָג און אַ גאַנץ שווערע צרה — ווי עס לערנט דער מענטשלעכער שכל. פֿיל ערגער געווען זיינען די אַלע געיעגן און אָבלאַוועס ווי אויך חדשים־לאַנגע בלאָקאַדע, וואָס האָבן אונדז פֿאַרפֿאָלגט כמעט אומ־אויפֿהערלעך אין די טיפֿעניש פֿון וועלדער.

לעצטע ווינטער־ און פֿרילינג־חדשים פֿון 1943, זיינען מיר אַלץ מערער געשטויסן געוואָרן אָן קיין שום אויסוועג אונטערן פּרעס פֿון דריקנדע אָב־לאַוועס און טרייבנדע געיעגן, אויף פֿאַרטיזאַנער אומעטום און אין אַלע וועלדער. דייטשע אַרמייען — (וועלכע האָבן שוין געליטן גוט און ניט ווייניק געווען געבראָכן פֿון שטאַרקע נידערלאַגן און מפּלות, נאָכן גרויסן אַנטשלאָסענעם און גאַר געלונגענעם אָנגריף פֿון דער רויטער אַרמיי אויף אַלע פֿראָנטן, וואָס האָט אומעטום ווייט געצויגן פֿאָרווערטס) — געמאַכט האָבן שוין אַלע הכנות צו זייער גרויסן און לעצטן קעגן־אָנגריף, וואָס איז אויך ענדלעך (נאָך געוויסע טיילווייזע לאָקאַלע הצלחות) דורכגעפֿאַלן און גורם געווען גרעסערע מפּלות און אַלגעמיינע צוריקצוגן. עס איז באַרעכטיקט

אפשר צו זאָגן, אַז מ׳טּ דעם איז געווען שוין דער אָנהויב פונעם סוף; פאַר אונדז אָבער, איז עס נאָך „ווייט געווען צום געלעכטער"... די העכסטע דייטשע פראָנט־קאָמאַנדע האָט באַשלאָסן קודם כל — אָפּרייניקן איינמאָל פאַר אַלע מאָל — אונטער פייער און אייזן־פּאַנצער — אַלע אינטערגעביטן אויף אַלערליי פראָנטן; אַלע וועגן זיכערן פאַר אומגעשטערטן פאַרשריט קעגן „באָלשעוויסטישן פיינט". מיט אַלע מיטלען זען אויסצומיידן יעדער מעגלעכער געפאַר און סיטואַציע, ווי אָרגאַניזירטע צי אומאָרגאַניזירטע פיינטלעכע כוחות זאָלן אימשטאַנד זיין אָפּשטעלן, פאַרהאַלטן אָדער אַפילו באַדראָען (אין קיין שום פאַלן ניט!) זייער שנעלן גאַנג פאָרווערטס — קורץ גערעדט: — אויסרייניקן די וועלדער פון פאַרטיזאַנער — אויסוואָרצלען און פאַרניכטן!

די אָפּענסיווע קעגן פאַרטיזאַנער און אַלע, וועלכע זיינען מיט זיי צוזאַמען, איז פאַר די דייטשן געוואָרן אויב אַזוי, אַן ערשטע אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט. טריי בלייבנדיק צו דער דאָזיקער אויפגאַבע און קאָנסעקווענצן אירע, האָט דער דייטשער גענעראַל־שטאַב איינגעשלאָסן דעם גאַנצן ווייסרוסישן פראָנט אין אַן ענגן אייזערנעם קלעם — וואָס האָט פון טאָג צו טאָג זיך איינגעקלאַמערט אַלץ מערער אַרום דער גאַנצער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג — פון ניעמאַן־בערעזינע־געביטן, פון מינסק—סמאָלענסק און מינסק—פּאָלאָצק און ווייטער — ביז אַרום אונדזערע קאַנטן. אַזוי איז געקומען אויך אונדזער רייע אין אַנדרייקער וועלדער; אין אַ פעברואַר־טאָג (דוכט מיר דעם צווייטן) 1943 איז אויף אונדז אויך אָנגעשטאַנען דער גרויסער בראָך מיט די שווערע פּלאָגנדע צרות. שוין אין גאַנץ פריען פאַרטאָג האָבן שיסערייען געהילכט איבערן וואַלד, ניט ווייט פון אונדזער באַזע; געהערט האָבן מיר דעם טומל און רעש פון פּאַנצער־וואָגן; געקנאַלן פון אויפגעריסענע גראַנאַטן און קאַנאָנען־קוילן, ווי אויך די הילכנדע קאָמאַנדע־באַפעלן. וואָס שפּעטער, זיינען שיסערייען אַלץ מער נאָענטער און שטאַרקער געוואָרן; אַ טומל איז געוואָרן, פאַרלוירנקייט און פולשטענדיקע דעזאָריענטאַציע. מען האָט שוין ניט געוווּסט, איינער פון דעם אַנדערן; מען האָט בכלל ניט געוווּסט וווהין צו לויפן... מיר האָבן גאָר פּלוצלונג געפונען זיך, אין אַן ענגן קלעם, וואָס ווערט פון שעה צו שעה אַלץ פעסטער און שטאַרקער געקלאַמערט אַרום אונדז... שונאים־מחנות לויערן אין וואַלד און אַרום וואַלד — מען איז געלאָפן אין טויט־שרעק וווהין פיס האָבן געטראָגן. מען האָט זיך שנעל געלאָזט ניט וויסנדיק וווהין, ווי און וואָס צו טאָן — ווי אַזוי אויסצומיידן אָט דער שרעקלעכער טויט זייענדער קאַנאָנאַדע. פיל זיינען ליגן געבליבן אויפן אָרט, אויף אייביק שוין פאַרשוויגן. אַנדערע, זיינען געטראָגן געוואָרן מיטן כוח פון דער אומגעהויערער אימה...

פון דעם טאָג אָן האָט אָנגעפאנגען אונדזער נע ונדישקייט; — ווו מיר האָבן געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט — ווי אַפּגעפאַלענע בלעטער געטראָגן מיטן כוח פון ווינטן זיינען מיר געלאָפן, טיילמאָל געשארט זיך לאַנגזאַם — איינציקווייז, ביי צוויי אָדער זאַלבעדריט, אָן תּכלית און ציל — אבי אנט־לויפן בלויז פון פייערדיקן גיהינום!...

— וואָס איז מיר אייגנטלעך געבליבן נאָך צו דערציילן פון לאַנגן שווערן וועג, פון שווארצע פינצטערע טעג; פונעם וואַנדערנדן נע ונד־געלויף? צי זאָל איך דערציילן וועגן טאָג־טעגלעכן צוועקלאָזן טיפן בראָדזשען אין געדיכטע בלאָטעס און זומפּן. אומבאַשיצט און אינגאנצן ניט געזיכערט פון דער געפאר איינצוזינקען און ניט אַרויס מערער? — אַלץ טיפער אריין אין זומפּיקער בלאָטע — קוקן בלייבנדיק אויף שטום־שווייגנדע הימלען וויסנדיק קלאָר, אַז אויב אַריינפאַלן וועל איך, וועט מיר שוין קיינער ניט קומען אַרויסנעמען, און טיפער וועל איך אַזוי איינזינקען און בלייבן ביזן סוף — אָן קיין שום געדע־כעניש?... פעלן מיר דאָך די כוחות אַלעס צו דערמאָנען, באַשרייבן און אַרומ־נעמען יעדן טאָג מיט זיינע פּורעניות און פּלאָגן. איך בין צו דעם ניט פעאיק. געיעגן און אָבלאַוועס אויף אונדז האָט מען פאָרגעזעצט מיטן גאַנצן ברען — אַ חוץ קליינע אָדער גרעסערע הפסקות, פון אַ טאָג, צוויי אָדער דריי, ווען דייטשן מיט זייערע מיטהעלפער האָבן אויפגעהערט צו שיסן, ניט ארויסגייענדיק פון וואַלד.

אָנגעהאַלטן האָט די בלאָקאַדע מיט אירע געיעגן (ווי אויבנדערמאָנט שוין) — אין פאַרלויף פון ווינטער־חדשים און פרילינג 1943 — ביז האַלב יוני אומ־געפער; ווען די לאַגע אין אונדזערע קאַנטן, האָט זיך טיילווייז געבעסערט. דייטשן האָבן געמוזט דאַן אָפּציען מערער כוחות אויף די פראָנטן ווו זייערע כוחות האָבן זיך איינגעבראָכן; זייער קעגן־אָנגריף איז ניט געלונגען; די רויטע אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן גלענצנדע נצחונות און אויף צוריק געשטויסן די פיינטלעכע אַרמייען. אויף אַנדערע שטחים איז אויך די פּאַרטיזאַנער גע־לונגען דורכצוברייסן זיך און אָפּשוואַכן דעם קלעם... אַ דאַנק דעם, איז אויך אונדז אַ ביסל בעסער געוואָרן... אויפגעהערט האָבן לויערנדע געיעגן; מען האָט דערווייל אויפגעהערט צו שיסן; — מען האָט דעם קאָפּ אויפהויבן גע־קענט, פון לעכער אַרויסגיין; — אַרויס אַ ביסל פון וואַלד איבער דערפער, כדי אַ שטיקל ברויט קריגן; עפּעס ממשותדיק צום עסן מיט גוטן אָדער אַפילו מיט בייזן — אין משך פון בלאָקאַדע־מאָנאַטן האָט מען דאָך געהונגערט.

וואָס מערער די נאַצי־פאַשיסטן מיט זייערע מיטהעלפער האָבן געדריקט די פּאַרטיזאַנער אין וועלדער און געטריבן זיי אין די זומפּן אַריין; אין טיפע געדיכטע בלאָטעס — מיט דער דייטלעכער אָפּזיכט, זיי דערווייטערן פון יעדן

ישוב; ניט דערלאָזן קיין שום פאַרבינדונג מיט דערפער און אַנדערע ווירטשאַפטס־באַזעס — אַלץ מער און נאָכמער דויערהאַפט ווי אויך אויסגעהאַלטענער, זיינען געווען די העזה און עקשנות ביי די באַלאַגערטע און אַרומגערינגלטע. די אַנטשלאָסנקייט צום קאַמף איז פון טאָג צו טאָג געוואַקסן און דערוועקט צווישן פּויערים אין גאַנצן אַרום, כבוד צום ווידערשטאַנד פון פאַרטיזאַנשצינע, ווי אויך אַ נויטווענדיקייט צו שעצן זיי אַלס גאָר אַ וויכטיקן פאַקטאָר. און וואָס אמת איז אמת; — די דאָרפישע קריסטן, די פּויערים אין כוטאָרס און הויפן האָבן אינגאַנצן געענדערט זייער באַציאונג צו פאַרטיזאַנער. אַפילו פאַר „ציוויליסטן־פּראָטעזשירטע" פון פאַרטיזאַנער ווי איך און אַנדערע מיינס גלייכן — האָט מען שוין דרך־ארץ געהאַט. עס איז שוין לייכטער געווען צו באַקומען עפּעס פון פּויער צום עסן. ווייל וואָס מער שטאַרקער איז געוואַקסן דער צאָרן און האַס קעגן דייטשן אָקופּאַנט און נאַציש־מערדערישן פאַרכאַפּער, אַזוי פאַרדאָפּלט געוואָרן זיינען אויך מיטליידס־געפילן צו די געליטענע קרבנות, ד. ה. צו יידן אין וועלדער. אין דער צייט וועגן וועלכער איך דערצייל, האָט מען שוין ניט געטריבן... און קיינמאָל פלעגט אַ ייד ניט אַוועק הונגעריק פונעם שטוב, ווהין ער האָט אָנגעשפּאַרט. קריסטן האָבן איצטער גערן געגעבן וואָס זיי האָבן געהאַט. און וויסן דאַרף מען ווי אויך געדענקען, אַז קיין סך איז זיי אויך ניט געבליבן, אויך ביי זיי האָבן דייטשן צוגערויבט פיל און געגזלט. אַפילו פּויערים וואָס האָבן ניט שטאַרק חשק געהאַט צו געבן, האָבן געגעבן כדי אויף קיין שום אופן ניט פאַרפּלאָנטערן זיך אין אַ געוויסן סכסוך מיט פאַרטיזאַנער און סימפּאַטיקער זייערע — סיי צוליבן גרויסן רעספּעקט פאַרן געוואַגטן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד, טראָץ דייטשע אָבלאַוועס און בלאָקאַדע; סיי אויס מורא פאַרן כוח זייערן.

גאַנץ אַנדערש איז געווען די באַציאונג פון קריסטן אין שטעטלעך און שטעט אַרום; זיי האָבן מערסטנטייל מיטגעאַרבעט מיטן דייטש און אָנטיילגענומען אין אַלע שחיטות און רציחות. זיי האָבן מיטגעהאָלפן אַפילו אויסצוגעפּינען יידן אין וועלדער — אויפן וועג צו דער פאַרטיזאַנשצינע; אַפילו קריסטלעכע פאַרטיזאַנער האָבן זיי אויסגעליפערט דעם פיינט. צענדליקער הונדערטער קריסטן פון קריוויטש, דאַלהינעוו, בודסלאַוו און אין נאָך אַזוינע שטעט און שטעטלעך אַרום אונדז, לעבן היינט נאָך און טראָגן אויף זיך די שולד איבער מאָרדן און טייכן יידיש בלוט. ניט צו אַלעמען דערגרייכט האָט אַ האַנט פון יידישער נקמה. וועגן דעם אָבער וועל איך ניט דערציילן דאָ; וועגן דעם דערציילן וועלן אַנדערע, וועלכע וויסן עס אַ סך מערער פון מיר.

דערווייל געניאָסן האָבן מיר פון אַ דריי־פיר חדשים „אָפּרו"; די בלאָקאַדע איז אַרונטער גענומען געוואָרן ווי אויבנדערמאָנט שוין, האַלב יוני 1943. אָפּגע־

שטעלט, וויניקסטנס אָפּגעשוואַכט, האָבן זיך געיעגן און אָבלאַוועס אויף פּאַרטיזאַנער ווי אויך אויף אונדז אין אַנדרייקער וועלדער. קריסטן אין דערפער האָבן אויך פריער אָפּגעאָטעמט; דייטשע שטראָף־עקספּעדיציעס צו מאָרדן, קאָנפיסקירן און פאַרברענען גאַנצע דערפער, זיינען דערווייל ניט געקומען — (אָפּצורעכענען זיך מיט פּויערים, פאַר זייערע פריינטלעכע פאַרבינדונגען מיט פּאַרטיזאַנער). אַדורכגעלאָפן אַזוי זיינען שוין אַלע זומער־מאָנאטן און האַרבסט 1943 האָט זיך אָנגערוקט; ווידער טרעפן פלעגן טעג, ווען דייטשן האָבן אויף אונדז אָנגעלאָפן, אַן „אָבלאַוועטשקע" דורכגעפירט, אָבער שוין ניט אַזוי שטאַרק ווי אין דער בלאָקאַדע; — אַ טאָג צי צוויי אָדער דריי און ווידער אויפגעהערט — שוין רואיק. געהערט האָבן מיר, געוווּסט האָבן מיר פון פּאַרטיזאַנער, פון פּויערים אין דערפער; אַז גיין גייט עס שוין — צי פריער אָדער שפּעטער — צו ענדע. אַ גרויסע אָפענסיווע פון דער רויטער אַרמיי אויף אַלע פראָנטן, איז שוין אין טאָט און גאַנג; דער פיינט ווערט געשטויסן צום ווייטערדיקן צוריקצוג — קריגנדיק גוטע קלעפּ, פאַרלירנדיק געווער און אַמוניציע, צאָלנדיק מיט בלוט און פאַרלוסטן גרויסע — פון טויטע, פאַרוווּנדעטע און קריגס־געפאַנגענע. פאַר אונדז זיצנדע אין וועלדער, איז אָבער נאָך אַ גרונט געבליבן זיך צו היטן, אנגסט האָבן און ניט פרייען זיך צו פרי. די נאַצישע הידרע איז נאָך צו שטאַרק געווען. אירע שאַרפע נעגל האָבן נאָך אומעטום געלויערט אויף אומשולדיק בלוט; גאַנץ ווייט נאָך פון אַנדרייקער אומגעגנט איז געווען די רויטע אַרמיי, וואָס איז אַלץ מערער געשריטן פאָרויס. מיר אָבער האָבן נאָך ניט געקענט אויפגעבן אונדזער מקום־מקלט — כדי מקבל פנים זיין די סאָוויעטישע אַרמייען. עס איז אונדז געבליבן בלויז צו וואַרטן — אויסקוקנדיק אויף אַ פראָוויאַנט־צוטיילונג איינמאָל אין אַ יובל פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב אָדער וואָס מען האָט פון פּויערים אין דערפער געקראָגן — מאַכנדיק אַ טור איבער די הייזער...

— אָט איז אויך שוין 1943 אַוועק, נאָכשלעפּנדיק דעם עק (לעצטע דעצעמבער־טעג). ווידער איז — אַפּנים לכבוד סילוועסטער און ניי־יאָר 1944 — אויסגעפירט געוואָרן אַן אָבלאַווע אויף אונדז. כ'ווייס ניט צי פון אייגענער האַנט און פּריוואַט־איניציאַטיוו — זיינען דייטשן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט פריילעך מאַכן „לכבוד יום־טוב" און העגט זייערע צעפּירן, צי לויט אַ באַפעל פון אויבן — פּלוצים אָנגעלאָפן אויף אונדז, ווער ווייס פון וואַנען און שיסן אָנגעפאַנגען. ביז וואָס־ווען, זיינען שוין אויך געפאַלן קרבנות. פּאַרטיזאַנער אין וואַלד האָבן באַלד אָפּגעענטפערט מיט אַ געקנאַל פון זייער זייט און עס איז געוואָרן הייס... פאַרנאַכט האָבן שיסערייען אויפגעהערט און עס איז שטיל געוואָרן...

פאַקטאָגראַפיש דאַרף דערביי באַמערקט ווערן אַ וויכטיקער פּרט; צו יענער צייט האָבן זיך שוין אין וועלדער באַוויזן (געזאָגט האָט מען, אַז אויך ניט ווייט פון אונדז) „פּאַרטיזאַנער" פון א צווייטן מין... איך אַליין האָב זיי ניט געזען. פיל מענטשן אָבער האָבן דערציילט. זיי זיינען געווען על פּי רוב אַנטלאָפענע דייטשן, וועלכע דעזערטירט האָבן צוזאַמען מיט זייערע מיטהעלפער; צווישן זיי אויך „וולאַסאָוועס" [6], פּוילישע, ליטווישע, ווי אויך אוקראַינישע געהילף־פּאָליציי און סתם שטעטלשע און דאָרפישע קריסטן, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט פריער מיטן דייטש און עס איז זיי איצטער „צו ענג" געוואָרן... געוואָלט האָבן זיי כלומרשט צו די סאָוויעטן אַריבערגיין ווידער און „אָפּטרייסלען" זיך אינגאַנצן, פריי ווערן פון „געשעפט"... דערווייל אָבער האָט מען רוצחיש דערמאָרדעט יידן אָנגעטראָפענע אויפן וועג אָדער „פאַרדעכטיקטע" פויערים־פּאַרטיזאַנער, געראַבירט, געגזלט. אַ צופעליקע באַגעגעניש מיט אָט די עלעמענטן אין וואַלד, אין דאָרף אָדער סתם אויפן וועג איז געווען זייער געפערלעך פאַר אונדז „ניט קעמפנדע פּאַרטיזאַנישע איינהייטן" ד. ה. פאַמיליען־לאַגערן.

— יאַנואַר, פעברואַר און מערץ 1944 זיינען שוין אויך שנעל אַוועק; דערגאַנגען זיינען צו אונדז ידיעות וועגן גאָר שאַרפע, עקשנותדיק־פאַרביסענע שלאַכטן אויף אַלע פראָנטן. געוווּסט האָבן שוין אַלע, אַז אומעטום האָבן סאָוויעטישע אַרמייען אָפּגעהאַלטן גלענצנדע נצחונות. די לעצטע דייטשע אָפענסיווע אויף מאָסקווע, אין 1943 איז נכשל געוואָרן אינגאַנצן ווי אויך נאָכגעשלעפּט אַ שווערן און לאַנגן צוריקציען זיך. ניט בעסער איז עס געווען אויך אויף אַנדערע פראָנטן. אויך די לאַנגע באַלאַגערונג פון לענינגראַד [7], די היסטאָרישע הויפּט־שטאָט און צווייטראַנגיקע סאָוויעטישע גרויסשטאָט — (לויט איר באַפעלקערונג, עקאָנאָמיק, ווי אויך קולטורעל־געזעלשאַפטלעכער און היסטאָרישער וויכטיקייט) איז שוין אויך אַרונטער גענומען געוואָרן (יאַנואַר 1944). געזאָגט האָט מען אַפילו, אַז אויך סמאָלענסק איז שוין פון אַלע זייטן באַלאַגערט און די רויטע אַרמיי שטורעמט ארום מינסק — אַלע דייטשע פּאָזיציעס אויפן ווייסרוסישן פראָנט האָבן זיך אַ וואַקל געטון; אַוועק איז די פאַנטאַסטישע לעגענדע וועגן דער „אומבאַזיגבאַרקייט פונעם דייטשן מיליטער". ניט קאָנסעקווענט אויסגעהאַלטן ביז צום סוף, האָט זיך אַרויסגעוויזן די לאָגיסטיק פון „דריטן

[6] וולאַסאָוו — אַ רוסישער גענעראַל און פראָנט־קאָמאַנדיר, וועלכער איז נאָך ביים אָנהויב פון דער מלחמה 1941 — צום דייטש אַריבער מיט דער גאַנצער ארמיי זיינער און געקעמפט קעגן די סאָוויעטן.

[7] לענינגראַד איז באַלאַגערט געבליבן און אָפּגעשלאָסן ארום און ארום, שוין אין סעפּטעמבער 1941 און ניט פריי געוואָרן פון בלאָקאַדע ביז יאַנואַר 1944.

רייך". פאַרן דייטשן גענעראַל־שטאַב אַפילו איז שוין קלאָר געוואָרן דער קאָנ־סעקוועגטער גאַנג פון דער ענדגילטיקער מפּלה. מען מוז שנעלער צוריקלויפן, ראַטעווען וואָס לאָזט זיך פון מענטשן־כוחות, פּאַנצער־וואָגן, קאַנאָנען און אויס־שטאַטונג — אויב ניט, וועט אַלעס בלייבן ביי די סאָוויעטן... ווידער איז די דייטשע פראָנט־קאָמאַנדע באַוויזן געוואָרן אָנצוגרייפן די פּאַרטיזאַנער או־מעטום, כדי צו פאַרזיכערן דעם וועג פאַרן לאַנגן און טיפן צוריקציען זייערן — כדי די אַלע „באַנדעס און באַנדיטן" זאָלן ניט אָפּשניידן זיי דעם וועג און אַריינשלעפּן זיי אין אַ סאָוויעטישער בלאָקאַדע.

אין זייער שנעלן צוריקלויפן האָבן ווידער אין מיטן מאַי 1944 — זיך שטורמיש אַריינגעריסן אין וועלדער, כוחות פון דייטשע אַרמייען מיט זייער נאָך שטאַרקער מלחמה־מאַשין — קעגן פּאַרטיזאַנער. אָנגעהויבן האָט זיך ווי־דער אַ בלאָקאַדע, דאָס מאָל פיל שווערער; צו אונדז אָבער איז עס צום גליק ניט דערגאַנגען מיט דער גאַנצער קראַפט. צו שפּעט... זיי האָבן שוין ניט באַוויזן — דעם 25־סטן מאַי 1944 האָבן סאָוויעטן אָנגעפאַנגען זייער דעצידי־רנדער אָפענסיווע. גאַר שנעל פאָרווערטס געשריטן האָט די רויטע אַרמיי און געשטורעמט אויף אַלטע פויליש־סאָוויעטישע גרענעצן... באַלד האָבן מיר גע־הערט, אַז זיי זיינען אַריבער די גרענעצן און באַפרייט שוין גלובאָקער ראַיאָ־נען; אַרום ענדע פון דריטער וואָך אין יולי האָבן מיר געוווסט, אַז קריוויטש — דאָס חרובע היימשטעטעלע אונדזערס, איז שוין באַפרייט דורך סאָוויעטן — מען קען שוין גיין צוריק „אַהיים!"...

## „אַהיים" געקומען און גיי ווייטער

### אויף קברים און חורבות

כ'ווייס אויך היינט ניט — ווער געבראַכט האָט די בשורה, ווי אַזוי איז געקומען די ידיעה — ווי פאַרשפּרייט האָט זיך פּלוצלונג אַ מין שטימונג; צוריק אַהיים! — אין קריוויטש, קיין דאַלהינעוו, אין מיאַדל — אַלע צוריק צו זיך, פון וואַנען מען איז געקומען...

— אַזוי בין איך ווי אַנדערע מיטגעריסן געוואָרן מיטן ווילן און דראַנג, צוריקקערן אין היימשטעטעלע — כאָטש אויף איין רגע אַפילו ניט פאַרגעסן האָב איך, אַז חרוב איז מיין היים און איך האָב שוין ניט קיינעם דאָרט. צו־זאַמען מיט רייזלען, אירע שוועסטער העניע און רבקה, איר קליין טעכטערל מיניע־ליבע ווי אויך מיינע צוויי אויבנדערמאָנטע „שוועסטער", האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט צוריק גיין אין אונדזער היימשטעטעלע. צי דען האָט אונדז

טרעפן געקענט דאָרט עפּעס אומדערוואַרטערהייט? צי איז בכלל געווען אַ זאַך, וואָס זאָל אונדז קענען איבעראַשן? — עס איז דאָך שוין קלאָר געווען פאַר אונדז אַז יחידים, איינציקע יידן בלויז האָבן זיך געראַטעוועט און געבליבן לעבן — קוים איינער, און איינער פון זייערע משפּחות, ניט יעדע משפּחה איז זוכה געווען צו דעם...

— אָט זיינען מיר שוין געקומען „אַהיים"... משתומם געוואָרענע און פאַר־גאַפטע זיינען געבליבן שטעטלשע קריסטן; ניט גערעכנט האָבן זיי זיך אויף דעם — עס זאָל נאָך ווער ניט איז פון יידן צוריקקומען... איינצלנע קריסטן בלויז, מענטשן און יידנפריינט — וואָס אויף די פינגער איז אַפילו שווער זיי צו ציילן — האָבן אין אונדזער קומען געזען אַ פאַרשטענדלעך־נאַטירלעכער דער־שיינונג. „אַקטיווע" רוצחים, דערטרעגער צו דייטשן און מערדער, וואָס האָבן אַליין אויך זיך באַטייליקט אין רציחות און גרויסער שחיטה, האָבן זיך שוין נאָך אונדזער צוריקקומען די ערשטע טעג ניט געוויזן און אויסבאַהאַלטן זיך; מען האָט פאַר יעדן פּרייז געזוכט אויסצומיידן, זיך טרעפן מיט עמעצן פון די געליטענע. די איבעריקע — „שטילע" קריסטן, וואָס האָבן באמת אָדער כלו־מרשט ניט אָנטייל גענומען אין אַלע מאָרד־אַקציעס — געשוויגן האָבן אויך איצטער ווי דעמאָלט. זיי אַלע האָבן דאָך אויך „שטילערהייט" גענאָסן פון רא־בירן יידישן האָב און גוטס.

אָט אַזוי, אין מיטן העלן טאָג איז געווען אונדזער באַווייזן זיך אין היימ־שטעטעלע; מיר זיינען שטיין געבליבן אין מיטן גאַס. קיינער האָט אין שטוב ניט אַריינגעבעטן... געגריסט אונדז און געוווּנקען האָבן הייזער מיט טירן צע־פראַלטע, מיט פענצטער אַרונטערגענומען אָדער צעהאַקטע; הויל־נאַקעטע ווענט האָבן אָפּגערופן זיך שטום. אין האַרצן ביי זיך האָט יעדער געהערט דעם אָפּקלאַנג פון אייגענע נשמה־שטימען אין ליכט פון חרובע הייזער, וואָס האָבן געשטראָפט, געטאַדלט און געעצהט: גייט אַוועק פון דאַנען... עס איז ניט צו לעבן...

אַוועק איז שוין אַ נאַכט, א טאָג! ווידער נאַכט און ווייטער טאָג — און איך מיכלע אַן איין־איינציק צווייג פון מיין שטאַמבוים, פון מיין משפּחה — דריי מיר אַליין אַרום אויף דער רוצחישער וועלט אין מיין קליין געליבט היימ־שטעטעלע. אַרום מיר — אַלץ ליידיק און פּוסט; אויפן האַרצן חושך, און ביטער איז אויף דער נשמה. זאָג זשע דו ריבון העולמים! ווען נאָך ווען אַמאָל דער חושך צערינען, ווי אויך מיר און מיינס גלייכן לעבנס־ליכט און אַ פּיצל פרייד ברענגען? — כ'האָב ניט קיין מנוחה אויף איין אויגנבליק אַפילו; כ'קען ניט רוען. גיי איך איבער גאַסן סתם צוועקלאָז — ווייל אַלץ איז מיר נאָענט און טייער — ביז צו יעדן קלענסטן ווינקל... און דאָך — קוקט אַלעס אויף מיר

און נעמט מיר אויף ווי א פרעמדער, דעמאָנסטרירנדיק אַ פיינטלעכן שווייגן לגבי מיר. וואָס מיינט דען דאָס פיינטלעכע שווייגן אַרום מיר — פון מענטשן, פון אָרטשאַפטן, פון לאַנדשאַפט־שטריכן? — אַפילו אויך די באַליבטע אַלעען פון „די בוימאַלעך״ קוקן מיר אָן בייז, אַזוי צוריקגעהאַלטן אויסטערליש ווי צום ערשטן מאָל, וואָלט איך אַדורך פאַרביי. פאַרוואָס? אויף די אָרטשאַפטן אַלע, צווישן די אַלעען און בוימעלעך האָב איך דאָך ווי אַ יוגנטלעך מיידל, אַלס „באַקפיש״ געוויילט. מיט חברים און חברטעס געטרוימט, פאַנטאַזירט ווי אויך פריילעך געווען. פאַרוואָס זשע קומט מיר אויס צו זען איצטער דעם טייך דעם זילבער־טונקל־בלוילעכן סערוועטש — ווי ער נעמט מיר אויף אומווייליק און ברוגז? ניטאָ ווו זיך אהינצוטון; כ׳וויס גאָרניט ווי אַזוי איינצושטילן די שטור־מישע נשמה־ברויזן. טראָגן באמת די אַלע פון אַרום דעם כעס אויף מיר, צוליב דער העזה לעבן צו בלייבן? דאַרף איך, מיכלע — אַן איינציק געבליבענע פון מיין משפחה שעמען זיך מיט דעם, וואָס איך לעב און וויל לעבן?

— צעשפילט האָט זיך ווידער מיין אינערלעכער אומרו; כ׳גיי צוריק שוין אין שטעטל און ווידער הייזער אויסגעליידיקטע, חרוב און וויסט; — אָט איז דאָס הויז פון די שולמאַנס. אַ גרויס־פאַרצווייגטע משפחה, אַ טיכטיקע און טוערישע. איז ווער פון זיי געבליבן? — אַ ווו זיינען אהרון, ירמיה זיצנ־דיק שוין אין וואַלד, האָב איך געהערט די אומעטפולע ידיעה; דערציילט האָט מען, אַז קריוויטשער בחורים האָט מען פאַרשיקט — אַזש אין דאַכאַו. אַרום סוויר ביי קאָבילניק האָט מען געכאַפּט זלאַטען מיט זלמנען, (יעקב קאַצאָוויטשעס זון און טאָכטער, איינעם פון די שולמאַנס, און ווער נאָך ווער ווייס — אָט אַזוי ווערט אַ גרויסע וועלט אַזוי קליין... און קריוויטש שפּאַרט אָן אין דאַכאַו...

אָט גיי איך אַדורך פאַרביי דער שטוב פון גרשון טאַוגער — אַ שטוב איז עס געווען, אַ דויערהאַפטער און טעטיקער צענטער פונעם געזעלשאפטלעך־קולטורעלן און נאציאָנאלן לעבן, אין פארלויף פון כמה יאָרן. אַ צענטראל־רעזערוואַר פון לעבנס־ענערגיע און טעטיקייט; אַ גאָר וויכטיקער לעבנס־אָדער פון יידישן קריוויטש. וויפל פלענער, וואָס זיינען אויספלאַנירט דאָ, פאַר־ווירקלעכט אויך געוואָרן; — מיט מסירות־נפש דורכגעפירט און עקשנותדיק אויסגעפירט. געצויגן האָבן זיך פאָדעם פון דער טאַוגער־שטוב צו דער קריווי־טשער יידישער פאָלקס־קאַסע „גמילות־חסד״, צו „יעקאָפּאָ״ אין ווילנע און אין וואַרשע — צום ציוניסטישן צ. ק. אין פוילן; צום דירעקטאָריום פון קרן־קימת; צו דער „הנהגה הראשית״ פון „השומר הלאומי״ און נאָכדעם, צו דער „הנהגה״ פון „הנוער הציוני״ ווי אויך — ניט צו לעצט אין דער וויכטיקייט, צום „מרכז תרבות״. איז דען אין דער שטוב ניט באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ „בית־ספר עברי״, אַ תרבות־שול, ווי אויך מאַכן ריזיקע אָנשטרענגונגען כדי

אויסצובויען אַ ספּעציעלן בנין פאַר דעם? וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַל־שווערע אונטערנעמונג, איז עס געווען פאַר אונדזער שטעטעלע!... און אָט שטייט די שטוב איצטער פאַרזוואָרלאָזט און הפקר מיט אַ צעפּראַלטער טיר און אַראָפּגענומענע פענצטער — פוסט און וויסט...

— ניטאָ מער די גוטע באַשיידענע באַדאַנקע, ווי אַ טויב שטיל און טיכטיק־טועריש ווי אַ בין. שטענדיק גרייט צו יעדער פאַראָרדענונג, מיטאַרבעטן צו יעדער ווענדונג און ביטע. ווי גרויס איז געווען איר לוסט עולה צו זיין אין ארץ־ישראל. אַזוי איז זי אויך געבליבן מיט אירע זעלבע אייגנשאַפטן — ביז דעם ענדגילטיקן טראַגישן סוף. אַזוי איז זי אויך שטענדיק און ניט פרעגנד גרייט געווען צו יעדער מיסיע אין וואַלד, אין פּאַרטיזאַנשצינע. אַזוי איז זי געפאַלן אין קאַמף און איך ווייס אַפילו ניט ווי און ווען — און אַ ווו איז איצט מאָטקע, זיין פאָטערס רעכטע האַנט ווי אויך אַליין אַלס שטעטלשער טוער, דער „חלוץ״ פון „קבוץ הכשרה״, וואָס איז גרייט געווען שוין עולה צו זיין? ווו איז מיין חברטע קלאַרע? איך ווייס אַז זיי זיינען אנטלאָפן... לעבן זיי, וועלן זיי נאָך צוריקקומען?

— איך בין שוין ווייטער אַוועק, צוועקלאָז — אָן תכלית; די פיס טראָגן, אויגן זוכן... איך בין געגאַנגען. אַלעס אין מיר איז מיטגעגאַנגען און ניט גערוט. נאָענטע און טייערע הייזער ווידער... אָט איז די שטוב פון כלאַוונע שטיינגאָלד — די שטוב פון מיין גליקלעכער חברטע זלאַטקע. זי איז די איינציקע פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך ארויסגעריסן און זיצט אין ארץ־ישראל. זי איז דער ערשטער שוואַלב געווען פון אונדזערע חברה. מיר אַלע האָבן געדאַרפט איר נאָכפאָלגן און פאָרזעצן דעם וועג. מיין חברטע, זהבה! (אַזוי הייסטו היינט) צי דען ווייסט דו, וואָס איז דאָ מיט אונדז געשען? איז אונדזער גזר־דין דיר באַקאַנט? ניטאָ מער דיין טאַטע־מאַמע שטוב. פונקט ווי אַלע אונדזערע איז זי חרוב און פאַרוויסט... ניטאָ מער דיינע ברידער און שוועסטער; ניטאָ אברהמקע; הילקע און עטקע דיינע זיינען אויף אייביק שוין באַפריינדעט מיט מיין משה־שמעונען... דיין פאָטער — א שטאָלצער ייד און מענטש, אַ שליח־ציבור, וואָס האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר אונדז אַלע; פאַר אַלע יידן אין שטעטל האָט ער זיך איבערגעגעבן די רוצחים; ער איז ניט מער צוריק געקומען — אויף קידוש השם געפאַלן איז ער ביי באַריסאָוו. וועל איך נאָך אַמאָל דיר זען זהבה? וועלן מיר נאָכאַמאָל שטילן קענען אונדזער נשמה־געוויין — טרייסטנדיק זיך מיטאַנאַנדער?

פאַרזונקען אין ימען פון געדאַנקען, זכרונות, רעפלעקסן און געפילן, וואָס האָבן מיר פאַרפלייצט, אַז איך האָב זיך פארכלינעט — האָב איך געהערט פלוצלונג מיין נאָמען אָנרופן אַ פאָר מאָל. איך האָב אויפגעוואַכט פון מיין פאַר־

טראַכטן זיך אַון אַ קוק געטאָן אַרום מיר! איך האָב באַמערקט, ווי מאַריאַשע באָטוויניק לויפט צו מיר אָנרופנדיק מיין נאָמען. כהרף עין זיינען מיר שוין געוואָרן איין איין וויינענדער מאַסע צונויפגעגאָסן — זי און איר מאַן אַליע זיינען פון גאָר די ערשטע ניט לאַנג צוריקגעקומען אין שטעטל. מיר האָבן ווידער אַ קוק געגעבן איינער אויף דער צווייטער און געוווּסט האָב איך שוין, אַז עס איז פאַרשפאָרט צו פרעגן; כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז שיינקע (ציפּילע־וויטש) — איר שוועסטער און מיין חברטע, פון די אַקטיווע אין אונדזער אָר־גאַניזאַציע — וועט שוין קיינמאָל ניט זיין צוריק צווישן אונדז; זי איז אין וואַלד אומגעקומען. טרוימערישע און שטיפערישע שיינקע! טאָג און נאַכט אין חלום און אויפן וואָר — האָט זי זיך אויף הכשרה געריסן — עולה צו זיין און באַפרוכפּערן די ארץ־ישראל ערד — ווי זי האָט שטענדיק געטענהט. (ווי גרויס איז געווען איר פרייד ביים אָפּפאָרן פון אונדזער זהבה, אין 1935, אונ־דזער ערשטע חלוצה נאָך אַ לאַנגער הפסקה; גלייכצייטיק האָט זי אויך איר זייער מקנא געווען). איצטער באַפרוכפּערן איר וויטאַליטעט אירע ביינער און לייב, בלוט און לעבנס־זאפטן —— די וואָרצלען פון בוימער, אין א פרעמדן אומ־באַקאַנטן וואַלד...

נאָכן ערשטן ווערטער־אויסטויש האָבן מירביידע געשוויגן און מער קיין וואָרט ניט גערעדט. דאָס שווייגן אָבער האָט פיל מערער גערעדט און אויס־געדריקט ווי יעדער מאָס פון ווערטער. עס איז געווען אַ בולטער אויסדרוק פון אַ רעזומירטן סך־הכל — לגבי דער קעגנוואַרט ווי אויך פון אונדזער ראַט־לאָזיקייט און פאַרלוירנקייט — בנוגע דער אומקלאָרער צוקונפט. גוט געוווּסט האָבן מיר ביידע, אַז צום באַדויערן מוזן מיר דערווייל נעמען בויען אונדזער לעבן פון דאָס ניי אויפן אָרט, אין שטעטל — צווישן חורבות און קברים אין דרויסן ווי אויך אויף וויסטענישן און חורבן ביי זיך אין די נשמות — אָן קיין שום פונק פון גלויבן, אָן אַ מינדעסטער האָפענונג, צי וועט בכלל האָבן אונדזער לעבנס־וועזן אַ געוויסן טעם פון ממשות. ווייל אַלעס וואָס אין אונדז און אַרום אונדז טוט רופן און אַלאַרמירן: — גייט אַוועק! — עס איז ניט מער צו לעבן דאָ!...

מאַריאַשע איז עס געווען וואָס האָט צוערשט איבערגעריסן דאָס שטיל־שווייגן אונטערצייכענענדיק, אַז מיר טראַכטן וועגן איין און דאָס זעלבע; וועגן אָפּטראָגן זיך פונעם שטעטל. פריער אָבער ליגט אַ חוב אויף אונדז אַלע — אָפּרעכענען זיך אויף וויפל עס איז מעגלעך מיט אַלע אונדזערע „גוטע ברי־דער" אויפן אָרט — שטילן כאָטש די הערצער מיט איין פּיצל, איין טראָפּן פון נקמה!... וואָס פריער און ווי שנעלער אויסגעבן אַלע אַקטיווע רוצחים, דער סאָוויעטישער מאַכט. וואָס שייך צו איר, איז זי אויך גרייט גאַנצע נעכט ניט

שלאָפן און גאַנצע טעג ניט רוען — אַלעס טון וואָס מערער שולדיקע אין מאָרדן און שחיטות — צום משפּט צו ברענגען. דאָס וועט אמת, ניט אָפּמעקן די קברים אומעטום און ניט אויפלעבן צוריק אונדזערע טייערע; דאָס וועט אַפילו ניט לייכטער מאַכן און ניט לינדערן די ברענענדע ווייטיקן און וויסטעניש־געפילן אין אונדזערע הערצער. מיט דעם וועלן זיך ניט פאַרברייטערן אויך וועלכע עס איז אויסזיכטן ווייטער צו בלייבן דאָ, אויף די קברים פון אונדזערע נאָענטסטע, צוקוקן און צוזען ווי אויך מיר אַליין זיינען אויסגעלאָשענע, גע־בליבענע האַלאָוועשקעס. עס וועט אָבער אין אַ געוויסער מאָס שטילן דעם ברויזנדן שטורם פון אינערן. איך האָב לאַנגזאַם באַמערקט דערביי, אַז פריער פון אַלץ אַפילו פריער פון נקמות, מוז מען אָפּגעבן צייט און געדולד ווי אויך כוחות אויפצוקלייבן די רעשטלעך פון אונדזערע קדושים און ברענגען זיי צו קבר ישראל, אויפן געשענדעטן בית הקברות אונדזערן און מיט דעם אָפּ־רייניקן אים און ווידער פאַרהייליקן.

מיר זיינען באַלד אַוועק צוריק אַהיים און גענומען באַטראַכטן ווי אַזוי אויסצוהאַלטן, די ערשטע ווייטער קומענדע טעג און וואָכן.

## איבערפּלאַנץ און לעבן אויפסניי — אויף אַ אַנדער ערד

די ערשטע טעג שוין נאָך מיין צוריקקומען אין שטעטל, האָט זיך צווישן אונדז געוויזן אַן אומבאַקאַנטער יידישער יונגערמאַן, וואָס האָט שטאַרק געצויגן אויף זיך מיין אויפמערקזאַמקייט און פאַראורזאַכט דאָס ציטערן פון פאַרבאָר־גנסטע דינסטע פאָדעם און סטרונעס, אין הארץ און נשמה. ווי עס איז אין קורצן קלאָר געוואָרן נאָכדעם, איז עס אויך געווען געמיינזאַם און קעגנזייטיק... צווישן אונדז אַלע געווען איז ער אַ „פּנים חדשות"; קיינער האָט אים פריער ניט געקענט.

ער איז אַ פלעשצעניצער געווען פון דער באַריסאָווער אומגעבונג, וואָס האָט נאָך דער בלוטיקער יידן־ליקווידאַציע אין זיין היימשטעטעלע — געענוג מוט געהאַט אַנטלויפן פון די „הריגה־גריבער" ממש און צוזאַמען מיט זיין פרוי און זונעלע, מיט דער שוויגער און שוועגערין דערשלאָגן זיך אין איליע. דאָרט האָט ער זיך אויפגעהאַלטן, געארבעט און געלעבט ביז צו דער ליקווידא־ציע פון לעצטע יידן אין איליע. טרויערדיק שווער און ליידנפול איז געווען נאָכדעם זיין וועג צום לעבן. דורכגעמאַכט האָט ער נאָך אַ שטיק צייט אַלס שמיד און „טישלער" אויף דייטשע וואַרשטאַטן אין ווילייקע — ביז געפונען האָט ער דעם וועג צום פאַרבינדן זיך מיט פאַרטיזאַנער און צו זיי אַריבער־לויפן. אונטערמינירנדיק די וואַרשטאַטן, האָט ער טראָץ דער קעגנערשאפט

פון זיין פרוי (וואָס האָט ניט געוואָלט מיטלויפן) אנטלאָפן ענדלעך פון ווילייקע. ער איז געוואָרן אַ קעמפער מיט געווער אין האַנט, קעגן אַלע בלוטיקע שונאים אונדזערע. און אַזוי — ביז דער באַפרייאונג פון אונדזער סביבה דורך דער רויטער אַרמיי. ער איז שוין נאָכדעם געבליבן אין דער אומגעגנט; גאַנץ אָפט געקומען אין שטעטל. שפּעטער זיך איינגעאָרדנט אויף אַרבעט אין שטעטל גופא און מיט אונדז געבליבן.

אָט אַזוי, האָב איך יענע טעג קענען געלערנט בן־יעקבן, וואָס איז שוין צו אונדז קומענדיק, גוט באַקאַנט געווען מיט זיין גורלדיקער לעבנס־ווירקלעכקייט; געוווּסט האָט ער שוין גוט, אַז קיינער פון זייניקע, וואַרט ניט מער אויף אים... פאַראלמנט און פאַריתומט איז ער געבליבן... זיין פרוי און זונעלע, וואָס געבליבן זיינען אין ווילייקע ביזן לעצטן טאָג, ביזן אָפּטרעטן פון די דייטשן, זיינען אויך דעם זעלבן טאָג אומגעקומען מיט דער לעצט ביסל געבליבענע יידן. די מערדערישע רוצחים פון ס. ס. האָבן ניט פאַרליידן געקענט דעם פאַקט, וואָס זיי לאָזן איבער עטלעכע יידן מיט אַ פּאָר פרויען און קינדער. זיי האָבן אויפגעזאַמלט די אַלע, אַרויסגעפירט אויסערן שטאָט און אַלעמען אריינגעטריבן אין אַ דאָרפיש בעדל — וועלכן מען האָט אויך גלייך אונטערגעצונדן. אַזוי זיינען אַלע אין פייער און רויך אומגעקומען. איז עס דאָך שוין בדרך הטבע גאַנץ קלאָר און פאַרשטענדלעך; דער מענטש, אַ פרעמדער אינגאַנצן — וואָס איז אַליין און עלנד געבליבן, פון אַ גאָר גרויסער און פאַרצוויגטער משפּחה, געזוכט האָט צווישן אונדז וואַרעמקייט און מיטלייד... געוואָלט מקורב ווערן און צוגעטוליעט צו יידן, וואָס זאָלן פאַרטיפן זיין אינטערעס צום לעבן און צוטיילן אַ געוויסן טעם און ממשות די ביטערע קעגנוואַרט־טעג. אַזוי איז ער געוואָרן גאָר שנעל אַ טיכטיקער מיטגליד אין דער קריוויטש־צוזאַמענגעקליבענער משפּחה; אָנטייל גענומען אין יעדן אויפטו און פיל געמיט זיך אונטערצולייגן יסודות צו אַ צייטווייליקן לעבן, פון יידן געבליבענע אין שטעטל. ווי אַלע געמיט האָט ער זיך און מיטגעהאָלפן, געפינען און אויפזאַמלען די רעשטלעך פון קריוויטשער קדושים.

— אזוי איז ער געוואָרן אויך מיין גוטער און באשערטער לעבנס־חבר אויף דער לאַנגער וייטער וועג. צוויי טרוקענע, אָפּגעדאַרט־אַנטריסענע צווייגן פון זייערע שטאַמבוימער, באַהעפט האָבן זיך... און קוקט זיך צו צום גרויסן וווּנדער! זיי האָבן זיך איינגעגלידערט... אַ געמיינזאַם וואָרצל ווידער אויפגעלעבט און אנטוויקלט — ווידער רייף געוואָרן צום איבערפלאַנץ און איבערוואַקסן — אין אַ נייעם שטאַמבוים... נאָר אזוי קען איך קוקן מיט אויגן ליכטיקע אויך דער נאָענטער און וויטערער צוקונפט, אויף ווייטערע טעג און יאָרן...

מיר זיינען ניט די איינציקע געווען אין שטעטל, וואָס האָבן חתונה געהאַט — צוהערנדיק זיך צום גורלדיקן רוף פון אונדזערע בלוטן און צום ווידער אויפגעשפּרודלטן לעבנס־דראַנג, וואָס האָט שוין אַליין פאַר זיך פאַרקערפּערט איינער פון די גרעסטע נקמות אין דעם שונא, ווייל מיר לעבן און זיינען פריי!... באַלד האָבן זיך אויך צוריק אומגעקערט אין שטעטל, נאָך אַנטלאָפענע און פאַרשטויסענע, אומגעקערט האָט זיך מאַטקע טאָוגער, וואָס האָט געהייראַט מיט ר׳ יהושוע בונימאָוויטשעס טאָכטער, שפרה. זיין שוועסטער קלאַרע, וואָס האָט געהייראַט מיט לייזער שודן; פעשע־לאה אהרונס א. אַ., וואָס האָבן געטון דאָס זעלבע. די אַלע האָבן געהייראַט, פאַרלייגט יסודות צו משפּחה־לעבן און געוואַרט אויף אַ נייער לעבנס־זון; אויף אַן איבערפלאַנץ אין אַן אַנדער באָדן. און דערווייל, געמוזט האָט מען זיך צוגעוווינען אויפן אָרט.

— די פאַריתומטע גלידער פון דער קריוויטש־צונויפגעזאַמלטער משפּחה, וועלכע באַהעפט האָבן זיך אויפסניי, האָבן גוט געפילט די ברכות און צושטימונגען פון זייערע דערמאָרדעטע נאָענטסטע און טייערסטע — אין דער לופטן, איבער זייערע קעפּ. זיי אַלע האָבן אויפגענומען זייער צוואה־באַפעל און פאַראָרדענונג צום לעבן... און ווען איך בין מיט מיין מאַן און לעבנס־חבר אונטער דער חופּה געשטאַנען — געשוועבט איבער אונדז האָבן אַ מחנה, אַן עם רב פון זיינע און מיינע טייערסטע. איבער אַלע, איבער אַלץ און אַלעמען געטראָגן האָט זיך אַ שעפּטשע פון אַ קליין קינד... געגריסט האָט ער זיין טאַטן ביי זיין שמחה... און דאַן, געבעטן האָב איך שוין דעם אַלמעכטיקן, כ׳זאָל דערלעבן צו זיין אַ מאַמע, כדי ער זאָל ווידער אַ טאַטע ווערן פון לעבעדיקע קינדער!...

וויט בין איך שוין היינט, פון קריוויטש און יענע בלוטיקע טעג — וועגן וועלכע דערציילט האָב איך אין די אָנגעפילטע שורות אויף די שפּאַלטן פון יזכור־בוך. איך לעב היינט אויף אַן אַנדער ערד. מיר האָבן צוויי גוטע קינדער, זיי זאָלן געזונט זיין. אונדזער טאָכטער האָט געהייראַט שוין. איך פיל, אַז דערלעבן וועל איך אויך אייניקלעך... מיין בן־יעקב געזונט זאָל זיין איז לעבנס־פול און טיכטיק. מיר פילן אַז עס מאַנגלט אונדז ניט און עס פעלט אונדז גאָרניט... שוין פיל מאָל שוין באַזוכט האָבן מיר אונדזער מדינת ישראל — דעם שטענדיקן דאַך איבער אונדזער לעבן און אַלגעמיין יידיש לעבן, אויך פון יעדן ייד אויף דער וועלט. (אַזוי גלויב איך!) איך טו אין האַרץ אַ תפילה אַ הייסער, כ׳זאָל נאָר זוכה זיין צו קומען און לעבן אונטערן דאָזיקן דאַך... ווייל אויך היינט, ביים אָפּשליסן דעם קוואַל פון זכרונות פיל איך, אַז מיר פעלט ניט פיזיש — (קיין דאַך איבערן קאָפּ, כ׳האָב אים אויך אין קאַנאַדע) נאָר מאָראַליש, גייסטיק — אַ דאַך איבערן לעבן.

מינה וראובן פינגר / **חיפה**

# יזכור לקהילת קריביץ'

בנטות שמשנו להעריב, מבעד להיבטים ממרחקי תחומים של זמן ומקום והילכי נפש — שבנו אליך בעיני רוח קריביץ' עיירונת יהודית פעוטה ולבבית, שאיננה עוד — כי יהודייך נטבחו כולם ותמו מארץ החיים (פרט ליחידים וספורים) ואת, נמחקת ועברת מן העולם. ואפילו גואלייך שליטייך מאדירים כיום שמך כאתר שהוא מרכז האיזור,[1] אינך קיימת עוד ולא תהיי כפי שהיית.

הרינו זוכרים לך חסד נעורים; הן שימשת לנו אחת מתחנות מוצא ראשונות בדרכנו, דרך החיים כבני אדם מישראל וכציונים נאבקים לעצמאות ישראל במולדתו ההיסטורית. פרק זמן קצר בלבד שימשנו בך כמורים חורשי תלם ראשון בשדה חינוך עברי לאומי חדש. לא המשכנו, כיוון שמגמת פנינו היתה לעלות לארץ־ישראל — לבנותה ולהיבנות בה. לא קל לנו איפוא לשוב ולהעלות מראותייך ודמויות יהודייך כיום — לאחר תקופה שלמעלה מ־52 שנה מעת שעזבנוך ולאחר 50 שנות שבתנו בארץ־ישראל, בבית חיינו. לפיכך לא יהיו הזכרונות בבחינת „מישנה סדורה" כי אם קטעי־קטעים ואולי שברירי־שברירים גרידא כיוון, שרבים רבים הטשטושים בהם — בגין נסיבות החיים, התנאים ושיני הזמן. כל שעבר עלינו משך תקופה ארוכה זו הן מבחינה אישית־משפחתית והן מבחינה לאומית־חברתית, לא חלף מבלי להשאיר אותות עמוקים שכירסמו בנו וגם במגרות הזכרון.

אכן, חביבות מאוד היו עלינו אותן עיירות קטנות מרוחקות ונידחות בפלך ווילנא, אליו השתייכנו; אהבנו בייחוד את עיירות הירכתיים אשר היו רחוקות מעורקי התחבורה הסואנים ואף מעורקי המישנה הצדדיים — הדרך אליהן היתה בעגלה או ברגל משום שרכבת טרם הגיעה עדיהן. הן אלו היו גם מחוז ילדותנו ונעורינו. באותן שנים טובות ורחוקות (וגם לאחר מכן) ישבו בהן יהודים יקרים, פשוטים ותמימים עם אל ואדם, בעלי אמונה ובעלי בטחון איתן שעמד להם בכל זמן ועידן ובכל מרעין בישין ופורענויות. יהודים שכה היטיבו לתארם שלום אש („בקידוש השם" — „החייטון" מוכר הבטחון), פרץ ב„שלשלת הזהב" ובסיפוריו „מפי העם", י. ד. ברקוביץ' ואחרים. אותם יהודים בלטו בשרשיותם היהודית המיוחדת, בייחודיותם האופיינית והבלעדית בסגולות נפש, יקר ותפארת אנוש. כזה היה האדם בקרב יהודי העיירות, אם כי בתנאי החיים נבדלו ולכל קהילה גוון

[1] האנציקלופדיה הסובייטית הגדולה, הוצאת 1953.

משלה — בהתאם לענפי הפרנסה ושבילי הכלכלה שלא נסגרו בפניהם. אך יש להדגיש כי ההבדלים לא היו מהותיים. הן פרנסתם של יהודים באותן קהילות זעירות ואף פעוטות, לא היתה קלה כלל ועיקר. מסחר זעיר ומלאכה במתכונת זעירה — סדקים וחרכים גרידא בכלכלת מדינות מגוריהם — שלא נסגרו בפניהם כליל. להגיע למעמד של חנווני בעל חנות, היווה עבורם אתגר לעלייה וקידום בשלבי החיים והחברה. ימי השוק השבועיים (בכל עיירה) נתבלטו כגורם חשוב בכלכלת הקהילה ושימשו גם אבן שואבת ליהודים בני עיירות סמוכות שנהו אהדדי מכל יום שוק בסמוך למקומם על־ידי הבאת מיני פרקמטיא משלהם לאותם „ירידים" שבועיים — על־מנת למכרם לאיכרי הכפרים. הנה כי כן; — כל ימות השבוע התרוצצויות וטלטולים תוך מירדף בלתי־פוסק אחרי הפרנסה המרודה, שלעולם לא נתגלתה כמספקת והמחסור היה בבחינת אורח תדיר בבתי יהודים — פרט לבני שיכבה דקה ביותר, יחידים וספורים כמובן אשר פרצו להם דרך לעיסקי יער, תבואה וענפי תוצרת חקלאית.

ברם, ראה זה פלא! כל אותם לבטים קשים וטלטולים, מירדף והתרוצצויות — הוסרו כבמטה קסם עם כניסת השבת, אשר האצילה עליהם מאורה והעטתה עליהם הילת שקט ונועם ומילאה אותם יראת־כבוד וחין ערך, נשמה יתירה שיסודה בקדושת הרוח. אותם פנים שעמסו משך כל ששת ימי החולין ענני דאגה ונתכרכמו מעול האחריות הגדולה, כיצד יעלה בידם להביא מזון ולבוש לבני ביתם ואיך יעשו שבתם? לבשו פתאום חדווה ועטו גיל בהסתמכם על קונם, שלא יעזבם ויעמיד להם תמיד בכל. כך המשיכו יהודים בעיירות לטוות אותה מסורת הזהב של רוח ישראל סבא, כשבית הכנסת משמש בה עמוד התווך ועורק מרכזי, אישי וציבורי בחייהם, כאשר בימים של צרות ופגעים בתלאה וברעה המוצאות אותם, ניסו ומנסים תמיד על אף ההתבדויות לבקרים, לראות חבלי משיח ואתחלתא דגאולה. וראש לכל: ההקפדה על צלם אדם. בתוך כל קשיי הפרנסה, משך כל אותם קשיים שתוארו לעיל לא שכחו מעולם ולא מחלו על כבוד אדם. חינוך ילדיהם והכשרתם לבוא בין הבריות ואולי גם תקווה כמוסה בחדרי לב, כי מצבם יהיה שפיר יותר משל הוריהם, הדריך מנוחתם והמריץ למעש ופעולה. הם שאפו לחנכם ברוח הזמן, להטעימם מן החדש תוך שמירת השאור הצפון בישן ובעתיק. כאלה היו קהילות היהודים בעיירות שאבדו ושקעו בתהום הנשיה.

אחת מעיירות אלה היתה קריביץ', בה שהינו כאמור לעיל משך שנת הוראה אחת. מה עזים וחזקים היו רשמינו עם צעדינו הראשונים בקרקעה של מציאות יהודית חיה ורוטטת. אף כיום למרות דמדומי הטשטוש ועל אף הכירסום הרב של שיני הזמן בזכרונותינו, רבו האורות מהצללים. היה זה בשנת 1923 — לאחר שלום־ריגה (מארס 1921) ואישרור גבולות פולין (1922) — אחרי מלחמת העולם הראשונה. שנים אלה חידשו תור האביב לתנועות הלאומיות של „המיעוטים

הלאומיים" בפולין. בכל הערים והעיירות החלה גם ההתעוררות לתקומת ישראל בארצו וגברה הנהירה ללמוד עברית, שהקיפה שכבות רבות מהאוכלוסיה היהודית. אז נתפתחה בפולין, ליטה ולטביה ובערי בסרביה רשת בתי הספר מיסודה של חברת „תרבות" (שנתארגנה בשנות אביבה של המהפכה ברוסיה בשנת 1917 במוסקבה) ושפת ההוראה בהם עברית. צעירים היינו בני שמונה־עשרה פעלנו והופעלנו, נסחפנו וסחפנו בזרמי התנועה. התפרצנו לעלות ארצה ונשתהינו לרגל עיכובים. נתבקשנו על־ידי עסקני העיירה באמצעות מכרינו לבוא לקריביץ' ולהניח בה יסוד לבית־ספר עברי וחינוך עברי מודרני. שמחנו להצעה ויצאנו לדרך. אף כי היה זה למעלה מיובל שנים, עומדים עוד ומחלחלים באפינו בשמיה וריחותיה של אותה דרך. יצאנו מווילייקה לקריביץ' ברכבת והגענו לתחנה בקניאהינין; משם המשכנו בעגלה רתומה לסוסים לקריביץ'. נסענו בדרך עפר בין שדות ירוקים ויער כשריחות עדנים וריננת צפרים מתלווים על דרכנו.

כך הגענו לאותה עיירה פעוטה וציורית, אשר השתרעה לפנינו בחצרותיה ובתיה הקטנים על מעקותיהם העליזים והצבעוניים, גינות הירקות הזעירות (להספקה עצמית) והבוסתן הגדול של ר' שמואל זילברגלייט. ראינו והתבוננו בחמשת רחובותיה והצצנו לכיכר השוק במרכזה. הנוף כולו היה פאסטוראלי; מוקפת יערות עבותים היתה העיירה ונהר הסרבץ' זרם בה ואפף אותה כולה תוך פיתולים והתעקלויות עם הגיעו מאחורי העיירה אל „הבוימאלעך" — מקום הטיולים המשפחתיים בשבתות לאחר „הטשולנט" — „החמין" ומקום התוועדותם של כל בני הנוער. באורח פלא נשתלבו משפחות היהודים זו בזו על־ידי קשרי חיתון וכולם היוו מעין משפחה אחת גדולה. באשר פנינו והלכנו קידמו אותנו חיוך קורן



כיתת בית הספר העברי עם המורים מינה וראובן פינגר

ומאור פנים, כי על כן היתה מידת הכנסת האורחים הנהוגה בקריביץ׳ — לשם דבר בכל תחומי „ווילנשצינה״ — ב„ווילנא ובנותיה״.

לאחר שהתפרקנו מעמל הדרך והתעגנו דיינו בהתרפקותנו על נוף הטבע ונוף האדם, החילונו בעבודת ההוראה. טרם היה בניין מיוחד לבית־ספר עברי; אנו החילונו בהוראה בתוך כתלי „עזרת נשים״, בבית־מדרשה היחיד של העיירה. אהובים היו עלינו תלמידינו ילדי העיירה על נימוסיהם ועל רצונם ושקידתם הרבה; צמאים היו לתורה ודעת. הנוער חי וערני; על אף הדלדול החמרי והרוחני ומחסור בכוחות תרבותיים, התנהלו חיי חברה ותרבות מעל ליכולתם לשאת בעול כבד זה. אף אנו נסחפנו לפעולות תרבות; סייענו לחוג הדראמאטי שקם ונתארגן ועזרנו בביצוע המחזה „צעבראכענע הערצער״ לי. גורדין. אהבנו לבקר בבית משפחת טאוגר כי שלשה מבניה היו בין תלמידינו; עד היום זכורה לנו חנות האריגים של המשפחה. כמו־כן נתחבבו עלינו ביקורינו אצל הרוקח של העיירה ובני ביתו. זכורה לנו יפה גם משפחת קופילוביץ׳ — בביתם היה מקום מגורינו. רבות המשפחות שנתחבבו עלינו תוך תקופה קצרה ביותר כגון משפחת בונימוביץ׳, צוקרמן ואחרות, אשר שמותיהם כוסו כבר באבק השיכחה. בייחוד זכורה לנו דמותו של נחשון גיסו של הרב בעיירה (שם משפחתו נשמט מזכרוננו) — דמות מיוחדת ומקורית של אויטודידאקט טיפוסי. מעולם לא למד בבית־ספר ואף לא לימודים מסודרים. אף־על־פי־כן ידע רבות והתמצא בכל... כמה צמא היה לדעת ולספוג לתוכו הכל. כשרונות בלתי־מצויים היו לו שלא נוצלו. זכורים לנו ביקוריו אצלנו, (בביתה של משפחת קופילוביץ׳) בהם היה בא להתייעץ כיצד לתדרך פעילותו של החוג הדראמאטי. אכן, היה בו הכשרון לבימוי ובהקפדה שמר על ההיגוי הנכון של המילים. פעילות החוג התנהלה ביידיש, אולם תמיד שאפו לצרף זמר עברי, או דקלום שיר עברי. יחיד היה בעיירה שהיה לו מינוי העיתון „הצפירה״ וה„היינט״ שיצאו לאור בוורשא.

ברם, שהותנו בעיירה היתה קצרה בלבד כאמור. לאחר שהוסרו העיכובים (טכנים וכספיים בעיקר) יצאנו בדרך לעלות ארצה. אכן, כה נעמו לנו ההפצרות הרבות מצד עסקני העיירה שמיאנו כי נעזבם וביקשו אותנו, לו נשהה בעיירה עוד שנת הוראה אחת בלבד! אך מן הנמנע היה עבורנו להיענות להם. כך באה שעת הפרידה מיהודי העיירה; שעת כמיהת לבבות המתרפקים אהדדי בגעגועים וערגה. פרידה לבבית זו חיה גם כיום ואנו רואים אותה בעינינו. לא רק הילדים תלמידינו שאהבונו צעדו ללוותנו, הנוער כולו ואף המבוגרים. לא נגזים אם נאמר כי כל האוכלוסייה היהודית ליוותה אותנו בשירה ובזמר. בשיא רגשותיה העולים הדליקה פתאום אחת הבנות מסרקה והשליכה אותו לרגליה; כמוה עשו שאר הבנות כהנה וכהנה. עשרות מסרקות מכבנות ואביזרי קישוט אחרים התלקחו. היתה זו תאורה עצומה לכבודנו, לכבוד המעשה הגדול שלנו בעצם

העלייה ארצה. כל אחד מהם ראה עצמו כחוליה צמודה למעשה זה והזדהה עימו. לא היה בכך מן הקנאה בנו (בשום פנים ואופן!) אלא מן הכמיהה השלמה להצטרף אלינו וללכת בעקבותינו אל אוצר החיים ואור הישועה — לארץ־ישראל!...

לאור תהלוכה זו לכבודנו בשעת פרידה — העולה בזכרוננו לאחר עידן ועידנים — מתייצבת לפנינו ולא משה מנגד עינינו תהלוכה אחרת, צעידה אחרת... בית־ישראל בקריביץ׳ על נעריו וזקניו, על הנשים והטף, כל הטפליא ועולליו יונקיו — מובלים לשדה ההריגה... מענה השאלה מה היה בפיהם? כלום זכרו עוד הזוכרים טעמה של התהלוכה האחרת — התהלוכה לארץישראל? מי יכול היה אז באותה תהלוכה לכבודנו להעלות על דל שפתיים דברים מעין: „בכו בכה להולכים וספדו להם כי לא ישובו עוד!...״ אילו לחש באזנינו מאנדהו כדברים האלה היינו רואים בכך את צחוק השטן; משהו מנכליו הנתעבים של ארמילוס הרשע, של סמאל ולילית וכת דיליה... והנה הפך הדבר מציאות דמים איומה...

— — הנה כי כן; עלה הכורת על יהודי אירופה ונספתה גם קהילת קריביץ׳ בין עשרות אלפי קהילות. אייכם יהודי קריביץ׳ נלבבים ויקרים, זכים וטהורים בכל תפארתכם? שרידי שרידים מכם, אודים מוצלים בלבד הצליחו להימלט מגיא התופת והם נושאים בחובם כל צללית וצל של זכר־זכרכם ומציבים לכם „יד ושם״ עלי ספר. כלום יתכן לסרב לבקשתם, כי נצרף צרור דפינו כזרי פרחים חיים ונדליק גם אבוקתנו ב„נר־התמיד״? אנחנו שראינו אורה של עיירונת יהודית פעוטה ולבבית זו, לא נוכל לעמוד בצד. ברם, איה העט אשר יוכל להביע ולתאר זוועות האימה של הנאציזם וההיטלריזם, את „החיה שבאדם״ שכה הפליאה להרוס ולהחריב, למגר ולהצמית? אי הביטוי הקולע והשלם שיוכל להגות ולמלל זעקותיהם של יהודים נטבחים ועולים באש ובעשן? איזו היא הלשון שתמחיש כל אלה בפני הקורא הצעיר והבוגר גם יחד?...

פולין כולה היתה בית המטבחיים הגדול והנורא. הגרמנים וגרוריהם היו הרוצחים ועשו „מלאכתם הנקיה״ תוך שימוש וניצול התרבות האירופית הנוצרית וכל משאביה ומכונותיה של „הציביליזציה האנושית המודרנית״ ותוך התרברבות על ה„גאונות הארית הנורדית״. והעולם כולו עמד מנגד ללא נקיפת לב וללא נקיפת אצבע להציל... היתה זו סולידאריות בינלאומית מיוחדת במינה וללא כל הזדעזעות מצפונית. עלטת־אימים ואופל בצהרי יום!...

— — שוב עומדת לנגד עינינו תמונת־אימים סמלית המקפיאה את הדם בעורקינו ומאבנת כל ריקמה חיה בגוף ובנפש — תמונת „הפוגרום״ בפראג ב„גולם״ של לייוויק. (בהצגת „הבימה״) המהר״ל — יוצר הגולם, המסמל את הכוח הגס והברוטאלי אשר לא ידע מעצורים (לעזרת היהודים הנרדפים ונרצחים) יושב רכון על ספרו; ה„גולם״ מניף הגרזן על ראש המהר״ל. עוד רגע נדמה ולא יישאר

עוד בעולם דבר פרט לכוח הגשמי הגס והאדיר — הווה אומר: הכוח ידביר הרוח כליל! בעולם יישאר רק החומר... והנה נושא רבי לוי עיניו ונועץ מבט ביציר־כפיו. הלה נרתע בבהלה והגרזן נשמט מידו. מאחורי הקלעים צווחות־אימים וזעקות־זוועה הצילו! — אל החדר פורץ תנחום המשוגע כולו זב דם... זעקתו נוקבת: מי יציל?! ונרתע בהצביעו על ה„גולם". המהר"ל מבין מה אירע. שליחו לדבר הגנה והצלה מעל בתפקידו, בגד בשליחותו ואינו מבחין, בין הרוצחים לנרצחים. משניתנה היד להשחית הוא משחית ואין לעצור בו... לשאלת הרב: „מה עשית?" משיב ה„גולם": — „עשיתי אשר ציווית". ולאחר מכן — שוב שואל הרב — „את מי היכית, דם מי שפכת?" — „דם יהודים! רבי —" המהר"ל נוכח כי משהו השתבש בחישוביו ולא צלחה המשימה בידו. הוא מחליט מיד את אשר עליו לעשות. לשתק את ה„משחית". כיוון שניתנה היד למשחית הוא משחית הכל ללא הבחנה ואין לעצור בו. לא נשאר אלא למגרו כליל להשמידו!...

המפלצת ההיטלריסטית גודלה וטופחה על ידי מעצמות המערב כ„מטה זעם" נגד הקומוניזם הסובייטי. ניתן לו להיטלר לטרוף ולבלוע כל שעמד בדרכו. הן לא הגיבו כאשר ביצע „האנשלוס" של אוסטריה והשלים לאחר „מינכן" השתלטותו על צ׳כוסלובקיה. מובן שפגיעותיו ביהודים לא נחשבו בעיניהן... סבלות היהודים במשך ימי המלחמה, גם הן לא גרמו להזדעזעות מצפונית עמוקה והיחלצות לקרב. משום כך לא קמו להפציץ את אושוויץ ומיידאנק טרבלינקה ובלז׳ץ וסוביבור — רק משנפלה צרפת ונבלעו הבלקנים והחל הקרב על בריטניה, נתגבש הצורך להשמיד ההיטלריזם, למגרו ולעקרו מן השורש!...

— — מיליוני יהודים זעקו לישע והצלה; אל מול שמי עופרת אדישים וקפואים שהזאיבו ניסרה בחלל הקריאה־שאלה „מי יציל?" ללא תשובה. הרצח השתולל עד שמוגר הארכי־ליסטים, בכיר העמלק. עד שנבוס בכור הרוצחים ושליטם השלט בנעוריו... אף במולדתנו ובמדינתנו עדיין לא הונח לנו. עוד מתלכדים כוחות השחור ומאיימים לבלענו ולמגרנו. ברם ה„גולם" לא יקום עוד ולא תינתן עוד היד למשחית!

כך תמוגר כאן כל יד שלוחה נגדנו לעולל לנו רעה... לעולם נזכור את אשר עשה לנו עמלק העמלקים. עד עולם ייחרתו על לוח לב יהודים באשר הם זכרם של עשרות אלפי הקהילות, אשר אבדו בשואה. בתוך כל אלה ינון גם שמה של קריביץ׳ — עיירונת יהודית פעוטה ורחומה.

**ישעיהו קאַצאָוויטש ז״ל***

# אויסצוגן פון אונטערן שאָטן פון סערפּ און האַמער

### אין קריוויטש אויף אַ דאָפּראָס

— פיר חדשים זיינען אַדורך פונעם טאָג, ווען איך בין געבראַכט געוואָרן אין ווילייקער טורמע און איך זיץ נאָך אַלץ... האָבן זיי דען אָן מיר פאַרגעסן? אָ ניין! זיי פאַרגעסן ניט קיינמאָל... עס קען ניט געמאָלט זיין!... פון דעמאָלט האָב איך גאָרניט געהערט און איך ווייס גאָרניט וועגן גורל פון מיין פרוי און קינדער. ווער ווייס, ווער קען וויסן? חנהן איז עס זיכער גאָר שווער... קינדער בענקען... זי מוז פאַרטרעטן אויך דעם טאַטן.

אַ געוויסער נאַכט — שפּעט נאָך האַלבער נאַכט — ווער איך פון קאַמער אַרויסגערופן; מען הייסט מיר מיטנעמען אַלץ וואָס איך האָב אין קאַמער. מען פירט מיר אַרויס. פינף מענטשן האָב איך געזען שטיין מיטן פּנים צום וואַנט: איינעם צווישן זיי האָב איך שוין גלייך דערקענט — יעקב קאַצאָוויטש. גלייך האָט מען אונדז אַלע צוגעפירט צום אייזערנעם טויער, וועלכער האָט זיך פאַר אונדז געעפנט און מיר זיינען שוין געווען אויסער טורמע־מויערן. איך בין מיט יעקבן געגאַנגען האַנט ביי האַנט; אַ באַוואָפנטער קאָנוואָי פון פיר מיטן עלטסטן זייערן — א קריוויטשער יידישער בחור, אברהם זילבערגלייט — האָט אונדז באַגלייט. אברהמל (ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל) האָט זיך גאָר העפלעך געהאַלטן; שטיל געשריטן ביי אונדזער זייט. אַ פרעג געטאָן האָב איך אים אין דער שטיל: „אברהמל, וווהין פירט מען אונדז איצטער?”. ער האָט גלייך אָפּגע־ענטפערט און שטיל: „אין קריוויטש אויף דאָפּראָסן” — עס איז אונדז א ביסעלע פריילעכער געוואָרן, אַ שטיל באַשיידענע צופרידנהייט האָט אונדז באַהערשט; אפשר, אפשר וועלן מיר קענען כאַפּן אַ קוק אויף אונדזעריקע, אויף די בני־משפּחה...

מיר זיינען דערגאַנגען צום ווילייקער באַנהויף. גלייך האָט מען אונדז אָפּגע־זונדערט אין א ווינקל, ניט צולאָזנדיק קיינעם. ס׳איז געווען 3 א זייגער אינדער־פרי; אויפן וואָקזאַל פיל מענטשן — פאָרער אין ערגעץ אָדער איבערנעמער. אייניקע פרויען קריסטלעכע האָבן מיר גלייך דערקענט און אַ פּאָר פון זיי האָבן שוין אָנגע־הויבן צו וויינען. זיי האָבן געוואָרפן אויף מיר זייערע פרעגנדע בליקן; אפשר דאַרפן מיר עפּעס? כ׳האָב זיי אַ ווונק געגעבן וועגן אַ פּאַפּיראָס און זיי געמיינט האָבן עפּעס צו עסן... איינע האָט גלייך אין בופעט געכאַפּט אַ ברויטל, געכאַפּט און

צוגעוואָרפן פונדערווייטן — ווייל נאָענטער צו אונדז האָט מען ניט צוגעלאָזט — כ׳האָב ווידער אמאָל געוווּנקען אויף א פּאַפּיראָס און גלייך זיינען אין אונדזער ריכטונג געוואָרפן געוואָרן פּעקלעך פּאַפּיראָסן. אייניקע פון אָנוועזנדע געוווּסט האָבן, אַז ניט ווייט פונעם באַנהויף וווינט מיין פלימעניצע (און שוועגערין) שאַשע — געהייראַט מיט מיין פרויס ברודער — נחשון זוט. מען האָט איר גלייך צו וויסן געגעבן, וואָס טוט זיך. עס איז אַפילו ניט אַדורך קיין האַלבע שעה און שוין האָט שאָשע געבראַכט אַ קרוג וואַרעמע מילך מיט ווייסן ברויט — וואָס איז שוין גענוג געווען פאַר אונדז אַלע. מען האָט אונדז באַלד אַריינגעזעצט אין אַן אָפּגעזונדערטן קופּע און גלייך האָט דער צוג געריקט. אויפן פּעראָן איז שטיין געבליבן מיין פלימעניצע שאָשע און שטאַרק געוויינט...

נאָך אַ האַלבע שעה זיינען מיר שוין געווען אויף קריוויטשער סטאַנציע. איצטער האָט דער קאָנוואָי אונדז געפירט אין שטעטל — אַ מהלך פון דריי קילאָמעטער בערך. עס איז שוין גוט ליכטיק געוואָרן; מענער און פרויען ווי אויך קינדער, האָבן שוין געטריבן זייערע בהמות אויף פּאַשע. אויסגעמאַטערט זיינען מיר געווען, מיד און בלייך; און אויסגעזען האָבן מיר — אַזאַ יאָר און לעבן אויף שונאי ישראל אין גאָר דער וועלט! — ווי ריכטיקע אונטער וועלט־מענטשן... אונדזערע פיל אָפּגעצערטע פּנימער, די גוט צעקנייטשטע בגדים, וואָס געדינט האָבן אויך אַלס בעט־געוואַנט אויפן צעמענטענעם פּאָל, האָבן אונדז אַזאַ מין אויסזען געשענקט... פון מויל צו מויל איז אַדורך די ידיעה וועגן אונדז, אַז מיר זיינען אין שטעטלע — „אונטערן שלאָס" ביי דער מיליציע. מען האָט בכבוד אַריינגעזעצט. פענצטער זיינען מיט ברעטער פאַרקלאַפּט געוואָרן. אָבער דורך שפּאַרונעס איז אונדז מעגלעך געווען עפּעס צו זען; האָבן מיר פארשטענדלעך יעקב און איך, ניט אָפּגעטראָטן פונעם אָרט; אָנגעשטרענגט די אויגן און פאַרשארפט די בליקן ניט צו פארלירן חלילה קיין שום שאָטן... באַלד זיינען אַדורך פאַרביי יעקבס קינדער — פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געאיילט דרינגענד צו זייערע ענינים און אין אַ ווײַלע ארום ווידער צוריק — ווי נעמלעך עפּעס גאָר וויכטיק האָבן זיי פאַרגעסן... געטאָן האָבן זיי עס, אַז לייט פון דער מיליץ זאָלן ניט באַמערקן. געדרייט האָבן זיי זיך צו כאַפּן כאָטש אַ בליק אויף אונדז. מיר אָבער האָבן זיי געזען, זיי אונדז — ניט טראָץ אַלע באַמיאונגען. דאָס זעלבע אויך מיינע קינדער; אַדורך פאַרביי אַ פּאָר מאָל. יאָ איך האָב זיי געזען; זיי מיר האָבן נעבעך ניט געקענט.

אונדזער קאַמער־פענצטער פונוואַנען מיר האָבן ארויסגעקוקט איז געווענדעט געווען צום גאַס. אַנטקעגן־איבער דער גאַס איז מיין הויז געשטאַנען, פאַרכאַפּט פון נ. ק. וו. ד. פאַר זייערע אַמטן, נאַטשאַלסטוואָ און מאַנשאַפט. דאָס צווייטע הויז איז געווען גנעסיעס — מיין עלטערער שוועסטער — ווו

זי אַליין מיט אירע בני־משפחה האָבן געוווינט. מיינע ייִנגערע צוויי קינדער — עטעלע צען יאָר אלט און חיים צוויי מיט אַ האַלב יאָר — האָבן שוין שעהן לאַנג געזעסן אויף א טרעפּל ביי מיין שוועסטער — אָנשטרענגענדיק אומאויפ־הערלעך אין אונדזער ריכטונג, כדי אַ קוק צו טאָן אויף מיר, כאָטש אויף איין אויגנבליק... אויף וויפל זיי האָבן מיר זען געוואָלט מיטן גאַנצן האַרצן האָב איך נאָך מערער געוואָלט זיך פאַר זיי באַווייזן. כ׳האָב שוין מער ניט אויס־געהאַלטן; זייער דראנג און ווילן מיר צו זען האָט אין מיר אַ פייער געצונדן. כ׳האָב געבעטן אַ מאַן פון קאָנוואָי אַרויסצופירן מיר אויף „מענטשלעכע באַ־דערפעניש״; דאָס האָט זיי דערמעגלעכט כאַפּן אויף מיר אַ קוק... ביז היינט גלעטן מיר און וואַרעמען זייערע בליקן יענע ווייל אונדזער ביטערער גורל האָט אַזוי געפירט — אַז די דאָזיקע בליקן האָבן אונדז שוין אויף אייביק פונאַנדער געטיילט...

צען טעג זיינען אַדורך אַזוי; בייטאָג אינעם פארשלאָסענעם שטיקענדן קאַמער געפּייניקט האָט אונדז די היץ; ביים צופאַלן פון דער נאַכט יעדער נאַכט אַ פּאָר מאָל — זיינען מיר געשלעפּט געוואָרן אויף „דאָפּראָסן״ אויף „חקירות פון אונדזערע חטאים״ — אַ בייזוויליקע קאָמעדיע פאַר דער וועלט! מיט מיר האָט זיך פאַרנומען „נאַטשאַלניק״ נ. ק. וו. ד. בכבודו ובעצמו... אַזאַ מין „גרויסן פאַרברעכער״ האָט ער זיך ניט דערלויבט צו פאַרטרויען עמעצן אַנ־דערש; „דעם האַרטן נוס וועל איך אַליין צעקנאַקן!״ — האָט ער זיך באַרימט. זיין ערשטע באַגעגעניש — אַ געשענקטע מיר דריי־אַטאַזשנע רוסישע „ברכה״ ווי עס דאַרף צו זיין מיט א צוגאָב פון א יידישער מאָרדע — „זשידאָווסקאיא מאָרדא״. ער פרעגט מיט א בייסנדער גיפטיקער איראָניע, מיט מערדעריי אין די אויגן: „נו, פילסטו זיך מיין פריינט דו טייערער, היימיש אין דיין הויז?״ — איך האָב געשוויגן און ניט געענטפערט. עס האָט אים נאָכמערער אויפגעבראַכט. ווידער א ריי פון כפול־שמונהדיקע רוסישע „ברכות״ מיט „מאָרדעס״ און „פאַר־בן־פולע״ זידל־ווערטער און קללות — כדי מערער מיר אָנצוּווייטיקן...

— „רייד צו דער זאַך, דיינע, פריינטלעכע ברכות האָב איך שוין געהערט״ — האָב איך אַ זאָג געטאָן — שטעל מיר פראַגן, פרעג וועל איך ענטפערן״...

— „ווי האָסטו באַהאַנדלט דיינע ארבעטער? ווי אַזוי האָבן זיי זיך צו דיר באַצויגן און דו צו זיי?״

— „דאָס באַדאַרפסטו זיי פרעגן״... געענטפערט האָב איך.

— „דיר האָב איך געפרעגט, דו יידישע פרעכהייט! דו וועסט ענטפערן״...

— „איז זייער ענטפער ניט גענוג און אומגלויבלעך? פרעג זיי״...

— „און ווי באַהאַנדלט האָסטו מענטשן, ווען דו ביסט געווען פאָרזיצנדער פון פאָלקס־קאַסע ,גמילות־חסד׳?״

— „ווי עס דאַרף צו זיין, מענטשלעך און ערנהאַפט" איז געווען מיין תשובה.

אַזוי זיינען געווען פראַגן סתם רעטאָרישע „לתפארת המליצה" אויך אַזעלכע, וואָס האָבן קיין מינדעסטע שייכות ניט געהאַט צום אַרעסט מיינעם און „אויספאָרשונג"... אַזוי בין איך געמאַטערט געוואָרן נאַכט אין נאַכט — פונעם אָוונט־אָנפאַנג ביז פיר אַזייגער פאַרטאָג. שעהנווייז לאַנג געלאָזן מיר אַליין זיצן אין אויספאָרשונגס־צימער, מיט שטאַרקע ליכט באַלויכטן. אַזוי און דאָס זעלבע אויך מיט יעקבן און אַלע אַנדערע געבראַכטע מיט אונדז. ווען אַלע מענטשן גערוט האָבן און געשלאָפן, זיינען מיר וואַך...

אין דער פינפטער נאַכט פון מיין „אויספאָרשונג" האָט מען אריינגעפירט אין אויספאָרשונג־צימער צוויי „עדות" קעגן מיר. אָבער קיין שום שייכות האָב איך מיט זיי ניט געהאַט. איינער פון זיי האָט געהייסן אויפן נאָמען — זאַזולקע. דער צווייטער — הוידזיאַניק. ער האָט זיי אויף מיר אָנגעוויזן פרעגנדיק: — „קענט איר דעם „פּאַרשוין" און פון וואַנען?" ביידע האָבן אויטאָמאַטיש ווי „אָנגעדרייט" געענטפערט צוזאַמען „יאָ!". אויך מיר האָט ער געפרעגט צי קען איך די מענטשן? כ'האָב קאַטעגאָריש געענטפערט אַז ניט... ער האָט זיך צו זיי ווידער געווענדעט מיט דער פראַגע ווי אַזוי און פון וואַנען זיי קענען מיר. זאַזולקע האָט דערציילט, אַז ער האָט געאַרבעט ביי מיר און איך האָב אים פיל אויסגענוצט און וויניקער געצאָלט ווי אַלע אַנדערע... (פאַלש פונעם אָנהויב ביזן סוף; ער האָט קיינמאָל ביי מיר ניט געאַרבעט). דער צווייטער — הוידזיאַניק האָט דערציילט אַז ער האָט מיר געזען שפּאַצירנדיק אונטערן האַנט מיטן פּוילישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט... (איז דאָ נאָך אַ גרעסערער „פאַרברעכן" און אַ געפערלעכער חטא?...) אַזוי זיינען געווען די אַרויפגעוואָרפענע „באַשולדיקונגען" אויף מיר.

נאָך די זייער גאָר „באַגלויבטע עדות", זיינען אַלע זיך צעגאַנגען און מיר אַליין געלאָזן אין אויספאָרשונג־צימער ווידער — אונטער גאָר שטאַרקער ליכט. אַוועק זיינען צוויי, דריי צי פיר שעה (וואָס האָבן זיך לאַנג־לאַנג געצויגן). ווידער איז נאַטשאַלניק נ. ק. וו. ד. אַריין אין צימער. ער האָט אַוועקגעלייגט אַ פּאַפּיר אויפן טיש, דערלאַנגט מיר אַ פּעדער, אונטערצושרייבן. כ'האָב ניט מסכים געווען. ער האָט אויף מיר געשריען, פאַרשיידענע דראָאונגען האָבן זיך הערן געלאָזט, ער האָט מיר אויך א קלאַפּ געגעבן מיטן רעוואָלווער.

— „מיין גורל" — האָב איך צו אים געזאָגט — „ווי אויך דער גורל פון מיין פרוי און קינדער האָסטו אין דיינע הענט. קענסט מיט מיר טאָן, וואָס דו ווילסט. כ'וועל דיר אָבער קיינע שום אונטערשריפטן אויף מיר אַליין ניט געבן!"

„אַ סוואָלאַטש ביסטו, דיך פרוי און קינדער סוואָלאַטשעס!״ — האָט ער זיך אויף מיר געוואָרפן ווי אַ בייז־צערייצטער טיגער.

— „ריכטיק״... האָב איך געזאָגט צו אים — „אַז דו ביסט אינטעליגענט באַלערנט און געלערנט איז קענבאַר טאַקע. ניטאָ וואָס צו רעדן... ביסטו אָבער חוץ דעם אַ גרויסער כאַם צווישן כאַמען! אויך דאָס זעט מען גלייך. האָסט דאָך בלויז מיט מיר צו טאָן! וואָס מישט דו אַריין מיין פרוי און קינדער? רופסט זיי אָן מיט די מיאוסטע ווערטער, האָסטו אויך קעגן זיי, ,באַווייזן און עדות?׳ זאָג זשע!

„כ׳ווייס גאָרניט״...

„שווייגן!״ — האָט ער זיך צעשריען, צוגעלאָפן צו מיר מיטן אימפּעט אָנגעכאַפּט פאַרן קאָלנער און אַ שטויס געטאָן. איך בין געפאַלן. ער האָט מיר אויפגעהויבן און גלייך אָפּגעפירט און אין קאַמער פאַרשלאָסן.

ארום צוואַנציק צי דרייסיק מינוט נאָכדעם האָט זיך די טיר אויפגעשלאָסן; אַריין איז ער נאַטשאַלניק ג. ק. וו. ד. און מיט אַ זיסלעך „סאַכאַרין־שטימע״ געפרעגט: „ווי פיל איך מיר?״ כ׳האָב איינגעהאַלטן דעם פאַרלאַנג צו ענטפערן אים: וואָס איז דיין באַבעס דאגה און דיין געשעפט? און קורץ געענטפערט „גוט!״. כ׳בין דאָך ביי אים אין די הענט... צו וואָס אַלעס פאַרשאַרפן? — ער איז אַוועק... אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען ווידער גערופן. ווידער געפאַדערט פון מיר, כ׳זאָל מיר אונטערשרייבן. נאַטירלעך האָב איך אַנטזאָגט.

— „מיינסטו דען, אַז דו וועסט ניט אונטערשרייבן״ — האָט דער נאַטשאַלניק ניט צאָרנדיק געזאָגט — „וועלן מיר דיר פריילאָזן? קיינמאָל ניט! מיר דאַרפן ניט און ניט נויטיק איז אונדז דיין אונטערשריפט... פירט אים אָפּ אין קאַמער!״ — מיט דעם איז געוואָרן מיין „דאָפּראָס״ צו ענדע.

פונקט אויפן צענטן טאָג האָט אונדז דער זעלבער קאָנוואָי אָפּגעפירט צוריק אין ווילייקער טורמע. דאָרט האָט מען ווידער מיר אָפּגעטיילט פון יעקבן און אין אַנדערע קאַמערן איינגעזעצט. אַזוי זיינען ווידער אַדורך פיר חדשים, קיינער האָט אויף אונדז מער ניט געפרעגט ווי אויך האָט מען אונדז ניט גערופן. אויף א פלוצלונגער וויזע איז איין טאָג א דאָנערשטיק, אריינגעקומען אין טורמע־קאַמערן דער אויבער־נאַטשאַלניק פון טורמע און געראָטן די אַלע, וועלכע ווייסן צי זיי האלטן זיך ביי דער מיינונג, אַז זייערע פאַמיליע־אָנגעהעריקע זיצן נאָך אויף זייערע פלעצער — שרייבן זיי, מען זאָל ארויסשיקן וואַרעמע זאכן. עס איז שוין אויך גלייך קלאָר געוואָרן, אַז מען פירט אונדז אַרויס אינעם גאָר לאַנגן וועג. כ׳האָב אים אויפן אָרט גלייך געפרעגט, צי מעג איך שרייבן אויך וועגן עסנוואַרג. ער האָט דערלויבט און געראָטן צו בעטן פיל־

ווייניק פון פעטס. עס איז באַלד געטיילט געוואָרן פּאַפּיר־בייגאַלעך, קאָנווערטן און בלייפעדער צו שרייבן. געשריבן האָב איך גלייך צו מיין פלימעניצע שאָשע זוט אין ווילייקע, כדי עס זאָל וואָס פריער אָנקומען און צווייטנס בין איך ניט זיכער געווען, צי מיינע בני־משפחה זיצן נאָך אויפן אָרט. פאַר דער צייט פון מיין „זיצן" זיינען טויזנטער משפּחות פאַרשיקט געוואָרן ווייט. און אויב מיין פרוי און קינדער זיצן אויפן אָרט זייערן טאַקע, וועלן זיי שוין במילא אַלץ וויסן דורך שאָשען.

אויף מאָרגן פרייטיק צונאַכטס האָט מען מיר אויסגערופן צום טיר און אי־בערגעגעבן אַ פּעקל עסן — נאָך אַלץ וואַרעם. כ'האָב פאַרשטאַנען גלייך, אַז עס איז שאָשעס אויפטו. כ'האָב אָן שום שהיות אָפּגעגעבן מיין פּעקל דעם „סטאַ־ראָסטע" פון קאמער, ער זאָל עס צוטיילן אלע מיטזיצער אין אונדזער קאמער. ער האָט מיר גלייך אָפּגעגעבן אַ דריטל פונעם פּעקל; צוויי דריטל צעטיילט די איבעריקע. ער האָט אויך אין עטלעכע ווערטער אויסגעדריקט — אין נאָמען פון אַלע קאַמער־מיטזיצער — אַ וואַרעמען דאַנק. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען מיר ווידער גערופן; דאָסמאָל האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ גרויסן פּאַק מיט וואַרעמע ווינטער־זאכן. כ'האָב פאַרשטאנען אַז מיין פרוי חנה מיט די קינדער זיינען אויפן אָרט.

גאָר שפּעטער אינדערנאַכט האָט מען מיר גערופן שוין צום דריטן מאָל; מען האָט מיר געהייסן נעמען אַלץ, וואָס איך האָב אין קאַמער און אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער. ביי אַ קליין טישל איז געזעסן אַ מאַן אין אַן אָפיציר־מונדיר ביי אַ ברענענדן קליין לעמפּל. לעבן אים — לינקס און רעכטס, צוויי הויכע ברייט־בייניקע „זשלאָבעס" — סאָלדאַטן מיט ביקסן באַוואָפנט. שטרענג און פעדאַנט איז דער מאַן; ער האָט געקוקט אויף מיר שאַרף און אָנגעפרעגט אויף מיין צווייטן נאָמען. כ'האָב געענטפערט. דאַן האָט דער אוניפאָרמירטער מאַן מיר אויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר: דריי ריכטער האָבן מיר געמשפט און מיין אָבווע־זנהייט... באַשולדיקונג — לויט פּאַראַגראַף 54 אינעם סאָוויעטישן קאָדעקס. פאַראורטיילט — צו אַכט יאָר שווערע אַרבעט אין סיביר. ער האָט מיר אַ פעדער געגעבן און באַפוילן; „שרייב זיך אונטער!" איך האָב ניט געענטפערט און ניט געחתמעט. ער האָט בייז אַ קוק געטאָן אויף מיר פון אויבן ביז אַראָפּ און געזאָגט: — „כ'גיב דיר דריי מינוט אויפן זייגער" — אַרויסנעמענדיק דעם טאַשן־זייגער און אויפן טיש אַוועקגעלייגנדיק — „דו זאָלסט זיך אויף דעם אונטערשרייבן"... די דריי מינוטן פאַרביי. ער גיט מיר ווידער אַ פען אין האַנט; איך שטיי, האַלט די פען און וואַקל זיך... כ'וויס ניט וואָס צו טאָן... דאַן האָב איך באַמערקט זיין בליק אויף רעכטס און לינקס צו די „זשלאָבעס" די רויטאַרמייער. „ווינקט ער עפּעס?" — האָב איך מיר אַליין געפרעגט — עס

ווּעט ניט טויגן... און דאַן האָב איך אַ זאָג געטאָן צו אים טענהנדיק: — „וואָס האָסטו מיר דאָ געלייענט? כ׳האָב דאָך ניט געהערט... כ׳ווייס דאָך ניט אויף וואָס מיין אונטערשריפט צו לייגן...

— „הממממ... ביסטו טויב?” — איך האָב באַשטעטיקט שווייגנד. ער האָט נאָכאמאָל אויפן קול געלייענט אַלץ. איך האָב מיר אונטערגעשריבן. מען האָט מיר ווידער מיטן גאַנצן געפּעק ארויפגעפירט אין אַ צווייטן קאַמער. אַזוי זיינען אַדורך שוין די לעצטע נאַכט־שעהן. אינדערפרי ווען עס איז ליכטיק געוואָרן האָב איך שוין דערזען יעקב קאַצאָוויטשן און מיר האָבן זיך ביידע דערפרייט. עס קומט אויס, אַז מיר פאָרן צוזאמען... כ׳האָב מיר ארומגעקוקט אין קאַמער, צוויי טראָג־בעטלעך אין אַ ווינקל; צוויי שווער קרעכצנדע זיינען אויף זיי געלעגן, זיפצנדיק „אוי מאַמע!” פון צייט צו צייט. פאַרוואונדערט האָב איך מיר אַליין געפרעגט אויפן קול: וואָס איז, ווי קומט עס דאָס קראַנקע זאָלן זיין אינעם זעלבן קאַמער מיט געזונטע? געענטפערט האָט יעקב: טאַקע מהאי טעמא — צוליב דעם, זיי האָבן ניט געוואָלט זיך אונטערשרייבן האָט מען זיי גוט צעשלאָגן און געבראַכט זיי אינדערנאַכט גוט צעקיילט, צעביילט און גענע־זיקט. כ׳האָב ניט געפרעגט מערער; יעקבן האָב איך בלויז אָנגעמערקט אַז עס האָט שוין קיין סך ניט געפעלט מען זאָל מיר אויך אַזוי ברענגען... כ׳האָב אָבער דאָך אונטערגעשריבן.

אויף מאָרגן גאָר פרי אַ פּאָר שעה פאַרן ארויסשיקן דעם מענטשן־טראַנס־פּאָרט אינעם ווייטן וועג, בין איך פּלוצלונג קראַנק געוואָרן. מען האָט מיר גע־נומען אין קראַנקן־קאַמער. געקומען איז דער דאָקטאָר אַ קוק געגעבן, אונטער־זוכט און גוט באַטראַכט: „ניין מיט דעם טראַנספּאָרט איז עס אוממעגלעך צו שיקן אים”... האָט ער געזאָגט. דער טראנספּאָרט איז אַוועק. יעקב אויך. ווידער בין איך געבליבן אין טורמע — אַדורך זיינען עטלעכע טעג. ס׳איז מיר שוין בעסער געוואָרן. אָבער עס איז מיר געבליבן אַ חודש אומגעפער צו וואַרטן אויף אַ צווייטן טראַנספּאָרט.

מיין טייערע חנה, מיין פרוי — (זאָל דער אלמעכטיקסטער זיך נוקם זיין פאַר אירע ריינע און אומשולדיקע בלוטן פון אונדזערע קינדער!) — האָט זיך ווי עס איז דערוווּסט, אַז איך בין קראַנק געוואָרן און נאָך ניט אַרויסגעשיקט צוליב דעם. כ׳ווייס ניט ווי אַזוי און פון וואַנען זי האָט באַקומען די דערלויבעניש מיר צו זען אויף עטלעכע מינוט. עס איז געווען אַ גאָר פראָסטיקער טאָג. די קעלט האָט ממש געברענט און ווי געטאָן. מען האָט מיר אַרויסגעפירט אויפן הויף... ווי אומדערוואַרט! — פון גרויס שמחה און איבעראשונג האָב איך שוין ניט באַהערשט מיין האַרצן־שלוכץ. איך האָב געוויינט. מיין גוטע חנה האָט מיר שטיל געגלעט, באַרואיקט און געטרייסט. געפרעגט האָב איך:

פאַרוואָס זעסטו אויס שלעכט אַזוי? ווי זיינען די קינדער? טרערן האָבן פריי געפּונען זייער וועג. „זאָרג ניט וועגן קיינעם, טראַכט בלויז וועגן זיך אַליין; מיר וועלן שוין ווי עס איז באַשטיין", האָט זי געזאָגט — „אָבער דו שעיה מוזט אַליין אויפּפּאַסן אויף זיך. אַכטונג געבן... פון יעקבן איז שוין בריוו געקומען, מען האָט אים שוין אַ פּעקל עסנוואַרג אַרויסגעשיקט. אויך דיר וועלן מיר שיקן אין מאַרינסק — נאָוואָסיבירסקאַיאַ אָבלאַסט. האָב ניט מורא שעיה פאַל בײַ זיך ניט אַראָפּ; מיר וועלן דיר ניט פאַרגעסן... נו שמייכל צו מיר שעיה מיט דײַן ליבן שמייכל ווי אַמאָל, ניט לאַנג... עס וועט נאָך גוט זײַן! עס וועט ווי ,זיי' זאָגן — „אויך אין אונדזער פענצטער וועט נאָך די זון שײַנען..." זי האָט ליב, סובטעל און וואַרעם גע־שמייכלט... אָט אַזוי זיינען געווען אירע לעצטע ווערטער. זי האָט פיל אין דעם געגלויבט. מיר האָט דער לאַנגער וועג געשראָקן... דער וועכטער האָט געווונקען אַז דער וויזיט איז שוין צו ענדע אָפּגעזעגנט זיך. זי איז אַוועק. מער האָב איך זי שוין קיינמאָל ניט געזען.

29 פעברואַר אין אַ ברענענדן פראָסט און ווינטן־זאַווערוכע בין איך שוין מיטן טראַנספּאָרט אָפּגעפאָרן.

## ישראל ערבין זה לזה

— איצטער בין איך שוין דער „גבור, דער שטאַרקער", יעקב איז קראַנק. אַ ליידיקע „קיביטקע" איז געווען אין „אַאול" פון צווייטער בריגאַדע, אַהין האָבן מיר זיך איבערגעצויגן. צוליב יעקבן קען איך צו דער אַרבעט ניט גיין. איך בין מיט אים פאַרבליבן. און אַז מען גייט ניט אויף אַרבעט — קריגן מיר אויך ניט דאָס ביסל טרוקענע מעל מיט די עטלעכע פאַרפוילטע קאַרטאָפל.

איך האָב נאָך געהאַט עטלעכע צענדליק רובל, האָב איך בײַ די קאַזאַכן געקויפט אַ ביסל מילך, א „לעפּיאָשקע" און לויף צוריק. איך טו אַלעס, איך טו וואָס איך קען נאָר — אַלעס, כדי יעקבן צו ראַטעווען! ער ווערט ניט בעסער... וואָס מערער ווערט ער שוואַך. איך זיץ און באַמי זיך צו טרייסטן אים. ער איז ווייט... טרייסט ווערטער נעמט ער ניט אָן; פּלוצים גיט ער מיר אַ זאָג: „שעיה, עפּעס קומט אָן, עס זיצט אויף מיר; איך פיל ניט מער מײַן לינקער האַנט, מײַן לינקע פוס פיל איך שוין אויך ניט...

מיט פיל שרעק האָב איך איבערגעזעסן די נאַכט מיט אים. גלייך אינדער־

פרי בין איך אַוועק צום קאָלכאָז־פאַרזיצנדער און ברענג אים צום קראַנקן. אויפן ווונק און שטום־לשון רעד איך מיט אים... ער גיט מיר אַ פּאָר ביקעס און אַ פור געשפּאַנט, ווי אויך אַ מאַן פון קאָלכאָז צו הילף. מיר פירן יעקבן אין „באַל־ניצע״ — אַ פיר קילאָמעטער ווייט פונעם קאַזאַכישן „אַאול״ און דאַרף ווו מיר לעבן. אָנקומענדיק אַהין, האָבן מיר אים לאַנגזאַם פון פור אַראָפּגענומען און אַריינגעטראָגן אין קאָרידאָר פון „באַלניצע״.

אַ פרוי אַ דאָקטאָר איז אַרויס און דערקלערט, אַז זי קענען דעם קראַנקן ניט אויפנעמען. אַלעס איז באַזעצט און פול... ניין, זי וועט ניט אָננעמען; פירן צוריק! מיינע טענות, איינבעטענישן און שטאַמלען העלפן ניט. „כ׳האָב אים ניט וווהין צו נעמען״ — פּרוּוו איך נאָך איר איבערצייגן.

„טו נעם אים אהין פון וואַנען דו האָסט אים געבראַכט״ — ענטפערט זי.

— איך בין אַרויס; אונטער אַ בוים זיך פאַרשטעקט צוקוקן וואָס דאָ וועט זיין. אפשר אַז איך בין אַוועק — וועט מען דאָך אים אויפנעמען און ניט אַרויס־טראָגן אויף דער גאַס.

עס האָט אָבער ניט געהאָלפן; מען האָט אים באַלד אַרויסגעטראָגן און אַנידערגעלייגט אויפן באָדן אין גאַס. זעענדיק, אַז עס איז ניטאָ קיין ברירה האָב איך צוריק געלייגט אויפן וואָגן און ווידער צו דער פרוי דאָקטאָר. זי האָט זיך אָבער באַהאַלטן פון מיר און איך האָב איר ניט געפונען. עס האָט ניט געהאָלפן גאָרניט. מיר פאָרן צוריק. די נאַכט איז שוין צוגעפאַלן; עס איז שטאַרק פינצ־טער — אַ גוס רעגן ווערט פאַרשטאַרקט פון מינוט צו מינוט... אַ מבול, אַ שרעק! ערשט נאָך האַלבער נאַכט, נאָכדעם ווי מיר האָבן פון ווייטן געהערט דעם קרייען פון די הענער, זיינען מיר צוריק געקומען אין דער קיביטקע.

איך האָב אַ ביסל וואַסער אָנגעוואַרעמט, געגעבן יעקבן, אַליין אויך אַ זופּ געטאָן. שווייגנדיק ליגט ער און קוקט אויף מיר; אַן אומעט אין זיינע אויגן — ער שלאָפט ניט... פּלוצים גיט ער אַ פרעג: „צי ווייסטו שעיה קענען צו וויסן געבן אַהיים?״ — זיין פראַגע האָט מיר באַאומרואיקט. האָט זיך זיין פאַרשטאַנד צעמישט? גייט ער פון זינען אַרויס און פאַרלירט דעם קלאָרן געדאַנק? — איך בין ניט גערעכט געוועזן...

אויף מאָרגן אַרום 10 אַזייגער אינדערפרי געקומען איז די דאָקטאָרשע מיט נאָך אַ דאָקטאָר... זי איז דאָך פאָרט אַן „אבר מן החי פון א יידישן גוף! זי איז אַ יידישע טאָכטער און איך האָב ניט געוווּסט... באַטראַכט האָבן זיי דעם חולה שווייגנדיק; געהערט האָב איך זיי רעדן צווישן זיך אומפאַרשטענדלעכע ווער־טער, פון וועלכע איך האָב גאָרניט פאַרשטאַנען. זיי זיינען אַרויס אַרויסרופנדיק אויך מיר. די פרוי זאָגט מיר אויף אַ קלאָרן יידיש: „ניט גוט מיט אים... אַ פּאָר טעג נאָר; מער קען ער ניט לעבן און אפשר אויך ווייניקער...״ איך פיל

ווי מיינע אויגן זיינען טרערנפול, זיי רינען, איך האַלט זיי ניט איין... אָרעמער מיסגליקלעכער יעקב! ער איז ביים פולן זינען און פאַרשטאַנד אויך איצטער... ער ווייס וואָס און ווי אַזוי גייט עס צו מיט אים...

די דאָקטוירים אַוועק; ווידער אַליין געבליבן ביידע. עס דערנענטערט זיך דער סוף. גאָר שנעל... איך זיץ מיט אים לאַנגע שעה׳ן און רעד וועגן אַלעס, ער זאָל ניט פארשטיין חלילה, אַז עס איז שמאָל... ער ווייס אָבער און פאַר־שטייט אַלעס; רעדן אָבער רעדט ער ניט וועגן דעם, אפשר וויל ער מיר ניט באַאומרואיקן? — אַריבער איז שוין דער טאָג און אויך די נאַכט; נאָך אַ טאָג, דער צווייטער איז פאַרביי; צען אַזייגער איז ער אויסגעגאַנגען...

ניטאָ שוין דער גוטער, טייערער יעקב... איך ריר מיר ניט פון מיין אָרט און בלייב זיצן. נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, ווי פיל נעכט שוין? — אויך איצטער אַן אויג ניט צוגעמאַכט. פאַרשידענע געדאַנקען טוען לויפן און זיך אַוועק־טראָגן; איך בין ניט בכוח זיי צוזאַמענבינדן אַפילו... איך האָב קוים דערוואַרט דעם טאָג.

אינדערפרי בין איך געלאָפן גלייך צום קאָלכאָז־פאַרזיצנדער. פאַרלאַנגט האָב איך, ער זאָל געבן אַ פור און ברעטער כדי צו מאַכן אַן ארון און אַ מענטשן צו הילף. איך דאַרף דאָך מקבר זיין דעם נפטר. ער האָט ניט אנטזאגט, מיין בקשה אָנטקעגן געקומען. מיר זיינען אַוועק און אויף אַ בערגל ניט ווייט פון „טאַג־קארוז״ (אַזוי געהייסן האָט דער קאָלכאָז) אויסגעגראָבן דעם קבר. מיר האָבן צוגעשניטן די ברעטער. אַוועק אין „קיביטקע״ אָנגעוואַרעמט אַ קעסל וואַסער, אַרומגעוואַשן דעם נפטר און מקבר געווען. איינער אַליין בין איך געשטאַנען. אָפּגעזאָגט אַ קדיש־דרבנן, וכבודו במקומו מונח... געזאָגט האָב איך קדיש נאָך אַלעמען...

צוריק צום פור — מיינע פיס פאָלגן ניט. זיי גייען ניט... מיין העלפער דער קאַזאַך האַלט מיר אונטערן האַנט. ער האָט מיר אריינגעזעצט אין וואָגן; אין קיביטקע געבראַכט, אַריינגעטראָגן ממש און שוין אַוועק. איך בין שוין שעה׳ן געלעגן אַליין; קיינער איז ניט אַריין. איין געדאַנק נאָר און איין פראַגע האָבן מיר ניט געלאָזט רוען. איך טראַכט: איך רעד צום נפטר מיינעם: דיר יעקב ע״ה האָב איך נאָך אָפּגעטאָן אַלע רעכט און מקבר געווען... ווער וועט עס טאָן פאַר מיר? עס קומט דאָך די שעה! ניט געגעסן, ניט געטרונקען, דאָס האַרץ פאַרביטערט. ווי לאַנג קען נאָך אַ מענטש לעבן אַזוי און אויסהאַלטן? אָט אַזוי איינזאַם און אַליין וועל איך אויסגיין? כ׳בין געבליבן ליגן. ווי לאַנג, האָב איך ניט געוווּסט...

— פּלוצים האָט זיך די טיר געעפנט, אַריינגעקומען איז אַ קינד פון א יאָר ניין. ער האָט מיר געזאָגט „אַ גוט מאָרגן״ רוסיש. אַ רוסיש וואָרט האָב איך

שוין לאַנג, לאַנג ניט געהערט. איך האָב מיין קאָפּ שווער אויפגעהויבן און געפרעגט: „ווער ביסטו מיין קינד?"

„מיין נאָמען איז ליפשיץ פון מינסק" — האָט ער געענטפערט — איך און אַ יינגערער ברודערל מיט אַ שוועסטערל געפינען זיך צוזאַמען מיט אונדזער מאַמען אין דער דריטער בריגאַדע. מען האָט אונדז אָנגעזאָגט היינט, אַז געשטאָרבן איז דאָ אַן אַלטער מאַן און עס ליגט נאָך אַ קראַנקער. לויט דער ביטע פון דער מאַמען בין איך געקומען אַ קוק טאָן". ער איז גלייך אַנטלאָפן. פאַרשטאַנען האָב איך, אַז עס איז אַ יידיש קינד. איך וועל שוין ניט בלייבן אליין — האָט מיין האַרץ פריידיק געקלאַפּט...

ניט לאַנג האָט שוין געדויערט. ווידער האָט זיך די טיר געעפנט — אַריינגעקומען זיינען דריי פרויען מיטן קאָלכאָז־פאָרזיצנדער. זיי האָבן אַ קוק געטאָן און געעפנט אויף אים א מויל קולי־קולותדיק: „געבראַכט האָסטו מענטשן אַהער, זיי זאָלן אויסגיין ביי דיר פון שמוץ און הונגער".

ער האָט זיי אַ ווונק געגעבן און זיי זיינען אַרויס און אַוועק. אַ שטיקל צייט אַוועק. זיי זיינען געקומען מיט אַ פור מיט לעבנס־פּראָדוקטן. מען האָט מיר אויפן וואָגן אַרויפגעלייגט און אַוועקגעפירט אין דער דריטער בריגאַדע. דאָרט איז שוין גרייט געווען אַ וואַרעמע וואַנע פאַר מיר; מען האָט מיר אָנגעטון ריינע וועש, אין בעט אריינגעלייגט; יעדע פאָר שעה מיר עפּעס אין מויל געגעבן און אַזוי בין איך צו זיך געקומען. הקיצור — די פרויען און פאַניע ליפשיץ בעיקר — די פרוי פון א קאַפּיטאַן אין דער רויטער אַרמיי — האָבן מיר פון טויט לעבעדיק געמאַכט... די השגחה עליונה געוואָלט האָט, אַז איך זאָל בלייבן לעבן. אָט אַזוי האָבן מיר דריי יידישע פרויען געראַטעוועט דאָס לעבן. ווייל ישראל ערבין זה לזה...

## מענטשן אויף מיינע וועגן

### ליענגעראוגאל

איך בין שוין ווידער אָנגעקומען אויף סטאַנציע (און שטעטל) ליענגער־אוגאַל, קאַזאַכסטאַנסקאַיאַ אָבלאַסט; פון דאַנען, פון דער באַנסטאַנציע — ווו מען האָט מיר געבראַכט מיט יעקבן ע״ה צום ערשטן מאָל לויטן דעקרעט — האָט זיך אָנגעפאַנגען איינער פון טראַגישע לעבנס־קאַפּיטלען, וואָס האָט אויך געקענט ווערן מיין אויפהער־קאַפּיטל, מיין סוף. אויף דעם אָרט האָב איך אויך אָפּשייד גענומען פון די דריי יידישע פרויען, וואָס האָבן מיין לעבן אָפּגעראַטע־וועט און ווידער מיר אויף די פיס געשטעלט. איך האָב זיי ניט געקענט; זיי מיר — אויך ניט און קוקט וואָס קען מאַכן אַ בשותּפותדיקע שייכות צום אַל־מענטשלעכן מענטשן־פאָלק און יידן־פאָלק.

די עוואַקואירטע פון מינסק פאַניע ליפשיץ (מוטער פון דריי קינדער און יינגעלע, וואָס האָט מיר געפונען קראַנק און אויסגעשעפּט) — אַ פרוי פון אַ יידן, אַ קאַפּיטאַן אין דער רויטער אַרמיי — האָט ניט געהערט פון איר מאַן און ניט געוווסט גאָרניט צייט ער איז מאָביליזירט געוואָרן. די אַנדערע צוויי פרויען — אויך „אָפיצערשעס״, ד. ה., אַז אויך זייערע מענער זיינען מאָבילי־זירטע רעזערוו־אָפיצירן — צוויי שוועסטער פון אָרשע. זיי האָבן אויך גאָרניט געוווסט פון זייערע מענער צייטן אָנפאַנג פון דער מלחמה. מיטן עוואַקואירן פון מינסק און אָרשע און מיטן אריינמאַרש פון דייטשע מענטשן־פרעסער, זיינען די דריי פרויען מיט זייערע קליינע קינדער געבראַכט געוואָרן אין קאָלכאָז — כדי צו לעבן דאָרט און די אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט זאָל זיי אויסהאַלטן. פאַר דער צייט (צוויי יאָר) זיינען אַלע דריי געוואָרן גאַנצע „שמעלקעס״ און „גאַרגעצן״ אַפילו קאַזאַכיש אַ ביסל. און פאַניע פול מיט ענערגיע און מיט איינגעבאָרענע פירער־אייגנשאַפטן איז ממש געוואָרן אַ הויפּט „כל וכל״. זי און די חברטעס האָבן מיר פון טויט לעבעדיק געמאַכט.

ויהי היום, איז פּלוצלונג גאָר א צופעליקע ידיעה דערגאַנגען צו פאַניען; איר „קאַפּיטאַן״ איז שווער פאַרוווּנדעט און ליגט אין שפּיטאָל ערגעץ ווו אין ווייטן „סיביר״. אַ פּאָר וואָכן נאָכדעם האָט זי אויך אַ בריוו פון אים דער־האַלטן. ער שרייבט זי זאָל גרייט זיין מיט די קינדער, ווייל ער וועט גאָר אין קורצן שיקן אַ שליח מיט געלט — ברענגען זיי צו אים. גרויס איז געוועזן די גליקלעכע פרייד. די צוויי שוועסטער פון אָרשע האָבן אויפן אָרט דערקלערט, דאָס זיי וועלן אויך פאָרן. אָן פאַניען וועלן זיי אין קאָלכאָז ניט זיצן. אַלע דריי האָבן באַשלאָסן, אַז מיר וועלן זיי פאַר קיין שום פאַל אין קאָלכאָז ניט איבער־לאָזן... כ׳וועל מיר איינאָרדענען אויסערן קאָלכאָז בעסער... אַזוי אַרום זיינען

מיר אַלע געקומען אין שטעטל, אין ליענגער־אוגאל. זיי האָבן שוין פאַר מיר געזאָרגט, צו באַזאָרגן מיט באַקאַנטשאַפט און פאַרבינדונג, כ׳זאָל חלילה ניט פאַרבלייבן עלנט.

לאַנג האָט ניט געדויערט שוין, דער שליח פון פּאַניעס מאַן איז געקומען. כ׳האָב באַגלייט די פרויען צום באַנסטאַנציע און גאָר וואַרעם אָפּגעזעגנט זיך מיט זיי און זייערע קינדער. איצטער בין איך ווידער געבליבן אַליין, אַוועק צוריק בין איך שטעטל. געלעבט האָבן דאָרט אַ פּאָר הונדערט יידישע משפחות פּוילישע טיילווייז (פּליטים אנטלאָפענע און פארשיקטע) און רוסישע אויך עוואַקואירטע פון אָקופּירטע געביטן דורך נאַצי־פאַשיסטישע האָרדעס. כ׳האָב שוין אַפילו געהאַט גוטע באַקאַנטע — ווּהין אַריינצוגיין, צייט פארברענגען און אונטערהאַלטן זיך צווישן אַנאַנדער. אָבער איינס מיטן דריטן איז ניט קיין מחותן... אַ לעבן דאַרף מען דאָך מאַכן און צו דעם דאַרף מען אַרבעטן. כ׳האָב געזוכט אַרבעט; עס איז אַפילו ניט שווער געווען צו קריגן — צוגענומען האָט מען אָבער בלויז סאָוויעטישע בירגער צו דער אַרבעט. יענער צייט האָט געגילט א געזעץ, אז די אלע פּליטים און פארשיקטע אויף סאָוויעטישע טעריטאָריעס דארפן ווערן סאָוויעטישע בירגער. די אלע וועלכע וועלן עס ניט אויספירן, וועלן אינטערנירט ווערן און זיצן אין תפיסה.[1] איניקע פון מיינע באַקאַנטע (פּוילישע בירגער) האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן ניט אָננעמען סאָוויעטישע בירגערשאפט, ווייל מיט דעם וועט זיי שוין קיינמאָל ניט געגעבן ווערן קיין שום מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דעם סאָוויעטישן „גן־עדן”. איך האָב צוליב פאָלגנדע סיבות באַשלאָסן צו ווערן אַ סאָוויעטישער בירגער. ערשטנס — געפילט האָב איך, אַז אויב איך וועל מיר איינעקשענען און גיין זיצן אין תפיסה — וועל איך עס ביזן סוף ניט אויסהאַלטן... צווייטנס — האָב איך אַרגומענטירט אין מיינע געדאַנקען, אַז די מלחמה איז נאָכניט צו ענדע און ווי אַזוי וועט עס זיין נאָך דער מלחמה — ווייס ניט קיינער און קען ניט וויסן. בלויז די צייט איז בכוח צו לעזן די אַלערליי פראגעס.

איך בין געוואָרן אַ סאָוויעטישער בירגער און אַוועק אַרבעטן אויף אַ טאַרטאַק. צוערשט האָט מען מיר אַוועקגעשטעלט ארבעטן ביי ברעטער־שטאַבעלן. צוויי טעג בלויז האָב איך ביי דעם געאַרבעט. עס האָט גאָרניט לאַנג געדויערט און כ׳האָב מיר דערוואָרבן אַ גאָר וויכטיקע שטעלע אויפן טאַרטאַק. אין פארלויף פון צוויי וואָכן, אויף דער דריטער וואָך, איז מיר פּאַקטיש

[1] דער פאקט איז פאַרבונדן מיטן פּאָליטישן סכסוך צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און דער פּוילישער „גלות”־רעגירונג אין לאָנדאָן, וואָס איז פארשארפט געוואָרן ביזן איבערייס פון די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען — מיטן אויפדעקן דער מאָרד־אַקציע פון טויזנטער פּוילישע אָפיצירן אין קאַטין דורך בעריעס אַגענטן.

איבערגעגעבן געוואָרן, די אָנפירונג פונעם גאַנצן טאַרטאַק. און מעשה שהיה כך הווה: דעם צווייטן טאָג נאָכדעם ווי כ׳האָב אָנגעפאַנגען צו ארבעטן, איז צו־געקומען דער „בריגאַדיר" אָפּנעמען וואָס איך האָב געמאַכט, פאַרשרייבן די מאָסן א. אַ. וו. צו זיין גרויסן וווּנדער האָט ער געפונען שוין אַלץ פאַרטיק. ער האָט גלייך געפרעגט צי האָב איך אַמאָל שוין געאַרבעט ביי דעם און נאַטירלעך האָב איך געענטפערט יאָ. ער איז אַוועק אַ צופרידענער אָבער אויף מאָרגן האָט ער מיר שוין אַוועקגעשטעלט ביי די זעגן און קרייזעגעס און גאָר אינגיכן בין איך געוואָרן א גאנצער „דירעקטאָר". איז עס דען א וווּנדער? האָלץ און טאַר־טאַקן־אַרבעט איז דאָך מיין פאַך; כ׳האָב דאָך אַליין געהאַט אַ גרויסן טאַרטאַק מיט שלמה־חיים דובין ז״ל אין ווילייקע). עס האָט זיי אין אַלגעמיין שטאַרק אויסגעפּעלט אַרבעטס־הענט. די מלחמה־פראָנטן האָבן צוגענומען פונעם טאַר־טאַק אַ סך מענטשן־כוחות — איבערהויפּט די יונגע און בעסטע אַרבעטער. דאָך האָט דער טארטאק געמוזט באַדינען די קוילן־גרובן — ווו געאַרבעט האָבן ארום 16.000 מענטשן, די שטעטל מיטן געגנט האָבן געדארפט באדינען טעלע־פאָן־סלופּעס א. אַ. מיט בוי־מאַטעריאלן, צו דעם האָט מען געדארפט אַן אחריותפולן לייטער. בקיצור: כ׳האָב מיר אַזוי שוין איינגעאָרדנט צום לעבן, אַז טויזנטער מענטשן האָבן זיך געקענט ווינטשן צו זיין אויף מיין אָרט.

איין זאַך אָבער האָט מיר ניט געלאָזט רוען, זאָרגן און דאגות איבער מיינע בני־משפחה האָבן מיר דאָס האַרץ געגעסן. אין משך פון דער גאַנצער צייט פו־נעם מלחמה־אָנפאַנג און נאַציסטישע הצלחות אויף אַלע פראָנטן, האָב איך ניט געהאַט פון זיי קיין שום ידיעות און ניט געהערט. עס האָט געגעבן אַ גרונט גאָר ערנסט פאַרדאַגהט צו זיין... געווען איז שוין דאָס יאָר 1944; לענינגראד איז שוין באַפרייט געוואָרן פון דער באַלאַגערונג און בלאָקאַדע. רויטע ארמיי האָט שוין דורכגעבראָכן די פראָנטן און באַפרייט גרויסע שטחים פון ווייס־רוסלאַנד. וואָס ווייטער זיך דערנענטערט צו אונדזער סביבה... ווו איך האָב נאָר געהאַט באַקאַנטע האָב איך געשריבן: זיך אָנגעפרעגט — ליידער קיין שום ענטפער...

אָט האָב איך אַמאָל אין אַ צייטונג געלייענט אַז אין מאָסקווע איז געגריג־דעט געוואָרן אַ קערפּערשאַפט, וואָס העלפט צו שאַפן פאַרבינדונגען צווישן סאָוויעטישע בירגער מיט קרובים אין אויסלאַנד. איך האָב מיר תיכף שריפט־לעך געווענדעט, אפשר וועלן זיי קענען אויסגעפינען טעלעגראַפיש די אַדרעסן פון מיין ברודער און שוועסטער אין אַמעריקע (פאַראייניקטע שטאַטן). עס זיי־נען אַדורך אַרום אכט טעג, באַקומען האָב איך אַן ענטפער אַרויסצושיקן 50 רובל, כדי צו שאַפן די טעלעגראַפישע פאַרבינדונג. פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב עס גלייך געטאָן. און ווידער זיינען אַדורכגעלאָפן צוויי חדשים, ביז אין אַ

שיינעם העלן טאָג איז מיר אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון מאָסקווע — מיט געגויע און אויספירלעכע צוויי אַדרעסן — פונעם ברודער מיינעם און פון דער שוועסטער אין אַמעריקע. אַ צוויי־דריי טעג פריער האָב איך באַקומען צוויי פעקלעך זאַכן און שפייז פון אַמעריקע. געוווּסט האָב איך, אַז עס איז שוין געשאפן געוואָרן א קאָנטאקט — א קליין ביסל פרייד אין גרויסן ברייטן אומעטלאַנד... כ׳האָב טעלעגראפירט גלייך צום ברודער: „איך פיל מיר גוט, א דאנק פאַר די פעקלעך. דער גורל פון מיין פרוי און קינדער, ווי אויך אַלע פון משפּחה ניט באַוווּסט. כ׳בין זייער באַזאָרגט און אומרואיק״...

אָנהויב יולי 1944 איז אונדזער קריוויטש באַפרייט געוואָרן פון נאַציישע רוצחים. כ׳האָב דאן געשריבן צום „נאטשאלניק״ פון קריוויטשער פּאָטשט — אקסיוטא ער זאָל מיר שרייבן, וואָס ער ווייס וועגן מיין פאַמיליע און אַלע אַנדערע בני־משפּחה. ער האָט ווי עס ווייזט אויס קיין האַרץ ניט געהאַט צו דעם. זיין פּאָטער יוזעף אקסיוטא, אַ ליבעראַלער פּאָלאַק, האָט מיר מיט אַ צעבראָכן האַרץ געשריבן דעם ביטערן אמת. עס איז מער ניט געבליבן קיי־נער; ניט מיין פרוי און קינדער, ניט מיינע שוועסטער, שוואָגער מיט זייערע קינדער, ווי אויך ניט קיינער פון יעקבס משפּחה. כ׳האָב גלייך טעלעגראפירט מיין ברודער אין ברוקלין, אַז „עס איז מער ניט געבליבן קיינער״... איצטער האָב איך שוין געוווּסט, אַז איך בין איינער אַליין געבליבן. אַ שטאַרקע נערוון־דערשיטערונג האָט מיר אָנגענומען. קראַנק בין איך געוואָרן. זעקס חדשים זיינען אַדורך ביז איך בין צו זיך געקומען.

אינצווישן צייט פון מיין קרענק הויבן זיך אָן אויסצוקריסטאליזירן אונ־טערהאנדלונגען — צווישן דער סאָוויעטן־רעגירונג און דער פּוילישער לוב־לינער רעגירונג (שטאַרק געגויגט צו די סאָוויעטן און גאָר באַאיינפלוסט) — וועגן א רעפּאַטריאציע פון אַלע פּוילישע בירגער, וועלכע ווילן צוריקקערן אַהיים כדי „צו בויען א סאָציאַליסטיש פּוילן — אַ פאָלקס־דעמאָקראטיע״. עס איז אויך סוף כל סוף געשלאָסן געוואָרן אַ שריפטלעכער אָפּמאך. אַפילו די אַלע, וואָס האָבן זיינער צייט — אונטערן דרוק פון די באַזונדערע באַדינגונגען און אָנגעלעגנהייטן — אָנגענומען סאָוויעטישע בירגערשאפט, קענען אַריינגע־רעכנט ווערן אין רעפּאַטריאַציע־באַרעכטיקטע. גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב אויך געוואָלט פון דעם געניסן... די הכנות אויסצופירן דעם רעפּאַטריא־ציע־הסכם פונעם פּאַפּיר אין לעבן האָבן זיך גאָר לאַנג געצויגן. דער ברודער פון ברוקלין האָט טעלעגראַפירט: כ׳זאָל אין ערגעץ ניט פאָרן. (קריוויטש גע־מיינט מיט דעם. ליידער האָב איך שוין ניט געהאַט צו וואָס און צו וועמען אַהין צו פאָרן)... למען השם פאָרן אין ווארשע — וווּהין ער וועט האָבן אַ מעגלעכ־קייט צו קומען מיר זען. ביז אַלעס איז שוין גרייט געווען און עשאלאָנען־צוגן

## די משפחה קאַצאָוויטש הי״ד



דער פאָטער שעיה



די מוטער חנה



מערע



יהושוע



עטעלע



חיים

האָבן אָנגעהויבן צו קורסירן, בין איך שוין ווידער געווען ביי די כוחות און „אויף די פיס" צו מאַכן די לאַנג דערוואַרטע רייזע. פון אַ דערהויבענעם מאָ־ראַל האָט דאָך בשום אופן קיין רייד ניט געקענט זיין. איך בין געווען זיכער, אַז כ'האַלט ביים ארויספאָרן פון אומעטלאַנד... כ'האָב אָבער אויך נאָכמער זיכער געווען, אַז איך פאָר אַריבער אין אַ מערער בלוט־באַטריבטער און ביטערער אומעטלאַנד. ווי זשע וועט קומען אַהין מיין ברודער כדי מיר צו זען? עס איז דאָך בעסער ער זאָל ניט קומען... עס איז נאָכניט רואיק... איבערפאַלן אויף יידן גייען נאָך ווייטער אָן.

## באַגעגענישן אין וואַרשע

טורא בטורא לא פגע [2]
אינש באינש פגע.

אַן אַלט פאָלקס־ווערטל
(פון די מקורות)

פרילינג 1946, יום א' דפסח בין איך מיטן עשאַלאָן־צוג, אַרויסגעפאָרן אויפן וועג קיין פוילן — קיין וואַרשע. פון סאַראַטאָוו (קוויבישעוו היינט, האָב איך צום ברודער אין ברוקלין טעלעגראַפירט — אַ גרוס פונעם וועג. „איך פאָר אין וואַרשע. עס איז ניט נויטיק דיין קומען אהין. וועסט נאָך הערן פון מיר שוין פון דאָרטן". אין צוג מיט מיר זיינען מיטגעפאָרן פיל יידן ווי אויך קריסטן (אַ ביסל ווייניקער) פריינט, באַקאַנטע און אויך אומבאַקאַנטע. צווישן אַלע, מיינע אַ גוטע באַקאַנטע — אַ יידישע פרוי, פענשיקאָווע, די שוועסטער פון דעם באַקאַנטן דיפּלאָמאַט פונעם נייעם פוילן און פאַרשטייער אין „אונאָ" — פּראָפעסאָר כץ־סוכי.

אונדזער עשאַלאָן איז געקראָכן פיל מאָל לאַנגזאַם און שנעל געצויגן טייל־מאָל; ער איז דירעקט געפאָרן קיין אויבער־שלעזיע מיט גאָר אַ קורצן אָפּ־האַלט אין וואַרשע. אינעם טאָג פון צוועלפטן מאַי 1946 זיינען מיר אָנגעקומען אויפן „ווילנער באַנהויף" אין וואַרשעווער פּראַגע. איך האָב שוין פון פריער — לויט מיין ווילן און ברודערס פאַרלאַנג — באַשלאָסן צו בלייבן אין וואַרשע. ווייל פון וואַרשע איז אַ סך לייכטער געווען אָנצוהאַלטן פאַרבינדונג מיט אַמע־ריקע. דאָס זעלבע צוליב אירע סיבות, האָט אויך געוואָלט פרוי פענשיקאָווע. זי האָט געוואָלט זיין נאָענט צום ברודער נאָך אַזאַ מין לאַנגן פאַרשטויסן ווערן אַזוי ווייט. אונדזער צוג ווי געזאָגט, איז שטיין געבליבן אַ פּאָר מינוט אויפן

[2] אַ באַרג מיט אַ באַרג קומען זיך ניט אויף: אַ מענטש מיט אַ מענטשן טרעפן זיך.

באַנהויף. האָבן מיר אַראָפּגעוואָרפן מיין ביסל אָרעמקייט, ווי אויך די פּענשיקאָוועס זאכן אויפן צווייטן זייט פון צוג און אראָפּ אונטן, בלייבנדיק שטיין. באַלד האָט ווידער אונדזער „עשאלאָן“ גערירט און מיר זיינען געבליבן. אַ זעלנער פון באַן־פּאטראָל האָט אונדז באמערקט און איך האָב אים תיכף אָפּגעקויפט מיט אַ „לא יחרוץ“... אריינשטעקנדיק אים אין יד אריין...

אַזוי זיינען מיר געבליבן אויפן „ווילנער דוואָזשעץ“ — וואָס איז געווען בלויז אַ צענויפגעקלאפּטער באראק פון ברעטער... גלייך בין איך אוועקגעפאָרן אויפזוכן פּראָפעסאָר כץ־סוכי — איבערלאָזנדיק אין באַראַק פענשיקאָווען. וואַרשע וואָס איז אַזוי פּרעכטיק־שיין געווען (פאַר דער מלחמה) איז געווען פיל געשעדיקט און רואינירט. טראָץ דעם, בין איך אָן ספּעציעלע שוועריקייטן געקומען אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס, אָבער דעם פּראָפעסאָר האָב איך ניט געפונען. אַ באַוואָפנטער סאָלדאַט פון דיפּלאָמאַטן־וואַך האָט מיר, דערקלערט, אז ער איז אַוועק מיט זיין פרוי; ער ווייס ניט וווּהין און ווען וועט ער זיין צוריק. איבערגעלאָזן אַ פּאָר ווערטער שריפטלעך ווו איך האָב אָנגעזאָגט דעם פּראָפעסאָר אַז זיין שוועסטער איז אין פּראַגע אויפן באַנהויף. היינט דריי אַזייגער נאָכמיטאָג אָנגעקומען מיטן „עשאלאָן“ פון קאזאכסטאַן. איך בין גלייך אַוועק צוריק אין פּראַגע אויפן „דוואָזשעץ“ און אַוועקגעזעצט זיך מיט דער פענשיקאָווע ווארטן אויף איר ברודער.

שעהן זיינען אַדורך, עס איז שוין גאָר נאָענט געווען צו נאַכט, שוין פינצטער — דער ברודער איז נאָכניט געקומען. געזוכט האָבן מיר אַן אָרט איבערצונעכטיקן און ניט מצליח געווען. מיר זיינען געבליבן אין באַראַק. פרוי פענשיקאָווע איז מיד און דערשעפּט. זי האָט געכאַפּט א דרימל. איך זיץ נאָך אַלץ און וואַרט. עס איז שוין געוואָרן צען אַזייגער אין אָוונט און נאָכניט געקומען און פענשיקאָווע שלאָפט גוט... ערשט נאָך 11 דערזען האָב איך אַ פרוי מיט אַ מאַן ארומגיין און זוכן עמעצן איינגעקוקט האָבן זיי זיך אין פּנימער פון אַלע דורכגייענדע אויפן פּעראָן. אפשר זיינען זיי דער ברודער און שוועגערין פענשיקאָוועס? כ׳האָב איר זאנפט אויפגעוועקט און אָנגעוויזן אויף זיי. זי האָט תיכף זיי דערקענט — אָנטוענדיק אירע אויגן־גלעזער. ער האָט זי אויך באַלד באַמערקט. דארף איך מיט מיינע איינפאכע און אָרעמע אויסדרוק־מיטל שילדערן אַזאַ מין באַגעגעניש נאָך זיבן יאָר און נאָך אַזעלכע בלוטיקע און פייער־ברענענדע יאָרן? ניין! איך בין ניט אימשטאנד דאָס אויסצופירן... פרוי פענשיקאָווע איז פארשטענדלעך גלייך אַוועק מיט איר ברודער און שוועגערין. איך בין זיצן געבליבן אין באראק ביז מאָרגן־ליכט, ביז עס איז טאָג געוואָרן.

אויף מאָרגן בין איך גלייך אַוועק אין „צענטראל־קאָמיטעט פון שארית הפליטה“ — ווו מען האָט געקענט זיך איינאָרדענען אַ נאַכט־אַזיל, אויפזוכן

א שטיקל קרוב אָדער א באקאנטן, הערן אלע אקטואליטעטן און אינפאָרמאַציעס א. אַ. וו. (כ׳האָב אַפילו שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג דורכן „קאָמיטעט״ געפירט אויך מיין קאָרעספּאָנדענץ מיטן ברודער און שוועסטער אין אַמעריקע). כ׳האָב מיר געמאָלדן און באַקומען אויך אַן אָרט צייטווייליק; די סעקרעטאַרשע האָט מיר געזאָגט, אַז צוויי פרויען זוכן מיר ארום און מאָרגן עלף אַזייגער וועלן זיי ווידער זיין. לויט סימנים און אויסזען ווי די סעקרעטאַרשע האָט מיר גע־שילדערט, האָב איך שוין פארשטאַנען ווער די פרויען זיינען...

צום אָפּגערעדטן „ראַנדעוווּ״ אונטער די אויגן, בין איך פּינקטלעך געקומען צומאָרגנס. פרוי פּענשיקאָווע און פרוי כץ־סוכּי האָבן שוין געוואַרט אויף מיר. די כץ־סוכּי — אַ זייער פיינע יידישע טאָכטער, אַ געבאָרענע אין גראָדנע, האָט זיך האַרציק, סובטעל און שעמעוודיק פאַרענטפערט פיל מאָל — פארן איבער־לאָזן מיר אַליין אויפן וואָקזאַל אין פּראָגע. מיטן בעסטן ווילן זייערן האָט עס אַנדערש ניט געקענט זיין. זיי האָבן בלויז אַ גאָר קליין צימערל. זי האָט מיר אויך איבערגעגעבן דעם אַדרעס פון איר מאַנס ארבעטס־פּלאַץ — טאָמער וועל איך מיר נויטיקן אין אַן עצה אָדער הילף. ער וועט קיינמאָל ניט אָפּזאָגן זיך פון דעם. זיי זיינען פשוט ניט אָפּגעטראָטן פון מיר, ביז איך האָב זיי ניט צוגעזאָגט, אַז איך וועל קומען צו זיי אויף אַ באַזוך. ערשט דאַן זיינען זיי אַוועק דערמאָנענדיק מיר נאָכאַמאָל מיין הבטחה. כ׳האָב געהאַלטן וואָרט; כ׳בין צו זיי געקומען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער און אויפגענומען געוואָרן זייער פריינט־לעך; מיר האָבן געזעסן אין זייער קליין צימערל, געשמועסט און זיך אונטער־האַלטן. פּראָפעסאָר כץ־סוכּי איז אויך אינדערהיים געווען. און וואָס אמת איז אמת! איך בין מודה: ער האָט מיר נאָכדעם אַ סך געהאָלפן צו דער נויטיקער צייט און בלב ונפש — פון אַן ארויספאָר־פּאַס, אַ וויזע קיין פראַנקרייך — ביז אַ דערלויבעניש מיט אַ בילעט צו פליען מיט אַ מיליטערישן „פליגער״ אין פראַנקרייך.

א טאָג צי צוויי שפּעטער בין איך ווידער געקומען אין „קאָמיטעט״. פּלוצ־לונג און אומדערוואַרט האָט עמעצער מיר אָנגערופן מיט מיין ערשטן נאָמען: „ר׳ שעיה! ר׳ שעיה!״ כ׳האָב מיר אַרומגעקוקט און דערזען די חברטע פון מיין עלטערער טאָכטער מערע, מלכה שימענטשיק! — יוסף שמירס אַ שוועסטער (אין אויסטראַליע איצטער). זי איז צו מיר צוגעלאָפן, מיט א געוויין און קושן אויפן האַלדז מיר געפאַלן. זי איז אויך מיט דער מוטער און ברודער געקומען פון וויטן צפון (סיביר) מיט אן עשאַלאָן ניט לאַנג אויך אלס רעפּאַטריאַנטן. נאָכן צו־זיך קומען, האָב איך מלכהן געפרעגט וועגן מאַמען און יוספן. איר ענטפער איז געווען, אַז יוסף געפינט זיך שוין אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. די מוטער איז דאָ אין וואַרשע. מיר זיינען געגאַנגען זען די מוטער — פרוי סאָניע שימענטשיק.

ווידער א פיצל פרייד איןברייטן און גאַר גרויסן אומעטלאנד; — אַ שמחה פון אן אומדערוואַרטער באַגעגעניש, אומעט — איבער די אומשטענדן אין וועלכע זי קומט פאָר. אייניקע טעג האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען.

---

— אן אומעטיק באַטריבטער סך־הכל; געווען אַ שטעטל, א לעבנסשטייגער דורות־לאַנג, אַ טראַדיציע; ניט געבליבן גאָרניט, אַלץ שטייט חרוב. די איינ־ציק געבליבענע זיך צופאַרן „אל ארבע כנפות הארץ". אזש אין אויסטראַליע. איך בין אַוועק אין פּאַריז. יוסף שמיר — מלכהס ברודער ווי אויבנדערמאָנט אין ארץ־ישראל — לאזאר און רעייה (טורעק) די אַנדערע צוויי — סאָניע שימענטשיקס קינדער זיינען ניט געבליבן. לאזאר איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך בעריעס אגענטן אין קאַטין־וועלדער — צווישן 12.000 פוילישע ארמיי־אָפיצירן. רעיהן געטראָפן האָט דאָס זעלבע, וואָס איז געשען מיט זעקס מיליאָן יידן. צוזאַמען מיט טיקאָטשינער קהילה (טיקטין) ביי ביאַליסטאָק איז זי אומ־געקומען מיט איר קליינער טעכטערל — סאָניעס ערשטע אייניקל — עדה. קריוויטשער יידן צעשאָסן, צעריסן און פאַרברענט. און מיר אַרומדרייענדע שאָטנס, שפּרייזן און שוועבן איבער סילועטן פון א וועלט, וואָס איז פארשוווּנדן. ענדלעך האָט קריוויטשער משפחה אין ישראל און תפוצות בכל אתר ואתר אויפגעוואַקסט — אַ „נר תמיד" אָנצוצינדן, אַ ברענענדן פאַקל, וואָס זאָל באַ־לייכטן די גייסטער פון אונדזערע אַלע טייערסטע, און איבערפלאַנצן די צוגע־בונדנקייט פון אונדזערע אייניקלעך און אוראייניקלעך צו די וואָרצלען, כדי ווייטער צו ציען די קייט פון נצח־ישראל! געבענטשט זאָלן ווערן די הענט פון העושים במלאכה! כה לחי!

דוד קאַזשדאַן /טאָראָנטאָ קאַנאַדע

# אַ לעבן אויף „ראַטעס"

## נאַציס אין פלעשצעניץ

23־סטן יוני 1941 (אויף מאָרגן נאָכן מלחמה־אויסברוך) האָב איך מיר צווישן אַלע אַנדערע צוגעשטעלט צום אָנגעוויזענעם פונקט; — גלייך אויפן אָרט בין איך אויך מיט אַ גרופע יונגעלייט צוקאָאָפּטירט געוואָרן אין אַ מעכאַנישער פאַנצער־איינהייט און באַפוילן געוואָרן אַרויס צופוס מאָמענטאַל צום זאַמל־פונקט פון אונדזער מיליטער־פאָרמאַציע — אין שטעטל באָריסאָוו, מינסקער אומגעגנט — וווּ עס זיינען קאָנצענטרירט געווען אַלע דעפּאָ־וואַרשטאַטן און מעכאַנישע אויסשטאַטונג פון דעם גאַנצן פאַנצער־רעגימענט אונדזערן. מיר זיינען געגאַנגען דעם וועג — אַ מהלך פון 55 ביז 60 קילאָמעטער — און דערגאַנגען. צוגעקומען אַהין; אָבער — צו שפּעט... אַלע דעפּאָ־איינריכטונגען כלים און מאַשינען, אַלע אויסשטאַטונגס־וואַרשטאַטן זיינען שוין עוואַקואירט געוואָרן; די גרופע צו וועלכער מען האָט אונדז אָנגעשלאָסן, האָט שוין אויך אָפּגעצויגן מיטן טיפן און ווייטן צוריקצוג פון דער רויטער ארמיי. אַפילו איין נאַצישע אויסשפּיר־איינהייט איז שוין אויך דורכגעפאָרן (אויף מאָטיצקל). ס'שטעטל און געצויגן ווייטער. דאָך האָבן זיך נאָך אויפן אָרט געפונען געוויסע אַמטן פון דער סאָוויעטישער ציווילער מאַכט, וועלכע האָבן נאָכניט באַוויזן עוואַקואירן זיך, צוליבן גרויסן כאַאָס און „באַלאַגאַן" פון קאָמוניקאַציע־מיטלען. מיר האָבן אַפילו געטראָפן נאָך אַ גרופע איינצלנע קאָמאַנדיר־אָפיצירן פון אונדזער דיוויזיע־באַטאַליאָנען — צו וועלכע מיר האָבן זיך געווענדעט מיט דער פראַגע: וווּהין צו גיין און וואָס צו טאָן? זיי האָבן אונדז צונויפגעקליבן און אָפּגעפירט אויסערן שטעטל — מיר זאָלן כלומרשט פּרובירן איינצוהאַלטן די הויפּט־כוחות פונעם שונא; און דאָס — אין דער צייט ווען באָריסאָוו (און איר נאָענטע אומגעגנט) איז שוין אַרום און אַרום פאַרשלאָסן געווען אין צוים פון נאַצישע אַרמייען. די אָפיצירן האָבן אונדז באַפוילן דאָרט צו בלייבן און אַוועק; — „איינדערפרי אויף מאָרגן, וועלן געגעבן ווערן נייע אינסטרוקציעס פונעם גענעראַלשטאַב אויפן ווייסרוסישן פראָנט, ווי אויך אָנווייזונגען וועגן ווייטערן אָפּעראַטיוון מאַרש אונדזערן"... אָט אַזוי האָבן זיי געזאָגט איבערלאָזנדיק אונדז אויף הפקר.

דעזאָריענטירט, צעטומלט אינגאַנצן און ניט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טון, האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אין אַ וועלדל פאַרוואָרלאָזט — פון צייט צו צייט

אויסקנאַלנדיק שיס־זאַלפּן פון אונדזערע ביקסן און דעם איין און איינציקן אויטאָמאַט; — מיר זיינען דאָך אויך פאַראָרדנט געוואָרן צו שפּאָרן און אָפּהיטן אַמוניציע, וואָס מיר האָבן ווייניק געהאַט. פון אונדזער פאַרשטעקונגס־אָרט האָבן מיר גוט געקענט זען ווי די נאַצישע כוחות האָבן מאַרשירט אין אומאויפהערלעכע קאָנוואָיען פון טאַנקן און קאַנאָנען אין קאָלאָנען פון פּאַנצער־אויטאָס און מיליטער־וואָגן... אָט אַזוי אין פאַרלויף פון דער גאַנצער נאַכט. פאַר אונדז אָבער איז די נאַכט שטיל אַדורך און אָן קרבנות. צומאָרגנס אינדערפרי זיינען מיר נאָך אַלץ געשטאַנען — ניט וויסנדיק וואָס צו טון און וווהין צו גיין...

אַ פּאָר שעה נאָכדעם זיינען אַדורכגעגאַנגען פאַרביי צוויי סאָוויעטישע קאָמאַנדיר־אָפּיצירן פון הויכער ראַנגע, וואָס האָבן אונדז באַמערקט און געפרעגט, וואָס פאַר אַן אויפגאַבע מיר האָבן אויסצופילן אויפן אָרט און פאַרוואָס זיינען מיר געבליבן נאָך דאָ, ווען יעדע איבעריקע שעה קען אונדז ברענגען אין געפאַנגענשאַפט פון נאַצישן שונא? — אויסהערנדיק פון אונדז דעם גאַנצן אמת, אַז מיר זיינען אַזוי אויף הפקר פאַרבליבן, האָבן זיי אונדז געראַטן, פּשוט פונאַנדערגיין זיך; — אַלס ניי־מאָביליזירטע, קאָן מען מיט אונדז גאָרניט שאַפן זיך אין געגעבענע באַדינגונגען — איז בעסער דעריבער מיר זאָלן אַוועק וווהין מיר ווילן — זיי זיינען שנעל ווייטער אַוועק. מיר ווידער אַלעס אין תוך נעמענדיק, האָבן דאָס אָנגענומען צום גוטן; עס איז אויך ניט געווען קיין ברירה! מיר זיינען גלייך זיך פונאַנדער געגאַנגען — יעדער איינער אין זיין געווונטשענער ריכטונג אָדער די אַזוי אויסגעוויזענע אים... צוזאַמען מיט נאָך אַ יונגנמאַן פון אונדזער אומגעגנט האָבן מיר זיך אין וועג אַוועקגעלאָזן צוריק קיין פּלעשצעניץ — כאָטש געוווּסט האָבן מיר און קלאָר פאַרשטאַנען, אַז אונדזער שטעטל איז שוין פונעם שונא באַזעצט. מיר האָבן ווידער אַדורכגעמאַכט דעם אויבנדערמאָנטן מהלך פון אַ 60 קילאָמעטער — דורך אַלע אומוועגן און הינטערשטעגלעך — היטנדיק זיך ניט אַריינפאַלן צום שונא — ביז מיר וועלן אַהיים ניט קומען בשלום. דאָס איז אונדז אויך געלונגען.

קומענדיק אַהין, איז נאָך אַלעס געווען אומגעענדערט — אַזוי ווי ביי די סאָוויעטן פאַר דער מלחמה, — אַזוי אַלנפאַלס האָט זיך עס אויסגעוויזן. אַלערליי מינים בעלי־מלאכות האָבן געאַרבעט; איך אַ שמיד, אַ צווייטער — אַ שוסטער; אַ דריטער האָט געאַרבעט אַלס מוליער; עמעצער אַנדערש אַ בוכהאַלטער א. אַ. וו. טעאָרעטיש (ביי סאָוויעטן פאַר דער מלחמה) איז קיין אונטערשייד געווען צווישן אָרעם און רייך... יעדער איינער האָט געמאַכט אַ לעבן... עס איז אַפילו קיין גרונט געבליבן צו טראָגן אַ קנאה לגבי אַ צווייטן, מקנא צו זיין צי ניט פאַרגינען עמעצן; (טעאָרעטיש אויפן פּאַפּיר), ווייל אויב עמעצן איז לייכטער אָנגעקומען אַלס בוכהאַלטער, האָט ער נאָך זיינע אַרבעטס־שעהן

געהאַט מערער אַנדערע קאָפּ־דרייעניש... אַזוי איז עס געווען ביי די סאָוויעטן; אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן ס׳שטעטל אויף די ערשטע טעג אונטער נאַצי־שער אָקופּאַציע. אָך און וויי צו דער פאַרבלענדעניש פון אונדזערע אויגן! צו דער נאַרישער פאַרשלעפערישער אילוזיע!...

— צו פיל וואַרפן זיך אין דייטשע אויגן ווי אויך פאַר סתם אַ קריסט, האָב איך אין פאַרלויף פון ערשטע טעג ניט געוואַגט און זיך באַמיט וואָס מערער אויסצומיידן. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ביז דער מלחמה זיינען אונדזערע באַציאונגען מיט ווייסרוסישע שכנים געווען זייער קאָרעקטע ווי אויך פריינט־לעכע אַפילו (ביז צו אַ געוויסער מאָס), האָט דאָך עפּעס אַן אומקלאָרע אנגסט־לעכקייט אין האַרצן גענאָגט... אַ קורצע צייט נאָר איז אַדורך — אַ וואָך אפשר אָדער צען טעג, כ׳ווייס אַפילו ניט צי פולע צוויי וואָכן — און שוין איז אַלעס, פון קאָפּ ביז אַראָפּ געענדערט געוואָרן.

אין אַ שיינעם העלן פרימאָרגן, זיינען אַלע שטעטלשע יידן אָן אויסנאַם, צונויפגערופן געוואָרן צו קומען אויפן שטעטלשן מאַרק. דער דייטשער זאָנדער־קאָמענדאַנט האָט פאַראָרדנט, אַז יידן אַליין זאָלן באַשטימען די מיטגלידער פון „יודנראַט" — (אַ כלומרשטע יידישע פאָרשטייערשאפט), וואָס זאָלן זיין פאַר־אַנטוואָרטלעך לגבי דער דייטשער מאַכט, פאַר יעדן יידן — ווי אויך פאַרן גאַנצן יידישן כלל אין שטעטל. אַלע קאָנטריבוציעס, צינזן, שטראָף־אָפּצאָלונגען און סתם יעדע נאַצישע אויפפאָדערונג האָבן געמוזט אויסגעפירט ווערן און ווערן צופרידנגעשטעלט דורכן „יודנראַט". אָט אַזאַ מין אויפגאַבע איז געווען ניט קיין לייכטע. יעדער האָט זיך אויסגעהיט צו נעמען אויף זיך דער אַזוי געפערלעכער מיסיע. נאַצישע מאַכט האָט אָבער פאַר יעדן פרייז באַשלאָסן דעם „יודנראַט" צו שאַפן; זיי האָבן פאַרהאַלטן דאָן עטלעכע יידן און אין שטעטל גופא זיי דערשאָסן. דערביי איז איינער[1] פון זיי אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף אַ טעלעפאָן־סלופּ. אַ ספּעציעלער באַפעל — פונעם זאָנדער־קאָמענדאַנט אונטערגעשריבן — האָט פאַראָרדנט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג דורכ־צוגיין און צוקוקן ווי עס וואַקלט זיך דער אומגליקלעך־אומשולדיקער קרבן אויף דער אימפּראָוויזירטער תליה... עס איז מיר אויך אומקלאָר געבליבן ביז היינט נאָך צי איז ענדלעך געשאַפן געוואָרן אַ „יודנראַט" אין שטעטל צי ניט; צו שנעל זיינען צוגעגאַנגען און דורכגעלאָפן אַלע געשעענישן...

אַזוי איז עס אויך גאָר שנעל קלאָר געוואָרן פאַר אַלע — ווער די נאַצישע

[1] אַלע באַמיאונגען פונעם דערציילער זיך צו דערמאָנען און פעסטשטעלן — ווער זיי־נען געווען די געכאַפּטע און דערשאָסענע ווי אויך דער אויפגעהאָנגענער — זיינען פרוכטלאָז געבליבן. עס איז קיין וווּנדער: אַזוי פיל צייט אוועק...

מענטשן־חיה איז און צו וואָס און ביז וואַנען זי איז מסוגל צו דערגרייכן — עס איז פֿאַראָרדנט געוואָרן גלייך אַלגעמיינע צוואַנג־אַרבעט פֿאַר אַלע אָן אונ־טערשייד — צווישן פרויען, מענער, מיידלעך און יונגוואַרג — אויסשליסנד קינ־דער און אַלטע לייט. אַלע יידן — איינשליסנד די קלענסטע קינדער זיינען באַפוילן געוואָרן אָנצונייען און טראָגן דער „געלער לאַטע", אַ ספּעציעל „יידישן אָפּצייכן" — שוין צוועלפטן יולי 1941. אַזוי זיינען געווען די ערשטע גזירות און שיקאַנעס...

— איך בין פֿאַראָרדנט געוואָרן צוריקגיין אויף דער פֿאַכמענישער אַרבעט מיינער — אַלס שמיד און שלאָסער־מעכאַניקער אין געוועזענעם סאָוויעטישן מלוכה־וואַרשטאַט — ווו אַלע מאַשינען און מעכאַנישע איינריכטונגען זיינען געבליבן גאַנץ און אומבאַרירט כמעט. צו דעם האָבן נאָך דייטשן אויך זייערע מאַשינען און אויסשטאַטונגען געבראַכט, ווייל לאָזן אין גאַנג די אַרבעטן אין וואַרשטאַטן, איז געווען פֿאַר זיי וויכטיק ווי אויך קריגס־נויטווענדיק. אונדזער אַרבעט איז פֿאַרשטענדלעך געווען אומזיסט — אָן קיין שום מינימאַלסטן אַר־בעטסלוין. בלויז פון צייט צו צייט, האָבן אייניקע דייטשן אונדז מכבד געווען מיט טאַבאַק אָדער סיגאַרעטן עטלעכע און דאָס איז געווען אַלעס. אַזוי געלעבט האָט מען, אַזוי האָט מען אַרבעטן געמוזט; קיינער האָט ניט געוווּסט ווי אויך ניט געקענט וויסן — וואָס קען מיט אים פּאַסירן אַ צוויי־דריי שעה נאָכדעם. ווער צו דער אַרבעט איז געגאַנגען — האָט בלויז געקענט גלויבן צי האָפן — אַז צוריקקומען וועט ער נאָך גאַנץ... אַזוי איז עס געגאַנגען און געדויערט ביז אין מיטן סעפּטעמבער 1941 — ביז די נאַציס האָבן זיך אַנטשלאָסן אויסראָטן אלע יידן אין שטעטל און אויסצוואָרצלען — „אויסזידלען" אויפן דייטשן רוצחישן לשון; „יודנריין" לאָזן פלעשצעניץ...

### חורבן פלעשצעניץ און אונדזער „ויברח"

געווען איז עס 15־טן סעפּטעמבער 1941 — (לויטן יידישן לוח, ערב יום־כיפּור תש"ב) — אַ טאָג מיט אַלע טעג צוגלייך אין נאַצישן גיהינום. יידן זיי־נען אויפגעשטאַנען, צו דער אַרבעט געגאַנגען ווי שטענדיק... פריער מיט אַ טאָג, אָדער צוויי האָבן זיך אין שטעטל באַוויזן אָנגעפּאַרענע געסטאַפּאָ־אָפּטיילונגען און ס. ס.־גרופּן („געהיימע שטאַט־פּאָליציי" און „שוצשטאַפּל־גרופּן" אויפן רוצ־חישן לשון) ווי אויך אוקראַינער פּאָליציי. זיי זיינען אַדורך די גאַסן און מען האָט זיי שוין ניט געזען. אַזוי אין דער כלומרשט־רואיקער „געמיטלעכקייט" האָט זיך פלוצים אַריינגעריסן אומדערוואַרט אַ „זאָנדער־באַפעל": — אַלע יידן אָן אויסנאַם — אָנגעטון אין בעסטער קליידונג זייערער — זאָלן זיך צונויפזאַמלען תיכף אויפן מאַרק. אַלע וועלן געפירט ווערן צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע

פונעם שטעטל באָריסאָוו און פון דאָרט טראַנספּאָרטירט ווערן קיין „אויס־לאַנד"... דאָס איז אַזוי אומגעריכט און אומדערוואַרט געקומען, אַז עס איז גאָר קיין רייד געווען וועגן אויסבאַהאַלטן זיך, צו אַנטלויפן און דאָסגלייכן. אַלע זייַנען זיך צונויפגעקומען אויפן פּלאַץ. מען האָט אַפילו אַלעמען אַראָפּגענומען פון די וויכטיקסטע אַרבעטס־פּלעצער און געבראַכט צום קאָנצענטרירונג־פּונקט. די גאַנצע יידן־עדה איז שוין גאָר אין קורצן פאַרזאַמלט געווען אויפן מאַרק — יעדער איינער מיט אַ קליין פּעקל עסנוואַרג, אַ פּאָר אַנדערע זאַכן פון פּערזענלעכן געברויך און אַרום אים זיינע בני־משפחה — ווי עס איז פאַראָרדנט געוואָרן. נאַצישע הענקער האָבן אויך געבראַכט פּויערים מיט פורן, מיט „פּור־גאַנעס" און נאָר עלטערע מענטשן, קליינע קינדער בלויז ווי אויך שוואַנגערע פרויען אין די הויכע מאָנאַטן האָבן זיי באַפוילן אויפזעצן זיך. אַלע איבעריקע האָבן געמוזט גיין צופוס... אַזוי האָט אָנגעפאַנגען אונדזער טויטן־מאַרש... ניט וויסנדיק זיינען מיר געגאַנגען, ניט אַנענדיק אין דער קלענסטער מאָס — אַז מען גייט שוין דעם לעצטן וועג...

— — צוקומענדיק אַן ערך פינף קילאָמעטער פון „דער באַן־סטאַציע", פון שטעטל באָריסאָוו איז באַפוילן געוואָרן אָפּצושטעלן זיך; דאָרט זיינען געווען שוין צוגעגרייט (אין געהיים) פאַרטיקע קברים אין גרויסע גריבער. מען האָט גלייך גענומען אַוועקפירן גרופּנווייז מענטשן פון די פאַרזאַמלטע אויפן פּלאַץ... באַלד האָבן מיר שוין אויך גוט געקענט הערן פון ווייטן די אַלע געקנאַלן פון אויטאָמאַטישן שיס־געווער, ווי אויך הילפס־געשרייען פון מענטשן אין טויט־שרעק לעבעדיקערהייט נאָך אין גריבער געוואָרפן... עס איז געוואָרן אַ טומל צווישן אַלע געבליבענע אויפן אָרט... איצטער איז ענדלעך קלאָר געוואָרן פאַר יעדן, וואָס מיינט ביי נאַציס „אויסזידלען" און וואָס איז ביי רוצחים „אויס־לאַנד"... די צעמישונג און אַלגעמיינע פאַרלאָרנקייט זיינען אַלץ מערער געוואַקסן; קינדער האָבן געוויינט, יונגע פרויען האָבן זיך אין יאָמער־געשרייען און געוויין פאַרגאַנגען; באַפעל־געשרייען פון אונדזערע אוקראַינישע באַגלייטער און דייטשע אָפּהיטער צו שווייגן האָבן זיך געטראָגן; נאַהייקעס, פלעקער און ביקסן־קאָלבעס ווי אויך גומי־שטעקנס האָבן זיך פרייגעלאָזן אויף לייבער געקאַטעוועט — ביז עס איז אויף אַ קורצער ווײלע שטיל געוואָרן — כדי באַלד ווידער זיך פאָרזעצן נאָך אַ קורצן איבערייס, אונטער שטאַרקערע טויט־שרעק און אימהדיקער מורא...

איך ווייס ניט, ווי אַזוי עס איז געשען; געשטאַנען בין איך מיט מיין פרוי בתיה ווי אויך מיט דער שוויגער און שוועגערין שרה און אַלקע גורע־וויטש — האַלטנדיק אויף די הענט, אונדזער אַנדערטהאַלבן־יאָריקן יענקעלען. עפּעס א פאַרבאָרגענער כוח, וואָס פיל שטאַרקער פון מיר האָט פון מיין אי־

נערן אויפגעברויזט, באַפּוילן און געטריבן: — „אַנטלויף וואָס שנעלער מיט דייניקע! אַנטלויף — כל־זמן עס איז שטיל און וואַגסט נאָך"... כ'ווייס ניט ווי אַזוי האָב איך אַ ריס געטון מיין פרוי, אַ צי געטון האַסטיק דער שוויגער־מוטער און קוים הערבאַר, שנעל דורך די ליפּן ארויסגעפּליסטערט דער שוועגערין אויפן אויער: — „מיר לויפן, מיר פּרוּוון אַוועק; אַלע נאָך מיר!" כ'האָב מיר אַ ריס געטון פון אָרט, אָנשטעקנדיק אַלע מייניקע מיטן זעלבן אומבאַקאַנטן כוח אַן אַוועק.

— שנעל זיינען מיר אריינגעלאָפן אין נאָענטן וואַלד און פארשוווּנדן. אויך היינט נאָך ווייס איך ניט — צי איז עס געווען אַ מזל־זאַך, צי זענען די וועכטער אונדזערע אַזוי באַשעפטיקט געווען — אַז זיי האָבן ניט באַמערקט אונדזער אַוועקלויפן. שפּעטער אין אַ פּאָר שעה אַרום האָבן מיר שוין געהערט פון מיין צווייטער שוועגערין, וועלכער מיר האָבן אין וואַלד געטראָפן, אַז פּופּצן יונגע בחורים איז געלונגען צו אַנטלויפן און צווישן זיי געפינט זיך אויך מיין שוואָגער אליע. זיין מוטער און שוועסטער אלקע זיינען געבליבן מיט אונדז. דערווייטערדיק זיך נאָך שנעלער פון הריגה־פּלאַץ, איז געבליבן אונדז צו באַטראַכטן און באשליסן, וואָס און ווי אַזוי אויך ווייטער?...

## א ניט אויסגעלאָשענער מענטשלעכקייטס־פונק

זיצנדיק טיף אין וואַלד באַהאַלטן, ניט האָבנדיק קיין שום זאַך — איך איינער, מיט אַ פרוי און אַ קליין קינד, ווי אויך מיט נאָך אַן אַלטער פרוי — די שוויגער. צו איר נאָך צוויי יינגערע — ד. ה. איך איינער מיט פיר פרויען און אַ קינד אַ קליינס איז עס אונדז אַלע תיכף קלאָר געוואָרן, אַז אין וואַלד קענען מיר אַזוי ניט בלייבן. ווי ניט ווי, מוז מען געפינען אַ פּלאַץ — אַ ווו מיר זאָלן כאָטש צייטווייליק קענען זיך אויסבאַהאַלטן — אונדזער לאַגע באַטראַכטן; אויסטראַכטן און אנטשליסן וואָס מיר האָבן צו טון, וווהין און ווי אַזוי?... קלאָר איז געווען אַז צוריק אין שטעטל טאָרן מיר זיך ניט באַווייזן; אויך איז עס ניט איבעריק מעגלעך אַרומצודרייען זיך אין וואַלד... מיר האָבן מורא געהאַט; אפשר האָט דאָך דערשפּירט עמעצער אונדזער אַוועקלויפן און דערקענט דעם וועג לויט אונדזערע טריט... אפשר זוכט ער אונדז אויך אין וואַלד אָדער שפּרייט אויס אַן אויסשפּיר־נעץ ארום און אַרום — כדי צו כאַפּן אונדז ביים ארויסגיין פון אונדזער באַהעלטעניש און צוריקקער צווישן מענטשן...

עס איז מיטאַמאָל קאַלט געוואָרן, גוט קאַלט; ווייל צוגעפאַלן איז שוין די נאַכט. אַ שיין־ליכטיק לבנה־נאַכט; אָבער ווי געווינלעך — אַ סעפּטעמבער־

נאַכט אין אונדזערע קאנטן — אַ גאָר קאַלטע. קיין סך צייט איבערצוטראַכטן און זיך מיישב זיין איז אונדז ניט געבליבן; אין משך פונעם גאַנצן טאָג, דעם אָוונט און אָנגייענדער נאַכט, האָבן מיר דייטלעך שווער געפילט ווי עס הענגט איבער אונדז דער אָנגייענדער „יום הדין"... עס איז דאָך ערב יום־כיפור... מיר האָבן געציטערט פון קעלט און פון מורא פאַרן מאָרגן און ווייטערע טעג; אפשר איז שוין אונדזער גורל גאָר פאַרחתמעט?... פלוצלונג איז מיר אויפן געדאַנק אויפגעקומען, אַז מיר אַלע מוזן אַוועקלאָזן זיך תיכף קיין ניעסטאַנאָוויטש (אַ דאָרף אין פלעשצעניצער געגנט) — ניט וואַרטן חלילה, אויפן פרימאָרגן, תיכף אַוועק! — צו קירילאָ אטראַשקעוויטש מיט זיין פרוי נינאַ, גוט באַקאַנטע קריסטן, וועלכע מיר האָבן געקענט אַלס זייער גוטע און ערלעכע מענטשן. געגלויבט האָב איך ביי זיי אויסצוגעפינען, אַ צייטווייליק אָרט זיך צו פאַרשטעקן — ביז מען וועט זיך אַ ביסעלע אַרומקוקן, אַן עצה געפינען און עפּעס אויספירבאַר באַ־שליסן. מיר זיינען טאַקע גלייך אין דער „כל נדרי"־נאַכט אַוועק אַהין, טראָגנ־דיק מיט זיך טיף אין האַרצן דעם שוין פאַרגעסענעם ניגון, פון קינדוויז וועלכן איך האָב אינדערהיים איינגעזאַפּט... באַגלייט האָט מיר דער ניגון אין פאַרלויף פונעם גאַנצן וועג; געפילט האָב איך, אַז אויך מיינע האָבן אַ טרער געלאָזט אַ שווערע, אַ יסורים־פולע, וואָס איז אויך שנעל פאַרגליווערט געבליבן אויפן באַק...

— מיין גלויבן און האַרץ־געפיל האָבן מיר אויך ניט אָפּגענאַרט דאָסמאָל; מיר זיינען אַהין אָנגעקומען — גייענדיק שנעל און רואיק דורך אַלע מעגלעכע אומוועגן — פאַרטאָג שוין, צו ענדע פון דער נאַכט. די גוטע פשוטע מענטשן (וואָנגעליער לויטן גלויבן) האָבן זיך גאָר שטאַרק איבערגענומען מיט אונ־דזער עלנד און אומגליק. זיי האָבן אונדז מענטשלעך אויפגענומען; עפּעס עסן און טרינקען געגעבן — ווי אויך געזאָרגט צו פאַרשטעקן אונדז ערגעץ ווו — פאַר אַ פרעמדער אויג צו באַהאַלטן. אונטערן שטאַל האָבן זיי געהאַט א גרוב פאַרהילט כדי צו איינשפּייכלערן פּראָדוקטן זיי זאָלן זיך האַלטן אויף אַ שטיקל צייט. דאָרט האָבן זיי אונדז געהאַלטן באַהאַלטן — טראָגנדיק אונדז יעדן טאָג עסן אין א טשייניק פאַרדעקט מיט היי. כאָטש געווען זיינען זיי גאָר אָרעמע פּויערים, האָבן זיי אונדז אַזוי אויסגעהאַלטן אין פאַרלויף פון אַ לאַנגער צייט — געבנדיק אונדז צום עסן, וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט. אַזוי זיינען מיר דאָרט אָפּגעזעסן באהאלטענערהייט — ביז ענדע דעצעמבער 1941 — א קיימא לן פון דריי מאָנאַטן בערך. זיי האָבן אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, אַפילו איינמאָל אונדז ניט געזאָגט מיר זאָלן פון זיי, אַוועק. כאָטש זיי האָבן שטאַרק מורא געהאַט, טאָמער וועט עפּעס אַ בייז אויג אונדז דערטאַפּן און מסרן זיי פאַר די דייטשן. קירילאָ פלעגט אונדז דערציילן יעדן טאָג — וועגן אַלץ וואָס

פאַסירט אַרום און אַרום, וואָס טוט זיך אויף דער וועלט — וואָס רעדט מען וועגן דער מלחמה און פראָנטן, וועגן דייטש... אַ פּאָר מאָל האָט ער אונדז אויך אָנגעמערקט, וואָס געהערט האָט ער, אַז אין דאַלהינעוו, אַ שטעטל דערווייטערט ניט מערער ווי 28 אָדער 30 קילאָמעטער פונעם דאָרף ווו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן — קומען נאָך יידן אויפן מאַרק יעדע וואָך און קויפן אייַן לעבנס־מיטלען און דאָרט איז אינגאַנצן רואיק. זיין עצה איז, מיר זאָלן פריער גוט אויסשפּירן און אויספאָרשן די זאַך; וויסן גענוי ווי האַלט עס דאָרט, צי קענען מיר זיין דאָרט זיכער און ערשט נאָכדעם איבערקלייבן זיך מיט אַלעמען אַהין.

ווייסנדיק גוט ווי שווער מיר באַלעסטיקן זיי מיט אונדזער אָנוועזנהייט, ווי שווער עס קומט זיי אָן צו געבן אונדז עסן; — באַשפּייזן נאָך פינף פּערזאָן מיט אַ קליין קינד דערצו, איז טאַקע געווען פאַר זיי גאָר אַ שווערע זאַך — (ניט רעכענענדיק שוין די אַלע טאָג־טעגלעכע סכנות, וואָס האָבן זיי באַדראָט אין אַ מיסגליקלעכן דורכפאַל אָדער א מסירה), האָב איך מיר דעריבער אנטשלאָסן אַרויסצוגיין פון באַהעלטעניש, כדי דערשלאָגן זיך פריער אַליין אַהין, פאַרזוכן אויסקוקן אַלעס; באַטראַכטן, אפשר איז אַ פּלאַן טאַקע מיר זאָלן אַהין קומען. געוואָלט האָב איך וויסן קודם כל, צי געפינען זיך נאָך יידן אין דאַלהינעוו, צי לעבט דאָרט טאַקע ברוך פרידמאַן[2] פון פלעשצעניץ, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט, אַז ער האָט באַוויזן צו אנטלויפן, דערשלאָגן זיך אהין און צייטווייליק געבליבן דאָרט ביים ברודער שמערל. און אַזוי ווי מען זאָגט: גערעדט און געטון. איך בין אַרויס איינמאָל פאַרנאַכט צו, ווען עס איז שוין גאַנץ פינצטער געווען און אַוועק — צוזאָגנדיק מיינע בני־משפחה גאָר שנעל מאָרגנדיקער נאַכט — שוין זיין צוריק. איך בין אַוועק מיטן וועג און אינדערפרי צומאָרגנס בין איך שוין געווען אין דאלהינעוו. דאָס איז געווען ארום 10—15 דעצעמבער 1941.

כ׳האָב דאָרט אויך לאנג ניט געדאַרפט וואַרטן, כדי צו טרעפן זיך מיט א יידן; איך האָב שוין באַגעגנט אייניקע גייענדיק אין גאַס. דאָרט איז נאָך רואיק געווען. איך האָב זיך אָן איבעריקע שהיות דערפרעגט ביי זיי ווו וווינט שמערל פרידמאַן. איך האָב אים בכלל ניט געקענט. איך האָב געוואָלט וויסן וועגן ברודער זיינעם וועגן ברוכן. די זעלבע האָבן מיר אָנגעוויזן, ווי אַזוי צו גיין און איך

[2] א שוואָגער פון רבקה פ. פון אשדוד. ער איז באמת געווען א דאַלהינעווער און איז צו אונדז אין פלעשצעניץ מגולגל געוואָרן, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — ווו ער האָט אויך שפּעטער חתונה געהאַט און פאַרבליבן אין שטעטל אונדזערס.

בין גלייך אַוועק צו זיי. אַריינקומענדיק צו די ברידער פרידמאַן און דערזוענדיק ברוכן אַ לעבעדיקן, האָבן מיר ביידע שטאַרק געוויינט דערמאָנענדיק אַלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט פון יענעם בייזן סעפּטעמבער־טאָג און ווייטער. נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַרואיקט אַ ביסל, האָבן מיר ווידער זיך ערנסט דורכגערעדט און אַן עצה געהאַלטן. באַשלאָסן האָב איך צוריק גיין אין דאָרף און איבערקלייבן זיך קיין דאַלהינעוו מיט דער גאַנצער משפחה.

— דעם זעלבן פאַרנאַכט שוין ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן פינצטער ווערן, האָב איך מיר אַוועקגעלאָזט צוריק קיין ניעסטאַנאָוויטש צו מיין משפחה. אָפּגייענדיק ניט מערער פון אַ קילאָמעטער האָב איך דערפילט מיטאַמאָל אַז כ׳קען שוין מער ניט... מיינע פיס האָבן אויפגעהערט מיר צו פאָלגן און ניט מער הערן געוואָלט וועגן אויספירן די באַפעלן פון מוח. ווייזט אויס, אַז דאָס זיצן אויף איין אָרט גאַנצע דריי מאָנאַטן ניט באַוועגנדיק זיך און דער ערשטער גאַנג מיינער אויפן לאַנגן וועג מיט איינמאָל, האָבן אַרויסגערופן אַן אַבסאָלוטער אָפּשוואַכונג. מיט מיינע לעצטע כוחות האָב איך באַוויזן צו דערשלאָגן זיך צוריק צו די ברידער פרידמאַן. כ׳האָב ביי זיי איבערגענעכטיקט און אָפּגערוט דעם גאַנצן טאָג אויף מאָרגן. אַזוי און בלויז אויף אַזאַ מין אופן, איז מיר מעגלעך געווען אַרויסצוגיין אין צווייטן פאַרנאַכט און צוריקקערן צו מייניקע. עס איז ניט איבעריק צו דערמאָנען, אַז אויך דאָס מאָל איז מיר דער גאַנג אָנגעקומען זייער שווער, צוליב די אָפּגעשוואַכטע פיס. איך בין אָבער סוף כל סוף דערגאַנגען. מיינע בני־משפחה האָבן מיר שוין באַוויינט כמעט; געמיינט האָבן זיי שוין, אַז דייטשן האָבן מיר אויפן וועג געכאַפּט און דערשאָסן. אַז זיי האָבן מיר דערזען אַ לעבעדיקן ווידער, איז דאָך אַ פשיטא אַז גרויס — גאָר אומבאַשרייבלעך איז געווען די פרייד, וואָס האָט מונטער געמאַכט און דערפרישט הערצער מיט אַ נייעם גלויבן, אַז מען וועט אַרויס... מען וועט זיך ניט לאָזן; — מיר וועלן שטרייטן און ראַנגלען זיך פאַר אונדזער לעבן!

— איך האָב פאַרשטענדלעך וועגן אַלץ דערציילט מיינע בני־משפחה און צוערשט וועגן דעם, אַז טאַקע אין דאַלהינעוו האָב איך מיר דערוווּסט געענוי, אַז מיין שוואָגער אליע (דער שוויגערס א זון) איז אָנגעקומען בשלום נאָכן אַנטלויפן און איז איצטער אין איליע ביי דער מומע איטקע רובין (מיין שוויגערס א שוועסטער) און איר פאמיליע, א מאן וועלוול און 3 קינדער. אויך די מומע מייטע קאָפּעלאָוויטש לעבט דאָרט אין שטעטל (אַ צווייטע שוועסטער פון מיין שוויגער־מוטער) מיטן מאן אלטער און צוויי קינדער. איך האָב זיי אויך אנטפלעקט, אַז ביי מיר איז שוין רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז מיר אַלע דאַרפן וואָס פריער אַוועקרוקן זיך אין דאַלהינעוו. מיר קענען שוין מער ניט אויסנוצן די גוטהאַרציקייט און כאַראַקטער־ערלעכקייט פון קירילא מיט זיין פרוי. זיי

זיינען אָרעמע מענטשן און האָבן ניט פאַר זיך צו עסן לא כל שכן פאַר אונדז. קיינער לעבט היינט ניט ווי דער אמת איז — אין רחבות; אויך אין דאַלהינעוו וועט שווער זיין אפשר — אָבער דאָרט, צווישן בני־משפחה אין אַ יידיש שטעטל ווו עס איז דערוויל רואיק וועט מען ווי עס איז מיט קרובימס הילף זיך איינ־אָרדענען. ניט אַזוי לייכט איז אונדז געלונגען דורכצופירן דעם פּלאַן; מיר האָבן דאָך געמוזט דעם גאַנצן וועג גיין צופוס — און גיי שלעפּ זיך אויף אַזאַ מין וויטן מהלך מיט אַ קליין קינד און אַן עלטערע פרוי מיט נאָך צוויי יינגערע פרויען — דאָך האָבן מיר געמוזט גיין אויף דעם וועג, ווייל קיין אַנדער אויס־וועג האָבן מיר ניט געפונען.

— סוף כל סוף איז די ניטל־נאַכט אָנגעקומען; — טאָקע אין דער נאַכט פון „גאָטס־געבורט״, פון דעם מאַן פון נצרת — ווען אַלע קריסטן אין דאָרף זיינען אין קלויסטער געגאַנגען, האָבן מיר זיך אויך אַרויסגערוקט; מיר האָבן האַרציק געזעגנט זיך מיט אונדזערע פריינטלעכע באַשיצער — קירילאָ און זיין פרוי און תיכף אַוועקגעלאָזט זיך אויפן וועג קיין דאַלהינעוו. שווער, ווי שווער איז אונדז אָנגעקומען דער גאַנג! מיין שוויגער — אויסגעמאַטערט פון איר זעכציק־יאָריקן לעבנס־עול און דערשיטערט פון לעצטע געשעענישן ביי דער שחיטה אין באַריסאָוו — ווי אויך פונעם אָפּזיצן מערער ווי דריי חדשים אויף איין אָרט, איז אויפן וועג זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און פשוט מער ניט געקאָנט אונדז נאָכפאָלגן. צום גליק האָבן מיר זיך שוין געפונען ביים דאָרף אָנאָשקע ביי אַ „כוטאר״ [3], וואָס איז נאָר פינף קילאָמעטער ווייט פון דאלהינעוו. מיר האָבן דעם דאָרף אויסגעמיטן און אַוועק צום „כוטאר״; מיר האָבן אָנגע־קלאַפּט אין טיר און געבעטן זיך, מען זאָל אונדז לאָזן אָפּרוען אַ שעה צוויי. די קריסטן האָבן געעפנט, אַריינגעלאָזן אין שטוב און דערלאַנגט אונדז „קיפּיאַ־טאָק״ — הייסע וואַסער אָנשטאָט טיי, צו דערוואַרעמען זיך אַ ביסל.

מיר האָבן אָפּגערוט אַ צוויי שעה און אפשר מערער און ווידער געלאָזט זיך אויפן וועג — אָפּדאַנקענדיק די קריסטן פאַר זייער גאַסטפריינטלעכקייט. אָפּגייענדיק אָבער בלויז אַ קורץ שטיקל וועג, איז ווידער די שוויגער קריטיש־שוואַך געוואָרן און בשום אופן ניט געקאָנט מער שיקן אירע פיס אין גאַנג. בלית ברירה האָב איך איבערגעגעבן דאָס קינד, וועלכעס איך האָב אויף מיינע הענט געהאַלטן אין פאַרלויף פונעם גאַנצן וועג אין די הענט פון מיין פרוי, און גענומען אויף די הענט די שוויגער. נאַטירלעך איז עס לייכט צו פאַרשטיין,

3 אַ הויז מיט אַ קליין ערד־ווירטשאַפט און אַ הויפל אָפּגעזונדערט און דערווייטערט פונעם דאָרף אָדער ישוב.

אַז דאָס איז מיר אָנגעקומען גאָר שווער; וואָס טוט מען אָבער ניט ביי אַן אומגליק אין אַן עת־צרה? צי אומזיסט דען זאָגט אַ יידיש פאָלקס־ווערטל — אַז נויט ברעכט אייזן? — איך האָב דער שוויגער־מוטער געטראָגן אויף די הענט און אַזוי האָבן מיר אַלע דערשלאָגן זיך סוף כל סוף קיין דאַלהינעוו.

**„ויסעו" מדאַלהינעוו**
**„ויחנו" באיליע**

הבוקר אור — דאָנערשטיק אויפן פרימאָרגן גאָר פרי, זיינען מיר שוין געווען אויפן דאַלהינעווער מאַרק. געדרייט האָבן מיר זיך אַ ביסל אַהין און אַהער — אונדזער צייט צו פאַרטרייבן ביז עפענען וועט זיך — אַ טיר ערגעץ ווו. שפּעטער אַ ביסל זיינען מיר אַריין אין דער ערשטער שטוב, וואָס האָט אונדז אויסגעוויזן, אַז יידן זיצן דאָרט. מיר האָבן דאָרט אָפּגערוט אַ ביסל; מיין שוויגער האָט זיך שוין פונאַנדערגערעדט מיט די שטוב־איינוווינער איבער אירע באַקאַנטע פון לאַנג שוין — נאָך פון אַמאָל, ווען זי איז נאָך יונג געווען. אינצווישן האָבן מיר זיך צוגעהערט און געוווּיר געוואָרן, אַז אירע גוט באַ־קאַנטע פון יוגנט־יאָרן — יוסף אַלפּעראָוויטש דער קצב און לייבע דימענט־שטיין — לעבן און געפינען זיך טאַקע אין שטעטל. קיין סך האָבן מיר ניט איבערגעטראַכט וועגן דעם און מיר האָבן, פאַרשטענדלעך באַשלאָסן אַוועקגיין צו זיי.

אומר ועושה — גערעדט און געטאָן — „אַ גוט מאָרגן! גוט יאָר..." — מיר זיינען דאָ!... אמת זאָגנדיק, האָבן מיר זיי געבראַכט אין אַ געוויסער פאַר־לעגנהייט, וואָס איז געווען אַ פּועל יוצא פון אַרויסגערופענע ווידערשפּרעכנדע געפילן: אַ גרויסע פרייד און אַ ווידערווילן אין אַ געוויסער מאָס. טראָץ דער גרויסער פרייד זייערער אויף אַזאַ מין באַגעגעניש מיט אַן אַלטער באַקאַנטער ווי מיין שוויגער, האָבן זיי זיך באַמיט אָפּצוטרייסלען פון אונדז... דייטלעך אָבער האָבן זיי עס ניט אויסגעדריקט, עס איז אָבער געווען בולט מערקבאַר. מען האָט עס פון די פּנימער געקענט אַראָפּלייענען און באַזונדערס ביי די פרויען. עס איז אויך שווער געווען זיי צו טאַדלען און באַשולדיקן. איז עס דען באמת אַ צייט געווען אויפצונעמען געסט (אַפילו פון טויט אַנטלאָפענע)? און בפרט נאָך אַז דאַלהינעווער פּאָליציי־קאָמאַנדע האָט גוט אַכטונג געגעבן און גע־ווען זייער אויפמערקזאַם לגבי אָנגעפאַרענע און צוגעקומענע יידן פון דרויסן אין שטעטל. באַזונדערס האָבן מורא געהאַט די פרויען זייערע, געשראָקן האָבן זיי זיך פאַר אַ צרה, פון וועלכער אַלע וועלן ליידן, חלילה — סיי די געסט און סיי זייערע גאַסט־פריינדלעכע אויפנעמער... אלנפאלס און טראָץ דער מורא, האָבן

זיי דאָך, ניט אָפּגעלאָזן אונדז — ביז איבער שבת — ווייל קיינמאָל אין די גרעסטע סכנות אפילו, וועט אַ ייד ניט ארויסלאָזן ערב שבת פון זיין שטוב פאַרשטויסענע יידן פון זייער היים און אַנטלאָפענע פון טויט־געפאַר.

לייבע דימענטשטיין — ביי וועמען איך מיט מיין פרוי און קינד האָבן זיך אויפגעהאַלטן — האָט מיר צוגערעדט, איך זאָל מיר אַריבער כאַפּן קיין איליע, ווו מיינע מומעס (ווי אויבנדערמאָנט, מיין שוויגערסביידע שוועסטער) און דער שוואָגער אליע לעבן אַרום דער סמאָליאַרניע. דאָרט וועט לייכטער זיין צו באַהאַלטן זיך. איליער פּאָליציי טוט ניט אכטונג געבן שטארק, ווי ביי זיי אין דאַלהינעוו. איך האָב עס גוט פאַרשטאַנען און זיך אַנטשלאָסן אַפילו אַ שפרונג געבן קיין איליע; — איינאָרדענען מיט דער הילף פון מיין שוואָגער אליע גורעוויטש, אַ פּלאַץ פאַר אונדז אַלע. געוויס שטייט ער שוין אין פאַר־בינדונגען מיט איליער יידן און האָט אויך צווישן זיי באַקאַנטע.

זונטיק פרי האָט מיר לייבע, צוריקקערנדיק פון גאַס געזאָגט, אַז איך האָב אַ געלעגנהייט איצטער צו פאָרן אין איליע. עס איז דאָ אַ פור, וואָס האָט פון דאָרט געבראַכט אַ קראַנקער אין שפּיטאָל. ער האָט שוין אַפילו אָפּגערעדט מיטן וואָגן־אייגנטימער, ער זאָל מיר מיטנעמען צוריקפאָרנדיק קיין איליע. איך דאַרף נאָר זיין לעבן שפּיטאָל, וועל איך שוין פאָרן. ניט טראַכטנדיק קיין סך, בין איך גלייך אַוועק צום שפּיטאָל. קומענדיק אָבער אַהין, איז שוין קיין שפּור פון וואָגן ניט געבליבן. איך האָב מיר פיל געערגערט; עס האָט מיר באמת פאַרדראָסן. פאַרלוירן האָב איך אַ געלעגנהייט, וואָס האָט מיר אַזוי צוגעע־טראָפן. אָבער פאַרפאַלן! צוריקגיין צו לייבען האָב איך זייער ניט געהאַט קיין חשק; כ'האָב מיר אַהין און אַהער אַרומגעקוקט — ניט ווויסנדיק ווי אַזוי ווייטער. אויפן אויג זיינען מיר אונטערגעקומען צוויי יידן, וואָס האָבן פלייסיק אָנגעהאַקט האָלץ פאַרן שפּיטאָל. כ'בין צו זיי צוגעגאַנגען און געבעטן מיר ווייזן ווי אַזוי ציט דער וועג קיין איליע. איינער פון זיי האָט אָנגעוויזן אויף דער ריכטונג און געראַטן גיין גלייך אַזוי מיטן וועג. דאַן האָב איך זיי באַדאַנקט און אַוועק. דאָס האָט זיך אַלץ אָפּגעשפּילט דעם 29־סטן דעצעמבער 1941.

9 אַזייגער אינדערפרי האָב איך מיר צופוס אין וועג אַוועקגעלאָזן און אומ־געפּער אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג — בין איך שוין געווען אין שטעטל. אַרומקוקנדיק זיך אַ ביסל, איז מיר אַנטקעגן געקומען אַ פרוי, וואָס האָט מיר אויסגעזען אַ יידישע; ביי איר האָב איך זיך דערפרעגט ווו געפינט זיך די שטוב פון מיין פעטער אַלטער קאָפּעלאָוויטש. זי האָט מיר אָנגעוויזן גענוי און איך בין אַהין אַוועק.

אַריינקומענדיק צום פעטער אין שטוב האָב איך מיר פאָרגעשטעלט פאַר

אַלע שטוביקע און דערציילט ווער איך בין און וואָס מיט אונדז האָט פּאַ־
סירט, דערציילנדיק אַלעס אויספּירלעך און ניט פֿאַרפֿעלנדיק קיין פּרט. איך
האָב באַמערקט תיכף פֿון זייער זייט אַ מין אומגלויבלעכקייט אַ פּרווו זיך צו
רעזערווירן, אָנקוקנדיק מיר מאָדנע פּונקט ווי זיי הערן ניט אויף צו פֿרעגן
זיך אַליין: ווי אַזוי איז עס דען מעגלעך? ווי קאָן אַ מענטש לויפֿן אַזוי ווייט?...
עס איז מיר ביטער געוואָרן אויף דער נשמה; אויפֿן האַרצן — „פֿריקרע״ ווי
מען זאָגט און ניט אָנגענעם. באַשולדיקן זיי אָבער האָב איך ניט געקענט און
אויך ניט געווען באַרעכטיקט אויף דעם. איך בין דאָך ניט בלינד געווען; גע־
ווּסט האָב איך און געזען וואָס טוט זיך, באַקאַנט זײַנען מיר געווען די לע־
בנס־באַדינגונגען פֿון יידן אונטער נאַצישער הערשאַפֿט. געוווּסט האָב איך גע־
נוי, ווי ווייט האָט דערגרייכט די אימהדיקע שרעק פֿאַר לויערנדע דײַטשע
רוצחים מיט זייערע סאַטעליטן. וואָס די מורא פֿאַר עפּעס אַ מסירה מצד היגע
קריסטן, „גוטע פֿריינט״״ האָט געקענט אָנוואַרפֿן אויף אַלעמען; ווי אַזוי די
בעסטע געפֿילן און פֿאַמיליע־צוגעבונדנקייט פֿון קרובים ווי אויך העכסטע
פֿריינדשאַפֿט און טרייעסטע חברשאַפֿט האָבן ניט געקענט בײַשטיין דער גרוי־
זאַמער שרעק. ערשט ווען איך האָב אָנגעהויבן פֿרעגן אויף מיין שוואָגער
אליע, האָב איך געזען ווי די געפֿילן פֿון אומצוטרוי טרעטן אָפּ; דאָס האָט זיי
גענומען איבערצייגן אַז איך נאַר זיי ניט אָפּ חלילה וחס. אַז איך בין ניט
פֿון יענע סתם אַנטלאָפֿענע פּליטים, וואָס זײַנען דאָ אין איליע זייער פֿיל.
לאַנגזאַם איז זייער אומצוטרוי צעקראָכן געוואָרן און מען האָט שוין מיר
אויפֿגענומען גאָר אַנדערש, ווי אַ בן־בית. זיי האָבן גלייך געשיקט דער טאָכטער
זייערער אָנזאָגן מיין שוואָגער אליען, אַז איך — דוד קאַזשדאַן אַן אַנטלאָפֿע־
נער פֿון פּלעשצעניץ — זיץ ביים פֿעטער אַלטער. ער איז וויינענדיק גלייך
געקומען צולויפֿן און דערזעענדיק מיר, פֿאַרגאַנגען זיך אין אַ יאָמערדיקן
געוויין — ניט וויסנדיק דעם גורל פֿון זיינע נאָענטסטע, און באַזאָרגט וואָס צו
טון מיט מיר.

איך האָב אים לעבן מיר אַוועקגעזעצט, ביסלעכווייז האָב איך אים באַרו־
איקט — דערציילנדיק אים, אַז די מוטער זיינער (אויף מיינע הענט געשלעפּט)
און די שוועסטער האָב איך צוזאַמען מיט דער פֿרוי מיינער און קינד אונדזערן
איבערגעלאָזן אין דאַלהינעוו. ער (פֿון זיין זייט) האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי
איז ער ממש פֿון גרוב אַנטלאָפֿן — אַ נאַקעטער כמעט נאָך דער מוראדיקער
שיסעריי. ווי אַזוי ער האָט זיך וואַנדערנדיק פֿון איין אָרט אין אַנדערן שווער
געמאַטערט, ביז ער האָט זיך מיט זיינע לעצטע כוחות דערשלאָגן קיין איליע.

ווי עס איז שוין אויבנדערמאָנט געוואָרן, האָבן אין טאָג פֿון פּלעשצעני־
צער שחיטה ביי באָריסאָוו — 14 יונגע בחורים אויסגענוצט דער צוגעפֿאַלע־

נער נאַכט־פינצטערניש און אַנטלויפנדיק — אַרויסגעריסן זיך פון הריגה־פּלאַץ; צווישן זיי איז אויך געווען מיין אליע. דייטשע רוצחים מיט זייערע מיט־העלפער האָבן געוואָלט וואַרטן מיט דער אויספירונג פון דער טויט־אַקציע ביז פאַרטאָג. האָבן די 14 חברה זיך אַוועקגערוקט און „ויברח"... נאַטירלעך האָט מען עס דערשפּירט און מען האָט זיי אויך גוט נאָכגעשאָסן; אַ 4 פון זיי זיינען געבליבן טויט. צען פון זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן און אָנקומען קיין דאָק־שיץ. פון דאָרט האָבן זיי געמוזט ווייטער לויפן ביז גלובאָק און פון דאָרט קיין דאַלהינעוו. פון דאַלהינעוו האָט ער זיך אַנטשלאָסן אַריבערכאַפּן זיך צום פעטער וועלוול רובין אין איליע — ווו נאָך אַ פעטער און מומע האָבן געוווינט. אַזוי איז ער דאָרט פאַרבליבן — ניט וויסנדיק אַפילו צי האָט זיך וועמען פון זיינע נאָענטסטע געראַטעוועט צי ניט. אַז זיין פאָטער איז דאָרט ביי באַריסאָוו אומגעקומען, האָט ער געוווּסט. האָט ער זיך דערפרייט הערנדיק פון מיר טאַקע, אַז זיין מוטער און די שוועסטער זיינע זיינען שוין אין דאַלהינעוו.

אַזוי, זיצנדיק מיט מיין שוואָגער אַליע ביים פעטער אַלטער אין איליע, איז אונדז אויך קלאָר געוואָרן דער סך הכול פון אונדזערע משפּחות. געוווּסט האָבן מיר אַז אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע, זיינען שוין ניטאָ מער. מיין מוטער, שוועסטער און ברידער מיט זייערע פרויען און קינדער; פעטערס, מומעס מיט זייערע קינדער זיינען מיטגעגאַנגען דעם לעצטן וועג פון פּלעש־צעניצער יידן און אומגעקומען ביי באַריסאָוו פון רוצחישע הענט. 66 נפשות פון מיין משפּחה בלויז — אַזוי אויך מצד מיין ווייבס און אליעס משפּחה — 32 נאָענטסטע נפשות און טייערסטע. ווי שטענדיק האָט די זון געשיינט, הימ־לען זיינען פאַרשטומט געבליבן, אויך די ערד האָט געשוויגן... וועלט וואָס שווייגסט דו? הויב אויף דיין קול און שריי: ארץ אל תכסי דמם! — ניט מיר האָבן געוויינט; אונדזערע הערצער פול־זידנדע קאָכעדיקע בלוטן, זיינען אין ביטער וואַסער פאַרוואַנדלט געוואָרן.

## א קורצע לעבנס־ראַטע
## אין איליע

לויט דער עצה פון מיין שוואָגער, בין איך שוין פון איליע ניט צוריק געגאַנגען. איך בין שוין געבליבן זיצן ביים פעטער אַלטער קאָפּעלאָוויטש. אַ פּאָר טעג נאָכדעם, האָבן שוין דער פעטער אַלטער און פעטער וועלוול רובין מיט מיינע מומעס באַשלאָסן שיקן אַ פור אין דאַלהינעוו כדי צו ברענגען מיין פרוי מיטן קינד, ווי אויך דער שוויגער מיט די שוועגערין — קיין איליע. אַזוי איז עס געווען טאַקע און אַלע מייניקע זיינען שוין געווען מיט אונדז. איך מיט

דער פרוי און קינד זיינען ביים פעטער אַלטער געבליבן: די שוויגער מיט דער טאָכטער געבליבן זיינען ביים פעטער וועלוול רובין — ווו מיין שוואָגער האָט זיך שוין פריער אויפגעהאַלטן. אַזוי האָט מען זיך ברוך השם איינגעאָר־דנט שוין ווי עס איז — ניט וויסנדיק און ניט פאַרשטעלנדיק זיך, אַז ווידער וועט אונדז נאָכיאָגן די נאַצישע בלוט־דורשטיקע הידרע — ווייל וואָכן עטלעכע זיינען דערווייל אַדורך שטיל און אַבסאָלוט רואיק. אַזוי זיינען אונדזערע אויגן פאַרבלענדעט געוואָרן און ווידער האָט אומגליק געלויערט און האָט אונדז דער־טאָפּט אומדערוואַרט... אויף דעם האָט זיך ניט גערינכט קיינער; קיינער האָט ניט געטראַכט. עס איז דאָך רואיק...

איינמאָל, אין אַ שבת נאָכמיטאָג־שעה פאַרנאַכט צו, האָט מיין פעטער אַלטער מיר פאָרגעשלאָגן איך זאָל מיט אים צוזאַמען אַריינגיין מנחה דאַווענען אין אַ ניט ווייטער שטוב — ווו מען האָט אָפּגעהאַלטן אַ מנין אין געהיים. די דייטשן האָבן דאָך פאַרווערט צו דאַווענען בציבור, קומען אין שול א. אַז. וו. כ'בין אויף דעם איינגעגאַנגען און מיר זיינען אַוועק. מיר זיינען אַריין דאָרט און גלייך נאָכדעם האָט מען זיך דאַווענען געשטעלט. באַלד איז מען געקומען אויך צו דער קורצער „קריאת התורה"; ווי דער שטייגער איז ביי יידן, טוט מען קודם כל צו מכבד זיין אַ גאַסט מיט אַן „עליה לתורה". געפרעגט האָט מיר עמעצער ווי הייס איך אויף מיין נאָמען און פאָטערס נאָמען און צי בין איך אפשר אַ כהן? — טאַקע צוגעטראָפן, אַזוי בין איך. באַלד האָט שוין דער „בעל קורא" אויסגערופן: יעמוד ר' דוד בן רבי יעקב הכהן לכבוד התורה ולכבוד המקום — איך בין אויך אַרויף און אַלעס געטאָן ווי מען דאַרף. נאָך מנחה האָט מען זיך שוין פונאַנדער געשמועסט — וואַרטנדיק שוין אויף תפילת־מעריב. איינער אַ ייד איז אינצווישן צו מיר צוגעגאַנגען; געגעבן „שלום עלי־כם" פרעגנדיק — צי בין איך ניט אַן איניקל פון ר' חיים און צירע פריידע? אַז איך האָב עס באַשטעטיקט האָט ער זיך זייער דערפרייט און מיר זיינען טאַקע גלייך גוטע פריינט געוואָרן.

איסער ריער — אַזוי האָט געהייסן מיין נייער באַקאַנטער און גוטער פריינט — האָט מיינע עלטערן און גרויס־עלטערן שוין גוט געקענט אין צייטן, ווען איך אַליין ביז נאָך אַ קליין קינד געווען. זיינע עלטערן זיינען געוועזן דאָן זייער געדריקט און דלות איז שטענדיק געווען אַ גאַסט צום טיש — דאָס מיינט צו זאָגן, אַז עס האָט געפעלט צום עסן... אַלס גאָר יונגער יינגל, (אַזוי האָט ער מיר דאָרט ביים מנין גלייך אויפן אָרט דערציילט), האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי מיין זיידן און מיין טאַטן — צוליב משפחה־קרובהשאַפט; ער איז מיינער אַ גליך־שוועסטער־קינד. איך פאַרשטענדלעך האָב אים דערציילט אַ

ביסל וועגן דער פֿאַמיליע אונדזערער און איר גורל, וועגן מיר און אונדזער ביטערער לאַגע; אַז מיר זיצן ביים פֿעטער אָן קיין שום אויסזיכט אויף אַ געוויסער פּרנסה און ווי מיר זיינען ממש פֿון טויט אַנטלאָפֿן.

הערנדיק פֿון מיר, אַז איך בין אויך א שמיד אַ פֿאַכמאַן און אַ שלאָסער־מעכאַניקער, האָט ער מיר פֿאָרגעשלאָגן גלייך אַ שותּפֿות: איך קען שוין אַפֿילו מאָרגן קומען צו אים אין שמידן־וואַרשטאַט און אַרבעטן דאָרט מיט אים צוזאַמען — כּדי האָבן צו עסן דערווייל אַ פֿאַרדינטער שטיקל ברויט. ער האָט שוין פֿון לאַנג און שטענדיק אָפּגעהיט די וואַרעמסטע געפֿילן צו מיין טאַטן ע״ה, געדענקענדיק יעדן טאָג ווי אַזוי ער איז געהאָלפֿן געוואָרן אין יענע צייטן. ער האָט דעריבער באַשלאָסן ביי זיך, אַז איצט איז געקומען די צייט צו אָפּדינען דורך העלפֿן מיר מיט אַלע זיינע מעגלעכקייטן. דאָס איז ערשטנס; צווייטנס — האָט ער באַדאַרפֿט טאַקע אַ מענטש צו דער אַרבעט — כּדי אויסצופֿירן אַלע אַרבעט־באַשטעלונגען. זיין פֿאָרשלאַג האָב איך אָנגענומען און איינגעגאַנגען אויף דעם. אויף מאָרגן שוין האָבן מיר געאַרבעט צוזאַמען אין דער קוזשניע זיינער. אַזוי איז אויך פֿאַרבונדן געוואָרן אונדזער שותּפֿות אויפֿן באַזיס פֿון קעגנזייטיקן צוטרוי. מיין פֿעטער וועלוול רובין פֿלעגט פֿון צייט צו צייט — אַ דאַנק מיין אינטערווענץ אַוועקגעבן אונדז רעשטלעך קוילן פֿון דער סמאָליאַרניע — כּדי מיר זאָלן קענען לאָזן די שמידעריי־אַרבעט אין גאַנג. אַזוי איז עס געווען; אַזוי האָט מען געאַרבעט אַ פּאָר רואיקע מאָנאַטן פֿון אונדזער לעבן אין איליע.

אַ געוויסן טאָג נאָכמיטאָג האָט אַ גמינע־באַאַמטער געבראַכט אַ פֿערד, אָנצושמידן אים די קאָפּיטעס. אָט דאָס פֿערד איז געווען דווקא א „מיוחס״; — איליער נאַצי־געביטס־קאָמיסאַר אַליין בכבודו ובעצמו, האָט געריטן אויף אים. צי איז ער באמת געווען אַ פֿערד פֿון אַ ריינער און געשעצטער ראַסע, ווייס איך ניט. ער איז ניט געווען גרויס אַזוי ווי ווילד צעלאָזן און קאַפּריזנע. עס איז זייער שווער געווען אים צו שמידן, ווייל ער האָט זיך ניט געלאָזן, ניט איינגעשטאַנען און מיט די פֿיס געבריקעט. מיין שותּף איסער האָט טאַקע אויסגעשמידן די פּאָדקאָוועס, גענומען די געצייג און אַרויס צום פֿערד. וואָס ער האָט ניט געטון, איז אים בשום אופֿן ניט געלונגען; דאָס פֿערד האָט זיך ניט געלאָזן און די קאָפּיטעס זיינען געבליבן ביי איסערן אין האַנט. גוט אויסגעמאַטערט שוין (נאַטירלעך, איסער איז געווען שוין ניט קיין יונגערמאַן) האָט מיין שותּף פֿאָרגעלייגט דעם גמינע־באַאַמטן, קומען מיטן פֿערד אויף מאָרגן איינדערפֿרי; ער וועט אים שוין בינדן און ליגנדיקערהייט — וועט עס לייכטער זיין אָנצושמידן אים — עס איז דאָך שוין פֿינצטער באַלד. דער קריסט האָט באמת א ביסל אומצפֿרידענע גרימאַסן געמאַכט. אָבער גרייט געווען שוין

אַוועקצופירן דאָס פערד. פּלוצים איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אפשר וועט עס ניט אַזוי גוט אַרויס פאַר אונדז, אויב ער וועט צוריקגיין מיט אַ ניט צוגעשמידענעם פערד; האָב איך געפרעגט איסערן, אפשר זאָל איך אַ פּרווו טון: אָנצושמידן דעם פערד די קאָפּיטעס? נאַטירלעך האָבן איסער ווי אויך דער קריסט איינגעשטימט. איך האָב דאַן גענומען די געצייג און איינער אַליין אָן אַ הילף פון קיינעם, האָט זיך מיר איינגעגעבן אין פאַרלויף פון א קורצער ווײַלע בלויז אָנצושמידן דעם צעיושעטן פערד, וואָס האָט זיך געוואָרפן און געבריקעט — איינהאַלטנדיק אים פעסט. ביז היינט ווייס איך ניט ווי אַזוי איז עס געשען; עס איז מיר ניט קלאָר געוואָרן, ווי האָב איך עס אַזוי שנעל אויסגעפירט. צי איז שוין איסער טאַקע מיד געווען און אָפּגעשוואַכט? צי בין איך אַליין — טראָץ אַלע פּאַסירונגען און אומוואַנדלונגען געבויט געוועזן נאָך אַלץ קרעפטיק און פעסטער — פון מיין שותּף? אפשר איז עס אויך געווען פון גרויס קוראַזש אָדער פון אַן אומקלאָרער מורא, און אפשר איז מיר אַ ספּעציעלע „סמיקאַלקע” אונטערגעקומען? — כ׳ווייס ניט.

אַ זייער צופרידענער איז דער גמינע־באַאַמטער אַוועק מיטן פערד אין גמינע און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן — האָט ער גלייך דערציילט דעם געביטס־קאָמיסאַר אין אָנוועזנהייט פון זיינע מיטהעלפער וועגן גרויסן ווונדער: — אַ ניט היגער שמיד, אַן אָנגעפאָרענער האָט אליין אָן א הילף פון קיינעם אָנגעשמידן דעם ווילדן פערד. ער האָט אויך באַמערקט דערביי, אַז קיינמאָל האָט ער נאָך ניט געזען אַזאַ מין געניטקייט און שנעלקייט אין דער אַרבעט. דער געביטס־קאָמיסאַר האָט אויפן אָרט פאַראָרדנט תּיכּף דורכן זעלבן גמינע־באַאַמטן, איך זאָל שוין מאָרגן פרי צו אים קומען. אַז דער באַאַמטער איז צו מיר געקומען וועגן דעם, האָב איך מיר זייער דערשראָקן... איך בין דאָך אַ „פרעמדער” אין איליע! אָבער — איך בין אַוועק מיט דעם מענטשן בלית ברירה, ווייל ווען איך וואָלט ניט אַוועק וואָלט זיכער ערגער געווען... ער האָט מיר אַריינגעפירט אין וואַרטע־צימער, געהייסן זיצן און אַליין איז ער אַריין מעלדן דעם געביטס־קאָמיסאַר, אַז איך בין דאָ. ער איז נאָך אַ קורצער ווײַלע אַרויס און איבערגעגעבן, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר האָט פאַראָרדנט איך זאָל צו אים תּיכּף אַריינגיין.

ווי דער אמת איז בין איך אַריין מיט אַ גרויסער מורא; — טראָץ מיין ווילן, האָב איך ניט געקענט פאַרווישן אירע אויסדרוקן אויף מיין פּנים. דער דייטש האָט עס גוט באַמערקט און גאַנץ רואיק מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף מיר גאָרניט שרעקן, קיין שלעכטס וועט מיר ניט געטון ווערן... געהייסן האָט ער מיר, אַלעס — פון אָנהויב ביזן סוף צו דערציילן; ווי אַזוי און פון וואַנען איך האָב מיר אין איליע גענומען? — און ווידער אָן שרעק... אַזוינע אויסגעצייכנטע

אַרבעטער ווי איך, דאַרף ער האָבן... „נו, טאַקע יאָ!" — האָב איך אַ טראַכט געטון — „אומעטום" (און אַוווּ ניט ) בין איך דאָך שטענדיק געווען אַ געדולדיקער און פעסטער פערד צום שלעפּן אַלע וועגענער...

הקיצור; — מורא האָבנדיק, ניט מורא האָבנדיק — האָב איך אים אַלעס דערציילט בלויז וועגן פּלאַץ, ווו מיר האָבן זיך באַהאַלטן, האָב איך ניט אמת געזאָגט. ווייל צו וואָס ברענגען אַן אומגליק אויף גוטע מענטשן, וואָס האָבן פאַר אונדז איינגעשטעלט זייער לעבן און נישטיקן פאַרמעגן? ער האָט געדולדיק אַלעס אויסגעהערט, פאַרנאָטירט עפּעס און געהייסן אַוועקגיין צוריק אין „קושניע" אַרבעטן. צאָלן וועט מען מיר איצט ווי איסערן — איין און דאָס זעלבע. איך בין געהאָרכזאַם אוועק אַהין. געוועזן איז עס ענדע יאַנואַר 1942; זאָגן קאָן מען, אין שטעטל איז נאָך אַלץ רואיק געווען. אונדזער לאַגע (איסערס ווי אויך מיינע) האָט זיך פאַרבעסערט; עס זיינען דורך אונדזערע הענט אַדורכגעגאַנגען און אויסגעפירט געוואָרן פיל אַרבעט־באַשטעלונגען. מען האָט געאַרבעט און כאָמּש מיר זיינען געצאָלט געווען גאַנץ קאַרג האָט מען ווי עס איז דאָס לעבן ווייטער געטריבן... הערצער האָבן אָבער עפּעס פאָרגעפילט, ניט וויסנדיק פאַרוואָס — איז אַן אימהדיקע שרעק אויף זיי געלעגן... איך בין ניט רואיק געווען, געפילט האָב איך ווי אַ האַמער אַ גרויסער קלאַפּט מיר אין געהירן; „דאָס אַלעס איז בלויז אַויף אַ לענגערער ווילע... עס יאָגט אָן, עס קומט שוין... אַנטלויף?! וווהין זאָל איך לויפן מיט אויסגעמאַטערטע פרויען, מיט אַ קינד אַ קליינס?... עס ווילט זיך טאַקע אַהיים! אַ ווו זשע איז מיין היים?" — חרוב און צעשטערט... אַלע טייערסטע און נאָענטסטע צעשאָסן און האַלב לעבעדיק אין גריבער געוואָרפן מיט ערד צוגעדעקט, אַז צעצאַפּלט האָט זיך די ערד אַרום...

קיינער האָט ניט אָנגעשפּירט ווי ווידער קומט אָן אַ שטורם: סימנים זיינען געווען, אָבער קיינער האָט זיי ניט באַמערקט. צי דען האָבן מיר געמיינט, אַז אַלעס וועט ווידער דורכגייך, ווען מיר וועלן ניט אַ טראַכט טון, ווען מיר וועלן ניט קוקן? — אַזוי זיינען געלאָפן טעג און וואָכן, אַ חודש נאָך אַ חודש און דאָס לעבן איז אַזוי געגאַנגען ביז צום האַלב מערץ 1942. אַ גורלדיקער בייזוויליקער אומגליק געקומען איז אומגעריכט; — אויסגעגאָסן האָט זיך אויף אונדז אַלעס ווי אַ מין ריזיקע פייערדיקע ווולקאַן־מאַסע; אַ פרישער מבול פון בלוט, פון טרערן און פּיין, פון חורבן און „כרת"...

## גרויסע שחיטה און
## יידן־לקווידאַציע אין איליע

אַ וואָך צייט בערך נאָך פורים, ביי אַ דריי וואָכן פאַר פסח — ריכטיקער און פּינקטלעכער געזאָגט, כ״ח אדר תש״ב, 17־טן מערץ 1942 — איז אויף אונדז אָנגעשטאַנען אַ „יום עברה וזעם״. אַ טאָג, אין וועלכן אויסגעגאָסן האָבן זיך אויף אונדז אַ ברענענדער צאָרן, אַ גיפטיקער און בייזוויליקער האַס. אויסגעפירט האָבן נאַציס מיט זייערע מיטהעלפער אַ מוראדיק־בלוטיקער שחיטה.

אַ וואָך פריער האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן אויסגעפירטע שחיטות איבער יידן אין אַלע שטעטלעך אַרום און אַרום; מען האָט גערעדט, אַז אין ווילייקע[4] האָט מען פּונקט ערב־פורים אומגעבראַכט אַלע יידן. שחיטות זיינען געוועזן יענער צייט אויך אין נייקע, ראַדאָשקאָוויטש, קראַסנע, ראַקאָוו אַ. אַ. שטעטלעך. פול שרעק זיינען יידן געגאַנגען יעדן טאָג צו דער אַרבעט און פון דער צוואַנג־אַרבעט צוריק אַהיים — פאַרפילנדיק אַז זיכער וועט זיך עפּעס שלעכטס אָפּשפּילן.

אויב איך בין מיר ניט טועה אין דעם פּרט, געדענק איך ביז היינט אַז יענע טעג, האָבן מיר מער זיכערער געפילט זיך, אין שמידעריי ביי דער אַרבעט. איך פלעג אָפּזיצן דאָרט שעהן לאַנג און טיילווייז פאַרוואַנדלט די „קוזשניע״ אין מיין קוואַרטיר. איך האָב זיכער געמיינט ווי מען דריקט זיך אויס אין ענגליש: „מיי האַוס איז מיי קאַסטל״ — „מיין היים איז מיין פעסטונג״. עס איז אָבער לייכט צו פאַרשטיין, אַז דאָס האָט מיר ניט געהאָלפן און ניט באַרואיקט אויף לאַנג, דאָס ציטערן פון מיין האַרץ. שוין דעם 15־טן מערץ האָבן זיך אין שטעטל געוויזן „געסטאַפּאָ״, טויט־גרופּן — „זאָנדער־גרופּן״ פון ס.ס.־לייט מיט די טויט־שאַרבנס אויף זייערע היטלען און אַרבל — און די זיינען דאָך ווירקלעך געוועזן די עכטע און אויסגעהאַלטנסטע מערדער. געוווּסט האָבן שוין אַלע, אַז זיי זיינען אַוודאי געקומען אויסצופירן אַ מנוולדיק־גרויזאַמער אַקציע. האָט מען ביי דייטשן, ביי נאַצישע אוממענטשן באַדאַרפט זוכן סיבות אויסצופירן אַ

---

דער רעדאַקטאָר באַמערקט:

[4] געדרוקטע מאַטעריאַלן: נאָטיצן פאַרשיידענע דאָקומענטירן און באַשטעטיקן אַז אין דער צייט זיינען פאָרגעקומען די שחיטות, וועלכע „ווערן דערמאָנט פון דערציילער און געפינען זיך אין „יד ושם״ „מורשת״ א. א. וו. זע „פּורים תש״ב אין ווילייקע״ — הרב משה דרייזין אויסגעהערט פון אַן עד ראיה) — מאָרגן־זשורנאַל מערץ 1947; זע „ספר איליה״; — „סיפור הנדודים והדמעות״ — דוד רובין; „בשחיטה, בגיטו וביערות״ בת־שבע ריער; — אין פינצטערע טעג — זושקע גיטליץ: „השואה״ — יונה ריער. זע אויך „מפרשת חיים אחת״ — יצחק ארד — ילקוט מורשת י״ד (אייר תשל״ב, אפּריל 1972) ווי אויך זכרונות של פארטיזאן״ — יעקב סיגאַלציק — ילקוט מורשת ז. (תמוז תשכ״ז, יולי 1967) שחיטות אין שטעטלעך פון ווילייקער קרייז (ייוו״אָ בלעטער 1955—1956).

שחיטה אויף יידן? איז עס ניט געווען דען אַ פּועל־יוצא פון אַ פאָרויס באַשטימטער פּאָליטיק מיט דער אייגנאַרטיקער אָריגינאַליטעט, וואָס איז באַשטאַנען מאַכן אַ תל פון יידן און לאָזן אַלץ „יודנריין״? — כלומר אַלע יידן אויסזידלען־אויסמאָרדן אויף דער רוצחישער שפּראַך.[5] עולם אין שטעטל האָבן אָבער געדעדט דאַן מיט גרויסן פאַרדרוס, וועגן פּאַרטיזאַנער אין אומגעגנט, וואָס האָבן אויסגעפירט אַן אָנפאַל און קאָנפיסקאַציע פון ווורשט און פלייש־אַרטיקלען, אין דער פאבריק פון האטשענציץ, וואָס האָט געליפערט די גאנצע פּראָדוקציע און צעטיילט צווישן אַלערליי רעגירונגס־אינסטאַנצן און דער מיליטערישער מאַכט. נאָכן אָנפאַל האָבן דייטשן מיט זייערע היגע מיטהעלפער באמת אַ לאָז געטון זיך אויף דערפער אַרום ווי אויך אין איליע — באַשטראָפן כלומרשט אין אַלגעמיין אויף אַ קאָלעקטיוון אָרט — פאַר דעם שלעכטן און אומפאַראַנטוואָרטלעכן פאַרברעכן... עס איז אָבער ניט ריכטיק; איך האָב עס געפילט דאַן און טיף ביי זיך געוווּסט, אז עס קומט א בראָך א גרויסער. אַפילו ווען דער אָנפאַל און קאָנפיסקאַציע וואָלטן ניט אויסגעפירט געוואָרן, וואָלט דאַן אויך די גרויזאַמע שחיטה אונדז געטראָפן און אומגעבראַכט דעם גרעסטן טייל פון איליער קהילה.

איין זאַך אָבער דאַרף יאָ באַטאָנט ווערן דאָ אויף די שפּאַלטן פון מיינע דערציילונג־בלעטער; צו יענער צייט האָבן שוין געוויסע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, נאָר וואָס צוערשט אַנטשטאַנענע אָנגעהויבן זייער טעטיקייט דורך אויפרופן און אַגיטאַציע פלוג־בלעטער — אַז די יונגע באַפעלקערונג־שיכטן זאָלן אַנטרינען פון זייערע שטעט, שטעטלעך אָדער דערפער און אַרויס אין וואַלד אָרגאַניזירן זיך צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנר קעגן נאַצישן שונא דורך אומדערוואַרטע איבערפאַלן און אָנגרייפן. די נייע באַוועגונג איז אַנטשטאַנען איבערהויפּט דורך דער איניציאַטיוו פון אַנטלאָפענע רוסן — קריגס־געפאַנגענע ביים דייטש אין די לאַגערן. זייער אַנטלויפן איז געווען אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון דער אכזריות־דיקער באַהאַנדלונג און תליינים־שיקאַנעס איבער סאָוויעטישע מיליטער־געפאַנגענע אין ריזיקן געפאַנגענען־לאַגער אַרום מאָלאָדעטשנע. צו די אַנטלאָפענע קריגס־געפאַנגענע זיינען צוגעשטאַנען אייניקע ווייסרוסישע פּויערים און גאָר איינצלנע יידן. יענע טעג וועגן וועלכע ס׳ווערט דאָ דערציילט, זיינען שוין טעטיק

[5] גערעכט איז דער דערציילער; זיין אנאליטישער געדאַנקען־גאנג און אינטואיציע האָבן עס שוין יענע טעג אפילו פאָרגעפילט, געכאַפּט און פארשטאנען. היינט איז עס ניט מער קיין סוד. די נייע פאָרשונגען שטעלן פעסט, אז מיטן אויסברוך פון קריג 1939, איז שוין געפּלאַנעוועט געוואָרן די לעצטע לייזונג פון יידן־פּראָבלעם, זע דאָס בוך פון מארשאל פאָן פאולוס — „א קריג אין אָסטן״ — וווּ ער שילדערט שוין א קריגשפּיל צווישן „רויטע״ און „בלויע״ און זאָגט צו צווישן אנדערע: — א קריג אין אייראָפּע איז — אויסראָטונג פון יידן און יידנטום״ (היטלער). זע אויך: „דיסטראקשיאָן אָף יוראָפּיען דזשויס ביי ראול הילבערג.

געווען אין אילער געגנט פּאַרטיזאַנער — אונטער דער קאָמאַנדע און אָנפירערשאַפט פון אַ געוויסן וו. קאָבילקין — אויך אַן אַנטלאָפענער סאָוויעטישער אָפיציר פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. ער איז גלייך נאָכן אַנטלויפן געהאָלפן געוואָרן פון אַן אילער יונגנמאַן אַ מילנער פייוול סאָלאָמיאַנסקי — היינט אין ישראל, געענדערט זיין נאָמען און הייסט שרגא דגן. (זיין קאַפּיטל „פּאַרטיזאַנקע” האָט ער באַשריבן אונטערן טיטל: אַ געראַנגל צום לעבן — אויף די דרוק־שפּאַלטן פון „ספר איליה”.

— דעם 17־טן מערץ 1942 אין פריסטע מאָרגן־שעהן, זיינען שוין די געסטאַפּאָ־גרופּן ס. ס. „זאָנדער־גרופּן”, אַלע מאָביליזירטע געהילף־פּאָליציאַנטן — שטעטלשע קריסטן „גוטע פריינט”, ווי אויך אָנגעפּאָרענע פויערים פון אַרום מיט זייערע וועגענער — אַ ביסל כאָטש צו געניסן פונעם צערויבטן און צעפּלינדערטן יידישן האָב און גוטס — אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אַרויסגעפירט אַלע; יונג און אַלט; פרויען און קינדער, ווי אויך אַפילו קראַנקע פון בעט. איך אַליין האָב אויך יענעם טאָג ווי אַלע טאָג, גאַנץ פרי אויפגעשטאַנען. עס איז נאָך ניט אינגאַנצן ליכטיק געוואָרן, בין איך שוין געווען ביי דער אַרבעט אין קוזשניע — וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון פעטער אַלטער קאָפּעלאָוויטשעס שטוב. איך געדענק שוין היינט ניט, צי האָב איך עמעצן אויפן וועג געטראָפן.

פון מיין אָרט ביי דער אַרבעט (וואָס איז שוין ניט געגאַנגען), האָב איך שפּעטער געזען אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען, ציטערנדיק אין פולער שרעק — ווילנדיק ניט ווילנדיק — עס איז שוין גוט ליכטיק געוואָרן אַרום און אַרום אָבער פינצטער און ביטער אויפן האַרצן, אויף דער נשמה. שוין גאָר פון ווייטן האָב איך פאַרכאַפּט זידל־ווערטער אויף הויכע קולות און געשרייען: „יודן הערַאוס!”, ווי אויך שיסעריי־געקנאַלן. איך האָב שוין געזען ווי אלע ווערן געפירט אויפן מאַרק־פּלאַץ, אונטער שפּאָט און געלעכטער פון שטעטלשע קריסטן. ניט לאַנג האָט עס געדויערט; אויך צו אונדז אין שמידעריי איז מען שוין צוגעקומען. אַן ס. ס.־מאַן מיט אַ פּאָר געהילף־פּאָליציאַנטן האָבן פאַראָרדנט מיר מיט איסערן אַלעס אָוועקלייגן און גייך מיט זיי. מען האָט תיכף געבראַכט אויך איסערס פרוי זלאַטע מיט די טעכטער: בלומע, אסתר און טעמע ווי אויך דעם זון פּיישקע (פּסח). אַזוי האָט מען שוין אונדז אויך געטריבן אויפן מאַרק־פּלאַץ. געמוזט האָבן מיר גיין שנעל און אַפילו לויפן. אָט אַ מין כוח איז געווען אין באַזיץ פון דער גיגאַנטישער און אימהדיקער שרעק־מאַשין, וואָס האָט שוין אונדז אַלעמען איינגעקלאַמערט און איינגעשפּאַנט — ווי אויך פּאַראַליזירט אינגאַנצן ביי יעדן זיין אייגענעם ווילן; צונישט געמאַכט דער זעלבסטווירדע און טויט געשטילט דער קראַפט צום ווידערשטאַנד.

אויפן וועג האָבן מיר שוין געזען ליגן געבליבענע הרוגים — ביי זייערע הייזער, איבער הויפן און סתם אויפן גאַסן־ברוק דערשאָסן — ווייל זיי זיינען ניט מיטגעגאַנגען מערער. זיי האָבן ניט געוואָלט ווייטער צי ניט געקענט מע־רער. געמיינט און געוואָלט האָבן זיי מיט דעם, אויסצודריקן זייער ווידער־שטאַנד: — „מען קען זיי דערשיסן טאַקע — אָבער דעם באַפעל צו גיין, וועלן זיי ניט אויספירן!... מיר דאַקעגן זיינען נאָך ווייטער געגאַנגען: באַלד האָבן מיר שוין געטראָפן אויף צעשלאָגענע בלוטנדיקע פּנימער און צעקיילטע גופים פון בחורים און יונגעלייט. געפּרוווט האָבן זיי צו אַנטווייכן, אַנטלויפן; די רוצ־חישע נאַצישע ברואים — מיט דער הילף פון שטעטלשע קריסטן באַוואָפנט מיט העק און לאָמען, מיט גראַבלעס און סתם אייזנס האָבן זיי נאָכגעיאָגט אין וואַלד; — געכאַפּט זיי, אַרויסגעשלעפּט פון זייערע באַהעלטענישן, צעשלאָגן און צוריק אַהער געבראַכט.

אַלעס האָט אין מיר געברויזט. איך בין שוין אויפגעבראַכט געוואָרן אויף מיר אַליין: — איך האָב דאָך אייגנטלעך באַדאַרפט אַ כאַפּ טון איינעם ביים גאָרגל זיינעם — מיטן גאַנצן כוח אַ קוועטש טון, ווערגן און שטיקן ביז זיין צונג וועט אַרויס... גאָרניט טראַכטן וואָס ווייטער — איך האָב גוט געפילט דעם ווילן און דראַנג דערצו. כ׳האָב עס אָבער ניט געטון, נאָך מערער: איך בין נאָך מיטגעגאַנגען ווייטער. פאַרוואָס? האָב איך דען שוין באַשלאָסן ביי זיך, אויפצו־געבן מיין ווידערשטאַנד און פאַרציכטן אויף מיין מענטשלעכן כבוד? איז שוין מיין אינערלעכער כוח אין האַרצן, אין מיין לייב און לעבן אַזוי שנעל צונישט געוואָרן? איז מיין כוח געבויט געווען און געבליבן בלויז צו גיין אין שפּאַן און „אַלע וועגענער שלעפּן?״ וועל איך שוין גיין אַזוי צום פולשטענדיקן אויפ־הער, צום ענדלאָזן ניט זיין מער?... אַרום און אַרום לויערט אויף מיר ווי אויף אַלע, אַ מין׳ ריזן־אויג פון אַ בלוט־דורשטיקער מערדערישער „היענע״; אַ בייזוויליקע „לאַפּע״ פון גאָר אַ גרויסער און מעכטיקער „הידרע״ שפּרייט זיך אויס אויף מיין האַלדז און נאַקן, דריקט און לאָזט מיר דעם קאָפּ ניט אויפהויבן.

ניין! ניין און הונדערט מאָל ניין! — ניט איך דוד וועל מיר אַזוי פאַרלירן און שלום מאַכן מיט דעם, וואָס גייט אַרום מיר. ניט אַזוי לייכט וועל איך אויף מיין לעבן פאַרציכטן. אויפכאַפּן וועל איך מיר פון בייזער און גיפטיקער טויט־פאַרשלעפערונג. אויפוועקן וועל איך מיר פון אימהדיקן „שאָק״, וואָס פאַראַ־ליזירט מיין נשמה מיטן גוף. פונדאָסניי וועל איך פאָרזעצן מיין געראַנגל פאַרן לעבן, פאַר אָפּראַטעווען מיין פרוי און קינד. אויף צו להכעיס וועל איך אַלעס טון, ווייל איך וויל און איך וועל לעבן! און טאָמער ניט — איז „תמות נפשי עם פלשתים!״ — וועל איך ניט אָפּגעבן מיין לעבן און לעבן פון מייניקע, אָן דעם

טויט פון איינעם כאָטש, צווישן אונדזערע רוצחים! אויב פאַרלירן שוין דאָס לעבן — איז ווי אַ קעמפער!

— ענדלעך זיינען מיר אויך געבראַכט געוואָרן שוין צום רוצחישן קאָנצענטרירונג־פּלאַץ, וואָס איז שוין פול געווען און געפּאַקט מיט מענטשן — יונג און אַלט, פרויען און מענער; יוגנטלעכע און „פּאָדראָסטקעס" — קינדער ווי אויך עופּעלעך פון עטלעכע טעג אויף די הענט פון זייערע מאַמעס... געשטאַנען בין איך מיט איסערן און זיינע שטוביקע — אויסקוקנדיק מיט מיינע אויגן אויף מיין פרוי און קינד — געוואָלט האָבן איך שטיין כאָטש מיט זיי... איך האָב זיי אויך באַלד באַמערקט, שטיין אַ ביסל ווייטער צוזאַמען מיט אַלע בני־בית פון מיין פעטער אַלטער. איך בין שוין אַנטשלאָסן געווען אַ שפּרונג טון און אַריבערלויפן צו זיי — מיט זיי צוזאַמען זיין! איך האָב שוין אַפילו אויך אַ שריט געמאַכט דערצו — איז נאַ דיר פלוצלונג! — „מעשה שטן" איז צו מיר צוגעקומען דער דייטשער „זאָנדער־פירער", וואָס איז אויך גלייכצייטיק געווען דער וויצע־געביטס־קאָמיסאַר — פראַנץ מילהויזן האָט ער געהייסן נעמלעך, אויב איך בין מיר ניט טועה. ער האָט זיך אויף מיר אַ בייזער געטון פרעגנדיק מיר מיט אַ געשריי: „וואָס מאַכסט דו היער?" ניט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער, האָט ער מיר פאַרן האַנט אָנגענומען און אָפּגעפירט אין אַן אַנדער ווינקל — ווו עס זיינען געשטאַנען שוין נאָך איינציקע פאַכלייט (דערווייל נויטיקע פאַרן דייטש) מיט זייערע פאַמיליעס... זיין באַנעם, זיין אָננעמען מיר פאַרן האַנט האָט מיר אויסגעוויזן ווי אַ גיפטיקער צאָנקלעם פון אַ ריזן־שלאַנג... אָט איז דאָך געווען אַ מאָמענט צו כאַפּן אים פאַרן גאָרגל, מיט ציינער אויסבייסן און שטיקן... ניין, איך האָב עס ניט געטון — פאַרוואָס? אַ נישטיקע האָפענונג צום לעבן — אַ מעגלעכקייט איינצובעטן אים, אַהער צו ברענגען אויך מיין פרוי און קינד — האָט געהאַמעוועט מיין האַס און נקמה־דראַנג; אפשר וועלן מיר נאָך לעבן בלייבן?! כ׳האָב אים געבעטן ער זאָל מיר לאָזן אַהין גיין צום פעטער אַלטערס משפחה — ווו מיין פרוי און קינד — ווייל אָן זיי וויל איך ניט לעבן... ווידער האָט ער צעשריען זיך אויף מיר און ניט דערלויבט. געהייסן האָט ער בלויז אָנווייזן אים, ווער און ווו שטייט מיין פרוי. כ׳האָב אים אָנגעוויזן גלייך אויף מיין פרוי מיטן קינד — ער איז אַוועק. נאָך אַ קורצער ווילע האָט אַ פּאָליציאַנט זיי צו מיר צוגעפירט. באַלד האָט מען צוגעפירט עטלעכע פאַכלייט מיט זייערע משפחות און באַפוילן אַלעמען צו שטיין רואיק, ניט פרווון אַפילו איבערלויפן און וואַרטן... כ׳האָב מיר אַרומגעקוקט אַרום און אַרום: איסער מיט זיין משפחה איז דאָרט געבליבן מיט דער גאַנצער איליער יידן־עדה. פעטער אַלטער (אלתר) און פאַמיליע, זיינען צווישן אונדז „אָפּגעגליקטע" ניט געווען... דערזען האָבן מיינע אויגן דעם פעטער וועלוול מיט דער מומע איטקען, זייער

דודן און ראָזען, מיין שוואָגער אליע איז מיט זיי ניט געווען... צו אונדז זיינען צוגעקומען צוויי פּאָליציאַנטן און געהייסן נאָכפאָלגן זיי. מען איז אָפּגעגאַנגען אַ 50 צי 60 מעטער פון מאַרק־פּלאַץ און מען האָט אונדז אַלעמען אַריינגעטריבן אין אַ שטאַל־געביידע — און פאַרשלאָסן אונדז — מיר זאָלן חלילה ניט ספּאַזמירן און שרייען, זעענדיק וואָס מען טוט מיט אַלע איבעריקע — ווען עס האָט ניט „אָפּגעגליקט", ווי אויך מיר זאָלן ניט זיין קיין שטומע עדות... דאָך האָבן אונדזערע „רעטער" ניט אָפּגעשפּאָרט (מיט אָפּזיכט און ספּעציעלע כוונות) פון אונדזערע אויגן אַ גאָר גרוילהאַפטן בלוטיקן „פאָרשפּיל" און טראַגישער „אוווערטורע". פירנדיק אונדז צו פאַרשליסן אין שטאַל־געביידע, וואָס האָט געהערט צו אַ געוויסן קריסט קראַטאָוויטש און פריער אַ ביסל, האָבן מיר נאָך צוגעזען אַ בילד, וואָס איך וועל שוין קיינמאָל, ביז צום לעצטן לעבנס־אָטעם ניט פאַרגעסן. די רוצחים האָבן ניט געוואָלט וואַרטן מער. זיי האָבן שוין אָנגעהויבן דורכצופירן דעם „גענאָסייד" און צוערשט עופעלעך און קינדערלעך אויף די הענט פון זייערע מאַמעס, וועלכע זיינען געשטאַנען אין טיפן, גאָר טיפן שניי... די „הויכע שטאָלצע" מענער פון „הערנפאָלק" — די רוצחים מיט די טויט־שאַרבנס האָבן „שפּילנדיק" אויסגעשאָסן מיט זייערע רעוואָלווערן און „שמייסער־אויטאָמאַטן" — אויף „סינגל־פייער" (איינציקע שאָסן), אלע עופעלעך און קלייניניקע קינדערלעך ביי די מאַמעס אויף די הענט באַפוילנדיק צו האַלטן זיי טויטערהייט און שטיין... די קינדער־בלוטן האָבן גערונען אויף די אָרעמס, אויף ברוסטן... מוטער־הערצער זיינען פאַרגליווערט געוואָרן און פאַרשטיינערט — קיין טרער קיין פּיפּס — אַ בלוט־פולער לעבנס־טעפּיך אויסגעשפּרייט אויפן טיפן ווייסן שניי.

„פאָרווערטס מאַרש!" האָבן זיך באַפוילן צעשריען; די אומגליקלעכע מענטשן־מאַסע מיט אומגליקלעכע מאַמעס אין דער שפּיץ איז געשטויסן געוואָרן צום לעצטן וועג פון יידן אין איליע — צום טויט־מאַרש.

„אַפּהאָלן מאַרש!" האָט זיך איבער אונדזערע קעפּ געטראָגן דער באַפעל; אונדזערע וועכטער האָבן אונדז אָנגעהויבן צו שטויסן און שטופּן, כדי צו ברענגען אונדז אויף נאָך אַ קורצער „לעבנס־ראַטע"... מיר האָבן „מאַרשירט" אין אַ צווייטער ריכטונג. אונדזער האַרץ מיט לייב און לעבן, אונדזער גאַנצער וועזן איז מיטגעגאַנגען מיט יענע, מיטן פאַרמשפּטן קהל פון איליער יידן, וואָס איז געטריבן געוואָרן צו דער גרויסער עקדה.

מיר זיינען געבליבן זיצן פאַרשלאָסן אין שטאַל־געביידע שעהן לאַנג, דעם גאַנצן טאָג ביז פאַרנאַכט. כ'האָב מיר אַרומגעקוקט און גערעדט אַ ביסל אין דער שטיל מיט די מענטשן לעבן מיר. פון מיין פעטער וועלוול האָב איך מיר דערוווסט, אַז ער מיט זיין משפּחה זיינען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק דער

אינטערוועגץ פון אַ גוטן באַקאַנטן — אַ וואַלד־אויפזעער אַ פּאָליאַק מעלקיס — מיט וועמען די פאַמיליע איז געווען אין ארבעט און קאָמערציעלע באַציאונגען. אין שטאַל זיינען מיר געווען בערך אַ פיר און דרייסיק צי פינף און דרייסיק מאַן. מיר זיינען זיצן געבליבן און מען איז אַזוי געזעסן און געוואַרט. פאַר־שטענדלעך, אַז מיר האָבן געהערט וואָס טוט זיך אין דרויסן... עס איז ניט מעגלעך געווען צו מאַכן זיך ניט הערן. געווען זיינען געשרייען און געוואַלדן, הילף־געשרייען; זידל־ווערטער, שימפן און אַלערליי „ברכות" פון די מערדער — ועל כולם — די שיסערייִ!...

ענדלעך — האַרט ביים זונפאַרגאַנג ווען עס איז שוין אַ ביסל פינצטער געווען — האָט מען אויפגעמאַכט די טיר פון דער שטאַל־געביידע און מען האָט אונדז ארויסגעלאָזט. מען האָט אונדז אַלע פאַראָרדנט אַריינצוציען זיך אין „געטאָ" — אין דריי־פיר הייזער, וועלכע זיינען אָפּגעזונדערט געוואָרן און אָפּ־געצוימט מיט שטאַכל־דראָטן. מען האָט אין יעדער „געטאָ־שטוב" אָנגעפּאַקט צו 28—30 נפשות און די ענגשאַפט איז געווען שטיקנד. סך־הכל געבליבענע אין יענעם שרעקלעכן שחיטה־טאָג אַ 150 נפשות אין „געטאָ־שטיבער". דער פעט־טער וועלוול און זיינע בני משפחה און צוקאָאָפּטירטע 13 נפשות צוזאַמען — זיינען צוריק געשיקט געוואָרן אין סמאָליאַרניע — פראָדוצירן צום נאַצישן געברויך. מיר זיינען זיצן געבליבן אין איליער געטאָ. ווי לאַנג וועלן נאַציס מיט זייערע מיטהעלפער אונדז באַהיטן אַלס „אַרבעט־קראַפט"? ריכטיקער גע־זאָגט: ווי לאַנג און ביז ווען איז אונדזער „לעבנס־ראטע?" האָט קיינער ניט גע־ווּוסט... ווידער האָבּ איך אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן אין דער קוזשניע „מיט אַן אַנדערן שמיד א קריסט. און וואָס ווייטער?

די געגעבענע „לעבנס־ראַטע" האָט גאָר גיך דערגרייכט איר סוף; ניט לאַנג האָט עס געדויערט — אַפילו ניט קיין פולע דריי חדשים. זונטיק, דעם זיבעטן יוני 1942, האָט מען ווידער צוזאַמען געגומען דאָס רעשטל יידן און געמאַכט פון זיי אַ סוף. די אַלטע מער ווי פינף הונדערט־יאָריקע איליער קהילה איז פאַרגאַנגען; די שטעטל פון ר' מנשה איליער — (בן־פורת) — איז געבליבן „יודנריין". ביי דער ליקווידאַציע איז שוין אויך אומגעקומען דער פעטער וועלוול רובין מיט זיין משפחה און מיט אַלע צוקאָאָפּטירטע צו זיי; צווישן זיי אויך מיין שוויגער און שוועגערין. דאָסמאָל איז שוין ניט געווען, ווער עס זאָל זיך אָננע־מען פאַרן פעטערס פאַמיליע און איר באַשיצן. דער וואַלד־אויפזעער מעלקיס איז שוין ניט געווען. מיט אַ טאָג פריער — שבת דעם זעקסטן יוני 1942 — איז ער דערשאָסן געוואָרן דורך צוויי פּאַרטיזאַנער — וועלכע האָבן אויסגע־פירט אַ טויט־אורטייל איבער זיין לעבן — פאַר זיין מיטאַרבעטן מיט די נאַציס

און אויסליפערן זיי פאַרטיזאַנער. ער איז אין זיין אָפּוועזנהייט פאַרמשפּט געוואָרן דורכן פאַרטיזאַנער־געריכט. אַזוי איז ווי אויבנדערמאָנט שוין אויסגעפירט געוואָרן דער אורטייל. די דייטשן מיט זייערע מיטהעלפער ימח שמם וזכרם האָבן זייער כעס אויסגעלאָזן אויפן רעשטל יידן... געזאָגט האָט מען, אַז דער „מאָרד־אַטענטאַט" אויף דעם דאָזיקן מעלקיס האָט געבראַכט דערצו. עס איז אָבער ניט אמת. די רוצחים וואָלטן אויך אָן דעם תירוץ אויסגעפירט זייער ליקווידירונגס־אַקציע איבער די רעשט געבליבענע איליער יידן. אַזוי זיינען געבליבן נאָר איינצלנע דאָסמאָל ווי איך און נאָך אַ פּאָר יידן. פון פּעטער וועלוולס פאַמיליע איז געבליבן בלויז איין דוד (אַ זון) — וועלכער האָט זיך דעם זעלבן זונטיק אַ פּאָר שעה פריער פאַרשטעקט. אַנטלאָפן איז ער און דערגרייכט דער „פּאַרטיזאַנקע", אַקטיוו געקעמפט אין אירע רייען און פאַרלעצט געוואָרן זייער ערנסט — קוים אָפּגעראַטעוועט זיין לעבן און געזונט (היינט לעבט ער אין ישראל, אין חיפה).

יענעם בלוטיקן זונטיק האָט מען אויך מיר מיט דער פרוי און זונעלע, געשלעפּט — ווי אַלעמען צו דער פריער צוגעגרייטער טיפער און ברייטער גרוב — ווו געשטאַנען איז מיטן אויטאָמאַט אַ ברייט־בייניקער הויכער לאַטייש, וואָס האָט יעדן, נאָכן אויסטון זיינע בגדים דערשאָסן. אַ געסטאַפּאָ־שעף פון ווילייקע ווי עס ווייזט אויס איז דורכגעגאַנגען די רייען אונדזערע, וואָס האָבן געוואַרט שוין אויף זייער טויט, פרעגנדיק צי איז דאָ „אַ טישלער" צווישן אונדז — ד. ה. אַ סטאָליער אויפן רוצחישן דייטשן לשון. ניט טראַכטנדיק קיין סך האָב איך מיר אָפּגערופן, אַז איך בין עס, מיינענדיק מיט דעם נאָכאַמאָל „אָפּגעגליקט" צו ווערן; לעבן בלייבן און ראַטעווען אויך דאָס קינד אונדזערס מיט מיין פרוי. איך ווייס ניט צי האָט ער מיר ניט גוט געהערט, צי ניט פאַרשטאַנען; ער האָט מיר געהייסן זיצן און איז ווייטער אַוועק זוכנדיק. אָט איז שוין אויך מיין ריי געקומען צו שטיין מיט מייניקע ביים גרוב, צו באַקומען אונדזערע שיס־זאַלפּן פונעם לאַטייש... ביז היינט ווייס איך ניט; צי איז עס געווען אויף צופעליקער ווייזע, צי גליקלעכער ווייזע — דורכגעגאַנגען ווידער איז דער געסטאַפּאָ־שעף, זוכנדיק נאָך. איך בין שוין אויסגעטון געווען פונעם אויבערשטן בגד און גרייט... האָב איך אים געזאָגט אַז „יאַוואָל, איך בין אַ טישלער און זי זוכן דאָך אַ טישלער..." ער האָט מיר געהייסן אָפּצוגיין אין אַ זייט, זיך אַוועקזעצן און וואַרטן — איך בין אָפּגעגאַנגען. מיין פרוי אָבער מיט אונדזער יענקעלען זיינען געשטויסן געוואָרן ווייטער צום גרוב. ביידע האָבן

---

[6] זע די עדות פון דוד רובין אין „יד ושם" ווי אויך „ספר הנדודים והדמעות" פונעם זעלבן. זע אויך זושקע גיטליץ: אין פינצטערע טעג — ספר איליה זייטן — 412—413.

זיי אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמער־געוויין און שרעקלעכע אימת־מוות געשרייען, דער שעף האָט באַפוילן אָפּצולאָזן זיי און זאָלן זיי צו מיר צושטיין. אָט אַזוי האָבן מיר געמוזט זיצן און צוקוקן מיט אונדזערע אויגן, ווי אַזוי עס ווערט אַ תל פון רעשטל יידישע לעבנס... נאָך אַ קהילה געווען און שוין ניטאָ.

## אַ קאַפּיטל ווילייקע

פּאַרנאַכט צו נאָך אַלעמען — ווען קיין ייד איז שוין ניט געבליבן אין איליע אַ חוץ מיר מיט דער פרוי און קינד און אפשר נאָך אַ פּאָר, וועמען איך האָב ניט געקענט און ניט געזען — איז צו מיר צוגעקומען אַ מאַן פון „געס־טאַפּאָ", א „פאָלקס־דויטשע", אַן עסטאָניעץ, וועלכער האָט גוט רוסיש גערעדט. „קום מיט מיר" — האָט ער געזאָגט — „נעם דיין פרוי מיטן קינד; איר וועט שוין ניט מער בלייבן דאָ. איר וועט פאָרן מיט אונדז אין ווילייקע — דאָרט וועסטו אַרבעטן און דו מיט דער פרוי און קינד — וועט איר, לעבן דאָרט". ער האָט אונדז אַריינגעפירט אין דער „געטאָ־שטוב" וווּ מיר געוווינט האָבן און דערביי געהייסן אונדז נעמען, וואָס מיר ווילן. אַלעס וועט מען דאָרט באַדאַרפן און אַלעס וועט צונוץ קומען. ניט געקענט און ניט געוואָלט האָבן מיר נעמען קיין זאַך פון דעם, וואָס איז געווען אין באַזיץ פון אַלע היינט אומגעקומענע קדושים. מיר האָבן זיך דערלויבט צו נעמען בלויז אַ שטיק ברויט, ווייל מיר האָבן דאָך אין איליע גאָרניט געהאַט; מיר זיינען דאָך געקומען „בגפו יבוא"... בלויז מיט דעם, וואָס מיר האָבן אויף זיך געהאַט און רעשטלעך פונעם פלעש־צעניצער פּעקל... מיר זיינען אַוועק מיטן „פאָלקס־דויטשע", וואָס האָט אונדז שפּעט ביינאַכט געבראַכט אין ווילייקער לאַגער־וואַרשטאַטן.

אויף מאָרגן אינדערפרי, גאָר פרי האָב איך מיר געטראָפן שוין מיט נאָך יידן פאַכלייט, וועלכע זיינען געבראַכט געוואָרן פון אָשמענע, סמאָרגאָן, קורע־ניץ, מיאַדל ראַדאָשקאָוויטש, פון באָריסאָווער אומגעגנט און אַפילו פון מינסק. פון איליע האָב איך געטראָפן בלויז יונה ריער, שעפסל עפשטיין און זושקע גיטליצן, וועלכע זיינען נאָך פריער געשיקט געוואָרן קיין ווילייקע. איך אָבער האָב געדאַרפט אָנהויבן מיין אַרבעט אַלס „טישלער" — ווי איך האָב מיר גע־מאָלדן. גלייך בין איך אַוועק צום סטאָליער, וואָס איז געווען אינעם לאַגער — אויך ניט פון ווילייקע, געבראַכט איז ער געוואָרן פון שמאָלאָוויטש — צווישן באָריסאָוו און מינסק. זיין נאָמען איז געווען בערל, אַ מאַן אין די פופציקער, אינגאַנצן שוין ניט קיין יונגער מאַן. איך האָב אים דערציילט אַלעס און באַ־טאָנט, אַז בלויז צו ראַטעווען אונדזער לעבן האָב איך זיך פאַרמאַסטן אויף אַזאַ מין מסוכנדיקן שריט — ווייל אין פאַל, ווען דאָס וועט אַנטדעקט ווערן איז אַך און וויי צו מיר און מיין פרוי מיטן קינד! וואָס זשע טוט מען, ווי אזוי ווער איך

אַ „טישלער ?". ער האָט אַ טראַכט געטון אַ מינוט און אַלס זון פון „רחמנים בני רחמנים" און „ישראל ערבין זה לזה" האָט ער אַ זאָג געטון: „מיר וועלן אַרבעטן צוזאַמען. אַלעס, וואָס נויטיק וועל איך מאַכן. דו וועסט נאָר גיין צו דייטשן און אויסהערן וואָס זיי ווילן, וואָס זיי פאָדערן צו מאַכן און אָפּגעבן אַלעס ווען עס וועט פאַרטיק ווערן — אויב דו האָסט געמאַכט אַזאַ מין פאָרטל „ביסט דו: פעאיק"... און אומר ועושה — מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן — „פירמאַ ראַבאָטאַיעט איינס אַכציק נומער איינס !"...

די אַרבעט איז געגאַנגען; פאַר בערלען איז עס אויך פיל לייכטער געווען. מיינע גאַנגען און שליחותן האָבן אים אָפּגעראַטעוועט פון קלעפּ, וואָס זיי פלעגן אים געבן. ווייל ער האָט ניט גוט פאַרשטאַנען, וואָס מען האָט געוואָלט פון אים און ניט געקאָנט אויספירן אַלע אַרבעטן ווי מען דאַרף. אַוועק זיינען איניקע וואָכן און מען האָט זיך איינגעאָרדנט — אויף וויפל עס איז מעגלעך געווען אין באַדינגונגען פון יענע ביטערע און פינצטערע טעג — ביים אָפּברענגען איינמאָל אַ פאַרטיק־געמאַכטער אַרבעט, האָט מיר אַ רוף געטון דער שעף פונעם לאַגער־גאַראַזש און געהייסן מאַכן אַ „באַגאַזשניק" אויף זיין „קאר". ער האָט זיך געגרייט אַרויסצוגיין אויף אורלויב; געהאַט האָט ער פול אָנגערויבטן יידישן האָב און גוטס און זיין כוונה איז געווען וואָס מערער מיטצונעמען. די אַרבעט איז פאַרבונדן געווען אויך מיט שמידעריי, האָט ער מיר געהייסן אויך אַוועקגיין צום שמיד און אין זיין נאָמען — הייסן אַלץ מאַכן. אויף דעם האָב איך אים געענטפערט: „אויב עס איז דאָ אַ קוזשניע קען איך אַלעס אַליין מאַכן" און איך בין אַוועק. איך האָב טאַקע אַלעס געמאַכט. ווען אַלץ איז שוין פאַרטיק געווען מיט אַלע „פיטשעווקעס" בין איך צו אים אַוועק מיטן באַגאַזשניק און אים געפרעגט, אויב עס באַפרידיקט אים. ער האָט עס באַטראַכט און אַרומגעקוקט; פונעם שמייכל זיינעם אויפן פנים, האָב איך געזען אַז ער איז גוט צופרידן. ער האָט מיר אַ זאָג געטון: „קום מיט מיר!" — איך בין אים נאָכגעגאַנגען. ער איז מיט מיר אַריין אין קיך און געהייסן דעם קוכער דערלאַנגען צום עסן. דער קוכער האָט דערלאַנגט עסן ווי אויך אַ פלאַש ספּירט־בראָנפן. מער ווי אַ האַלבע גלאָז, האָט דער שעף מיר אָנגעגאָסן און אַ ווונק געטון: „זופּ!". איך האָב ווי געוויינלעך אויסגעטרונקען, פאַרביסן און אָפּגעגעסן, געקריגן אויך עפּעס וואָס מיט זיך און כ׳בין אַוועק צוריק אין סטאָלעריי — ווו איך האָב געאַרבעט מיט בערלען.

אַ לאַנגע ווײלע נאָכדעם איז געקומען דער שעף פונעם גאַראַזש און מיר געפרעגט, וואָס איז אייגנטלעך מיין פאַך — „שמיעדע אָדער טישלער ?" — איך האָב אים געענטפערט אַז איך בין א שמיד באמת; מיין עיקר־פאַך איז

שמידעריי אָבער „איך בין אויך אַ טישלער״. ער איז אַוועק אַ צופרידענער. וואָס איז דאָ די „רבותא?״ וואָס די שמחה? — האָב איך ניט געוווסט.

נאָך אין זעלבן טאָג — מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער — בין איך ווידער גערופן געוואָרן צום גאַראַזש־שעף; עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דייטשן פון לאַגער קאָמאַנדע זיינען אַוועק געפאָרן אין קורעניץ און פון דאָרט געבראַכט אַ גאַנצע קוזשניע־וואַרשטאַט מיט אַלע קלאַפּער־געצייג און אַפילו מיטן שמיד און זיין משפחה — אַ פרוי מיט קינדער. ער האָט מיר געוויזן דעם וואַרשטאַט און באַפוילן: „היער האָסט דו אַללעס; איינע שמיהדעריי מיט איינעם שמיהדע; דו בלייבסט שעף אונד פעראַנטוואָרטליך. שנעל איינשטעלן, „אַרבייטן!״ איך האָב מיר געשטעלט אַרבעטן מיט ברוכן צוזאַמען; אַזוי האָט געהייסן דער קורעניצער שמיד. די אַרבעט איז גוט אַוועק. מיר האָבן שטענדיק געהאַט אַ סך באַשטעלונגען אויסצושמידן. אַוועק זיינען וואָכן און חדשים; עס איז מיר פּערזענלעך לייכטער און פרייער געוואָרן אַ ביסל; איך האָב שוין געקענט צוליב אַרבעט און וואַרשטאַט־ענינים אַרויס פון לאַגער און גיין אין שטעטל. ענדלעך האָב איך מיר געקענט אַרומזען און זוכן אַ וועג אַרויס און רעאַליזירן עפּעס. עס איז מיר אָן שום ספק קלאָר געווען, אַז עס איז קיין תכלית צו זיצן און אַרבעטן פאַר די רוצחים — ווייל פריער צי שפּעטער וועלן זיי שוין מיר ניט דאַרפן — און דאַן — אַ סוף צו מיר און מיין משפחה! געברענט אין מיר האָט אַ דויערהאַפטער ווילן כאָטש אַ פיצל נקמה נעמען פון די מערדערלעכע רוצחים און גרוילהאַפטע ברואים. מיין האַרץ האָט געגאַרט צו געפינען אַ וועג צו דער „פּאַרטיזאַנקע״, צו קעמפן מיט געווער אין האַנט אין אירע רייען און וואָס מער נאַצים מיט זייערע סאַטעליטן אומברענגען...

סוף כל סוף האָב איך געפונען אַן אויסוועג. גייענדיק אין ווילייקע האָב איך מיר באַקאַנט מיט אַ פּאָר מענטשן, וואָס זיינען אין געהיים געווען פאַרבינדלער פון פּאַרטיזאַנער־איינהייטן. זיי פלעגן אויסשפּירן אַלץ אַרום, אָנשמעקן וואָס טוט זיך נייעס. ווי אַזוי דער פאַרקער פונעם שטעטל־גאַרניזאָן, פון מיליטער־איינהייטן, צוגן־פאַרקער — געווער און אַמוניציע־רעזערוון, דעפּאָ־וואַרשטאַטן א. אַז. וו. דערגרייכטע ידיעות פלעגן זיי איבערגעבן די פּאַרטיזאַנער — חוץ דעם האָבן זיי געהאַט אַן אויפגאַבע אָנצובינדן באַציאונגען און ווערבירן מענטשן־כוחות צום קאַמף אין רייען פון פּאַרטיזאַנער — ספּעציעל צווישן ציווילע אַרבעטער אָדער צוואַנג־אַרבעטער אין דעפּאָ־וואַרשטאַטן און מיליטערישע אונטערנעמונגען. אין ווילייקער לאַגער זיינען געווען שוין פאַרבונדענע מיט זיי — גרייט שוין אַפילו צו אַנטווייכן און איבערכאַפּן זיך צו די פּאַרטיזאַנער. אַזוי האָבן זיי שוין מיר אויך פאַרבונדן. אַזוי איז שוין געשאַפן געוואָרן אינעם לאַגער אַ געהיים „קעמערל״ פאַרבונדן מיט פּאַרטיזאַנער —

ווו איך האָב שוין אויך אָנגעקניפּט אַ פאַרבינדונג. געוווּסט האָב איך שוין, אַז גאָר שנעל וועלן רייף און דורכפירבאַר ווערן די פּלענער „אָפּצוטראָגן" זיך פון לאַגער.

**מיין וועג אין פּאַרטיזאַנשצינע**

אַדורכגעלאָפן אַזוי שנעל די צייט; טעג, וואָכן און חדשים אַוועק — אַ יאָר שוין כמעט אין ווילייקער וואַרשטאַטן־לאַגער, אָן אַ גינסטיקער געלעגנ־הייט אין וואַלד אַוועקגיין. ענדלעך איז אויך געקומען דער מאָמענט און איך בין מאַקע אַוועק — אונדזער געהיים־„קעמערל" אין לאַגער האָט אויסגעפירט אַ פאַרשווערערישער פּיראָטעכנישער אויפגאַבע צום ערשטן מאָל. דאָס איז זייער גוט געלונגען; עס איז געווען אַ גאָר שיין שטיקל אַרבעט, די אָפּטוער האָבן אָבער געמוזט וואָס שנעלער אָפּציען „ויברח".

דאָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַרום דעם 15־טן יוני 1943, צי פריער אָדער שפּעטער מיט אַ טאָג; פאַרבינדלער פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב האָבן אונדז אי־בערגעגעבן דריי צייט־באָמבעס און לויטן באַפעל האָבן מיר זיי געדאַרפט אויס־לייגן אויף דריי וויכטיקע פלעצער: — איינע — אין דער שטוב ווו דער געביטס־קאָמיסאַר האָט געהאַט זיין אַרבעט־אַמט און קוואַרטיר. אַ צווייטע — אין דער שטוב פון ס. ד. קאָמאַנדע — ווו געוווינט האָט אויך דער לידער פון שטעטל־שער „שוצדינסט"־איינהייט. אַ דריטע — אין שטוב פון דער דייטשער פעלד־זשאַנדאַרמעריע, ווו עס האָט זיך שטענדיק געפונען אויך דער קאָמאַנדיר. די אַלע דריי צייט־באָמבעס זיינען אַנגעשטעלט געוואָרן אויפצורייסן צו דער זעל־בער צייט — איינס אַזייגער ביינאַכט. זיי האָבן טאַקע פּינקטלעך צו דער צייט אויפגעריסן, אָנמאַכנדיק פיל שאָדנס אין מענטשן־כוחות און נאָך מערער אין געביידעס. די געביידע פון דער ס. ד.־אָפּטיילונג איז געשעדיקט געוואָרן מע־רער ווי אַלע און געבליבן אינגאַנצן דעמאָלירט. צופעליק איז דער שעף־קאָמאַנ־דיר און לידער פון דער ווילייקער ס. ד. ניט געווען יענע נאכט אינדערהיים. וואָלט ער געווען אין שטוב, וואָלט ער שוין זיכער געהאַט דאָרט זיין סוף. די קאָמאַנדע פון פעלד־זשאַנדאַרמעריע איז אויך שטאַרק באַשעדיקט געוואָרן און עס זיינען געווען הרוגים און פאַרוווּנדעטע. אויפן דריטן אָרט, ביים געביטס־קאָמיסאַר אין שטוב זיינען אויך געווען שאָדנס און פאַרלוסטן; אַלע וועלכע זיינען אינעווייניק געווען האָבן „גענאָסן" גוט פון דער אומגעריכטער „צוטיילונג"... פאַרשטענדלעך, אַז תיכף איז געוואָרן אַ טומל און אַ צעמישונג, און מען האָט פאַרטאָג גלייך גענומען אויספאָרשן און אויפזוכן די פאַרברעכער. ס. ס.־לייט, ס. ד. מיט געסטאַפּאָ און געהילף־פּאָליציאַנטן זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז, גע־זוכט און גענישטערט. מען האָט געבראַכט אויסשפּיר־הינט, אָבער זיי האָבן

גאָרניט אַנטדעקט, ניט געכאַפּט קיינעם, נאָך פאַרן אויפרייס, האָט אָנגעהויבן אַ רעגנדל צו טריפן וואָס איז נאָכדעם פארוואנדלט געוואָרן אין א גאָס־רעגן, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט און פאַרווישט יעדן שפּור, וואָס איז נאָך געבליבן.

כאָטש די אַלע זוכענישן האָבן ניט געבראַכט צו קיין שום רעזולטאַטן, איז דאָך צו געפערלעך געווען פאר אונדז צו בלייבן אויפן אָרט. מיר האָבן געהאט אַ גרונט מורא צו האָבן פאַר אַ מסירה, פאַר אַ צופעליק איבעריקן וואָרט. האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן אויסצופירן אונדזער פּלאַן — אַנטווייכן און לויפן אין וואַלד. די באַדינגונגען און נאטירלעכע אָנגעלעגנהייטן זיינען אויך געווען גינסטיק פאַר אונדז. דער גרויסער רעגן, וואָס איז געווען נאָכן אויפרייס האָט אָנגעהאַלטן אויך אין פאַרלויף פון גאַנצן טאָג מיט קורצערע אָדער לענגערע הפסקות. נאָך האַלבער נאַכט איז געווען פּשוט אַ מבול און דאַן איז געווען דער בעסטער מאָמענט צו אַנטלויפן. מיר זיינען טאַקע גלייך אַנטלאָפן. איך האָב זייער געוואָלט, אַז אויך מיין פרוי און קינד זאָלן מיט מיר אַנטווייכן; איך האָב איר אַנטדעקט אַלעס און געזאָגט, אַז מען מוז שנעל און גלייך לויפן. איך האָב איר אַפילו געזאָגט, אַז אַנדערע לויפן אויך מיט פרויען און קינדער — עס איז געפערלעך צו בלייבן! — די פרוי האָט ניט געוואָלט אַנטלויפן און בשום אופן ניט געוואָלט הערן וועגן דעם אַפילו. עס איז מיר געבליבן די ברירה אַליין צו אַנטלויפן. מיין פרוי האָט אָבער מיר אויך באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן און ניט לאָזן. זי איז אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס מיט נאָך צוויי פרויען פון אַנדערע פאַמיליעס, וועלכע האָבן געוווינט מיט אונדז צוזאַמען אין דער זעלבער לאַגער־שטוב. (אַנדערע יידן, אַפילו ניט די אָפּטוער פונעם אויפרייס, זיינען אויך אַנטלאָפן יענער נאַכט). אַלע דריי פרויען האָבן גענומען שרייען און געוואַלדעווען, עס זאָל ווערן אַ טומל און דייטשן זאָלן אָנלויפן און ניט לאָזן אונדז לויפן — דאָך האָב איך מיר אַנטשלאָסן און אַוועק — כאָטש עס איז מיר ניט לייכט געווען אויפן האַרצן... ניט געוואָלט האָב איך מיין פרוי און קינד זאָלן בלייבן אַליין. דער דראַנג צו לויפן איז אָבער געווען שטאַרקער פון מיר, שטאַרקער פון יעדער לאָגיק; אַזוי האָב איך זיי שוין קיינמאָל מער ניט געזען.

איך בין געלאָפן האַסטיק מיט די איבעריקע, הימלען האָבן גערעגנט און „געוויינט" מיט מיין פאַרביטערט און באַטריבטער האַרץ צוזאַמען. אָפּלויפנדיק שוין אַ געוויסע שטיק וועג, האָט מען זיך ווי פריער אָפּגערעדט — צעשיידן און איינציקווייז געלאָפן צוליב סיבות פון פערזענלעכער זיכערהייט. איך בין פאַרשטענדלעך געבליבן אַליין און ווייטער פאָרגעזעצט דאָס לויפן. איך האָב געוואָלט דערשלאָגן זיך אין פּלעשצעניצער סביבה — ווו אַלץ איז מיר געווען

באַקאַנט — די לאַנדשאַפט, מענטשן און וועלדער אַרום. איך האָב אָבער ניט אָריענטירט זיך אין דער סביבה ווו איך בין געלאָפן. דערווייל איז שוין ליכטיק געוואָרן, דער רעגן האָט אויפגעהערט ביסלעכווייז, די זון איז אַרויס און איך בין אַזוי ווייטער געלאָפן אָדער געגאַנגען מיט וועגן און אומוועגן — כאָטש איך האָב זיי ניט געקענט און ניט געוווסט ווו איך בין אייגנטלעך — אין פאַרלויף פונעם גאַנצן טאָג. אַזוי בין איך ביים זונען־פאַרגאַנג אָנגעקומען צו אַן אָרט־שאַפט און געטראָפן אַ פרוי אויפן וועג. איך בין צו איר צוגעקומען נאָענטער און געפרעגט, ווי הייסט די אָרטשאַפט? די פרוי האָט זיך זייער דערשראָקן און נאָכדעם ווי עס איז מיר געלונגען זי צו באַרואיקן, האָט זי מיר געזאָגט, אַז איך געפין זיך אַרום קורעניץ און די אָרטשאַפט ווו איך בין איצטער איז ביים לובאַנער הויף. זי האָט דערציילט, אַז אינעם הויף זיינען דאָ דייטשן, וואָס היטן שטאַרק די ספירט־פאַבריק אינעם הויף. זי האָט מיר אויך געראָטן שנעל אַנטלויפן פונעם אָרט צוליב דער גרויסער סכנה. איך האָב איר אויף דעם גע־ענטפערט, אַז איך האָב ניט וואָס מורא צו האָבן און כ׳בין ווייטער אַוועק מיטן וואַלד.

אַזוי בין איך געגאַנגען ביז כ׳האָב דערגרייכט צו אַן אומבאַוווינטן „כו־טאר”. דער אייגנטימער פונעם הויז דאָרט איז געווען אַ געוויסער פּאָליציאַנט, וועלכער איז אַרויסגעפאָרן קיין קורעניץ. דאָרט בין איך געבליבן אויף איבער נאַכט און גלייך אינדערפרי ווייטער געצויגן מיטן וואַלד ביז איך בין אָנגע־קומען אין אַ דאָרף זאמאָשטשע — וואָס איז שוין ניט ווייט פונעם שטעטל קורעניץ. דאָרט האָט די באַנליניע דורכגעשניטן דעם וועג. ניט ווייט פון די ליניעס בין איך אַריין אין אַ דאָרפישער שטוב — ווו נאָר די בעל־הביתטע איז געווען. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויפן וועג קיין דאַלהינעוו און געבעטן אויך עפּעס צו עסן. די פויערטע האָט מיר געגעבן ברויט מיט מילך און דער־קלערט מיר אויך, ווי אַזוי צו גיין אין דאַלהינעוו. איך האָב אָפּגעגעסן און אַוועק.

אַרויסגייענדיק האָב איך באַמערקט ניט ווייט פון באַנליניע אַ ניט קליינע מענגע מענטשן און צווישן זיי אויך דייטשן אויפן וועג, ווו כ׳האָב געדאַרפט דורכגיין. כדי אויסצומיידן צו טרעפן זיך מיט די אַלע, האָב איך באַשלאָסן ניט צו גיין גלייך מיטן וועג נאָר מיט דער באַנליניע. איך בין אַרויף אַדורכגייענדיק דעם „פערעיעזד” און אַוועק ווייטער. ביים „פערעיעזד” איז געשטאַנען אַ ציװיל־פּאַטראָל, וואָס האָט געשמועסט מיט אַ צווייטן. אָט דער צווייטער האָט געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט מיר ניט פאַרהאַלטן צו וויסן ווער איך בין? ער דאַרף עס דאָך טון; ער איז פאַרפליכטעט צו דעם. אויף דעם האָט יענער אַ זאָג געטון: „צו וואָס דאַרף איך עס וויסן? אַ מענטש גייט, זאָל ער גיין!” איך

בין ווי אויבנדערמאָנט אַוועק ווייטער. אָפּגייענדיק בערך אַ 200 מעטער, האָב איך שוין פון וויטן דערזען אַ רייטער אויף אַ פערד, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן ווי עפּעס אַ „פאַרקנעפּלטער" — אַ פּאָליציאַנט צי אַ מאַן אויף אַן אַמט — ווער ווייס? ניט טראַכטנדיק קיין סך, האָב איך מיר שנעל פאַרשטעקט אינצווישן אַ ברייט־פאַרצווייגטן און הויכן קוסט. דער רייטער איז דורך פאַרביי און מיך ניט באַמערקט. נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערווייטערט און אָפּוואַרטנדיק נאָך אַ ביסעלע האָב איך מיר אויפגעהויבן און אַוועק ווייטער.

פאָרזעצנדיק אין דער זעלבער ריכטונג בין איך אָנגעקומען אין אַ דאָרף קאָסוטאַ — וווּ כ'האָב געהאַט אַ באַקאַנטן קריסט קאָסטיאַ אַ שטיינשלאָגער — וועמען דייטשן האָבן פון צייט צו צייט גענומען צו דער אַרבעט אין ווילייקער לאַגער־וואַרשטאַטן. פון דאָרט טאַקע האָב איך אים געקענט. ער האָט געקענט די אַלע קורעניצער, וועלכע זיינען דאָרט מיט מיר געווען און איך האָב געמיינט אַז ער וועט נאָך זיין דאָרט. דערזעענדיק מיר ביי אים האָט ער זיך גוט דערשראָקן; ער איז דאָך אין געהיים געווען אויך אַ פאַרבינדלער פון די פּאַרטיזאַנער. און עס איז געווען אין מיטן העלן טאָג. טאַקע ניט געווונטשן פאַר אונדז ביידן, מען זאָל אונדז זען צוזאַמען. ער האָט מיר אַ פאָרוואורף געמאַכט, וואָס איך בין צו אים געקומען ביי ליכט פונעם טאָג; ווען איך קום פאַרנאַכט־צו וואָלט ער מיר פאַרבונדן גלייך מיט פּאַרטיזאַנער, כדי איך זאָל צושטיין צו זיי. כ'האָב אים געזאָגט, אַז מיטן צושטיין באַדאַרף איך נאָך צווואַרטן ביז מיין פרוי און קינד וועלן אַרויס פונעם לאַגער. דאַקעגן וויל איך, ער זאָל אָפּגעבן אַלעמען גרוסן פון מיר, אַז איך בין שוין געווען ביי אים און איך בין אַוועק ווייטער. געוויס האָב איך געמיינט און געוואָלט מיט דעם צו וויסן געבן מיין פרוי, אַז איך בין גאַנץ און אַדורך בשלום און קום שוין אויך נאָענטער צום ציל.

נאָכן דערקלערן קאָסטיען, וואָס איך פאַרלאַנג פון אים, וואָס ער זאָל איבערגעבן דאָרט אין ווילייקע, אַז עס זאָל קומען צום וויסן פון מיין פרוי, בין איך אָפּעסנדיק ביי אים עפּעס אַוועק, קריגנדיק אויך אויפן וועג וואָס עס איז. איך האָב געצויגן ווייטער מיטן וועג און דערגרייכט אין דאָרף סטאַרינקע, וואָס איז געווען אין איליער אומגעגנט. דאָס איז שוין ממש געווען פאַרנאַכט ביים זונען־פאַרגאַנג; איך בין אַריין אין אַ שטוב צו אַ פּויער, געבעטן עפּעס עסן און אַ דערלויבעניש אָפּצורוען אַ ביסעלע. ער האָט גלייך געגעבן, וואָס ער האָט נאָר געהאַט. מען דאַרף אויך באַטאָנען, אַז אַ סך פּויערים האָבן צו יענער צייט טאַקע ניט געהאַט, ווייל דייטשן פלעגן ביי זיי אַוועקנעמען אַלעס. די זעלבע האָבן אָבער געגעבן. צום פּויער איז אַריין דאַן אויך זיין שכן און מיר האָבן זיך צערעדט וועגן אַלץ און אַלעמען. צווישן אַנדערע האָב איך זיי געפרעגט,

ווי ווייט איז נאָך צו דאַלהינעוו און ווי אַזוי פירט דער וועג אַהין? פאַרוווּנדערט האָבן זיי מיר צוערשט אָנגעקוקט און פאַרשטאַנען גלייך, אין וואָס מיר גייט.

— „קיין דאַלהינעוו זאָלסטו ניט גיין, ניט וואַגן צו גיין!" — האָבן זיי צו מיר גערעדט — עס איז אַ גרויסע געפאַר דאָרט, פאַר דיר. אַ חוץ דעם האָסטו ניט וואָס צו טון דאָרט. דו דאַרפסט זיך פאַרנעמען אויף ראַגאָזינע און דאָרט וועסטו שוין זיכער טרעפן, וואָס דו זוכסט און וועמען דו באַדאַרפסט".

— פאַרשטענדלעך און קלאָר, אַז געמיינט האָבן זיי די פאַרטיזאַנער. האָב איך זיי געענטפערט גלייך, אַז איך נעם אָן זייער עצה און איך וועל אַזוי האַנדלען. איך האָב זיי בלויז געבעטן גענוי אויפצוקלערן מיר דעם וועג, ווי אזוי צו גיין אַהין. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אויף דער ריכטונג און געזאָגט:

— „דו וועסט אַזוי גיין ביז צו אַ דאָרף. דאָרט וועסטו זען אַ שיידוועג אויף רעכטס און לינקס" — האָבן זיי מיר דערקלערט — „געדענק זשע גוט און ניט פאַרגעס; אַפילו טאָמער דו פרעגסט עמע־צן ווי איז דער וועג צו ראָגאָזינע און ער זאָגט דיר רעכטס זאָלסטו גיין לינקס — אויף רעכטס זאָלסטו פאַר קיין פאַל ניט גיין, ווייל דער וועג וועט דיר אַריינפירן צו די דייטשן גלייך אין אַלקאָוויטש..."

אַזוי איז עס אויך געווען; כ'האָב זיי געפאָלגט און שוין אין דער זעלבער נאַכט פאַרטאָגצו בין איך אַוועק אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג — צום געווע־זענעם פויליש־סאָוויעטישן גרענעץ פון פאַר דער מלחמה. דאַן בין איך גע־קומען צום אָנגעצייכנטן שיידוועג און אַוועק אויף לינקס. גייענדיק אַזוי מיטן ברעג וואַלד האָב איך אין אַ שטיקל צייט אַרום דערזען שוין ראגאָזינע פונדער־ווייט — אַ דאָרף צוזאַמען מיט זיין נאָענטער אומגעבונג, וואָס איז נאָך געווען אויף דער (געוועזענער) פוילישער זייט. איך האָב גלייך גענומען גיין אינעם דאָרף, האָב איך פלוצלונג דערזען פונדערווייט פיל מענטשן — פוסגייער און רייטער אויף פערד גייען און באַוועגן זיך אין דער ריכטונג צו מיר. כ'האָב דערווייל נאָך ניט געקענט אונטערשיידן, צי זיינען זיי דייטשן אָדער זייערע נאָכשלעפּער, צי זיינען זיי טאַקע פאַרטיזאַנער. איך בין שטיין געבליבן ביי אַ בוים אין וואַלד און געוואַרט... אַז זיי האָבן זיך מערער צו מיר דערנענטערט, האָב איך שוין דערקענט, אַז עס זיינען פאַרטיזאַנער. כ'בין אַרויס צו זיי גלייך אַנטקעגן און מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן. גלייך האָבן זיי מיר גענוי אויסגע־פרעגט ווער איך בין, פון וואַנען איך קום און ווּהין איך גיי? — כ'האָב זיי אַלעס דערציילט פונעם אָנהויב ביז צום סוף און אויך געבעטן צוקאָאָפּטירן מיר אין אַ פאַרטיזאַנער־איינהייט אָדער מיטנעמען מיט זיי. זייער קאָמאַנדיר

האָט אַ קוק געטון אויף מיר, דורכגעדרונגען מיר מיט אַ בליק פון קאָפּ ביז אַראָפּ און אַ זאָג געטון:

— „מיט אונדז קענסטו ניט גיין איצטער; מיר גייען אויף אַ ווייטן וועג. דו ביסט מיד און גייסט שוין לאַנג... דו וועסט גיין איצטער אין דאָרף ליעסניקי. דאָרט וועסטו אָנגענומען ווערן צו קעמפן אין אונדזערע רייען".

ער האָט דערביי צוגערופן אַ פּאַרטיזאַן און פאַראָרדנט מיר דורכפירן און אָנווייזן נאָכדעם דעם וועג, ווי אַזוי אָנצוקומען אין אויבנדערמאָנטן ליעסניקי. איז דאָך נעמלעך גוט... אָבער נייך, ניט אַזוי לייכט איז עס מיר אָנגעקומען. אָפּגייענדיק מיטן פּאַרטיזאַן אַ שטיק וועג, האָט ער געפּאָדערט פון מיר, איך זאָל אים אַוועקגעבן מיינע שטיוול פון די פיס. ער גייט אויף אַ „זאַדאַניע" (אַן אויפגאַבע). אַז איך וועל אָנגענומען ווערן אין פּאַרטיזאַנקע, וועל איך האָבן אַנדערע. ער דאַרף זיי תיכף. עס האָבן ניט געהאָלפן קיין רייד, קיין שום בקשות... כ'האָב אויסגעטון מיינע שטיוול און אָפּגעגעבן אים. דאַן האָט ער מיר אָנגעוויזן דעם וועג אויף ליעסניקי און איז אַוועק. אַזוי האָבן קריסטן פּאַרטיזאַנער אויפ־געגומען זייערע יידישע קאַמפס־חברים און געוועזענע־ברידער. כ'בין ניט געוועזן דער איינציקער, וואָס איז זוכה געווען צו אַזאַ מין קבלת־פּנים. איך בין נאָך מיט חסד אָפּגעקומען. אַ סך יידן האָבן זייער לעבן פאַרלאָרן אויפן וועג צו דער פּאַרטיזאַנקע. קריסטן פּאַרטיזאַנער האָבן זיי אַנטוואָפנט, אויסגעטון און דער־שאָסן — אַזוי איז דאַן געווען דער וועג פון יידן אין פּאַרטיזאַנשצינע.

בלייבנדיק באָרוועס האָב איך באַשלאָסן ניט גיין אַזוי אין ליעסניקי אָנגע־נומען צו ווערן אין אַ פּאַרטיזאַנער־איינהייט; מען וועט מיר זען אַזוי וועט מיר שווערער זיין אָנגענומען צו ווערן. האָב איך דעריבער באַשלאָסן צו גיין פריער אין ראגאַזינע זוכן מיינע באַקאַנטע. אַזוי האָב איך אויך געהאַנדלט. קומענדיק אין ראגאָזינע, וואָס איז שוין ניט ווייט פון פּלעשצעניצער געגנט, האָב איך שוין געפונען פויערים, וואָס האָבן מיר געקענט. פון זיי האָב איך געהערט, אַז אינעם דאָרף איז דאָ אויך איינער אַ ייד און האָב אים אויך באַלד געטראָפן. דאָס איז געווען מאָטקע חדש פונעם דאָרף גורע, וואָס האָט אַמאָל געהאַט דאָרט אַ מיל. ער האָט מיר גענומען צו זיך. איך האָב ביי אים אָפּגערוט, געגעסן און געבליבן איבער נאַכט. דורכרעדנדיק זיך מיט אים, האָט ער אויך געהאַלטן, אַז מיין בעסטער וועג איז צו גיין אין פּאַרטיזאַנקע. אַזוי בין איך טאַקע אַוועק אין ליעסניקי. דאָרט האָב איך אויך געטראָפן אַ באַקאַנטן — אַן אַלטן פאַר־דינסטפולן קאָמוניסט נאָך פאַר דער מלחמה — וועלכער איז געווען אויך זייער אָנגענומען צווישן דער פּאַרטיזאַנער־פירערשאַפט. ער האָט מיר אויפגענומען און צוגעזאָגט אינטערווענירן, מען זאָל מיר אָננעמען. דערווייל האָב איך גע־

טראָפן נאָך באַקאַנטע קריסטן אין ליעסניקי; איצטער בין איך שוין זיכער געווען אַז מיין וועג צו ווערן אַ פּאַרטיזאַן איז אָפן; איך וועל אָנגענומען ווערן.

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז אָנגעקומען אויפן אָרט די פירערשאַפט פון אייניקע פּאַרטיזאַנער־בריגאַדעס, אָפּצוהאַלטן דאָרט אַ זיצונג פונעם שטאַב. מיין באַקאַנטער פאַרדינסטפולער קאָמוניסט האָט טאַקע גלייך גערעדט מיטן שטאַב־בריגאַדיר און געפּאָדערט אָנצונעמען מיר — פאַרזיכערנדיק, אַז איך בין אַן אָרנטלעכער און אחריותפולער מענטש לגבי יעדער געגעבענער מיר אויפגאַבע. ער איז גרייט פערזענלעך אַפילו צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך לגבי מיר. דער שטאַב־בריגאַדיר האָט צוגעזאָגט, אַז אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג; ער האָט מיר אָנגעשריבן אַ צעטעלע און געהייסן מיר וואַרטן — ביז ער וועט שיקן אַ מענטשן, ער זאָל מיר מיטנעמען — און דאָס צעטעלע דאַרף איך ווייזן דעם שליח זיינעם. אַ צוויי טעג נאָכדעם איז טאַקע געקומען אַ בחור פון דאקשיץ — זעליק טיליס האָט ער געהייסן — און מיר אָוועקגעפירט אין פּאַרטיזאַנער־איינהייט צו וועלכער איך וועל געהערן.

טיליס איז געווען אַ „פּאָליטרוק"[7] אין אַ פּאַרטיזאַנער־איינהייט פון „כאַז־וואָד"[8]. ער האָט מיר געבראַכט אין דעם פּאַרטיזאַנען־לאַגער, וואָס איז געווען אין וואַלד און צוגעפירט גלייך צום בריגאַדיר־קאָמאַנדיר פון „בריגאַדאַ אימיע־ניעם קוטוזאָוואַ"[9] — מיסינאָוו — אַ געזונטער פעסט־געבויטער מאַן, וואָס האָט אויף מיר א קוק געגעבן און אַלעס פאַרשטאַנען, וואָס קומט אין מיר פאָר. כ'האָב אויסגעזען שלעכט, ניט ראַזירט און באָרוועס ווי אויך זייער שוואַרץ פאַר־חושכט. ער האָט צו מיר זאָנפט און רואיק גערעדט, כ'זאָל אים דערציילן וועגן דעם גאַנג פון מיין לעבן — ווי אַזוי איך קום אין וואַלד און צו וואָס אין פאַר־טיזאַנשצינע — צי זוך איך שוץ אָדער רעטונג בלויז, צי אויך דעם וועג צו קעמפן באמת מיטן שונא דעם פאַרכאַפּער? כ'האָב ניט געוווּסט באמת צי פרעגט ער מיר אַלעס אויס, ווייל איך בין אַ ייד צי פרעגט ער אַזוי אַלעמען? קיין צייט צו טראַכטן וועגן דעם איז מיר ניט געבליבן. כ'האָב אָנטבלויזט פאַרן בריגאַדע־קאָמאַנדיר מיין אָנגעווייטיקט און פאַרביטערט האַרץ; כ'האָב אַלעס דערציילט,

---

[7] פאַרקירצונג פון „פּאָליטיטשעסקי רוקאָוואָדיטיעל" — אַן אויפקלערונג־אָפיציר, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּאָליטישער אויסבילדונג און אָריענטאַציע פון זיין פאָרמאַציע.

[8] פאַרקירצונג פון „כאָזייסטווענאָיע זאַוויעדיעניע" — אַ ווירטשאַפטלעכע קאַמף־פאָרמאַ־ציע, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אויסהאַלטן און צושטעלן אַלעס, וואָס מען באַדאַרף — ווי א „סופּליי יוניט".

[9] קוטוזאָוו — דער באַרימטער רוסישער גענעראַל און סטראַטעג פון די מלחמות מיט נאַפּאָלעאָנען און העלד פון דער שלאַכט ביי באראדינא. די סאָוויעטישע פּאַרטיזאנער האָבן זייער בריגאַדע אָנגערופן אויף זיין נאָמען.

אַפילו אויך וועגן קבלת־פּנים און צוגענומענע שטיוול. ווען איך האָב פאַרענ־דיקט מיין דערציילן האָב איך קאַטעגאָריש געפאָדערט צוקאַמפּטירן מיר אין אַ קעמפנדער פאַרמאַציע, כ׳זאָל קענען שלאָגן די שונאים. בריגאַדיר מיסינאָוו האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן און מיר דורכגעדרונגען אין גאַנצן אינערן פון קאָפּ ביז אַראָפּ:

— „דו ביסט גערעכט חבר... שלאָגן דעם שונא ווו ער איז!״ —
האָט ער אַ זאָג געטון — „פון היינט און אויף ווייטער, פון דעם מאָ־מענט שוין, וועסטו אונדזער געוווער־ברודער אין קאַמף מיט די דייטשע פאַרכאַפּער. אָבער איצטער קענסטו ניט גיין אויף ,זאַדאַניעס׳ אין קורצן וועסטו גיין... דערווייל וועסטו זיין נוצלעך אין דער קיך פונעם שטאַב. דאַרפסט קומען צו זיך״...

ער האָט מיר אַ לייכטן קלאַפּ געטון אויפן פּלייצע און אָפּגעשיקט אין קיך צו דער אַרבעט — ווי ער האָט פאַראָרדנט. איך בין געבליבן דאָרט אייניקע טעג — ביז דער „פּאָליטרוק״ זעליק טיליס איז ווידער צו מיר געקומען און צוגענומען מיר אין זיין „זוואָד״ ד. ה. אין דער בריגאַדע־איינהייט ווו ער איז געווען. אָט אַזוי בין איך שוין געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן.

## איך נעם נקמה

סוף כל סוף איז מיר געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צופירן א ביסל מיינע הענט און געניסן כאָטש פון פיצל־פיצלעך נקמה אין אונדזערע שונאים. עס איז מיר געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו קעמפן מיטן דייטש — מיטן גרעסטן „המן״ פון אלע „המנס״ אין יעדער צייט. דער פאַקט, וואָס זעליק טיליס האָט מיר גענומען אין זיין „זוואָד״ איז פאַר מיר געווען גאָר גינסטיק. כמעט יעדער נאַכט זיינען געווען „אונטערנעמונגען״, אויפגאַבן און באַפעלן אויסצופילן. מען פלעגט אַרויס אויף „ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבן״ ד. ה. פּראָוויאַנט־קאָנפיסקאַ־ציעס — אויסשפּרייטנדיק אַ לויער־נעץ אויף קליינע דייטשע גאַרניזאָנען אָדער קלענערע מיליטער־איינהייטן צונעמענדיק ביי זיי אַלץ. מען האָט געמאַכט פּלוצ־לעכע איבערפאַלן אויף דייטשן מיט זייערע אַרויסהעלפער פון אַלערליי מינים. מיר האָבן אויך איבערפאַלן פּאָליציי־פּונקטן, באַנליניעס געמינעוועט און צוגן אויפגעריסן. געשלאָגן דעם דייטשן שונא, ווו עס איז נאָר מעגלעך געווען; געצאַפּט פון אים בלוט — א טראָפּן פון ים... אָבער געקוויקט האָט מיין הארץ ביי יעדער געלעגנהייט, ווען איך האָב טויט געשאָסן אַ דייטש... איך האָב זיי באַצאָלט דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרדינט. אַזוי איז געווען איצט מיין לעבן צווישן פּאַרטיזאַנער, אַזוי זיינען אָנגעגאַנגען אונדזערע לויערנדע איבערפאַלן.

ווען איך בין צוגעשטאַנען צו דער קוטוזאָוו־בריגאַדע איז עס שוין געווען

נאָך דער ערשטער גרויסער דייטשער בלאָקאַדע — נאָכן ערשטן ערנסטן פּרוּוו צו דערשטיקן און צום טויט פאַרהונגערן דער גאַנצער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג איבערהויפּט אויף ווייסרוסישע און אוקראַינישע פראָנטן. די אויבנדערמאָנטע בלאָקאַדע קעגן די פּאַרטיזאַנער האָט געדויערט העכער אַ חודש פון האַלב מאי ביז 20־סטן יוני 1943 און פאַרענדיקט זיך מיט אַ גרויסער מפּלה און נידערלאַגע פונעם דייטש. איך האָב דאָך געגוג געוואַנדערט ביז איך בין אַנגעקומען געוואָרן אין מיין פּאַרטיזאַנער־אייגהייט.

אַזוי האָב איך אָנטייל גענומען אין צענדליקער לויער־איבערפאַלן, אַנגעגריפן אויף דייטשע פּאָסטנס, אויף דעפּאָ־וואַרשטאַטן, אויף דערפער און שטעטלעך. אַזוי זיינען געמאַכט געוואָרן איבערפאַלן אַ פּאָר מאָל אויף דייטשע קאָנוואָיען אויפן וועג איליע—קראַסנע. יולי 1943 איז געווען אַן איבערפאַל אויף אַ גרויסן דייטשן קאָנוואָי, וואָס האָט אויף דעם וועג געפירט פּראָוויאַנט, אַמוניציע און אַנדערע מיליטערישע צושטעלונגען פאַר זייערע אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען צעשפּרייט געווען לענגאויס דעם אַלטן פּויליש־סאָוויעטישן גרענעץ. (דייטשן האָבן זיך געגרייט אויף זייערער שטאַרקער קעגן־אָפענסיווע, אויף די פראָנטן פון ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע). פאַרבינדלער האָבן אונדז געבראַכט ידיעות וועגן גרויסן קאָנוואָי אויפן וועג, וואָס פירט ספּירט־בראָנפן און אַמוניציע, ווי אויך שפּייז און אַנדערע פּראָדוקטן. מיר זיינען פאַרשטענדלעך אַרויס גלייך און אונטער געמינעוועט דעם שאָסיי אויפן פלאַץ ווו די באַנליניעס שניידן אים איבער. דער קאָנוואָי איז באַפאַלן געוואָרן תיכף ביי דעם מינען־אויפרייס און אויך נאָכדעם. עס איז אַנטשטאַנען צווישן זיי אַ טומל און דעזאָריענטאַציע; דייטשן האָבן געהאַט פיל פאַרלוסטן (זיי זיינען זיך צעלאָפן צייטווייליק) און מיר האָבן דערווייל גענאָסן פון אַמוניציע און שפּייז־מיטלען.

אַזוי זיינען געווען אויך אָנפאַלן לויער און אויסשפּיר־אַקציעס קעגן דייטשן אין אונדזערע אומגעגנטן, ד. ה. אויף פלעשצעניצער געביטן — צווישן בעהאָמיל און מיין היימשטעטעלע פלעשצעניץ און אויף פלעשצעניץ אַליין אויך, אויף פּאָלאָצקער געגנט — ווו עס איז די עיקר־טעטיקייט און באַזע פון אונדזערע בריגאַדעס און אויך פון דער בריגאַדע (מיינער) אויפן נאָמען פון קוטוזאָוו. אַרום מיטן סעפּטעמבער 1943 האָבן מיר געמאַכט אַן איבערפאַל אויף פלעשצעניץ; מיר זיינען געווען אין שטעטל — אַ 6 צי 7 שעה; מיר האָבן צוגענומען געווער און אַמוניציע, שפּייז און אַנדערע מיליטער־אויסשטאַטונגען, ווי אויך טייערע מעדיקאַמענטן, באַנדאַזשן א. אַז. וו. אַ ביסעלע שפּעטער האָב איך מיר דערוווּסט אַז עס איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל פון אָנגרייפן פלעשצעניץ. אַ פינף אָדער זעקס וואָכן פריער — אָנהויב אויגוסט 1943 איז פלעשצעניץ אָנגעגריפן געוואָרן דורך צוויי אַנדערע פּאַרטיזאַנער־פאָרמאַציעס —

דורך דער „שטורעם"־בריגאַדע „שטורמאַוואַיאַ" און „נאַציאָנאַלן נקמה־רעגימענט" („פּאָלק נאַראָדניי מסטיטיעל"). אויך דאָן האָט עס פיל געקאָסט דעם שונא. אזוינע פּארטיזאנישע טעטיקייטן זיינען געוועזן פיל, סיי פון אונדזער בריגאדע, סיי פון אַנדערע. נאָך אַזוי פיל צייט איז שווער צו געדענקען און פונאנדער קלייבן זיך, וועלכע דעסאנטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון אונדזער בריגאַדע און וועלכע פון אַנדערע. אין די אומגעגנטן ווו איך בין געוועזן זיינען דאָד טעטיק געוועזן פיל אַזוינע בריגאַדעס.

ווי אַזוי זאָל איך ניט דערמאָנען און דערציילן אויך וועגן מיינע יידישע געוועזע־ברידער און חברים אין קאַמף פון אונדזער „זוואַד" און אין דער בריגאַדע אונדזערער בכלל? עס איז מיין חוב זיי צו דערמאָנען — כאָטש איך געדענק זיי ניט אַלעמען און אַ סך פון זיי האָב איך שוין פאַרגעסן ווי זיי זעען אויס און זייערע נעמען אויך. כ'וועל אויף די שפּאַלטן פון אונדזער „נר־תמיד" אַרויפברענגען בלויז נעמען וועלכע איך געדענק נאָך גוט. — אַ חוץ דעם אויבנדערמאָנטן זעליג טיליס איז מיין חוב צו דערמאָנען יעקב אקמאַן פון דאַלהינעוו — אַ שוואָגער פון אונדזער לייזער שוד; די צוויי שוועגערינס, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אָפּפערוויליקייט און דראַנג פון נקמה — רבקה מלמד פון דאַלהינעוו און חיה־אסתר מלמד פון דאקשיץ. בתיה פרידמאַן פון דאקשיץ ווי אויך אסתר דאשיצקי פון דאלהינעוו און אויך די שוועסטער און ברודער — רחל און משה פרידמאַן פון זשאבקע און נאָך אַנדערע לעבנדע און געפאַלענע, וועלכע כ'געדענק ניט מער — זאָלן מיר אַלע מוחל זיין פאַר מיין ניט דויערהאַפטן און קורצן זכרון. מיט אַלעמען האָבן מיר צוזאַמען דורכגעמאַכט אַ גאַר לאַנגן וועג און פיל שווערע טעג; אַ סך מאָל געלאָפן איבער וועלדער און פעלדער, געיאָגט פון בלוט־דורשטיקע רוצחים. צוזאַמען געבלוטיקט און געהונגערט ווי אויך געטראָגן זיך מיט בענקשאַפטן נאָך חרוב־געוואָרענע היימען און פאַרלאָרענע אומגעקומענע נאָענטסטע. זאָלן מיינע דאָזיקע ווערטער דינען אויף שפּאַלטן פון „נר־תמיד" — פאַר געפאַלענע אין קאַמף אָדער טויטע שוין אויפן נאַטירלעך מענטשלעכן וועג אַלס יזכור־ווערטער און פרישע פעלד־בלימעלעך. פאַר לעבנדע, אַ חברים־גרוס און אַ ברכה פאַרזעצן דאָס לעבן. — להכעיס אַלע שונאים!

אָט אַזוי בין איך געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן, אַן אַקטיווער קעמפער קעגן שונא — גלייך באַרעכטיקט מיט אַלע פּאַרטיזאַנער. (טעאָרעטיש בלויז. פּראַקטיש איז עס געוועזן גאַנץ אַנדערש). איך האָב זוכה געווען צו האָבן אַ קליין באַפרידיקונג פונעם דראַנג אויף נקמה איבערן שונא. דאָך האָב איך צייטנווייז גוט געשפּירט דער אויסגעזונדערטער צביעותדיקער באַציאונג צו מיר און מיינע יידישע חברים. ד. ה. גלייך באַרעכטיקט צו בלוטיקן... גיין אויף דעסאַנטן, לויער־נעצן

און אַנדערע אָפּעראַטיווע פּאַרטיזאַנער־טעטיקייטן; אין הצלחות און געלונגענע אויפגאַבן ניט שולדיק („יידן אַנטלויפן דאָך תמיד״...) אין ניט געלונגענע אונ־טערנעמונגען — שולדיק! ווייל „יידן ווילן זיך בלויז באַהאַלטן... ניט קעמפן״...

אַזוי האָבן אונדזערע קריסטלעכע פּאַרטיזאַנער חברים אין קאַמף און געווער־ברידער, באַצויגן זיך צו אונדז. אמת ניט אַלע; עס זיינען געווען צווישן זיי אויך אַ סך זייער אויפריכטיקע מענטשן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען אונדזער באַ־זונדערער לאַגע און אייגנאַרטיקע באַדינגונגען. דאָך האָט זיך אין אַלגעמיין געשפּירט אַן אומצוטרוי קעגן אונדז און אַ פיינטלעכע גלייכגילטיקייט, וואָס איז טיילמאָל שוואַכער געווען, טיילמאָל מער פילבאַר און עס האָט ניט אויפגע־הערט. עס איז אַפילו ניט פאַרבונדן געווען מיט אָפּעראַטיווער קאַמף־טעטי־קייט. איך האָב עס געשפּירט אויך נאָך דער „פּאַרטיזאַנקע״ — ווי איך וועל עס נאָך דערציילן ווייטער.

די צייט איז געלאָפן; טעג, וואָכן און חדשים — באַלד איז שוין אַ יאָר פאַרביי, אַז איך בין אַ פּאַרטיזאַן געוואָרן. עס איז שוין אַ שטענדיקע כמעט רוטין; מען גייט אויף דעסאַנטן. מען רייסט אויף מיליטערישע צוגן, מען שפּרייט אויס לויער־נעצן, איבערפאַל־טעטיקייטן.

צוריקקערנדיק אַמאָל פאַרטאָג פון אַזאַ מין „אונטערנעמונג״ (עס איז גע־ווען אַ טאָג פון אָנהויב מאַי 1944) איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן מיר און איניקע שיכורע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל זיי אַוועקגעבן מיין פערד. פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב געענטפערט „לא״ מיט גאָר אַ גרויסן „אלף״. זיי האָבן זיך איינגעעקשנט און ניט אַנדערש — איך זאָל אַראָפּ פונעם פערד און זיי אים אָפּגעבן. ווען ניט, וועלן זיי באַנוצן זייער כוח און געווער און איך וועל אויך געשעדיקט ווערן. כ׳האָב געוווּסט, אַז זיי מיינען דאָס ערנסט... זיכער וואָלטן זיי באַגאַנגען זיך אַזוי מיט מיר. אָבער ניט דאָסמאָל... איצט בין איך ניט געווען דער איינזאַמער וואַנדערער, וואָס קלאַפּט אין יעדער טיר און בעט, מען זאָל אים אַריינלאָזן, אַ שטיקל ברויט געבן צי עפּעס צו עסן... איך בין ניט צעבראָכן געווען ווי דאַן מיט די שטיוול... איצט איז פאַר זיי געשטאַנען גאָר אַן אַנדערער דוד — טאַקע איך דער זעלבער דוד קאַזשדאַן אָבער אַ קעמפערישער פּאַרטיזאַן און אַ שטאָלצער ייד. איך האָב גע־האַלטן גרייט מיין „אויטאָמאַט״ און זיי געזאָגט: „פּרובירט אייער כוח, לאָמיר זען; דעם פערד וועל איך ניט געבן... וועט עמעצער פון אייך וואַגן מיר אָנ־צורירן וועט ער חרטה האָבן אויף דעם ביז גאָר. אַנו!״ — זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון אויף מיר מיט „ברכות״ זאַפטיקע און לאַנגע — אַזש ביזן „פּעטראָ־גראַדסקן אַנשטאַלט״... זיי האָבן זיך אויף מיר פאַרמאַסטן. כ׳האָב ניט געוואַרט, איינעם צעשלאָגן, אַ צווייטן — ביים דריטן אַוועק געכאַפּט דעם ביקס און

גאַלאָפּ אויף שנעל אין שטאַב. כ׳האָב דערציילט וועגן דעם די חברים און אויך דעם שטאַב־קאָמאַנדיר. אַז זיי האָבן מיר אָנגעקלאָגט האָבן שוין אַלע געוווּסט, וואָס איז באמת געשען. מען האָט עס גוט „פאַריבן״; אָרגאַניזירט אַ „גוט־מאַ־כונג לאָמיר זיך איבערבעטן און בוד זדראָוו...״[10] ווייפּילי אי זאקוסילי מאנו־פאַקטורו און חי געלעבט״... פון דאַנען און ווייטער האָט שוין קיינער ניט געוואַגט מיר צו פארטשעפּען. געוווּסט האָט מען, אַז איך בלייב ניט שולדיק...

— ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען אין צייטן פון מיין פּאַרטיזאַנ־שצינע צו טרעפן זיך מיט מער אומגליקלעכערע ווי איך, איבערהויפּט עלנטע פרויען — אַליין וואַנדערנדיקע איבער וועגן, אויף פעלדער און אין וועלדער באָרוועס און כמעט נאַקעט, אָנגעטון אין אַ זאַק — טיילמאָל אויך מיט קליינע פּיצלעך קינדער אויפן האַנט. דאָס מינדעסטע הילף, וואָס איך האָב אין אַזוינע פאַלן געקענט געבן, האָט געקענט דערהאַלטן ביים לעבן; דערוואַרעמען אַ שוין אינגאַנצן אויסגעלאָשענעם האָפענונג־פונק, אָנצינדן א נייעם גלויבן, אַז מען וועט אַלעס אַריבער... אַז עס לעבן נאָך גוטע מענטשן און עס איז כדאי צו שטרייטן און ראַנגלען זיך פאַרן לעבן. איין פאַל אַזוינעם וועל איך אַריינפלעכטן אין מיינע דערציילונג־בלעטער — אויף שפּאַלטן פונעם „יזכור־בוך״ אונדזערן.

ס׳איז געווען בערך אין מיטן מערץ 1944; מיין זוואָד איז געווען יענער צייט ביים דאָרף „קליין־ניעסטאַנאָוויטש״ (מאַלייע ניעסטאַנאָוויטשי), איך בין געווען אין דאָרף אויף אַ „ווירטשאַפטלעכער אויפגאַבע״ — ברענגען פון אונ־דזערע באַפריינדעטע פּויערים, שפּייז־מיטלען וועלכע זיי האָבן פאַר אונדז אָנ־געגרייט. דאָרט אין דאָרף האָב איך מיר צופעליק דערוווּסט, אַז ניט ווייט אין אַ צווייטן דאָרף — „גרויס ניעסטאָנאָוויטש״ (וויעליקיע ניעסטאנאָוויטשי) אין דער שטוב פון געראַסימאָוויטש זיצט אַן איינזאַמע און עלנטע פרוי, אַ יידישע מיט אַ קליין קינד. פאַרשטענדלעך האָב איך געוואָלט איר זען; זיכער ברויך זי וואָס ניט איז, אַ וואַרעם וואָרט בלויז קען אויך העלפן אַפילו... דאַרפן האָב איך נאָכדעם באַדאַרפט דערליידיקן געוויסע זאַכן אין שטאַב פון בריגאַדע, וואָס איז געווען מיט אַ צוויי דערפער ווייטער. אויפן וועג צום בריגאַדע־שטאַב בין איך אַדורך גרויס־ניעסטאנאָוויטש און אַריין צו געראַסימאָוויטשן — ווו די פרוי מיטן קינד האָבן זיך געפונען. מיר האָבן זיך פונאנדער גערעדט; די פרוי האָט אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ, זיך אַראָפּגערעדט פון שווערן געמיט ווי אויך אַ פאַרלייכטערונג־טרער געלאָזט... זי האָט וועגן זיך דערציילט, וועגן משפחה און וואַנדער־וועג. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז זי איז אַן אילייער — די

[10] אַ פאַרגיטיקונג און אַ קעגנזייטיקע מחילה. „זיי געזונט״ בכלל און אויפן פאַרטי־זאנער־לשון ביים אויסטרינקען בפרט — „אויסגעטרונקען און פארביסן מאנופאקטור״ — אויסגעטרונקען און ס׳מויל אָפּגעווישט מיטן ארבל...

פרוי פון יונה ריער, וואָס איז צו יענער צייט געווען אין „מסטיטעל" און וועלכן איך האָב איינמאָל אָדער צוויי מאָל געזען אין שטעטל — אַרבעטנדיק דאָרט מיט איסער ריער דעם שמיד ווי אויבנדערציילט. און נאָכדעם אויך אין וואַר־שטאָטן־לאַגער אין ווילייקע. איך האָב צוגעזאָגט דער פרוי בת־שבע, אַז איך וועל נאָך קומען צו איר ווי אויך טון עפּעס צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן. גלייך נאָכדעם בין איך אַוועק אין שטאַב. כ׳האָב דערציילט מיין חבר זעליק טיליסן וועגן בת־שבע — אַן איינזאַמער פרוי, וואָס באַדאַרף אַ וואָסער ניט איז הילף. ער האָט ניט געטראַכט קיין סך און צו מיר געזאָגט: — „איז וואָס האָסטו צו מאַכן לאַנגע שהיות? נעם וואָס מיר האָבן, וואָס דו קענסט און ברענג אַהין צו איר! אָפּראַטעווען אַ נפש בעת צרה איז דאָך ווי מקיים זיין אַ וועלט אַ גאַנצער"... כ׳האָב אָנגעלייגט אַ זאַק פול מיט בגדים און עטוואָס שפּייז און געבראַכט צו בת־שבע.

כ׳ווייס ניט, אויב זי האָט עס געדענקט נאָך אַזוי פיל צייט. כ׳בין ניט זי־כער צי האָט זי אויך וועגן אונדזערע באַגעגענישן געשריבן אין איליער יזכור־בוך. כ׳ווייס, אַז איך בין ניט דער איינציקער יידישער פּאַרטיזאַן, וואָס האָט געהאָלפן אַנדערע... אפשר איז אָט דער פאַל אַנטוויכן פון איר זכרון דעמאָלט? — זי האָט עס אָבער יאָ געדענקט אויף אַן אַנדערער ווייזע: (אין איליער בוך איז טאַקע דער פּרט ניטאָ אין איר דערציילונג) אַ דאַנק אונדזער רעדאַקטאָר פון „נר־תמיד" האָט זיך די ריער־משפחה מיט אונדז פאַרבונדן — ווען מיר האָבן געוויילט אין ישראל און זיי האָבן אונדז באַזוכט אין בת־ים. ביי אַ גלעזל „בראַנדי" האָט זי אין פריילעכקייט דערציילט וועגן דעם און דערמאָנט האָבן מיר צוזאַמען יענע שווערע טעג.

איך בין געווען נאָכדעם נאָך אַ פּאָר מאָל ביי דער פרוי בת־שבע — אַזוי ביז דער בלאָקאַדע וועגן וועלכער עס ווערט אין ווייטערן קאַפּיטל דערציילט. זיצנדיק איינמאָל אומגעפער סוף אַפּריל 1944, האָב איך געהערט פון גראַסימאַ־וויטשן אַז לעבן קראַמניץ זיצט אַ גרופּע יידן — אַ פּאָר משפחות, עטלעכע עלטערע יידן, פרויען און קינדער. לויט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש און שטאַב־באַפעל האָב איך אָנגעלייגט אַ וואָגן מיט מעל, פלייש, ווי אויך אַנדערע שפּייז־מיטלען און אַוועקגעפירט זיי. צוליב פאַרשיידענע סיבות האָבן זיי ניט געקענט און ניט געוואָלט פאַלן צו לאַסט אויף דער פּאַרטיזאַנער־בריגאַדע — מיטן אָנ־שליסן זיך זייערן. צוליב משפחות, וואָס זיינען מיט זיי געווען, צוליבן העכערן עלטער און צוליב געווער־מאַנגל בעיקר האָבן זיי געוואָלט לעבן אין וואַלד אָפּגעזונדערט — אונטער דער שוץ פון פּאַרטיזאַנער. אַזוי איז עס אויך געווען: ניט פיל זיינען פון זיי געבליבן. אַ סך זיינען אומגעקומען אין דער בלאָקאַדע, בלויז אַ קליינער טייל פון זיי איז געבליבן לעבן.

**לעצטע דייטשע בלאָקאַדע**

די סאָוויעטישע אָפּענסיווע, וואָס האָט אָנגעפאַנגען סוף זומער 1943 האָט אויך אָנגעהאַלטן האַרבסט־חדשים און ווינטער־מאָנאַטן. אַרום צענטן נאָוועמבער 1943, ווי איך געדענק, איז באַפרייט געוואָרן קיעוו און אָנגעהויבן האָט זיך דער מאַרשירנדער אָנגריף אומעטום. אויף אַלע פראָנטן האָבן אַוואַנסירט די רויטע ארמייען. יאַנואַר 1944 איז ליקווידירט געוואָרן די דייטשע בלאָקאַדע און באַלאַגערונג פון לענינגראַד. פון אַלע פראָנטן האָבן דייטשן געמוזט צוריק לויפן; זיי האָבן געמיינט און עגוואָלט האָפן, אַז אַ גרויסע און שטאַרקע קעגנאָפּענסיווע קען זיי נאָך ראַטעווען און צוריק אַרויפזעצן „אויפן פערד״... זיי האָבן ניט געגלויבט, ניט געוואָלט גלויבן, אַז אָט לויערט שוין אויף זיי דער סוף... געגלויבט האָבן זיי שטיין בלייבן און צעמענטירן זיך ווי אויך באַפּעסטיקן, לענגאויס די אַלט סאָוויעטיש־פּוילישע גרענעצן — צווישן די טייכן ווילִיע און ניעמאַן מיט זייערע אַלע צופלוסן פון רעכטע און לינקע ברעגן. די שטחים אָבער זיינען דאָך געווען אויף דורך און דורך כמעט פּאַרטיזאַנער־זאָנעס. איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן ביי זיי פּטור צו ווערן פון פּאַרטיזאַנער־כוחות און מיטהעלפער זייערע (פון דער באַפעלקערונג), איינמאָל פאַר אַלע מאָל און אויף שטענדיק! אויסוואָרצלען זיי און „אויסקאַראַניען״... זיי האָבן צו דעם ציל אָפּגעצויגן פון אַלע ערשטע פראָנט־ליניעס גרויסע און שטאַרקע רעגולערע פּאַנצער־כוחות, אַרטילעריע און ביי 120.000 קעמפערישע מענטשן־כוחות. אָט דער קאָלאָסאַל־גרויסער כוח האָט זיך אַ לאָז געטון אויפן כוח פון פּאַרטיזאַנער און זייערע בריגאַדעס, וועלכע האָבן אַלע צוזאַמען אפשר ניט געציילט ווייניקער פונעם דייטשן כוח, אָבער שוואַך און שלעכט באַוואָפנט, אָרעם אין אויסשטאַטונג — דערווייטערט און אָפּגעריסן פון באַשפּייזונגס־צענטערן.

האַלב מאי — צווישן פופצנטן און צוואַנציקסטן מאי 1944 — האָבן דייטשן אָנגעהויבן זייער אויסראָטונגס־אָנגריף. מיט זייער גאַנצער געפּאַנצערטער און שטאָלענער מלחמה־מאַשין און אַן אומבאַגרענעצטן רעזערוואַר פון מענטשן־כוחות, זיינען זיי אַריין אין וועלדער און בלאָקירט יעדן וועג און שטעגעלע, כדי פּאַרטיזאַנער זאָלן ניט קענען קומען אין קאָנטאַקט מיט דערפער אַרום און ניט אומשטאַנד זיין דורכזייען זיך דורך זייערע בלאָקירנדע כוחות. לויטן באַפעל און פּלאַנירונג פונעם פּאַרטיזאַנער־גענעראַל־שטאַב אויפן ווייסרוסישן פראָנט, האָט אונדזער בריגאַדע א. נ. פון קוטוזאָוו געדאַרפט איינהאַלטן אויף וויפל מעגלעך די דייטשן, זיי זאָלן ניט אַדורך דער ווילִיע און גיין ווייטער. אונדזערע בריגאַדע־גרופּן האָבן פאַרכאַפּט פּאָסטנס און איינגעגראָבן זיך, לענגאויס אַ טייל פון ווילִיע־ברעגן און אומגעגנטן צווישן וועלדער פון ליעסניקי, ראַגאָזינע און סושקאָווע. דייטשע ליניעס זיינען געווען לעבן דאָרף סטאַכי — אויפן וועג

צווישן דאַלהינעוו און פלעשצעניצער געביט. מיר זיינען געשטאַנען פּונקט אַנט־קעגן סטאכי אויף דער אַנדערער זייט ווילִיע. ווייטער פאָרגעזעצט אונדזערע פּאַרטיידיקונגס־ליניעס האָבן בריגאַדעס אויפן נאָמען פון זשעלעזניאַק און פּרונזע. גאַנצע 12 טעג האָבן מיר איינגעהאַלטן דעם שונא און ניט געלאָזן ווייטער. אונדזער בריגאַדע איז געבליבן די לעצטע אויפן אָרט — ווען אויך אַלע אַנדערע בריגאַדעס אויף דער רעכטער און לינקער זייט האָבן שוין אָפּגעטראָטן און צוריקגעצויגן. די דייטשן האָבן אַלץ מערער פאַרשארפט זייער אָנגריף אויף אונדזער בריגאַדע; פאַר יעדן פרייז האָבן זיי געוואָלט אַדורכרייסן. ווי אויבנדערמאָנט זיינען זיי געווען בעסער באַוואָפנט און אויסגעשטאַט ווי אונדזער בריגאַדע און אַלע אַנדערע פּאַרטיזאַנער־בריגאַדעס. זיי זיינען אויך געווען זאַט. מיר האָבן שוין אָנגעהויבן צו הונגערן — נאָך פאַר אונדזער גרויסן צוריקצוג. זיי האָבן אָנגעגריפן מיט לייכטע טאַנקן, קאַנאָנען, שווער מאַשין־געווער און שראַפּנעלן־וואַרפער („מאָרטערס"). אַזוי נאָענט זיינען זיי שוין געווען, אַז באַלד האָט אָנגעפאַנגען אַ האַנט־געשלעג און אַ פּנים אל פּנים־שלאַכט... אמת, געווען זיינען ביי אונדז העלדיש־געפאַלענע אָבער פון דייטשן אַ סך מער... ווי גוט האָב איך דאַן געדענקט דעם פּסוק פון תהילים (צ"א, ז) „יפּול מצדך אלף ורבבה מימינך"... און אפשר ליגט אין דעם אויך דער סוד פון מיין בלייבן גאַנץ? ווער ווייס ווער קען עס וויסן?

דער דרוק אויף אונדז איז אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן. מיר זיינען געצוווּנגען געווען צוריקציען זיך ביז זומפּיקע פאַליק־וועלדער. גרויסע ברייטע שטרעקעס באַוואַקסענע מיט געדיכטע וועלדער אויף טיף־זומפּיקע באָדנס, וואָס ציען זיך פיל קילאָמעטער לאַנג און ברייט. פלעצער זיינען געווען דאָרט, וועלכע האָבן ביז אַהער, ניט געפילט קיין שום טריט פון אַ מענטשלעכן פוס... אַ שטח, וועלכער ציט זיך צווישן באַריסאָוו און כאלופּעניטש, ציט זיך צו באגאמיל (בעהאמיל) און דערגייט כמעט ביז פּאָלאָצק. אַהין — אין אַ גאָר שמאָלן רינג זיינען געשטויסן געוואָרן אַלע פּאַרטיזאַנער־כוחות. דייטשן זיינען אויך טיף אַריינגעדרונגען אין פאליק־וועלדער — ביז זיי האָבן שוין מער ניט געקענט ווייטער... דאַקעגן האָבן דייטשע פליער באַרעגנט אונדז טאָג און נאַכט מיט אויפרייס־באָמבעס, צינד־באָמבעס, ווי אויך מאַשין־געווער קוילן. דייטשע אַרטילעריסטן האָבן טאָג און נאַכט באַשאָטן אונדז מיט שראַפּנעלן און סנאַריאַדן. אַ רעגן פון פייער און שטאָל פון אויבן — אַ רעגן פון קוילן אונטן און מיר שטעקן אַלץ אין וואַסער, אין טיפע זומפּן... אויף פלעצער — ווו דו ביסט קיינמאָל ניט זיכער געווען מיט אַריינשטעקן אַ פוס און נאָך קענען אַרויס... אַלץ מער און נאָך מערער זינקסט, און עס איז דיין סוף... אַפילו אַ פיצל געביין פון דיר בלייבט ניט מער... אַזוי זיינען העכער 100.000 פּאַרטיזאַנער מיט משפּחות

פון ציווילער באַפעלקערונג מיט עלטערע לייט, פרויען און קינדער (הונדערט פאַרטיזאַנער־בריגאַדעס!) געשטויסן און געדריקט געוואָרן אַלץ טיפער און ווייטער אין זומפּן הונגעריק און פאַרמאַטערט — אָן קיין שום אויסזיכטן צו קריגן עסן און אָן אַן אויסוועג — טויט אָדער קאַפּיטולאַציע! קיין דריטע ברירה איז ניט געווען...

העכער 14 טעג און נעכט זיינען אריבער און מיר האָבן נאָך אַלץ געטונקט ביזן האַלדז אין זומפּן און וואַסער... פּלוצלונג איז אַ באַפעל אַדורך: אַדורכרייסן דעם קלעם פון שטאָל און פּאַנצער! גיין, בלויז גיין! — אַן אויסגעהונגערטע מענטשן־מאַסע איבער 100.000 נפשות האָט זיך אַ וואָרף געטון פאָרווערטס אויף די רוצחישע שונאים — מיטן שוואַכן וואָפן און ביסל געווער, מיטן ביסל אויסגייענדער אמוניציע — באַוווסטזיניק אָן קיין שום אילוזיעס קעגן קאַנאָנען און טאַנקן, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו שפּייען פייער און טויט — די מאַסע האָט זיך ניט פאַרהאַלטן און געלאָפן פאָרויס; מענטשן זיינען געפאַלן ווי געשניטענע היי און מען איז אַלץ געגאַנגען נאָענטער און נאָענטער צום שונא... טראָץ דעם שטאַרקן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד פון דייטשן איז מען אַלץ געלאָפן; אַ סך זיינען געלאָפן פארוואונדעטע און געשאָסן, אויב זיי האָבן נאָך געהאַט אַמוניציע. איך אַליין בין געלאָפן מיט מיין דורכגעשאָסענער רעכטער פוס ווייטער מיט דער הוילער וווּנד און רינענדן בלוט — דורך וואַסער און בלאָטעס. אַזוי האָט סוף כל סוף אַ טייל פון אויסגעהונגערטער מאַסע דורכגעבראָכן זיך אַ וועג אַרויס — וואָס איז ווידער באַלד נאָך ענגער און שטאַרקער געשלאָסן געוואָרן. דייטשן האָבן געעפנט אַ קעגן־אָנגריף צו שטויסן צוריק. פליער האָבן באָמבאַרדירט אָן אויפהער... מיר זיינען שוין געלאָפן העכער 15 קילאָמעטער; עס איז שוין קיין כוח געווען צו לויפן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אַ פרוי האָט מיר באַנדאַזשירט מיין פוס, מיר זיינען נאָך ניט געווען פריי אינגאַנצן, די קלעם קייטן נאָך ניט צעריסן.

מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט; אויף אַ העכערער וואַלד־פּאָליאַנע זיינען מיר שטיין געבליבן. עטוואָס ווייטער — וואַלד־ביימער געדיכטע אַרום און אַרום. דער באָדן שטייפער און טריקענער — גוט אָפּצורוען און פאַרשטעקן זיך צווישן ביימער ווי אין א גאָר געדיכט פארסכאכטער סוכה, ניט מער צו זען פון דרויסן. מען איז נאָך צו אונדז געלאָפן, וואָס מערער מענטשן זיינען צוגעקומען אָבער מיר אַלע ווי אין אַ געשלאָסענעם קרייז. ניט אַהין און ניט אַהער... אַרום און אַרום ווידער אַ קייטן־קלעם פון פייער און אויפרייסנדע שראַפּנעלן־באָמבעס. ניט געלונגען איז אונדז — אַ גרעסערן טייל פון בלאָקירטע אַדורכרייסן און אַדורכברעכן אַ וועג. ווידער איז אַ טאָג אַדורך, אַ נאַכט און נאָך אַ מעת לעת. דער בלייענער רעגן פון באָמבעס און פייער־מבול און קאַנאָנאַדע האָבן ניט אויפגע־

הערט... אויפֿן דריטן פֿאַרטאָג איז פּלוצלונג שטיל געוואָרן, רואיק, אַזוי אומדערוואַרט, אַ טויט־שטילקייט נאָך אַזוי פֿיל קאַנאָנאַדעס און וואַקכאַנאַליעס פֿון אַלע שיס־כּלים... יאָ, עס איז כּמעט ניט צו גלויבן!... די דייטשע אָפֿענסיווע מיט דער שאַרפֿער בלאָקאַדע האָבן אויסגעהויכט זייער אָטעם... אַזוי נאָענט געווען צום איבערוויכט און נצחון אויף די פֿאַרשמאַכטע פּאַרטיזאַנער־בריגאַדעס און דאָך האָבן זיי זיך צוריק געצויגן. הערצער האָבן געיובלט פֿון פֿרייד: מיר זייַנען פֿריי! אויגן האָבן געקוקט אויפֿן פּאַליק־טאָל, וואָס איז פּלוצים אַזוי שטיל געוואָרן. אומגלויבלעך געפֿינטלט און באַקוקט האָבן זיי די איבערגעלאָזטע „גולמס” פֿון געשעדיקטע אויטאָ־וואָגן און פֿאַרזונקענע טאַנקן און פּאַנצער־וואָגן, וואָס האָבן ניט לאַנג נאָך, אַזוי פֿיל פֿייער און טויט געשפּייט. איצטער האָבן זיי אויסגעזען ווי טויטע אומבאַוועגלעכע גרוילהאַפֿטע „מאָנסטערס”, וואָס קענען שוין מער ניט שאָדן קיינעם...

די גייענדע מאַסע האָט זיך אַ לאָז געטון ווייטער; מען איז דאָך הונגעריק געווען; געזוכט האָט מען עפּעס צום עסן — מיר האָבן נאָך אַלץ ניט געוווּסט די סיבות, פֿאַרוואָס האָבן די דייטשן אַזוי שנעל זיך צוריק געצויגן? מיר זייַנען דאָך געווען אָפּגעריסן פֿון אַלעס אין דער וועלט... דער טאָג איז געווען 24־סטער יוני 1944 צי 25־סטער אָדער נאָך אַ טאָג. (נאָך העכער דרייַ צענדליק יאָר דאַרף מען מיר מוחל זייַן פֿאַר דער גרויסער שוואַכקייט מייַנער אין דאַטעס און כראָנאָלאָגיע. און וואָס איז שוין וויכטיק?) דער עיקר איז, אַז אויך דאָס האָבן מיר נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט: 23־סטן יוני 1944 האָבן אָנגעפֿאַנגען די סאָוויעטישע גענעראַל־אָפֿענסיוועס אויף די פֿראָנטן פֿון מערב ווייסרוסלאַנד (מינסק — ניעגאָריעלאיע — סטאָלבצע — באַראַנאָוויטש). מזרח־ביעלאָרוסיע (אָשץ — וויטעבסק — פּאָלאָצק — קאַראַלעווּשצינע — מאָלאָדעטשנע — ווילנע און מאָלאָדעטשנע־לידע), ווי אויך אויף דער גאַנצער לענג פֿון באַלטישן פֿראָנט. שנעל איז געווען דער גענעראַל־ אָנגריף. דייטשן האָבן אומעטום געמוזט צוריקציען זיך. דאָס איז אויך געווען די סיבה פֿונעם צוואַנג צו פֿאַרציכטן אויף זייער טייוולשע אינטענציעס און פּלאַנירונגען, דערטרינקען און פֿאַרהונגערן די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג (100.000 נפֿשות!) אין פּאַליקער זומפּן און בלאָטעס. אַזוי איז זייער בלאָקאַדע צעריסן געוואָרן און צעקראָכן. זיי האָבן געמוזט לויפֿן — איבערלאָזנדיק פֿיל הרוגים, פֿאַרווונדעטע, אָן אַ שיעור פּאַנצער־וואָגן און געווער מיט אַמוניציע. דאָס אַלעס האָבן מיר געוווּסט שפּעטער מיט עטלעכע שעה אָדער אַ טאָג נאָכן באַפֿרייען פֿון דער בלאָקאַדע.

מיר האָבן פאַרגעזעצט אונדזער וועג צוריק צו אַלטע פּויליש־סאָוויעטישע גרענעצן, צו וועלדער־ליניעס ראגאָזינע — חאדאקי — ליעסניקי — ווו געווען זיינען פריער אונדזערע עיקר־באַזעס און אָפּעראַטיווע טעטיקייט־ליניעס — פאַר דער בלאָקאַדע. מיר זיינען געקומען אין ליעסניקי, ווו די רעשטלעך פון אונדזער בריגאדע און נאָך דריי אנדערע האָבן זיך צייטווייליק אָפּגעשטעלט. אונדזערע באַזעס מיטן צענטראַל גרויסן פּאַרטיזאַנער־שפּיטאָל זיינען געווען פאַרברענט. פונעם דאָרף איז געבליבן נאָר קופּעס אַש און רויכנדע קוילן. די הונישע ציוויליזירטע באַרבאַרן האָבן זיך אָפּגערעכנט מיטן דאָרף, זיינע הייזער און איינוווינער, וועלכע זיינען ניט אַנטלאָפן פאַר דער בלאָקאַדע. איצטער איז געווען די צייט זיך אַרומצוקוקן, אָפּגעבן זיך אַ דין וחשבון — ווער איז נאָך מיט אונדז, ווער איז שוין ניט געבליבן און ניטאָ... אונדזער בריגאדע אויפן נאָמען פון קוטוזאָוו האָט פאַרלאָרן 75 פּראָצ. פון אירע מענטשן־כוחות, פאַרזוכנדיק דורכ־רייסן די קייטן פון בלאָקאַדע ניט ווייט פונעם דאָרף מאקאווקע. אויך די בריגאַ־דעס א. נ. פון זשעלעזניאַק און פרונזע האָבן געליטן פיל פאַרלוסטן, ווי אויך אַנדערע בריגאַדעס. פיל פון מיינע חברים יידן און ניט יידן, וועלכע איך האָב קענען געלערנט, פאַר דער צייט, וואָס איך בין געווען מיט זיי אין קאַמף, זיינען שוין ניט געווען. איז אַ חוב צו בלייבן שטיין אַ מינוט פאַר זייער כבוד, פאַר זייער מוט און דרייסטקייט. ערע זייער אָנדענקען! פאַר אַלע העלדיש־געפאַלענע פון אַלע בריגאַדעס, ווי אויך פאַר ניט קעמפנדע מענטשן־כוחות, פרויען און קינדער — וואָס זיינען ניט געבליבן מער — געפאַלענע פון באָמבעס און פייער פון שונא, צי פאַרהונגערטע און דערטרונקענע אין זומפּן... אַלעמען אָן אויסנאַם אַן ערנפולן אל מלא רחמים !...

— קיין סך צייט זיינען מיר שוין אין ליעסניקי ניט פאַרבליבן. קלאָר איז עס דאָך, אַז די מלחמה איז ניט געווען צו ענדע. מיר האָבן שוין אויך געדאַרפט אַוואַנ־סירן ווייטער — סאָוויעטן האָבן אָנגעווענדעט גרויסע אַרמייען־כוחות אויף באַראַ־נאָוויטש — אויף אַ ברייטן צוואַנג־קלעם אין דער ריכטונג פון ביאַליסטאָק—גראָדנע און וואַרשע, ווי אויך באַראַנאָוויטש—בריסק (ברעסט־ליטאָווסק אָדער ברעסט אויפן בוג). פאַרשיידענע פּאַרטיזאַנער־גרופּן און בריגאַדן האָבן געהאַט איצטער פיל צו טון: אויפרייסן בריקן (איבערן ניעמאַן, איבער דער שצארע, איבער דער דווינע מיט אַלע זייערע צופלוסן — כדי אָפּצוהאַקן אַלע וועגן פאַר אָפּטרעטנדע דייטשע כוחות; אויפשטעלן זיי, באַהיטן און איינהאַלטן — אַז סאָוויעטישע אַרמייען זאָלן גיין פאָרויס אָן אָפּהאַלט.

צוועלפטן יולי 1944 איז ווילנע שוין באַפרייט געוואָרן. צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי זיינען אַריין אין ווילנע אויך די יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן „ווילנע״ און

אַנדערע פון פּ. פּ. א. צוריקגעקומענע פון נאַראָטשער פושטשע.[11] מיט איינער פון זיי — אויך מיין פערזענלעכער פריינט, אונדזער קריוויטשער בן־עיר מענדל ראבינאָוויטש.[12] 15־טן יולי זיינען באַפרייט געוואָרן די שטעט באַראַנאָוויטש און סלאָנים און זייערע ראַיאָנען, ווי אויך פינסק און פינסקער סביבה. צוויי טעג שפּעטער בריסק א. א. צווישן אכטן און צענטן יולי 1944 האָבן אונדזערע בריגאַדעס אויף ליעסניקי—ראגאָזינער ליניעס באַקומען אַ באַפעל מאַכן דעסאַנטן און אויפרייסן באַן־ליניעס אויפן טייל וועג מינסק—ווילנע; פּאָלאָצק—ווילנע—מאָלאָדעטשנע און אלע אייזנבאַן־וועגן אין גלובאָקער געביטן וואָס פירן צו דער דווינע, צום אלטן לאַטווישן גרענעץ און באלטיקום. שפּעטער האָב איך שוין געוווּסט, אַז די באַפעלן זיינען געגעבן געוואָרן פאַר אַלע פּאַרטיזאַנער־בריגאַדעס. דאָס איז געווען די אַזוי גערופענע „באַנליניעס־שלאַכט” („רעלסאָוואַיאַ באָרבאַ”). פאַרשטייט זיך, אַז איך בין אויך געגאַנגען מיט אַ גרופּע אויף די אויפגאַבן, און מיר האָבן אויסגעפירט דעם באַפעל. עס האָט געדויערט אַ פּאָר וואָכן. צוריקקערנדיק פון די געגעבענע אויפגאַבעס האָבן מיר אין 27־סטן יולי 1944 זיך באַגעגנט שוין אין דאַלהינעוו מיט די רעגולערע רויטע־אַרמיי־טרופּן. באַלד איז אונדז געגעבן געוואָרן אַ צען טעג „רעסט” — ד. ה. 10 טעג צום אָפּרו. דערווייל האָט זיך אַייך ביסלעכווייז געהיילט מיין פאַרוווּנדעטע רעכטע פוס.

דאָס יידישע דאַלהינעוו איז חרוב געווען ווי אַ סך אַנדערע שטעטלעך דורך וועלכע געגאַנגען איז אונדזער בלוטיקער וועג. פון דאַלהינעווער יידן איז ניט געבליבן קיינער אַ חוץ צוריקגעקומענע פּאַרטיזאַנער פונעם שטעטל, וועלכע איך געדענק שוין ניט אַלעמען. איינציקע פון זיי, וואָס איך געדענק — איז יעקב סיגאַלטשיק, לייבל פּאַלאַנט, אברהם פרידמאַן[13] און אַ נאָך אַ פּאָר; אפשר איז געווען אויך איינע פון אויבנדערמאָנטע צוויי שוועגערינס רבקה מלמד מיט אסתר דאַשיצקי. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן חורבות פון חרוב געוואָרענע יידישע הייזער און הערצער אונדזערע האָבן געברויזט און געזאָטן; דער דראַנג נאָך נקמה ניט געשטילט.

אויפן צווייטן טאָג נאָך אונדזער אָנקומען אין דאַלהינעוו, בין איך געקומען אין ווילייקע און געהאָפט צו געפינען נאָך מיין פרוי בתיה מיט אונדזער יענקעלען, אָדער דערוויסן זיך ווייניקסטן וועגן זייער גורל. אויף דאָס ערגסטע בין איך ניט גרייט געווען; כ'האָב ניט געגלויבט, אַז מיין שיקזאַל וועט מיר

[11] פּ. פּ. א. — ר. ת. פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, זע אין בוך: מענדל ראבינאָוויטש: אונטער די פליגלען פון אָנקומענדיקן חורבן.

[12] זע דאָרט אין די זעלבע רעפלעקסן־טיילן.

[13] אברהם פרידמאַן לעבט היינט אין ישראל — אין רמת־גן. לייבע פּאַלאַנט איז געשטאָרבן אין ישראל מיט עטלעכע יאָר צוריק.

נאָך אויך דאָס ביטערסטע צוגעבן און דערלאַנגען... אין ווילייקע האָב איך גע־טראָפֿן באַקאַנטע קריסטן ווי אויך אַ פּאָר יידישע שניידער, וועלכע האָבן באַ־וויזן צו אַנטלויפֿן — און ראַטעווען זיך פֿונעם נאַצישן שונא און נאָך אַלעמען צוריקגעקומען אין שטעטל. אַלע האָבן מיר איבערגעגעבן דאָס זעלבע: מיין פֿרוי מיטן קינד האָבן ביזן לעצטן טאָג פֿון דייטשער אָקופּאַציע — ביזן טאָג פֿון זייער אָפּטרעטן פֿונעם שטעטל, געלעבט נאָך. דאָס זעלבע האָבן מיר דער־ציילט אויך צוויי יונגע מענטשן — די איינציקע, וואָס זיינען געבליבן פֿונעם וואַרשטאַטן־לאַגער אין ווילייקע — אַ שוועסטער און ברודער פֿון אַשמענע. (צום באַדויערן האָב איך שוין זייערע נעמען פֿאַרגעסן). דאָס מיידל האָט גע־אַרבעט ביי אַ דייטשן אָפֿיציר אין שטוב, דאָרט אין לאַגער; אויך איר ברודער האָט אויסגעאַרבעט לעדער פֿאַר די דייטשן. אינעם טאָג פֿון זייער אָפּטרעטן האָט דער דייטש געזאָגט צום מיידל, אַז זי דאַרף זיך אָפּטראָגן, ווייל זי האָט שוין ניט וואָס צו טון אין לאַגער. דאָס מיידל האָט געענטפֿערט, אַז אָן איר ברודער וועט זי ניט לויפֿן אין ערגעץ. דער דייטש איז אַוועק, אַראָפּגענומען דעם בחור פֿון דער אַרבעט און געבראַכט אים צו דער שוועסטער. דאַן האָט ער זיי צוגערעדט אַנטלויפֿן — אויב זיי ווילן לעבן בלייבן... ער האָט זיי גע־עפֿנט אַ טויער און זיי זיינען אַוועק און זיך באַהאַלטן. אַלע געבליבענע יידן אין וואַרשטאַטן־לאַגער — פֿרויען און קינדער איבערהויפּט — האָבן די נאַ־צישע רוצחים צוויי־דריי שעה שפּעטער אַרויסגעטריבן פֿון באַראַקן, אויפֿגע־זעצט אויף אַ לאַסט־מאַשין און אַוועקגעפֿירט צוויי קילאָמעטער אונטערן שטאָט... אַלעמען אַריינגעטריבן אין אַ פּרימיטיוו־דאָרפֿיש בעדל, פֿאַרשלאָסן, אַרומגעקלאַפּט מיט טשוועקעס טירן און פֿענצטער און אָנגעצונדן. זייערע קו־לות און הילף־געשרייען זיינען דערגאַנגען אין ווילייקע...

— ווי פֿאַרשטיינערט בין איך געבליבן אויפֿן אָרט. ניטאָ קיינער שוין ניטאָ! פֿון מיין גאַנצער פֿאַרצווייגטער משפּחה — ברידער און שוועסטער, פֿעטערס און מומעס, שוועסטער־קינדער און קוזינס — פֿון מיין פֿרויס משפּחה, פֿון שוויגער, שוואָגערס און שוועגערינס, בין איך איינער אַליין געבליבן... אַפֿילו אַן איינציקער בוים אין פֿעלד, אַ שטיין אויפֿן באָדן איז ניט פֿאַראיינזאַמט אַזוי, עלנט און פֿאַרוואָרלאָזט ווי איך! — קיין תּפֿילה, קיין קדיש; קיין קבֿר! אַפֿילו די אַש האָט שוין דער ווינט צעבלאָזן — אַ צייט לאַנג בין איך געשטאַנען. געוויינט האָט מיין האַרץ: אויגן זיינען געבליבן פֿאַרשלאָסן, אַפֿילו איין טרער ניט געלאָזן; ליפּן אַפֿילו קיין וואָרט אויסגעמורמלט. מיין גאַנצער גוף, מיין לייב און לעבן האָבן אָפּ־געזאָגט אַ קדיש... אָרעמע אומגליקלעכע און ליבינקע בתיה, הייס

געליבטער מיסגליקלעכער יענקעלע! — צו וואָס אַזוי פיל בלוטיקע וועגן? צו וועלכן צוועק דאָס אומאויפהערלעכע לויפן? בין איך דען לעבן געבליבן כדי אומצוקערן זיך און קומען צו קיינעם איך גאָרניט? פאַרוואָס בין איך אין איליע אַנטשלאָסן געוועזן צו בלייבן מיט זיי צוזאַמען, אַפילו אריבערלויפן אינעם זייט ווו זיי זיינען געשטאַנען און אין ווילייקער וואַרשטאַטן־לאַגער פעסט אַנטשלאָסן צו לויפן אַליין און זיי איבערלאָזן? איז עס מיין שולד? איז עס אַ גורל־קאַפריז צי אַ שפיל פון טיוול? ווי אַזוי זשע פאַרזעצן, ווי אַזוי נאָך לעבן אַז מיינע איינציקע, ליבסטע און טייערסטע זיינען שוין מער ניטאָ?

—אַ צייט לאַנג האָב איך מיר צוועקלאָז אַרומגעדרייט איבער ווילייקער גאַסן, אויפן שטח פון וואַרשטאַטן־לאַגער גאָרנדיק צו געפינען כאָטש אַ שאָטן, אַ שטיקל געדעכעניש פון מיינע טייערסטע — יענקעלעס אַ שיכעלע, בתיהס אַ טיכל — אָבער ניטאָ קיין שום זאַך... אַלעס מיט פייער אַוועק און צו אַש געוואָרן. אַזוי בין איך ווידער צוריק געקומען אין דאַלהינעווו צו מיין קעמפעריישער פאַרטיזאַנער־איינהייט, וויסנדיק אז איך בין שוין איינער אַליין געבליבן.

## פאַרטיזאַנער קעגן „פאַרטיזאַנער"

קומענדיק צוריק אין דאַלהינעוו איז אָנגעקומען אַ ידיעה אין דער פאַרטיזאַנער־גרופע, אַז אינעם דאָרף זשאַרי — אַ זיבן צי אַכט קילאָמעטער פון דאַלהינעוו — האַלטן זיך נאָך אויף דייטשן. די גרופע איז אַרויס גלייך אָפּהאַקן זיי דעם וועג און כאַפּן זיי לעבעדיקערהייט. אויך איך האָב מיר פרייוויליק געמאָלדן צו גיין כאַפּן אונדזערע שונאים. קומענדיק צום אָרט נאָענט שוין צו זשאַרי האָט מען גוט אויסגעשפּירט אַלעס און אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ. אַלס אַ פאַרוווּנדעטן ניט לאַנג אין רעכטער פוס האָט מען מיר געלאָזן אין צענטער, כ'זאָל ניט דאַרפן פיל גיין אָדער לויפן. גלייך נאָכדעם האָבן מיר אָנגעגריפן; אויפן אָרט זיינען געווען 3, דייטשן און צווישן זיי 4 העכערע ס. ס.־קאָמאַנדירן פון אונדזער פלוצלונגן אומדערוואַרטן פייער זיינען געפאַלן תיכף צוויי שטורם־שטאַנדדאַרט־פירער און צוויי סאָלדאַטן. זיבן זיינען גענומען געוואָרן לעבעדיקערהייט. בלויז 2 באַוויזן האָבן צו אַנטרינען. ביים אָבערשטורמבאַן־פירער האָב איך אַראָפּגענומען — די שטיוול און מונדיר ווי אויך דעם „שמייסער"־אויטאָמאַט מיט אַ זייער שיינעם באַצירטן מאַוזער. אַלע געפאַנגענע זיינען תיכף געבראַכט געוואָרן אין ווילייקע אויף אַ דרינגענדער אויספאָרשונג ביים שטאַב. ווי איך

האָב מיר נאָכדעם דערוווסט, האָט מען די צוויי ס. ס.־קאָמאַנדירן אָפּגעשיקט מיט אַ ספּעציעלן פלוגצויג קיין מאָסקווע — אויף ווייטערער אויספאָרשונג — אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז איינער פון זיי איז געווען גענעראַל קובעס אַדיוטאַנט און אַמט־פירער פון זיין ביוראָ.

צוויי טעג שפּעטער זיינען מיר געגאַנגען ווידער אויף אַ „רייניקונג־אַקציע" אין די וועלדער. דאָסמאָל אינעם הויף סערוועטש (אויפן טייך) און אין וואַלד אַרום — וואָס געפינען זיך אַ מהלך 14 קילאָמעטער פון קריוויטש און נאָענטער אַ ביסל צו דאַלהינעוו. מיר זיינען געקומען צום פּלאַץ און געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף דייטשן און זייערע מיטהעלפער. ווי פריידיק געהויבן איז עס געווען צו פילן אַז אונדזער דם־שונא דער דייטש ווערט בלאָקירט און געיאָגט און האָט מער קיין אויסוועג. ער לויפט ווי אַ מויז... פונקט אַזוי ווי ער האָט אונדז געיאָגט און געשטיקט אין אַלע בלאָקאַדעס. נאָך א שעה צוויי פון איבערשיסן זיך און אַ ביסל געפאַלענע דייטשן, האָבן זיך 9 דייטשן איבערגעגעבן מיט זייער גאַנצער אויסשטאַטונג אין אונדזערע הענט — פאַרזיכערנדיק אַז מער זיינען אויפן אָרט ניטאָ. דורכמאַכנדיק אַ גרינטלעכער קאָנטראָל אין הויף און אַרום האָבן מיר געזען, אַז עס איז ניטאָ מער קיין דייטשן. אַנדערע זיינען אין וואַלד געלאָפן. מיר האָבן אונדזערע 9 געפאַנגענע געבראַכט קיין ווילייקע.

ווינטשנסווערט איז עס צו באַטאָנען בכלל, אַז די „וואַלד־באַפעלקערונג" צו דער צייט (וועגן וועלכער איך דערצייל) האָט זיך שוין אינגאַנצן געענדערט. אַלע פּאַרטיזאַנער־איינהייטן, אָטריאַדן, פּאָלקן און בריגאַדעס, זיינען שוין אַרויס פון די וועלדער; פּאַרטיזאַנישע פאַמיליען־גרופּן זיינען נאָך פריער אַוועק. איצטער איז געווען גאָר אַן אַנדערע „באַפעלקערונג". דייטשן, וואָס האָבן דעזערטירט פון זייערע רייכסווער־טרופּן און געבליבן ווייט פון זייערע מיליטער־גרופּן. ס. ס. און געסטאַפּאָ־לייט און מיטאַרבעטער זייערע — אונדזערע „גוטע ברידער" פון דער היגער באַפעלקערונג — ווייסרוסן, פּאָליאַקן, ליטווינער א. אַ. צו דעם איז נאָך נויטיק צורעכענען רעשטלעך פון „וולאַסאָווצעס", וועלכע זיינען געבליבן מיטאַרבעטן מיט דייטשן און ניט אַריבער מיט זייער קאָמאַנדיר פּאָל־קאָווניק (קאָלאָנעל) ראַדיאָנאָוו צו די סאָוויעטן.[14] אַלע זיינען איצטער געוואָרן „פּאַרטיזאַנער", וואָס האָבן זיך אין וועלדער אויסבאַהאַלטן אויס מורא פאַר

[14] וולאסאָוו — א סאָוויעטישער גענעראַל האָט זיך מיט זיין גאנצער ארמיי איבער־געגעבן די דייטשן נאָך אין 1941 ביים אָנהויב פון דער מלחמה. פיל יידיש בלוט האָבן „וולאסאָווצעס" פארגאָסן. ראדיאנאָוו איז געוועזן וולאַסאָווס פארטרעטער. ווען ער האָט זיך אינעם סוף פון 1943 — נאָך דייטשע ניט געלונגענע בלאָקאדעס איבערגעגעבן זיך מיט דער ארמיי די סאָוויעטן — איז וולאסאָוו מיט זיין גאנצן שטאב און א מינדערהייט, אנטלאָפן אין וועלדער אויסבאהאלטן זיך. ער איז צום סוף געמשפּט געוואָרן אלס פארעטער פון פאָטערלאנד און מלחמה־פארברעכער. פאראורטיילט געוואָרן צום טויט.

סאָוויעטן־מאַכט און אָנגעגריפן פרידלעכע פויערים אין דערפער און איבערהויפט יידן ביי צופעליקע באַגעגענישן אויף וועגן צי אין וועלדער. די סאָוויעטישע מאַכט און רויטע אַרמיי האָבן דערקלערט די אַלע באַנדעס אַן עקשנותדיקן אויסראָטונגס־קאַמף, וואָס קען זיך ענדיקן נאָר דורך טויט אָדער קאַפּיטולאַציע. די נאַצי־סאטעליטן פון היגער באַפעלקערונג האָבן זיך שטילערהייט אומגעקערט אין זייערע שטעטלעך און דערפער און זיך אויסבאַהאַלטן אויס מורא. מיר יידן־פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן שטענדיק אונטער אַלע באַדינגונגען און אָנגעלעגנהייטן באַמיט זיך אָפּצוהיטן דעם צלם האדם — ניט צו ווערן פון מענטשן חיות — האָבן געמוזט בלייבן איצטער „נוקמים ונוטרים”. געמוזט האָבן מיר טון אַלעס אַז רוצחים און מיטהעלפער זאָלן באַשטראָפט ווערן. נאָר אויף דעם וועג איז עס מעגלעך געווען צו שטילן דאָס ברויזן פון הערצער.

## פון א עלנטן איינזאם צו געמיינשאפט

### מיין מחותנהשאַפט מיט קריוויטש

מיר זיינען נאָך געבליבן זיצן אין דאַלהינעוו עטלעכע טעג אַרויספּראַווענדיק זיך אויף ענלעכע אָבלאַוועס און געיעגן  ווי אויבנדערמאָנט. אין דער צווייטער אויגוסט־וואָך האָט אונדזער גרופּע באַקומען דעם באַפעל אַריבערגיין אין קריוויטש. מיר זיינען אַריין אין שטעטעלע און אָפּגעשטעלט זיך אויף מיאַדלער גאס — ביי א געוויסן קריסט עדווארד בילעוויטש. אויך דאָרט איז אונדזער גרופּע געשטאַנען אַ פּאָר טעג און ניט מער. אין קריוויטש טאַקע איז אויך געוואָרן אַ רעאָרגאַניזאַציע פון אונדזער גרופּע — ווי עס איז  בכלל דורכגעפירט געוואָרן אין דער גאַנצער  פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. געווען איז עס די ערשטע אויגוסט־טעג; ביי בילעוויטשן אויפן הויף איז פאָרגעקומען אונדזער גרופּן־פּאַראַד; עס איז אַראָפּגעקומען צו אונדז ספּעציעל אַ הויכער קאָמאַנדיר פונעם אלגעמיינעם פּארטיזאנער גענעראַל־שטאב מיט א פּאָלקאָווניק פון קעמפנדער רויטער אַרמיי. אויפן גרופּן־פּאַראַד זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן צוויי טאָגבאַפעלן און פאַראָרדענונגען. דער טאָג־באַפעל פונעם פּאַרטיזאַנער־גענעראַלשטאַב האָט פּראָקלאַמירט און גערופן צו קומען דעם 12־טן אויגוסט אין ווילייקע אויפן קרייז־צוזאַמענטרעף פון אַלע פּאַרטיזאַנער־בריגאדעס, וואָס האָבן געקעמפט אין אונדזערע פּאַרטיזאנער־פּראָנט־ליניעס ליעסניקי — ראגאָזינע — חאָדאקי — סושקעווע — פּאָלאָצק, אַלע בריגאדעס, וועלכע געקעמפט האָבן אין גלובאָקער ראַיאָנען און אַלע נאָענטע אומגעגנטן צו דער דווינע א. אַ. וו... פונעם 12־טן אויגוסט ווערט די אַלגעמיינע פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אויפגע־

טשן און באַפּוילן, נעמען מיט זיך רידלען און געצייג צום גראָבן און גיין אויפֿן וויהאַן. באַלד האָבן מיר שוין געזען אויך יהושוע אריה־לייבס און ירוחם באַטווייניק, וועלכע האָבן שוין מיט רידלען געגאַנגען; שוין זיינען צו־געקומען אויך נאָך אייניקע יידן. מיר זיינען אַוועק אויפֿן וויהאַן; מקבר זיין האָבן מיר געדאַרפֿט די קרבנות פֿון נעכטיקער שחיטה — אַלע צום טויט צעשלאָגן־פֿאַרהרגעטע קדושים, דערשאָסענע און לעבעדיקערהייט פֿאַרברענטע. פֿון פֿאַרהאַלטענע און (צו דער שחיטה) געפֿירטע יענעם טאָג זיינען געבליבן בלויז איטשע דער שמיד (יצחק גיטליץ) און שלום סיצקין דער שערער — לויטן בפירושן באַפֿעל פֿון שימאשקעוויטשן — קאָמענדאַנט פֿון שטעטלשער פּאָליציי. מיר ארויסגעקראָכענע פֿון אונדזערע באַהעלטענישן זיינען געקומען אויפֿן פּלאַץ אָפּטאָן דער שרעקלעך־ביטערער און הייליקער גלייכצייטיק מלא־כה — „חסד של אמת" אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע. אַ סך גופים צע־מורשט און צעשטיקלט, פֿאַרקוילט און פֿארברענט; געפֿונען האָבן מיר אויך פֿיל אָפּגעזונדערטע שטיקער פֿלייש. אייניקע קערפּער האָבן מיר גלייך דערקענט, אנדערע אוממעגלעך געווען צוליב לעצטע קאָנוולסיווע צענויפּ־קאָרטשן... צווישן אַלע האָבן מיר דערקענט א קערפּערל פֿון א קליין מיידעלע מיט א רעשטל פֿון איר רויט קליידעלע (וועלכע האָט זיך געוויגט אינעם ווינט) — א גאסט אין שטעטל ביי קרובים...

## אַ געטאָ אין היימשטעטל און מיין „ויברח"

אין אונדזער פֿאַריתומטער אויסגעהרגעטער שטעטעלע זיינען געבליבן מער ניט ווי אַן ערך 70 יידישע נפשות. מען האָט זיך פֿון מאָל צו מאָל צע־נויפֿגערעדט, געזוכט אַ וועג און אַן עצה געהאלטן — ווי אַזוי ניט צו פֿאַר־בלייבן אין שטעטל. אַוועק זיינען שוין אַ וואָך דריי צי פֿיר נאָך דער שחיטה און וועגן צו אנטרינען האָבן זיך דערווייל ניט געלאָזט מערקן. „פֿאַרטיזאַנ־שצינע" איז נאָך ווייט געווען... עס איז ניט אזוי לייכט געווען צו לויפֿן... אין שטעטעלע איז אַלץ ערגער געוואָרן. אויפֿן גאַס זיינען געכאפּט געוואָרן מענ־טשן און דערשאָסן גלייך. אַזוי זיינען אומגעבראכט געוואָרן איין נאכט זיבן יונגע יידן. צווישן זיי אויך מיין פּלימעניק ירוחם באַטווייניק, פּאליע ווייסנ־האַלץ, שלום אלפּעראָוויטש און יצחק שולמאַן. יידן האָבן זיך סוף כל סוף דאָך גענומען צעלויפֿן.

עס איז געקומען באַלד אַ באַפֿעל, אַרויסצוציען זיך פֿון אונדזערע היי־זער און אַריבער צו גיין אינעם געטאָ — אין צוויי אויסגעזונדערטער הייזער אויפֿן עק שטעטל. איך בין דערווייל אַוועק פֿונעם שטעטל; אויפֿן דאָרף ביי אַ פּויער האָב איך גענומען אַרבעטן לויט אַן ארבעטס־שיין פֿונעם קאָמענדאַנט.

עס האָט מיר ניט ווייניק געלט געקאָסט... ניט ווייט פונעם פויער ביי וועמען איך —האָב געארבעט האָבן אויך —(אין דאָרף ניעוווויערי) געארבעט ביי פויערן הילקע און עטקע שטיינגאָלד, משה־שמעון ווייסנהאָלץ, מיכלע ווייסנהאָלץ און יהודה ברוק פון דאלהינעוו (אַן אייניקל פון רייזל שולמאַן). פאר גאָלד און ווערט־זאכן האָט מען זיך פאַרדונגען ביי די פויערים אויף אַרבעט. זיי האָט מען נאָך געמוזט צוצאָלן... און אַזוי איז עס געגאַנגען און אָנגעהאלטן — ביז ערב סוכות תש״ג.

## אויפן ווייטן גאַנג

דאָנערשטיק — צוויי טעג נאָך יום־כיפור איז מיין מאַריאשע צוגעקומען צו מיר אינעם דאָרף ביים פויער ווו איך האָב געארבעט און מיר דערציילט וועגן דער געשאפענער מעגלעכקייט אריבער צו כאַפּן זיך אין דער פאַרטיזאַנער־זאָנע. איר ברודער אליהו האָט זיך שוין אויפגעהאלטן אין נאוראנער זומפּן ביים טייכל אוזליאנקע, צוזאַמען מיט נאָך אייניקע קריוויטשער בחורים. מאַריאשע האָט שוין באַוויזן צו אריבערפירן אַהין דער אלטער מוטער און אונדזער נייניאָריקער טאָכטערל. גלייך נאָכדעם זיינען געקומען צוויי פּאַרטיזאנער און איינער פון זיי זוסיע עסטאָניעץ, אַ גלענצנדער פאַרטיזאַן און א גאָלדענער יידישער בחור! — און מען האָט די אַלע אַוועקגעפירט אונטער פראַנט־ליניעס טיפער אין רוסלאַנד.

אַז מאַריאשע און איר שוועסטער שיינקע צוזאמען מיט מיר, זיינען אויפן וועג אדורך און אריין צום פויער מאזשייקע, האָט ער אונדז געזאָגט, אז אויף דער „פּלאַצוווקע” ווו אַלע זיינען געווען איז שוין ניט געבליבן קיינער. אַלע זיינען שוין אַוועק צווישן זיי אויך יהושוע מיט זיין פרוי חנה; יצחק שקליאר, מאַריאשעס אלטע מאַמע און די טעכטערל. מאַריאשע האָט שוין דאַן געוווסט אַז צווייטן דאָנערשטיק וועלן אָפּציען און מאַכן פליטה די חברה פון קניאַהינין־לאַגער. מיר וועלן קענען צושטיין צו זיי און אַוועקגיין מיט זיי צוזאַמען. פאַרלויפיק אָבער איז ניט געבליבן קיין ברירה. מיר זיינען אַוועק צוריק. איך — צו דעם פויער; מאריאשע מיט שיינקען — אין געטאָ פונעם שטעטל.

צווייטן דאָנערשטיק טאַקע, בין איך מיט דער דערלויבעניש פון דער פויערטע צוגעגאנגען אין דאָרף ניעוויערי כדי אָנצוזאָגן עטקען מיט הילקען, ווי אויך יהודה ברוק, משה־שמעונען מיט זיין שוועסטער מיכלע — אז היינט איז די שעה און דער טאָג — די לעצטע דריי געגאַרט האָבן און געוואַרט אז אויספּויקן זאָל שוין די שעה פונעם אַוועקרוקן זיך; הילקע מיט עטקען האָט דער וועג געשראָקן, זיי וואָלטן זיכער געבליבן אויפן אָרט — ווען מעגלעך. די פּויערטע האָט מיר געבעטן כ'זאָל אָפּעסן פריער, אָבער כ'האָב ניט געוואָלט פאַר־

לירן צייט און געזאָגט אז קומענדיק צוריק וועל איך עסן און מיט דעם בין איך גלייך אַוועק. פּלוצלונג האָב איך באַמערקט צוויי באוואָפנטע פּאָליציאַנטן אַנ־קומענדיק מיר גלייך אנטקעגן און זייערע ביקסן גלייך ווי אויף מיר אָנגע־שטעלט. כ׳בין אָפּגעגאַנגען אין אַ זייט, זיי זאָלן מיר ניט באַמערקן און ווייטער געגאנגען מיין וועג. כ׳בין דערגאַנגען אויפן פעלד אין ניעוויערי — ווו לויט ווי איך האָב געמיינט האָבן געדאַרפט זיין די חברה אָדער איינער־צוויי פון זיי. דער פּויער ביי וועמען הילקע און עטקע האָבן געאַרבעט האָט מיר גע־ראַטן ניט צו גיין אַהין, ווייל דייטשן מיט געהילף־פּאָליציי זיינען דאָ און מען מאָנט אויף קאָנטריבוציע. מען קאָנפיסקירט תבואה. כדי אָנצוקומען צו די חברה האָב איך געדאַרפט דורכציען דעם גאנצן דאָרף.

כ׳בין שוין ווייטער ניט געגאַנגען אָבער בלייבן וואַרטן אויפן פעלד, ווען אַ ליאַדע מאָמענט קענען אָנלויפן דייטשן מיט זייערע ארויסהעלפער, וואָס זיינען נאָך מערער געפערלעכער פון זיי, האָב איך מיר געשראָקן. איך בין גלייך צוריק אַוועק. איידער כ׳בין צוריק געקומען אויף מיין פּלאַץ, האָב איך שוין געוווּסט וועגן גרויסן אומגליק, וואָס קומט אָן און לויערט. דורכגייענדיק אין וואַלד האָט מיר איינער אַ שגץ, וואָס איז געקומען פון אלזוטקע דער־ציילט, אז פּאָליציאַנטן האָבן אַוועקגעפירט רבקהן „זאַבעראַלי ריבקו״... ד. ה. רבקה ראַבינאָוויטש, מענדלס טאָכטער. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען... ס׳האַלט שוין גאָר שמאָל. ס׳איז ניט געבליבן קיין צווייפל, אַז די פּאָליציאַנטן, וועלכע כ׳האָב באַגעגנט זיינען געקומען מיר אַוועקנעמען. (ניט ווי כ׳האָב פריער געמיינט, אַז זיי זוכן וואַרשיינלעך פּאַרטיזאַנער, ווייל אַ נאַכט פריער איז אויפגעריסן געוואָרן אַ מיליטער־צוג ניט ווייט פון נייקע). ביז צום טיפן אָוונט בין איך אין וואַלד געבליבן. דאַן בין איך אַוועק צוריק אין דער ווירטשאַפט פונעם פּויער — ביי וועמען כ׳האָב געאַרבעט.

די פּויערטע האָט מיר אויפגענומען מענטשלעך; זי האָט גלייך דערלאַנגט עסן צום טיש. מיטפילנדיק געוויסנהאַפט און מיטליידנדיק האָט זי דערציילט אַז אַלע יידן אין ניעוויערי אַ חוץ מיכלע, וואָס האָט געאַרבעט ביים „פּיאַני־צע״ פילאַטשינסקי — זיינען דערמאָרדעט געוואָרן און אין פעלד באַגראָבן. איך בין געווען שטאַרק באַזאָרגט און באַאומרואיקט. אַריינגעקומען איז דער פּויער אַליין און מיר געפרעגט: וואָס וועט זיין מיט דיר? וואָס רעכנסטו צו טאָן? כ׳האָב אים אָפּגעענטפערט גלייך, אַז זיכער קען איך ניט און וועל ניט פאַר־בלייבן ביי אים, ווען אַלע אַנדערע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן, ווייל איך פאַר־שטיי, אַז ער אַליין קען אויך ליידן פון דעם. לויטן אויפטראָג פון זיין פּויערטע איז דער פּויער צומאָרגנס איינדערפרי אוועקגעפאָרן קיין קריוויטש דערוויסן זיך וואָס טוט זיך דאָרט. כ׳בין שוין ניט געבליבן שלאָפן אין דעם פּויערס

כאטע. כ׳בין ארויס ניט ווייט און אריינגעלייגט זיך אין א גאָר ברייט פאַרצווייגטן קוסט. די פויערטע האָט מיר צוגעטראָגן עסן און דערציילט, אַז דער מאַן איז אַוועקגעפאָרן אין שטעטל.

אַרום מיטאָג־שעהן איז שוין דער פויער צוריק געוועזן אין שטוב: דערציילט האָט ער — —ווי ער געהערט האָט פון אַנדערע — אַז דייטשן האָבן אויפגעריסן און פאַרברענט די געטאָ־הייזער מיט די איינוווינער צוזאַמען. איינצלנע האָבן נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן און אויך מיין פרוי מיט זיי. דאָס אַלעס האָט מיר דערציילט די פויערטע וואָס האָט מיר פאַרנאַכטצו ווידער געבראַכט עסן. כ׳האָב איר געזאָגט אַז שפּעטער אינדערנאַכט וועל איך דערגיין אין שייער אַריין. כ׳וועל מיר איינגראָבן דאָרט און וואַרטן אויף אַ ידיעה פון מיין מאַריאַשען — ווייל ניט האָבנדיק קיין שום ידיעה קען איך מיר דערווייל פונעם אָרט ניט רירן. פונקט אַזוי טאַקע האָב איך געטאָן. אַז עס איז גוט און געדיכט פינצטער געוואָרן בין איך אַריין אין שייער און באַהאַלטן זיך גוט. געוואַרט האָב איך...

אַדורך זיינען גאָר שנעל די טעג פרייטיק און שבת ביז נאַכט. מוצאי־שבת איז צוגעקומען די פויערטע מיטן עסן און איבערגעגעבן מיר, א צעטעלע געשריבן יידיש אין וועלכן זי גיט צו וויסן ווו זי געפינט זיך און כ׳זאָל קומען גלייך. כ׳האָב באַדאַנקט די פויערטע, אָפּגעגעסן און דערקלערט אַז ווען עס וועט גוט פינצטער ווערן וועל איך מער ניט בלייבן ביי זיי. איך האָב פאַרשטענדלעך געזעגנט זיך מיט איר. נאָך האלבער נאכט האָב איך מיר אוועקגעלאָזט דורך די פעלדער אין דער ריכטונג אויף סלאָבאָדע — אַ דריי קילאָמעטער ווייט פונעם שטעטל אונדזערס — אַרום דריי אַזייגער ביינאַכט בין איך שוין געווען דאָרט. מיין מאַריאַשע האָט מיר שוין אומגעדולדיק אָפּגעוואַרט. אויסער איר זיינען געווען אין הויף ציפּע ראַדאָשקאָוויטש ווי אויך אהרון קאצאָוויטש מיט זיין שוועסטער ראשקע. אַ פּאָר שעה איז מען געזעסן און אַרומגערעדט וואָס וועט זיין ווייטער? אַלע זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז מען מוז ווייטער גיין און דערשלאָגן זיך אין נאוראָן ביי דער אוזלאנקע.

מיר זיינען געזעסן דאָרט ביז עס איז ליכטיק געוואָרן. גלייך זיינען מיר אַרויס און אַוועק. אַדורך זיינען מיר דעם בריק, וואָס איז אין אַלגעמיין שטאַרק באַוואַכט געוואָרן פון דייטשן (מחמת מורא טאָמער וועלן די פּאַרטיזאַנער פאַרזוכן אים אויפצורייסן) און שנעל אין וואַלד אַריינגעלאָפן. מיר האָבן זיך באַמיט וואָס טיפער אַריינדרינגען אין וואַלד צוליב זיכערהייט־סיבות. דאָן האָבן מיר פלוצלונג געזען אַז אהרון קאַצאָוויטש מיט ראַשקען האָבן זיך אָפּגעשיידן פון אונדז און אַוועק באַזונדער. וווהין און ווי אַזוי האָבן מיר ניט געוווסט. מיר זיינען געגאַנגען אַלץ ווייטער אין דער אָנגענומענער ריכטונג אויף נאַוו־

ראָן. אויפן וועג זיינען מיר אַריין אין אַ פויערישער הויז זיך אָנגעפרעגט אויף אסתר ראַבינאָוויטש (מענדלס פרוי). לויט ווי זיי האָבן אונדז דערקלערט — איז אסתר מיט אַ טאָכטער און נאָך אייניקע קריוויטשער אַוועק צו די זומפן. מיין שוועגערין שיינקע איז אויך מיט זיי געווען. מיר זיינען ווייטער געגאַנגען אונדזער וועג.

סוף כל סוף זיינען מיר שוין דערקומען צו די זומפן און בלאָטעס; אַרומגעגאַנגען זיינען מיר לעבן טייך אַ וואָך צייט אומגעפער און קיין סימן אַפילו פון אַ פאַרטיזאַן. פון צייט צו צייט איז מען אַריין צו די פויערים אויסבעטן עפעס צו עסן. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אין וואַלד ניעוויערי ביים טייך (אויך ניעוויערי אין דער ריכטונג פון מיאדל) געפינען זיך פיל יידן און איבערהויפט מיאדלער. מיר זיינען גלייך אַוועק אין אָנגעוויזענעם וואַלד און טאַקע אָנגעטראָפן פיל יידן. גלייכצייטיק האָבן מיר זיך דערוווסט אַז דריי פאַרטיזאַנער און דער זוסיע עסטאָניעץ איינער פון זיי, האָבן שוין צוריקגעקערט פון צווייטן זייט פראָנט און איבערגעגעבן, אַז די גאַנצע גרופע, וועלכע זיי געפירט האָבן „זאַ ליניו פראָנטאַ" איז שוין אָרט אויפן אַנדער זייט. דער וועג איז אָפן פאַר אַ צווייטער גרופע. זיי קענען דאָסמאָל דורכפירן אַ 70 פערזאָן. פאַרשטייט זיך אַז געוואָלט האָבן מיר צושטיין. אַז דער גרופע איז ניט געלונגען אַריבער — איז אַן אַנדער זאַך. כ'האָב מיר באַפריינדעט מיט איינעם פון די מיאדלער. שמעון האָט ער געהייסן. ער איז מסכים געווען צוקאָפטירן אונדז צו זיין גרופע — וועלכע איז גרייט געווען אַריבער צוגיין. צופעליק האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט מיט אהרון און ראַשקע קאַצאָוויטש און געבראַכט זיי אינעם וואַלד ווו מיר זיינען איצטער געזעסן. כדי צושטיין אָבער צו דער גרופע, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט, האָבן מיר נאָך געדאַרפט קומען אין קאַמיענער וואַלד אַ 40 קילאָמעטער ווייט. מיר זיינען אהין אַוועק און זיינען ענדלעך אַריבער מיט אַ שיפל דעם טייך און מיר זיינען געקומען אין קאַמיענאַיא ביים טייך וויליע — וואָס איז נאָכניט פאַרפרוירן געווען — דאָס איז געווען אַרום דריטער וואָך פון נאָוועמבער 1942.

דאָרט זיינען געווען פאַרטיזאַנער אין אַ געוויסער צאָל, זיי האָבן טאָלערירט און געדולדעט אַלע אַנטלאָפענע אַהער. אָבער וועגן צונעמען אין די רייען, איז נאָך יענער צייט צוליב פאַרשיידענע סיבות קיין רייד ניט געווען. זיי האָבן דערלויבט, אַז ניט ווייט פון זיי זאָלן זיין „ציוויליסטן" — שפעטערדיקע אַזוי גערופענע „פאַמיליען־לאַגערן". פאַרטיזאַנער אין דעם געגנט האָבן זיך געפילט זיכער און שטאַרק און זיי האָבן שוין קאָנפיסקירט שפייז, געצייג און בהמות. אַזוי האָט מען אויך קאָנפיסקירט אַ פאָר שעפסן און קעלבער. מען האָט פאַראָרדנט די פויערן איינצושפאַנען פערד און וואָגן און ברענגען

צופירן אַלע אַנטלאָפענע פרויען אין וואַלד אַריין... האָט מען פון צייט צו צייט אַ בהמה געשאָכטן, האָבן אויך מיר „ציווילליסטן" געגאָסן... מען האָט צוגעטיילט אַ שטיק פלייש... פויערים פאַרשטענדלעך האָבן נאָך צו יענער צייט געפרוווט זיך ווערן קעגן די פאַרטיזאַנער־קאָנפיסקאַציעס — סיי דורך באַקלאָגן זיך ביי זייער פירערשאפט — סיי דורך מסירות ביי פאָליציי און דייטשן. אַזוי האָבן זיי געהאַנדלט אויך איצטער. מען האָט געמאָלדן די דייטשן אַז אַ מענגע יידן אין גאָר אַ גרויסער צאָל „ליגן אין וואַלד און רויבן פון די פויערים". אַ גרעסערער כוח פון דייטשער זשאנדארמעריע מיט געהילף־פאָליציי האָט אריינגעדרונגען אין אונדזער וואלד — ווערנדיק געפירט דורך די פיינדלעכע פויערן — און געעפנט אַ שטאַרק געדיכטן פייער אויף אונדז אומבאוואָפנטע. אין פארלויף פון א גאָר קורצער ווילע זיינען געפאלן ארום 60 קרבנות און צווישן זיי אויך מיין שוועגערין שיינקע. איך בין געלעגן פאַר־באַהאַלטן אין אַ געדיכטן קוסט. מיין פרוי איז אַוועק וואָס טיפער אין וואַלד אויסצורייניקן די זאַכן פון אומווירדיקע „קריכנדע ברואים"... די שיסעריי האָט נאָך אָנגעהאַלטן. דערזען האָב איך פלוצלונג ווי שמעון דער מיאדלער מיט אהרון קאַצאָוויטש לויפן אין אַ געוויסער ריכטונג בין איך אַהין געלאָפן. נאָכן אָפּלויפן אַ שטיקל צייט אין דער ריכטונג בין איך פּלוצלונג געפאַלן און אַראָפּגעקייקלט זיך אין דער נידער. אַריינגעפאַלן בין איך אין אַ טיפערן טאָל — אַרומגערינגלט און פעסט געשלאָסן דורכן וואַלד. עס זיינען געווען דאָרט דער אויבנדערמאָנטער, שמעון, אהרון קאַצאָוויטש, זיין שוועסטער און נאָך איניקע.

דערווייל האָט די שיסעריי אויפגעהערט, די פיינטלעכע אַריינדרינגלער זיינען אַוועק: עס איז שטיל געוואָרן... שטעקן בלייבן אַזוי אין טאָל איז דאָך קיין תכלית. האָבן מיר גענומען זוכן א וועג כדי זיך צו פארבינדן מיט פּאַרטי־זאַנער אָדער צו געפינען צעלאָפענע יידן, וואָס זיינען מיט אונדז געווען, פאַרן דייטשן איבערפאַל. מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט אַ פּאַרטיזאַנער איינהייט און געבעטן זיך, אז מען זאָל אונדז אריינגעמען אלס קעמפער אין די רייען. זיי האָבן אונדז אָפּגעזאָגט, ווייל מיר האָבן קיין געווער ניט געהאט. אַזוי האָבן מיר זיך ווידער אין וואַלד געדרייט גאַנצע טעג הונגעריק און אויסגעמאַטערט אָן קיין שום דערווייל — אויסוועג בין מיר האָבן אָנגעטראָפן אויף אַן אויס־שפּיר־גרופּע פון פּארטיזאנער און צווישן זיי אליהו, אריה־לייבס אן אייניקל פון קריוויטש. פון אים האָב איך מיר דערוווסט אַז מיין מאַריאַשע געפינט זיך ביי זיי. מיר זיינען גלייך אַוועק צו זיי אין דער אָנגעצייכנטער ריכטונג און געקומען אַהין. דאָרט האָב איך געפונען מאַריאַשען און נאָך שטעטלשע אונדזערע ווי ס. ט. און לייזער שוד און אייניקע, וועלכע איך געדענק ניט. דאָ האָב איך

מיר דערוווסט, אז אונדזערע שטעטלשע (יינגערע איבערהויפּט) האָבן זיך אַליין געשאפן געווער — נישטערנדיק אין געוועזענע געווער און אמוניציע־מאגאזינען ארום פּאָלאָצק — געפונען האָבן זיי אויך גוטע ביקסן און רעוואָלווערן ווי אויך גראַנאַטן. אַזוי האָט מען זיי אָנגענומען אין די רייען, אַזוי זיינען זיי געוואָרן פּאַרטיזאַנער.

די גאַנצע גרופּע האָט גערוקט אין דער ריכטונג צו דער דווינע אַרום פּאָלאָצק—וויטעבסק. מיר זיינען מיטגעגאַנגען ווייל געוואָלט האָבן מיר געפינען אונדזער טעכטערל וועלכע איז ווי אויבנדערמאָנט אַוועק צוזאַמען מיט דער מוטער פון מאַריאַשען, אין דער ערשטער גרופּע, וועלכע דער „עסטאָניעץ" האָט דורכגעפירט. פון פּאָלאָצק—וויטעבסק און ווייטער איז דער וועג געווען „הערמעטיש" פאַרשלאָסן און גיין ווייטער איז אוממעגלעך געווען. מיר זיינען דערווייל געבליבן זיצן אין דערפער פונעם אומגעגנט. אין אַלגעמיין האָבן זיך פויערים שלעכט באצויגן צו אונדז ווי צו אלע אנטלאָפענע. אייניקע פון זיי אָבער האָבן אויך געהאָלפן און זייער באַציאונג איז געווען אַ מענטשלעכע. אין געוועזענע קאָלכאָזן פונעם אומגעגנט איז די באַציאונג געווען אַ פיל בעסערע. די געוועזענע פאָרזיצער האָבן זיך געמיט אז יעדער פויער זאָל אויפנעמען אַ יידן אויף צוויי־דריי טעג און העלפן. אַזוי זיינען מיר אַריין צו אַ פויער און געווען ביי אים מערער אַפילו. דערווייל איז שוין אויך דער ווינטער 1943 געווען פאַרביי. מיר זיינען פאַרבליבן דאָרט אויף אַ לענגערן צייט־אָפּשניט. מיין מאַריאַשע האָט זיך דערווייל אויסגעלערנט מאַכן וואָליקעס און גאַנץ גוט ביי דעם פאַרדינט. אַלנפאַלס עסן האָבן מיר געהאַט. ווידער זיינען אַדורכגעלאָפן זומער־מאָנאַטן און האַרבסט־חדשים. און אָט איז שוין ווינטער 1944. אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז די דייטשן אָנגעהויבן האָבן זייער גענעראַל־בלאָקאַדע — אַ גאָר בלוטיקער קאַפּיטל באַזונדער. פיל געליטן האָבן מיר ביז מיר זיינען אַרויס... ווייטער וועט שוין מאַריאַשע דערציילן.

## פון דער הריגה ביז פולשטענדיקער אויסוואָרצלונג

אָנגעהויבן איר דערציילונג האָט מאַריאַשע פונעם בייזן גרוילהאַפטן טאָג — י״א אייר תש״ב אַכטאונצוואַנציקסטן אַפּריל 1942 — ווי אַזוי זי איז געלאָפן געיאָגט אין טויט־שרעק, אונטער וועלפיש־אכזריותדיקע הימלען, וואָס האָבן פיינלעך און בייז געשוויגן — —

— יענעם טאָג גאַנץ פרי בין איך אַוועק צו פייגע נחומס, מיין מאנס אַ מומע זען און דערוויסן זיך, צי האָבן זיי צוגעגרייט אַ „מאַלינע" צו באַהאַלטן זיך. דאָרט האָב איך געפונען ריבע טאבאָריסקי מיטן זון און טאָכטער, ווי אויך אַ מיידעלע פון דאַלהינעוו, וואָס איז געווען צו גאַסט דאָרט. נאָכן אָפּ־

זיין דאָרט אַ געוויסער צייט, בין איך אַרויס אַהיים צו גיין. דאָן האָב איך פּלוצלונג באַמערקט דעם גרויסן טומל, די אַרומלויפנדע געהילף־פּאָליציי ווי אויך טויט־שאַרבנס אויף היטלען פון ס. ס. מאַנשאַפט פונדערווייט. אינסטינק־טיוו האָב איך מיר אַ דריי געטאָן אין אַ זייט און גענומען לויפן אויסערן שטעטל. עס איז שוין אָבער צו שפּעט געווען, דער בריק אויפן סערוועטש איז שטאַרק באַוואַכט געווען פון דייטשן. ס'איז אויך ניט געווען ווו זיך צו באַ־האַלטן. ניט טויט ניט לעבעדיק, ניט באַטראַכטנדיק אַפילו איין מינוט בין איך אַריינגעשפּרונגען אין אַ קעלער — וואָס האָט געדינט אַמאָל אַלס אַ קוואַס־פאַבריק. אַ קריסט איינער האָט מיר באַמערקט און גענומען שרייען איך זאָל אַרויס... איך בין פאַרשטענדלעך ניט אַרויס און אויך צוגענומען אַלע לייטער — מען זאָל צו מיר ניט קענען צוקומען אַזוי לייכט און אַזוי האָב איך מיר באַהאַלטן. זיצנדיק האָב איך געהערט אַלעס, וואָס טוט זיך אויבן, דער־הערט האָב איך די געשרייען העניע־רייזעס, געוויין־געשרייען פון משה־שמעונס קינדער און זידל־ווערטער פון קריסטן ווי אויך די שטימע פון באַדואיכע, אַ מין שרעקלעך־מערדערישע פאַרברעכעריז אָנגעטאָן אין אַ קלייד... געהערט האָב איך ווי מען האָט אַלעמען אַוועקגענומען ערגעץ. העניע־רייזען מיט דער גאַנצער משפּחה, הערצל צוקערמאַנס משפּחה — 16 נפשות צוזאַמען... זייערע געשרייען און געוויין האָבן זיך געטראָגן גאָר ווייט — ביז עס איז אויבן, איבער מיר שטיל געוואָרן...

אַזוי בין איך אָפּגעווען אין קוואַס־קעלער דעם גאַנצן טאָג און אָוונט ביז שפּעט אינדער נאַכט און דאַן בין איך אַוועק צוריק אין אונדזער שטוב, אין דער „מאַלינע" — צו דערוויסן זיך דעם גורל פון מיין מאַן און טאָכטער ווי אויך מיין מאַמעס, געפונען האָב איך זיי לעבעדיק און געדאַנקט גאָט, וואָס איך בין ניט אַליין געבליבן... טויטע זיינען טויט געבליבן, לעבעדיקע האָבן זיך געראַנגלט אויפן לעבן. אַלע אומגעבראַכטע זיינען ליגן געבליבן אין גרויסן ברודער־קבר אויפן וויהאַן אָדער אין „קאָפּיעץ" אויפן בית־עלמין. אַלע לעבן געבליבענע זיינען ווידער געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט און אַזוי האָט מען נאָך אומגעפּער געזשיפּעט אַ דריי וואָכן אַן ערך. מיר האָבן אויך דאָס אָנגענומען באהבה ווייל זיכער האָט עס געקענט זיך ערגער אויסלאָזן. פיל ערגער איז געווען מיין ברודערס גורל. מיין ברודער הירש־יונה האָט שוין די שיין ניט אָנגעזען פון יוני 1941 — צייט די פאַרשאָלטענע נאַצי־פאַשיסטן זיינען אַריין אין אונדזער היימשטעטל. הירש־יונה האָט ביי די סאָוויעטן געאַר־בעט אין דער אלגעמיינער ציוויל־פּראָקוראטור און ער האָט עס איבערגעגעבן דער מאַכט אַז ראַטשקאָווסקי (אַ פּאָליאַק) האָט אוטנערגעצונדן דעם סער־וועטש־בריק אידער די סאָוויעטן זיינען אריין. פאַרשטענדלעך אַז סאָוויעטן האָבן

ראַטשקאָווסקין פאַרשיקט. קריסטן האָבן געטראָגן א שנאה צו מיין ברודער דערפאַר ווי אויך, צו אונדז אַלע. אַז דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אונדזערע שטחים, איז דער ברודער אָפּגעטראָטן מיט די סאָוויעטן אָבער געליטן האָט ער אויף זיינע פיס און מער ווי ביז וויטעבסק ניט געקענט דער־גרייכן. ער האָט זיך אויך צוליב דעם געמוזט אומקערן אַהיים בגניבה. פאַר־שטייט זיך, אַז מיר האָבן אים גלייך אונטן באַהאַלטן אין קעלער אונדזערן. אַ סך צייט האָט מען אים געזוכט און ניט געפונען. און אַזוי ביז נאָך דער שחיטה.

אויב ס׳מיינט עמעצער אַז נאָך דער שחיטה האָט מען אונדז צורו געלאָזן איז ער זיך שטאַרק טועה. מען האָט דאָך אויף אונדז געהאַט אן אויג צוליבן ברודער. אַזוי זיינען אין סוף פון דריטער וואָך נאָך דער שחיטה, אַריין צו אונדז צוויי דייטשן און צוויי שטעטלשע קריסטן און צעבראָכן אַלעס, וואָס מיר האָבן געהאַט אין שטוב. עס איז אַ ביסל מעל געווען האָבן זיי אויך אויס־געשאָטן אויפן פּאָל און צעטראסקעט און אריינגעמישט גלאָז־ברעקלעך, מיר זאָלן עס ניט קענען באַנוצן אין קיין שום פאַל... שפּעטער צי אויף מאָרגן אין אָוונט זיינען ווידער געקומען צוויי באַוואָפנטע קריסטן און געוואָרנט אונדז קלאָר, אַז זיי וועלן באַלד זיין צוריק. אין פאַל ווען זיי וועלן געפינען אונדז נאָך אָנגעטאָן, דערשיסן זיי אונדז גלייך אויפן אָרט. האָבן מיר דען אַ ברירה געהאט ? מיר האָבן זיך אויסגעטאָן און ליגן געבליבן נאַקעט אויף אונדזערע געלעגער. זיי זיינען טאקע צוריקגעקומען און האָבן אונדז גוט צעשלאָגן. צו־גענומען די זאַכן און אַרויסגעטריבן אין געטאָ אויף מלינארסקער געסל.

איך האָב נאָך באַוויזן אריינשפּרינגען צו הירש־יונה אין קעלער באַראַטן זיך וואָס צו טאָן, ווייל מען טרייבט אונדז אַוועק. ער האָט געזאָגט אַז בלייבן וועט ער אין קעלער. מיר זיינען אַוועק אין געטאָ ביי שרה־מערע וואַלקאָווער אין שטוב — וווּ מיר זיינען געווען כמעט ביזן סוף — אַ חוץ מיין מאַן, וואָס האָט שוין געאַרבעט ביים פּויער. אַז מיר האָבן שפּעטער מיט אַ טאָג ווידער אַריינגעכאַפּט זיך אין אונדזער שטוב און קעלער, האָבן מיר הירש־יונהן גע־פונען טויט. ער האָט זיך געסמט. עס האָט ניט געפעלט דאָרט מיט וואָס. גע־ווען זיינען דאָרט פיל מעדיקאַמענטן וואָס זיינער צייט איבערגעגעבן האָט אונדז פריינט סאָניע שימענטשיק — פאַר זייער פארשיקונג. אָט מיט די רפואות האָט ער זיך אָפּגעסמט. מיר האָבן אין געהיים און שטיל זיין טויטן קערפּער אַריינגעשלעפּט אין אַ שטאל און דאָרט באַערדיקט.

נאָך דער סדרה „לך לך״ קיין געטאָ האָט זיך פאַרשטענדלעך אָנגעפאַנגען אַ סדרה „ויחי״ — „געלעבט״ האָט מען אין געטאָ. און אַלעס הייסט געלעבט... אַרום אַן 80 נפשות צענויפגעקאָרטשעט אין צוויי הייזער. אַלעס וואָס איז

געבליבן, וואָס יעדער געהאַט אויף זיך האָבן מיר אויסגעביטן אויף עפּעס צו עסן... פּשוט אויף ברויט. טאָג איין, טאָג אויס, האָבן מיר געהאַט געסט: דייטשע זשאַנדאַרמעריע, געהילף־פּאָליציאַנטן און סתם פּאָליאַקן צי ווייסרוסן. די לעצטע זיינען נאָך געווען פאַראינטערעסירט אַרויסצוקריגן נאָך עפּעס פון יידן. פאַר אַ „שהיה פּעייה" פון עפּעס פאַרן מויל, האָבן זיי גענומען אַ קליידל, אַ בלוזע צי אַ קישעלע. אַלץ איז געווען אַ סחורה. דערווייל האָבן אַלע געמוזט אַרבעטן יעדן טאָג צוואַנג־אַרבעט אומזיסט און אָן עסן. אין נעכט. האָט מען אונדז אויך ניט געלאָזט אַפילו צורו. און יעדן מאָל עפּעס אַנדערש: — אַמאָל זיינען געקומען צעהיצטע שיכורים, וואָס האָבן געפאָדערט פון אונדז — מיר זאָלן זיי אַרויסגעבן אונדזערע מיידלעך... אַ ניט וועלן זיי אַלעמען שיסן. מיין שוועסטער שיינקע און אַנדערע האָבן זיך געלאָזט לויפן איבער פעלדער, כדי ניט אַריינפאַלן צו גיריקע לייב־דורשטיקע „„מענטשלעכע" חיות... אַ צווייטן מאָל האָט מען אונדז אַלע צענויפגענומען אינמיטן נאַכט אונטער אַ בלבול — ניט געשטויגן ניט געפלויגן: — יידן האָבן אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויפן פּאָליציי־קאָמענדאַנט און „דערמאָרדעט" אים (1) פאַרשטייט זיך אַז אַפילו דער היטלעריסטישער זאָנדער־קאָמענדאַנט האָט אויך ניט זען געקענט און פאַרליידן אַזאַ מין בלבול... ער האָט געהייסן אַלעמען באַפרייען און צוריקשיקן אַהיים אין געטאָ. אַ דריטן מאָל נאָך אַ צרה מיט אַ בלבול: — איין נאַכט האָט צופעליק אָפּגעברענט אַ מיל, וואָס האָט געהערט צו אַ פּאָליאַק. ווידער האָבן די „באַשיצער" געהילף־פּאָליציאַנטן געזאָגט אַז יידן האָבן אונטערגעצונדן. געווען איז עס אַ צוויי־דריי וואָכן פאַר ענדגילטיקער געטאָ־ליקווידאַציע, ווידער האָט מען אַלעמען גענומען — די רעשט ביסל מענער איבערהויפּט — געבראַכט צום אָפּגעברענטן מיל מיטן אַבזיכט אַלעמען צו דערשיסן דאָרט. דער פּאָליאַק, אייגנטימער פונעם מיל האָט געוווסט, אַז אַלע זיינען אומשולדיק. אַלאַרמירט האָט ער דעם זאָנדער־קאָמענדאַנט מיט אייניקע רייכסווער־אָפיצירן און געשווירן זיך, אז עס איז געווען בלויז א מיסגליקלעכער צופאַל, וועלכע האָט ניט מיט יידן קיין שום שייכות. ווידער האָט מען אַלעמען באַפרייט.

ענדלעך איז פאַר מיר ווי פאַר נאָך אייניקע קלאָר געוואָרן אַז עס גייט צו ענדע, מיר האַלטן שוין ביים סוף. ניטאָ מערער וואָס צו פאַרבלייבן אינעם געטאָ, מען מוז אַוועק! כ'האָב שוין געהאַט אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט אנטלאָפענע קריוויטשער אין וועלדער. כ'האָב שוין געוווסט, אז מען גרייט

[1] אַן אָפּקלאַנג פון ערשטן ניט געלונגענעם אַטענטאַט אויף קאַראַקאַזן דורך פאַרטיזאַנער וואָס האָבן דאַסמאָל בלויז פאַרוונדעט אים. דער זעלבער איז אַכצן מאָנאט שפּעטער דערשאָסן געוואָרן דורך פאַרטיזאנער.

זיך אַריבערגיין „זאַ ליניו פראָנטאַ״: — באַזוכט האָב איך צוזאַמען מיט מיין נאָענטע חברטע קלאַראַ טאוגער אויף זייער „פּלאַצוווקע״. כ׳האָב שוין געבראַכט צו זיי מיין מאַמע ביילע מיט אונדזער טעכטערל ווי עס האָט דערציילט דאָ אויבן מיין מאַן עליע. די טראַגישע ווירקלעכקייט איז אָבער שטאַרקער געווען פון יעדער מענטשלעכער אויסטראַכטעניש. צו שנעל זיינען געווען די פּאַסירונגען און מיר האָבן ניט באַוויזן צו רעאַליזירן אונדזער פּינקטלעך אויסגעאַרבעטן פּלאַן.

## דער בלוטיקער דאָנערשטיק

אַ טאָג צוויי פריער בין איך געווען ביים שוסטער איטשע־וועלוול אַלפּעראָוויטש אויסערן געטאָ דערוויסן זיך צי שטייען זיי צו, צום אַוועקרוקן זיך פון שטעטל. געווען איז עס אַ צוויי טעג נאָך יום־כיפּור. דער געטאָ איז שוין גוט באַוואַכט געווען פון פּאָליציי; ס. ס. האָבן זיך שוין אַרומגעדרייט, אָבער מענטשן זיינען נאָך אויף אַרבעט געגאַנגען... מען האָט נאָך געקענט אַרויס — כאָטש די וועכטער האָבן געפרעגט יעדן וווהין... אלנפאַלס האָט מען ניט געדאַרפט זיין אַזוי פיל איבערגעשפּיצט, כדי פילן און וויסן אַז מען גרייט אונדז צום לעצטן טראַגישן וועג.

כ׳בין אָבער שטאַרק פאַראינטערעסירט געווען, וואָס מערער מענטשן זאָלן אַוועק און ראַטעווען זייערע לעבנס אויף דעם איינציקן וועג. ביי איטשע־וועלוולען האָב איך געפונען רייזלען — אַ דאַלהינעווער ווייבל מיט אַ טאָכטער — וואָס האָבן זייער מורא געהאַט צו בלייבן מערער. ווייל עס איז שוין שפּעט געווען האָב איך זיי געבראַכט מיט מיר אין געטאָ. שיינקע מיין שוועסטער האָט צומאָרגנס גאָר פרי אַוועקגעפירט דער דאַלהינעווער מיט איר טאָכטער אין קניאַהינין אויפן סטאַנציע. זי האָט פון דאָרט געבראַכט צו אונדז דער פרידע יאַבלאָנאָווסקי — אַ מיידל פון בריסק, וואָס האָט פאַר די סאָוויעטן געאַרבעט אין קריוויטשער באַנק און איז געווען פסח זילבערגלייטס אַ חברטע. זי האָט געאַרבעט אין קניאַהינין און קראַנק געוואָרן... אויף איר גאַנצן קערפּער אויסגעשאָטן צעקראַצטע בלוטנדע ווונדן. זי איז געווען באָרוועס און נאַקעט ווי אויך הונגעריק. איר הויט אויפן גאַנצן גוף האָט זיך צו יעדן ריר אינגאַנצן אויסגעשיילט און אַראָפּגעפאַלן. אַזוי האָט שיינקע איר געבראַכט אין דער געטאָ־שטוב. וויסנדיק די סכנה פונעם אָנשטעקן זיך, האָבן מיר זייער מורא געהאַט; בשום אופן אָבער האָבן מיר זיך ניט געקענט אָפּזאָגן פון העלפן איר פאַרלייכטערן אירע שמערצן. מיר האָבן וואַסער געוואַרעמט, געוואַשן איר גוף לאַנגזאַם און לייכט. אַלס נייטערין האָט אונדזער שיינקע באַקומען פון צייט צו צייט אַ ביסל פעטס און דאָקטאָר מאַקאַרע־

וויטש — צו ווען איך האָב נאָך געהאַט א צוגאַנג אין געהיים — האָט פּאַר אַ גאָלדענע מטבע צוגעגרייט פונעם פּעט א קרעם צו שמירן פרידעס ווונדן. איר לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט, אירע ווונדן האָבן זיך גענומען היילן. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז צום דאָנערשטיק.

גאָר פרי בין איך יענעם טאָג אַוועק צו בנימין גיטליצן אָפּרעדן זיך — צי וועט ער מיט זיינע בני־משפּחה מיט אונדז מיטלויפן און ווער נאָך — נאָך אַ קורצער ווײַלע בין איך שנעל אַוועק צוריק. אויפן וועג האָט מיר אַ געהילף־פּאָליציאַנט פאַרהאַלטן און אין פּאָליציי געבראַכט; מען האָט מיר גלייך פאַרשלאָסן אין בוידעם־שאַלקע אויפן דריטן עטאַזש. דורכן אָפענעם פענצטערל האָב איך ארויסגעקוקט אויפן גאס און אָבסערווירט וואָס טוט זיך. פּלוצלונג האָבן מיינע אויגן באַמערקט — אייזיק וואלמאַן ווערט געפירט דורך צוויי באוואָפנטע פּאָליציאַנטן אויף זיין לעצטן וועג... געאַרבעט האָט ער ביי יאַשקע דעם מילנער און פון דער אַרבעט גענומען געוואָרן. ער האָט נאָך באַוויזן מיר אַ געשריי טאָן: „אויך דיר מאַריאַשע האָבן זיי דערטאַפּט? ווען דו דרייסט זיך ארויס גריס רייזלען מיט מיניע־ליבעלען און רייילס שוועסטער...” אזוי זיינען זיינע לעצטע ווערטער געווען. געזען האָב איך ווי אַ ביקסן־קאָלבע האָט געהאַקט אויף זיינע פּלייצעס און זיי האָבן אים אַוועקגעשלעפּט.

די טיר איז אויפגעשלאָסן געוואָרן, אַריין איז אַ פּאָליאַק און פאַרלאַנגט פון מיר גאָלד... מיין ענטפער דערויף איז געווען, אַז חוץ מיין נשמה האָב איך מער גאָרניט... גלייך איז ער ארויס און ווידער פארשלאָסן — ניט רעאגירנדיק אַפילו אויף מיין ביטע אָפּצופירן מיר צו אַלע יידן אין געטאָ. אַ לענגערע ווײַלע איז דורך; פונעם פענצטערל האָב איך ניט אָפּגעטראָטן און ווייטער אָבסערווירט אויפן גאַס אַרום. אויף דאלהינעווער גאַס, האָב איך געזען — אַלע לאָקאַלע געהילף־פּאָליציאַנטן באַוואָפנטע און נאָך פיל אומבאַקאנטע ווי אויך דייטשן — פאָרן אין דער ריכטונג צום געטאָ — „אָט איז אונדזער בראָך!” — האָט פון מיר אַרויסגעשריען. אַ ווילדע וווט האָט מיר אָנגעכאַפּט, געפילט האָב איך אַ כוח אין מיר. אַ וואָרף געטאָן האָב איך מיר אויפן טיר געבראַזגעט און געריסן... די טיר האָט זיך ניט געעפנט...

פּלוצלונג באמערקט האָב איך דעם קאַכלנעם אויוון מיט דער מחיצה וואָס טיילט אָפּ די שאלקע פונעם קאָרידאָר. כ׳האָב שנעל צוגעשטעלט דעם טישל און ארויפגעקראָכן. מיט הוילע הענט האָב איך גענומען רייסן די קאַכל און ציגל און איינגאַנצן צעבראָכן די מחיצה פונעם בוידעם. באַלד איז שוין אָפן געשטאַנען גרייט אַ גאַנץ ברייטע לאָך און גאַנץ לייכט און געשווינד האָב איך מיר אַדורכגעשארט אויפן צווייטן זייט אין קאָרידאָר. ווייטער ניט געטראכט קיין סך, האָב איך מיר אָנגעכאַפּט אָן פּאָרענטש פון די טרעפּ און גאָר שנעל

בין איך שוין געווען ביי דער פאַרשלאָסענער טיר אונטן, ביי פאַרקראַטעוועטע פענצטער... כ׳האָב מיט כוח אַ ריס געטאָן די קלאַמקע פון טיר און גאָר האַסטיק האָט זיך דער שלאָס אויפגעריסן. ענדלעך איז דער אַנטווייכונגס־וועג געשטאַנען פאַר מיר אָפן... מיין ווילדע ווּט איז פלוצלונג פאַרגאַנגען. כ׳האָב מיר געזען שוין אויפן גאַס. שטיל אַרום און אַרום — עס איז דער סעזאָן פון קאַרטאָפל גראָבן. עס איז ניטאָ קיינער און איך בין פריי!... טראָץ דער פלוצלונגער שוואַכקייט, וואָס האָט מיר פאַרכאַפּט און פאַרשלונגען האָב איך דאָך גענומען לויפן. וואָס אמת — געצויגן האָט מיר צו וויסן וואָס איז דאָרט מיט אלע אין געטאָ פאַרבליבענע? — דער דראַנג צום לעבן איז אָבער שטאַרקער געווען. מיט מיינע לעצטע כוחות האָב איך גענומען לויפן — לענגאויס דעם וועג אויף קאַוואַלי. לויפנדיק האָב איך דערזען אַרטשיקן מיט ראַשקע העוועסעס אַרבעטן ביים דרעשן האָבער ביי סעלוויטשן. כ׳בין צו זיי צוגעלאָפן מיטן גערוף: — „עס איז אַ שחיטה ברידער! לויפט מיט מיר טייערע״ — אַ ריס געטאָן האָט אַרטשיק דעם זאַק ברויט, וואָס ער האָט געהאַט און גענומען לויפן, ראַשקע האָט נאָכגעפאָלגט; אַ דריילינג זיינען מיר שוין געלאָפן...

— ווידער האָב איך פונעם וועג אָפּגעטראָטן; אַריינגעלאָפן בין איך צו פעטליצקי און מיטגענומען ציפּקע שלמהס. פיר זיינען מיר געלאָפן שוין. פלוצלונג האָב איך פונווייטן באַמערקט אַ קאָנוואָי דייטשן מיט פּאָליציי, וואָס איז — אונדז אנטקעגן געפאָרן אויף מאָטאָציקל. כ׳האָב מיר שנעל אין אַ זייט פאַרנומען און אַנדערע נאָך מיר. געלאָפן האָבן מיר אין דער ריכטונג פון קראַסנע — — —

אַ קריסט איז געשטאַנען ביים שייער און אונדז אָנגעקוקט ווי מיר לויפן. כ׳האָב אַ זאָג געטאָן: — „געדענק! דו האָסט קיינעם ניט געזען און ניט געהערט! שיקסטו נאָך אונדז פּאָליציי צי דייטשן וועלן מיר ביינאַכט קומען און דיין שטוב אונטערצינדן! ברענען וועסטו מיט אלע דייניקע...״ פול אנגסט האָט דער פויער זיך געצלמט און געשוווירן אַז ער וועט קיין שום זאַך ניט זאָגן חלילה... מיר זיינען ווייטער געלאָפן און אַריין אין וואַלד. ביז שפּעט אין אָוונט זיינען מיר דאָרט פאַרבליבן. אָפּגערוט פון לויפן, פונעם קוראַזש און באַמיט צו ענטפערן אויף דער פראַגע וווהין ווייטער? געפּייניקט האָט אונדז די פראַגע: זיינען מיר פיר בלויז די איינציקע און לעצט געבליבענע? געוווסט האָב איך, קיין סלאָבאָדע זיינען נאָך פון נעכטן אַוועק אַ צען פרויען און ניט צוריקגעקומען קיין געטאָ אפשר זיינען זיי לעבן געבליבן? ווו איז שיינקע מיינע? ווו איז חיה־סימע מיט אירע טעכטער? וואָס וועט זיין מיט מיין עליען? כ׳האָב באַשלאָסן אָפּנויגן צוריק אַ ביסל — זוכן זיי וויניקסטנס און געזאָגט עס מיינע מיטלויפנדע, וועלכע האָבן אָן קיין שום ווייטערס גוטווילי

איינגעגאַנגען דערויף. גלייך האָבן מיר זיך אויף סלאָבאָדע פאַרנומען און געקומען אַהין.

אויף אונדזערע פראגן האָבן די הויף־אייגנטימער געענטפערט, אַז די פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט ביים טריקענען טאַבאַק האָבן זיך ניט ווייט פון דאַנען פאַרשטעקט. אָנגעקומען איז די קריוויטשער פּאָליציי און ניט געטראָפן קיינעם...

„אַנטלאָפן זיינען די ווייבער...״ מיר האָבן זיי געזאָגט, אַלע פון פּאָליציי זיינען שוין צוריקגעפאָרן. עס איז קיינער פון זיי ניט געבליבן דאָ. „היטן דארפט איר זיך אָבער פאַרן אָרגאַניסט, פאַר לודוויקן — וועלכער האָט אַכטונג געגעבן אויף די פרויען, וואָס האָבן לויט אונדזער ווונק אַנטוויכן. ער האָט געכאַפּט זיין ביקס און געלאָפן אין וואַלד שיסן די פרויען...״ (די נידעריק אומוויר־דיקע בריאה, דער מיאוסער רוצח!) —

כ׳האָב נאָך זוכה געווען ברענגען אים צום חשבון... כ׳האָב זיך מיט אים ווי ס׳דאַרף צו זיין אָפּגערעכנט...

אָנגעוויזן האָבן זיי אונדז ווי צו גיין ניט אנטדעקט צו ווערן פון קיינעם. מיר זיינען אַוועק אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. ציפּע איז שוואַך געוואָרן. כ׳האָב איר ממש אויף די הענט געטראָגן. מיר האָבן שוין קיינעם ניט געטראָפן. איך האָב באַשלאָסן איבערצושיקן אַ צעטעלע מיין מאַן — האַלטנדיק זיך ביי דער מיינונג אַז ער איז נאָך באַהאַלטן ביים פויער — ווו ער האָט געאַרבעט. (דעם טרויערדיקן סך הכל האָבן מיר שוין געוווסט פון בורמייסטערן: אויפגע־געריסן איז דער געטאָ. אַלע יידן טויט... אויסגעמאָרדעט געוואָרן זיינען אויך אלע, וואָס האָבן געארבעט ביי פויערן אינעם דאָרף...) כ׳בין אנטשלאָסן געווען אפילו צו בלייבן אליין ווארטן אויף מיין מאַן. מיינע מיטלויפנדע האָבן אפילו ניט געוואָלט אָן מיר אַ ריר צו געבן זיך און זיינען אויך געבליבן ווארטן... אַזוי איז געווען די נאַכט פונעם בלוטיקן דאָנערשטיק. אַדורך איז פרייטיק ווי אויך שבת. מוצאי־שבת אינמיטן נאכט איז געקומען מיין עליע. זונטיק אינדערפרי האָבן מיר גערוקט אין ווייטן אומבאקאנטן וועג. באַשלאָסן האָבן מיר אוועקצוגיין אין די „האבער־בלאָטעס״. אפשר וועלן מיר דאָרט געפינען אונדזעריקע.

## אַ לויף־געווועט מיטן לויערנדן טויט, טויט באַדראָט פון אַלע זייטן

שוין אַ וואָך צייט צי מערער ווי מיר האָבן זיך געדרייט אינעם לאַנגן וועג; פאַרביי זיינען מיר פיינטלעכע דערפער און אומגעגנטן. די שרעק פאַרן

אָנגריף פון לאָקאַלע דאָרפישע קריסטן האָט געקענט ווערן אַן אמתע רעאַלע מעגלעכקייט. זיי האָבן אונדז גאָר לייכט געקענט הרגענען. מען האָט אונדז ניט געוואָלט אויפנעמען, ניט געלאָזן אָפּרוען אויף אַ מינוט און אָנוואַרעמען זיך, קיין גלאָז וואַסער אויך ניט געגעבן... (נאָוועמבער 1942!). זיי האָבן אונדז אַפילו ניט געזאָגט וווהין מיר זיינען דערגאַנגען — ווו מען געפינט זיך — ווי אַזוי דערגיין צו די בלאָטעס — כ׳האָב נאָך אַלץ געזוכט מיין שוועסטער שיינקען און אַנדערע. און אָט אין אַ שיינעם העלן ווינטער־טאָג אין שניי־ווייס באַדעקטן וואַלד. צווישן בוימער! — אַ גרופּע פרויען האָב איך פון דער ווייט באַמערקט — און תיכף גלייך פריער פון אַלע דערקענט האָב איך דעם שטיפערישן קאָפּ (אויך דעמאָלט!) און פריילעכע „ציגענע” באַוועגונגען פון מיין שוועסטער... שיינקע! שיי־נ־קע! און ניט מער... כ׳האָב מיר געלאָזט לויפן.

מיין שוועסטער שיינקע האָט מיר שוין פאַררעכנט צווישן אַלע אומגעקומענע; ניט געגלויבט האָט זי מיר ווידער צו זען. דערציילט האָט מען איר, אַז מען האָט מיר שוין געזען דערשאָסן דורך די קריסטן — נאָכדעם ווי דער פּאָליס האָט מיר פאַרהאַלטן יענעם טאָג — און דערזעענדיק מיר אַ לעבעדיקער, איז זי געווען איבער גליקלעך... — כ׳האָב מיר אַרומגעקוקט אויף שיינקען, אויף די אַנדערע... געזעסן זיינען אַלע פאַרחושכט, איינזאַם און פאַריאושט, פאַרהונגערט און פאַרלייזיקט — חיה־סימע מיט אירע טעכטער, מייטע ציפּעס שנור, אסתר ראַבינאָוויטש מיט איר טעכטערל חיהלע; אַלע — אויך מיט מיר איינגערעכנט — זיינען געזעסן בעטנדיק אויף זיך דעם באַפרייערישן טויט. איז עס כדאי געווען צו לעבן נאָך און לויפן געיאָגט אַזוי, כדי צו טרעפן זיך אויף דעם אופן? ניט נאָר זיי האָבן מיינע פארגאפטע אויגן אזוי געזען; מיין אויסגעשאָסן, אויסגעשאָכטן און פאַרברענט יידיש שטעטל, וואָס געווען, האָט זיך אין זיי אָפּגעשפּיגלט, אַלע אַרומיקע שטעטלעך; מיין אויסגעהרגעטער יידישער פאָלק, מיין געלעסטערטער גאָט! אַ חיהשער רעווען האָט זיך — פון מיין אינערן אַרויסגעריסן... מיין האַרט־פאַרגליווערט אייז־פאַרפרוירן האַרץ איז צעגאַנגען און געוואָרן וואַסער. כ׳האָב געוויינט, אַלע האָבן מיטגעוויינט, געוויינט האָבן אויך וואַלד און בוימער. הימלען בלויז — —פרעמדע וועלפיש בייז גרין־בלאָע און פארפרוירענע — האָבן גלייכגילטיק געשוויגן...

ווידער געהולכט, ווייטער געקראָכן און געגאַנגען, געלאָפן איבער פעלדער וועלדער, מען האָט שוין טיף אין בלאָטעס געבראָדזיעט און סוף כל סוף זיינען מיר געווען שוין אין נאָראַנער אומגעגנט און גלייך געגומען זוכן יידן. אַ פּאָר טעג האָבן מיר זיך געדרייט אין זומפּן און בלאָטעס — ביז מיר זיינען צוגעקומען אויף אַ בערגל פול צעגויפגעשטעלטע געצעלטן ווי אויך עפּעס ענלעכס אויף פּאַלאַטקעס — צוזאַמענגעשטעלט פון קאָצן און שמאַטעס. דאָרט זיינען

געווען שוין אַ שיין ביסל יידן. עס איז גאָר שווער געווען צוקומען צו די געצעלטן, צוליב די זומפּן. אַפילו ס׳בערגל ווו געצעלטן זיינען געשטאַנען, האָט געטונקט אין וואַסער און אויסשעפּן האָט מען געדאַרפט וואַסער פון די בלאָטעס — ס׳זאָל זיך אַביסל טריקענען כדי אַוועקצושטעלן נאָך אַ געצעלט...

— אַזוי איז עס געווען אָנקומענדיק אויפן פּלאַץ. ווידער קאָנפראָנטאַציע און באַגעגענישן מיט עלנט און אומגליק. ווו דו קערסט זיך נאָר און גיסט אַ קוק אומגליק בלויז! קריוויטשער, דאַלהינעווער און מיאַדלער. אָט איז אסתר אַ יידענע פון אַ בעל־הבתישער הויז אין מיאַדל — ביז אַהער געפירט אַ לעבן ווי ס׳דאַרף צו זיין — פון מיאַדל אנטלאָפן מיט א זון און טאָכטער פון 19 און 20 יאָר אלט, האלטנדיק אויף די הענט א זונעלע פון איר 2־טן מאַן. פון פארביטערונג האָט זי אינעם זומפּ אריינגעוואָרפן ס׳קינד. לויפנדיק פון מיאַדל איז זי מיטן קינד אַרויסגעלאָפן אָן אַ וואַרעמען בגד אין דער קעלט, דער זון און טאָכטער זיינען צוריק אין שטוב אַריין, נעמען אַ מלבוש פאַרן קינד. געכאַפּט האָבן זיי קריסטן און פּאָליציי און גלייך אויפן אָרט רוצחיש מיט העק דערמאָרדעט! דעריבער האָט זי דאָס אומשולדיק קינד אוועקגעוואָרפן און ניט געוואָלט הערן זיינע געשרייען און געוויין. ער איז שולדיק אין זייער טויט! אַן אַנדער אומגליקלעך מוטער האָט דאָס פאַרחלשט קינד אויפגעהויבן, איינגעטוליעט און אַנטלאָפן מיט אים — ווערנדיק געיאָגט פון דער מוטער, וואָס האָט געוואָלט דאָס קינד זאָל ניט לעבן... וואנזין, אייפערזוכט און קנאה, האַס? און אפשר אלץ צוזאַמען?! ווער ווייס ווער קען דען ענטפערן דערויף?! אַ משוגענע צייט, משוגענע מענטשן... גאָט מיין גאָט! כוח גיב מיר צו דערציילן... מיר זיינען ניט געבליבן. מיט מיין עליען, שיינקען ראשקע און אהרונען זיינען מיר שנעל אַוועק און דערשלאָגן זיך אין קאַמיענגער וואַלד אויף דער ווילִיע — ווו מיר זיינען אַריבער אויפן צווייטן זייט פונעם טייך — (כ׳וועל דורכלאָזן דאָ דעם ערשטן דייטשן איבערפאַל אויף אונדז אין וואַלד — ווי אַזוי איך בין אַליין געבליבן כמעט נאַקעט, וועלנדיק זיך אָפּטרייסלען פון „קריכנדע ברואים". עליע האָט שוין וועגן דעם דערציילט).

— וואָס איז מיר צו טאָן געבליבן? איך האָב מיר פאַררוקט אין אַ קוסט און געוואַרט... כ׳האָב געהערט די שיסעריי, קאָמענדע־באַפעלן, הילף־געשרייען ראַטעוועט! זידל־ווערטער און אַ סך געוויין, נאָכדעם איז אַלעס פולשטענדיק שטיל געוואָרן. אויפגעהערט האָט שיסעריי און פארשוויגן די געשרייען — אַ טויט־שטילקייט האָט זיך פאַרשפּרייט. איך בין געזעסן און ניט געוויינט, ווייל ווער וויל הערן, ווער קען הערן? באַהערשט האָט מיר ווידער א משוגענער געדאנק; — אלץ און אלע זיינען שוין ניטאָ... איך בין די איינציק

געבליבענע יידישע טאָכטער... פאַרוואָס בין איך אַזוי געשטראָפט? טו איך דען פאַרברעכן מיט דעם וואָס איך וויל נאָך לעבן? שיינקע! וווּ ביסטו שוועס־טער? כ׳האָב דאָך שוין דיר ווידער געפונען... האָב איך דיר ווידער אָנגעוווירן ניט מער צו געפינען?

ווי לאַנג איך בין אַזוי געזעסן ווייס איך ניט... אַדורך זיינען שעהן פון טאָג, עס איז פינצטער געוואָרן. עס איז נאַכט און אַזוי קאַלט! זאָל איך נאָר ניט פרירן און פאַרפרוירן ווערן! כ׳האָב גענומען שפּרינגען, טאַנצן — זיך דערוואַרעמען — ניט דערווייטערנדיק זיך פונעם קוסט. עפּעס האָט זיך פּלוצ־לונג געלאָזט הערן פון דער ווייט. אַראָפּגעבויגנדיק זיך צו דער ערד האָב איך געהערט אן אָפּקלאַנג פון גייענדע טריט, וועלכע דערנענטערן זיך פון דער ווייט. מען גייט!... ווער זשע גייט אין דער נאַכט? אַ שונא צי אַ פריינט? פריינט... איז עס מעגלעך? האָב איך נאָך אַזעלכע? און ווידער האָב איך מיר פאַררוקט אינעם קוסט אויסקוקנדיק ווער קומט אָן. איך זיץ אין דער קעלט מיט אויגן אָנגעשטרענגט פאַרשאַרפט, אויערן אָנגעשפּיצט ווי אַ קאַץ... שוין זע איך סילועטן פונדערווייט, ס׳גייט אַ שורה — איינער נאָכן אַנדערן. זיי גייען פונקט אַנטקעגן, שטיל זיינען טריט און אָפּגעהיט... ווידער גרייט זיך אַן איבערפאַל? כ׳הער ניט אויף אויסצוקוקן. אָט זע איך שוין א שורה פון זיבן זיי גייען און זיינען שוין נאָענט. פּלוצלונג א באַקאַנטע שטימע. אַ יידיש וואָרט! אַ שטיל באַפעל אויף רוסיש. אַ שטילער שמועס אויף רוסיש און ווידער יידיש... פאַרטיזאַנער גייען און צווישן זיי אויך יידן, אויך יידן! כ׳זיץ נאָך און וואַרט. כ׳קוק אַלץ, שטרענג אָן מיינע בליקן; כ׳זע: — דער ערשטער איז ניט קיין אַנדערער ווי אַ קריוויטשער. ס׳איז דאָך עליע! ווי ער גייט מיטן אויטאָמאַט! — כ׳לויף ארויס אנטקעגן ניט טויט ניט לעבע־דיק מיטן גערוף: עליע! מיינע אויגן פאַרטרערט די קעל דערדריקט, עפּעס שטיקט... עס פעלט מיר לשון, כ׳נעם אים אַרום...

— „מאַריאַשע! — פונוואַנען האָסטו זיך גענומען אַהער?" — אַלע האָבן שוין דערציילט אַז דו ביסט פאַרשוווּנדן... געשטאַנען האָבן מיר אַרומגענומען ביידע אָן לשון... אַ ווײַלע בלויז זיינען מיר געשטאַנען אַזוי און דער ערשטער האָט עליע צו מיר אַ זאָג געטאָן: — „מיר גייען איצטער אויף אַן אויפגאַבע. אין פאַרלויף פון אַ פּאָר שעה וועלן מיר זיין צוריק. דו וועסט גיין מיט אַ חבר אין שטאַב, ווייל קענסט ניט וואַרטן ביז מיר וועלן זיין צוריק"...

— „קען איך מיט אייך גיין?" — האָב איך דערויף געזאָגט ווי עס וואָלט מיר צוגעקומען פיל כוח — כ׳וויל זיין מיט פאַרטיזאַנער. איך

האָב גלייך רעזיגנירט פון דעם. כ׳האָב דערציילט ווי כ׳בין אַהער געקומען און אויסגעדריקט מיין זאָרג וועגן מיין מאַן און שוועסטער.

— „סעמיאָן, שמעונקע — האָט עליע געזאָגט צו א בחור — פיר איר אָפּ אין שטאַב און קום צוריק שנעל! מיר גייען ווייטער.

איך בין אַוועק מיט דעם „סעמיאָן״. אַ קורעניצער איז ער געווען. מיר זיינען גאָר שנעל געגאַנגען (ווייל ער האָט זיך געאיילט) און געקומען אין לעשניקי — ווו עס איז געווען דער שטאַב פון גרופּע. ער האָט מיר צוגעפירט צו אַ גרעסערער פּאַלאַטקע ווו עס זיינען געווען יידן און איז שנעל צוריק אַוועק. מען האָט מיר גלייך געגעבן עסן און טרינקען... יעדער איז געווען פאַראינטערעסירט צו הערן ווי אַזוי קום איך אין לעשניקי. יעדער האָט מיר געפרעגט צי האָב איך עמעצן געזען פון זייניקע? יעדער האָט געהאָפט אַז עפּעס אַ נאָענטער איז אים געבליבן... כ׳האָב אָפּגעגעסן און אָפּגערוט. מיין ווילן אָפּוואַשן זיך און מיין גוף אויסרייניקן האָט מיר ניט צורו געלאָזט. כ׳בין גלייך אַוועק צום טייכל, אָפּגעטונקט זיך און גלייך אָנגעטאָן צוליב דער קעלט — אויסטרייסלענדיק פריער אויף וויפל כ׳האָב געקענט מיינע זאַכן. כ׳בין אַוועק אין דאָרף און אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר... די טיר האָט זיך געעפנט: אַן אַלטע פרוי אַ קאָלכאָזניצע האָט מיר דערזען און זיך געצלמט: „פאַרוואָס קינד מיינס שטראָפט דיר גאָט אַזוי שווער?״... זי האָט מיר אַוועקגעזעצט, געגעבן הייסע וואַסער צו טרינקען און דערוואַרעמען זיך, געבעטן, האָב איך וואָס אָנצוטאָן. זי האָט מיר געגעבן אַן אַלטן פעלץ (נאָך פון איר באָבען) שטאַרק פאַרקוזשעט. אַז כ׳האָב אים נאָכדעם אויפגעהאָנגען אויף אַ צווייג פון אַ בוים זיינען וואָלקן שטויב אַרויס און פונאַנדערגעגאַנגען. נו, בעסער ווי גאָרניט, דאָך עפּעס וואָס אָנצוטאָן...

כ׳האָב באַדאַנקט דער אַלטער קריסטין און אַוועק. מיינע זאָרגן און שרעק איבערן גורל פון מיינע נאָענטסטע זיינען ניט מינדער געוואָרן. געשפּרייזט האָב איך ווייטער אין וואַלד צוועקלאָז... פּלוצלונג האָב איך מיינע אויערן אָנגעשפּיצט; כ׳האָב געמיינט צו הערן אַ העשען און יאָמער־געוויין פון אַ קינד. באַמיט האָב איך מיר איינצוהערן און ווידער האָב איך מיט מיין צוהערן זיך, קלאָר דערקענט אַן אומאויפהערנדן געוויין און א גערוף מאַמע! מאַמע!... איך בין אַוועק אין דער ריכטונג פונעם אָרט — פון וואַנען כ׳האָב געהערט די וויינענדע רופן. אַסאָציאַטיוו געזען האָב איך מיין טעכטערל. ווער ווייס וואָס איז מיט איר, זיצט זי ניט ערגעץ און רופט מאַמע מיט אַ געוויין... און וואָס איז מיט מיין מאַמען? נאָכן אָפּגיין אַ דריי הונדערט מעטער האָב איך צווישן ביימער דערזען אַ פרוי ליגן און לעבן איר אַ מיי־

דעלע פון אַ יאָר אכט הערט ניט אויף צו רופן איר מאַמען, וואָס איז געווען טויט... כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד צוגעטוליעט, געשטילט און אַוועק מיט איר צוריק אויפן פּלאַץ — ווו שמעון דער קורעניצער האָט מיר פריער געבראַכט.

אָנקומענדיק אויפן פּלאַץ זיינען שוין עליע מיט זיין אויסשפיר־גרופּע געווען צוריק. ער האָט זיך אויף מיר געבייזערט וואָס איך בראָדזשיע אַרום אַליין און האָט שוין געשיקט מענטשן זאָלן מיר זוכן... איך האָב דערציילט אַלעס, וועגן דאָס געפונענע קינד, כ׳האָב אויך אנטפּלעקט מיינע זאָרגן אי־בער דער שוועסטער און מיין מאַן. אַלע מענטשן פון שטאַב זיינען צו מיר געקומען זען דאָס קינד. אַפילו דער שטאבס־קאָמאַנדיר האָט געוואָלט מיר זען און אויסגעדריקט וואַרעם זיינע געפילן צוליב אַזאַ מין טאַט. ער האָט באַפוילן עליען שיקן צוויי מענטשן מיט מיר זוכן מייניקע און אפשר נאָך גע־בליבענע פונעם איבערפאַל. כ׳בין מיט זיי אַוועק אַהין — אַ מהלך פון א 15 קילאָמעטער און אָנגעקומען דאָרט. עס איז ניט געבליבן קיין לעבעדיק נפש. טויטן־קערפּער האָבן זיך געוואַלגערט... אויף צווייגן פון בוימער האָבן געהאָנגען הענט און פיס, שטיקער פלייש און אָפּגעריסענע גלידער דורך אוי־טאָמאַטן־קוילן, טאַנק־שראַפּנעלן און באָמבעס פון אויבן... איך האָב שוין ניט געוווסט צי לעבט נאָך מיין אליהו צי ניט; און שיינקע? — מיר זיינען צוריק געלאָפן שנעל און אָטעמלאָז ווייל עס איז געוואָרן שפּעט, גאָר שפּעט...

געווען זיינען מיר אין וועג אַ צוויי טעג, ביז מיר האָבן צוריק געקערט אויפן פלאַץ. דערווייַלע האָבן „ציווילע״ יידן אויפגעשטעלט „זיעמליאנקעס״ און אויך אַ בעדל כדי אָפּצוהיטן קערפּערלעכער ריינקייט. עס איז געשאַפן געוואָרן א מין לאַגער פאַר ניט קעמפנדע פּערזאָנען — וועלכן פאַרטיזא־נער־כוחות האָבן פּראָטעזשירט. אַ טייל פון אונדז האָט אויפגעפּאַסט און געהיט, אַ טייל איז געגאַנגען איבער דערפער אויסבעטלען עסן. די פּאַרטי־זאַנער־גרופּן, וועלכע האָבן אויף אונדז אַכטונג געגעבן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען אונדז — צוליב זייערע סיבות און אָפיציעל — ווייל מיר האָבן ניט געהאַט קיין וואָפן... מיר האָבן ענדלעך אויך ניט געקענט אַדורכרייסן זיך דורך די פראָנט־ליניעס — כאָטש ניט איין פאַרזוך האָבן מיר געמאַכט דערצו, מער ווי צו פּאָלאָצק—וויטעבסק־אומגעגנטן האָבן מיר ניט אָנגע־שפּאַרט — —

## אַ צוזאַמענשטויס מיט שונאים

אין ליעשניקי איז מיר אויך אויסגעקומען מיט הנאה און שאָדנ־פרייד, הערן און „צוקוקן״ זיך פונדערווייט ווי שונאים אונדזערע — דייטשע

רוצחים מיט זייערע אַלערליי מיטהעלפּער, בלוטיקן. אַ פּאַרטיזאַנסקע אויס־שפּיר־גרופּע האָט צו וויסן געגעבן אַז אַ גרעסערער צושטעלונגס־קאָנוואָי דאַרף דורכפאָרן — באַגלייט דורך באַוואָפנטע געסטאַפּאָ־גרופּן ווי אויך ס. ס. צום פראָנט.

אויפן פּאָלאָצק—וויטעבסק־שאָסיי פון ביידע זייטן, זיינען צעשפּרייט געוואָרן אַ מענגע לויער־גרופּן — צו דריי־פיר מענטשן מיט ביקסן און איין אויטאָמאַט — גוט פאַרבאַהאַלטן. דער קאָנוואָי האָט זיך אַלץ ווייטער דער־נעענטערט ביז זיי זיינען ממש געווען שוין אין דערגרייכונג פון פּאַרטיזאַנישע שיס־כלים. חברה האָבן געעפנט אַ שטאַרקן ניט אויפהערנדן ראַפּידן־פייער... שונאים זיינען צעטומלט געוואָרן און דעזאָריענטירט, מען האָט אַלץ הפקר געלאָזן און גענומען לויפן... אין פאַרלויף פון אייניקע מינוטן זיינען שוין געלעגן הרוגים, לאַסט־וואָגן און מאַשינען געברענט. איינצלנע בלויז זיינען אנטלאָפן, אַרום 40 מאַן זיינען טויט געבליבן אויפן אָרט. אַ שיין ביסל שיס־כלים איז דערוואָרבן געוואָרן. געקוואָלן האָט מיין האַרץ, אויגן האָבן גע־פינקלט. כאָטש אַ שטיקל נקמה זוכה געווען צו זען... און ווען אַ שמחה און פרייד — איז פריי זיך! אינגאַנצן אומדערוואַרט איז געקומען מיין מאַן און אַרטשיק מיט ראשקען! שיינקע איז מיט זיי ניט געווען. פרייד און טרויער א שמחה און צער!... און דאָס לעבן איז ווייטער געגאַנגען און צו אַלעס האָט מען זיך צוגעוווינט... פון די קאָנפיסקירטע שפּייזן און דייטשע פראָוויאַנטן — הפקר געבליבענע נאָכן פּאַרטיזאַנער־איבערפאַל אויפן קאָנוואָי — האָבן מיר ציוויליסטן אויך גענאָסן. צוגעטיילט האָט מען אונדז אַ פּאָר שטיקלעך פו־נעם פרישן פלייש וואָס איז געווען, פונעם אויסגעאַרבעטן פלייש און פון אַנדערע פּראָדוקטן. נאָכן דורכלעבן אַ לענגערע צייט הונגערנדיק ממש אָדער כמעט הונגעריק — ווען עס האָט אונדז אונדז באַגליקט אויסצובעטלען וואָס ניט איז ביי די פּויערים — איז עס פאַר אונדז געווען אַ ניט קליינע פאַרלייכ־טערונג.

## איך — מאַריאַשע אַ „וואַליק־מאַכערין"

אַ לענגערע צייט זיינען מיר פאַרבליבן אין ליעשניקי. ווינטער 1943 האָבן סאָוויעטישע אַרמייען אָנגעהויבן זייערע ווינטער־אָפענסיוון אויפן ווייס־רוסישן פראָנט. דייטשן האָבן פון צייט צו צייט באַפאַלן פּאַרטיזאַנער־באַזעס און פאַרשטענדלעך אַז אָנגעגריפן געוואָרן איז אויך ליעשניקי וואָס איז געווען א וויכטיקע באַזע מיט א צענטראַלן שפּיטאָל פאַר פּאַרטיזאַנער־איינהייטן, ברי־גאַדעס און פּאָלקן. דער עיקר פון פּאַרטיזאַנער־כוח האָט גערוקט ווייטער אויף קעמפערישע אויפגאבן. „ציווילע" זיינען זיך צעגאַנגען איבער דער־

פער; מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען מיט ראַשקען און אהרונען ווי אויך מיט שמעון דעם מיאדלער און זיין משפחה. אַלע זיינען מיר געווען אין אַ געוויסן דאָרף.

מיט ראשקען בין איך אַוועק אין אַ צווייטן דאָרף אויף א „ווירטשאַפטלע־כער אויפגאַבע" — עס הייסט בעטלען ברויט פשוט געזאָגט — אָדער אויס־בייטן אַ פּאָר שמאַטעס. אַ געוויסע פויערטע האָט אונדז דערלויבט דאָרט איבערנעכטיקן אויפן אויוון אין איר כאַטע. ליגנדיק אויפן אויוון האָב איך דערציילט ראשקען אז דאָ ניט ווייט אין דאָרף זאוושיריע איז פאראן א פּוי־ערטע וואָס מאַכט וואָליקעס. ביי אָט דער אַרבעט קען מען גוט פאַרדינען און ווען איך האָב 5 רובל גאָלד וואָלט איך מיר אויסגעלערנט. ענטפערט ראשקע אַז זי האָט. פיל האָבן מיר ניט איבערטראַכט און מיר זיינען אַוועק אַהין, צו דער פויערטע. געזאָגט האָט זי אָבער אַז פאַר דעם פרייז קען בלויז איינע זיך אויסלערנען... האָט ראשקע אָנגעפאנגען זיך לערנען און איך האָב מיר פונוויטן צוגעקוקט. אַ פּאָר טעג אַזוי און שוין געכאַפּט האָב איך דעם סוד פון אָט דער מלאכה.

כ'וואָלט נאָך אפשר פארפולקאָמט מערער מיין „פריש־געבאקענעם פאך", ווען ניט אַ מיסגליקלעכער פאַל און צו אַלץ דאַרף מען דאָך מזל... אַ 12־יאָריקער יינגל פון דער קריסטין האָט זיך איין טאָג געשפּילט מיט זיינע חברים. געפונען האָבן זיי אן אלטן ביקס אַ פאַרזשאַווערטן, וואָס האָט שפּי־לנדיק אויסגעשאָסן און דערהרגעט דעם יינגל אירן. זיינען מיר ביידע — איך און ראשקע, די כפרה־הינדלעך... מיר זיינען שולדיק (פאַרשטייט זיך...) ווייל ווען זי וואָלט מיט אונדז ניט באַשעפטיקט געווען, וואָלט זי מערער אַכט געלייגט. (איי זי האָט גענומען 5 רובל גאָלד גיי האָב צו איר אַ טענה...) פאַרשטענדלעך אַז מער האָב איך צו איר ניט געקענט קומען. אַ צווייטער קריסטין האָב איך געבעטן זי זאָל אָננעמען באשטעלונגען און איך וועל אויס־אַרבעטן און מאַכן די וואָליקעס. די קריסטין האָט געוואָלט פריער וויסן צי קען איך באמת אַרבעטן און פאַרלאַנגט פון מיר, כ'זאָל מאכן צוויי פאָר — פאַר איר און פאַרן מאַן. זי האָט מיר געגעבן די מאַטעריאל און איך האָב געמאכט — כאָטש דעם מאַנס וואָליקעס זיינען אַרויס ניט אזוי גוט...

### פון מלאך המוות ציינער

אַדורך איז שוין ווינטער 1943 מיט סאָוויעטישע ווי אויך דייטשע אטאקן און קעגן־אַטאַקן! אַדורך זיינען חדשים פון דייטשער ניט געלונגענער בלאָ־קאַדע — פרילינג 1943. ווידער זיינען זומער און הארבסט כמעט אינגאנצן געווען אונטער די פלייצעס. שווערע צייטן האָבן מיר דורכגעלעבט, פיל גע־

הונגערט. אָבער אז גאָט וויל און שענקט דאָס לעבן און עס איז אויך באַשערט צו לעבן — גייט אַלץ אומבאמערקטערהייט כמעט אַדורך.

פאַר דער צייט האָב איך מיר שוין גוט אויסגעלערנט וואָליקעס מאַכן און האָב שוין פיין געאַרבעט און פאַרדינט געלט אָדער פּראָדוקטן. דערפער האָבן ביי מיר אין „אָטשערעד" געוואַרט... אַ קריסטין אין דאָרף קרושינע האָט אונדז וווינען געלאָזן אין אַ „כאָטע" — ווו מיר דריי, עליע מיט מיר און חיהלע, דאָס אַכט־יאָריק מיידעלע, וועלכע כ׳האָב געפונען אין וואַלד — צוזאמען מיט שמעון דעם מיאדלער — זיין פרוי אָסנע און זייער טעכטערל ליבעלע. מיר האָבן חיהלען געהאַלטן און טראַקטירט ווי אַן אייגן קינד. איך האָב איר גענייט און געשטריקט, אָנגעטאָן ווי עס דאַרף צו זיין... איינמאָל איז אַפילו געקומען אירער אַ פעטער — גרשון גאָרדאָן איז געווען זיין נאָמען — פון צייט צו צייט זיינען געקומען אונדז באַזוכן נאָך אַ פּאָר יידן. (פון די איינציקע פאַמיליעס, וואָס האָבן מערער אָדער ווייניקער געלעבט אין אַ מענטשלעכער שטוב)... אָפטער פון אַלעמען איז געקומען צו אונדז וואָלף דאַנישעווסקי דער שוחט — א גאָלדענער ייד אַן אמתער צדיק! האָט די גאַנצע וואַנדער־יאָרן קיין טריפות ניט געגעסן און אָפּגעהיט זיך בקלה כבחמורה. פּסח נאָר מצה געגעסן, יעדן מאָל האָבן מיר אים געגעבן עפּעס ברויט, קערן פון מאַקאָווקעס צו מאָנאייל. פאַר וואָליקעס, וואָס איך האָב געמאכט האָב איך באַקומען אַזעלכע קערן פון וואָס כ׳האָב געמאכט מאָנאייל. ר׳ וועלוול זכר צדיק לברכה איז דערמאָרדעט געוואָרן אַ פּאָר טעג פאַר דער באַפרייאונג אַלס קדוש וטהור. ערע און ווירדע זיין אָנדענק!

פאַרנאַכטצו איינמאָל (כ׳געדענק ניט היינט גענוי ווען איז עס געווען, חנוכה־צייט תש״ד דוכט מיר — ארום צוואַנציקער דעצעמבער־טעג 1943, בין איך אַוועק אָפּצוגעבן אַ פּאָר וואָליקעס דעם סאָלטיס פונעם דאָרף קאַנצאַוואַיאַ. ביז איך בין געקומען אַהין איז געוואָרן גוט פינצטער. כ׳בין אין שטוב אַריין; אַ מאַן האָט זיך אויפגעשטעלט און געענטפערט מיר „גוטן אָוונט" אויף מיין באַגריסונג. כ׳האָב אים שווייגנד דערלאַנגט די וואָליקעס און אַוועק תיכף צוריק. גייענדיק אהיים האָב איך אָנגעטראָפן מרדכי דעם דאַלהינעווער מיט זיין פרוי. פון זיי האָב איך געהערט, אַזביים סאָלטיס פונעם דאָרף געפינט זיך אַ רויטאַרמייער — אַ יידישער אָפיציר, וואָס איז אנטלאָפן פון דייטשער געפאַנגענשאַפט צו די פאַרטיזאַנער־איינהייט אויפן נאָמען פון גענ. זשוקאָוו און זיינע פּיס האָבן אים אָפּגעפרוירן. כ׳האָב פארשטאַנען גלייך, אַז דאָס איז געווען דער מאַן, וואָס האָט מיר באַגריסט.

גלייך אויף מאָרגן זיינען אַוועק אַהין מיין מאַן מיט שמעון פון מיאדל

און געבראַכט אים צו אונדז. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען אהראָנאָוויטש. ער איז שוין האַלב טויט געווען; זיין גאַנצער גוף אויפגעפרעסן פון „יענע מיאוסע ברואים"... זיינע פיס — פון אויבן ביז אַראָפּ שוואַרץ און אָפּגע־פרוירן. עס איז פאַר מיר געווען און געבליבן אַ רעטעניש ביז היינטיקן טאָג — ווי אַזוי ער האָט זיך נאָך געהאַלטן... מיר האָבן גלייך גענומען מטפל זיין זיך מיט אים, אָפּצוראַטעווען אויף וויפיל מעגלעך. מיר האָבן לאַנגזאַם אויסגעטאָן אים, גוט אָפּגעוואַשן און לייגנדיק אכט אויף זיינע ווונדן; אויס־געקאָכט זיינע בגדים און דעזינפיצירט ווי אויך אוועקגעטראָגן פעטס צו דאָקטאָר טשירינסקי — אַ ייד פון קורעניץ אַנטלאָפן נאָכדעם ווי זיין פרוי מיט דריי קינדער זיינען רוצחיש אומגעקומען — וועלכער האָט געדינט אַלס דאָקטאָר אין פּאַרטיזאַנשצינע. ער האָט געמאַכט אַ שמיר־קרעם כדי צו היילן אים. אונדזער מי איז אַזוי געלונגען אַז אין פאַרלויף פון אַ זעקס צי זיבן וואָכן איז ער שוין געזונט געווען און איז מסוגל געווען צו גיין אויף זיינע פיס. אַ צען צי צוועלף טעג נאָכדעם איז אַריין צו אונדז אין שטוב אַ טשער־קעס און נאָכגעפרעגט זיך מיט שטאַרקן אינטערעס אויף דעם אַהראָנאָוויטשן — וואָס איז אַוועק מיט מיין מאַן צוזאַמען צום דאָקטאָר טשירינסקי אין פּאַר־טיזאַנער־שטאב — ער איז געבליבן אין שטוב און אָפּגעוואַרט ביז זיי וועלן זיין צוריק. באַלד האָב איך שוין געוווסט די שייכות פונעם טשערקעס מיט אונדזער אַהראָנאָוויטשן. געהערט האָב איך שוין וועגן גורל פון זיין משפחה און טויט פון זיינע קינדער. אהראָנאָוויטש איז געקומען. זייער באַגעגעניש איז געווען לעבהאַפט און פריידיק. נאָכן אָפּעסן און אונטערהאַלטן זיך האָט דער טשערקעס צוגענומען אהראָנאָוויטשן אין „רעגולערן פּאָלק" ביי פּאַר־טיזאַנער. דאָס איז געווען אַרום פּורים תש"ד אומגעפער — אַרום ענדע מערץ 1944. פון דעמאָלט אָן און ווייטער פלעגט אהראָנאָוויטש קומען צו אונדז ביי יעדער געלעגנהייט. ער איז נעבעך דערהרגעט געוואָרן דורך אַ דייטשער באָמבע פון אויבן אויף אונדזער שוועל, אין אַ טאָג פון מיטן אַפּריל 1944 — אין זעלבן טאָג ווען ער געקומען איז אָנזאָגן מיר זאָלן אָפּציען פון דאָרף צוליב דער אָנגעפאַנגענער בלאָקאַדע מצד דייטשע אַרמייען — קאָנצענטריר־טע אין קרייז פון מינסקער אַרום ביז פּאָלאָצק—וויטעבסק.

אינעם דאָרף וווּ מיר זיינען געווען און אַרומיקע דערפער איז שוין ניט געבליבן מיר וואָס צו טאָן — כ'האָב שוין אַלע פּאַראינטערעסירטע באַשוכט מיט וואַליקעס פּונקט אַזוי ווי אין משה קולבאַקס פּאָלקסליד:

„איבערגענייט דעם ערשטן דאָרף
פּאָרט ער אין צווייטן;

איבערגעלאָזט דעם ערשטן דאָרף
אינגאַנצן אַ באַנייטן" — —

נאָכן טראַגיש־אומגליקלעכן פאַל מיט אהראָנאָוויטשן האָבן מיר גלייך אָפּ־געצויגן, כדי וואָס ווייטער זיין פון דער אָנשפּאַרנדער בלאָקאַדע. ניט געוווּסט האָבן מיר וועגן ברייטן און גאָר ווייטן רוים־פאַרנעם פון אָט דער שווערסטער אויסראָטנדער בלאָקאַדע. מיר זיינען אַוועק און אָנגעקומען אין אושאטש, גע־פינען א פלאץ ווי אויך זוכן ארבעט ביי וואָליקעס. מאנכע האָבן זיך שוין גע־גרייט אפשר אויף נאָך אַ ווינטער, מיר זיינען אָבער ניט געבליבן דאָרט, ווייל ערשטנס איז קיין ארבעט פאַר מיר ניט געווען. צווייטנס — איז עס געוואָרן גאָר אומזיכער... מיר זיינען ווי געווײנלעך געקומען צוזאמען מיט ארטשיק און ראשקע (קאצאָוויטש); מיר האָבן אויך צופעליק באגעגנט דאָרט שליימקע פּי־ניעס, וואָס האָט געגייט אין פּארטיזאַנער־פּאָלק ביי אושאטש. געדרייט האָבן מיר זיך לעבן מיל און געזוכט אַן ארבעט — אויב ניט וואָליקעס זאָל שוין זיין עפּעס אנדערש !...

פלוצלונג — איך ווייס גאָר ניט פון וואַנען — איז צו אונדז צוגעגאנגען אַ גאָר געזונטער פויער, אַ גבר ! און אַ זאָג געטאָן צו מיר גאָר ערנסט און שטרענג :

— „ווי זשע שעמט איר זיך ניט ארומצוגיין אויף אונדזער ערד אַלס יידן ?! פאַר דעם אַליין קומט אייך שוין אַוועקהרגענען... אָט נעם אים ארויס די האָלאָבלעס פון מיין וואָגן און שלאָג אייך אלעמען טויט !"...

— „קענסט מיט אונדז טאָן וואָס דו ווילסט" — האָב איך אים געענטפערט קוקנדיק אין זיינע אויגן גלייך — „אָבער וואָס וועסטו שוין געניסן פון דעם ?! אַז דו האָסט דערמאָרדעט אושאטשער יידן, האָסטו כאָטש געהאַט צו ראַבעווען און געגזלט גאָר פיל... וואָס וועסטו שוין קריגן ביי אונדז א חוץ שמאטעס און אויסגעפייניקטע־אויסגע־מאטערטע נשמות ?"...

— „דו ביסט גערעכט... ניט כדאי די הענט איינצוריכטן" — האָט ער געענטפערט — „ביסט דאָך אַ מאַלאַטשינע, האָסט ניט מורא ! קוקסט שעלמיש אין די אויגן גלייך. גייט גלייך אַוועק פון דאַנען... ניט דרייען זיך אין דערפער. אין וואַלד גייט ! דייטשן בלאָקירן... און אויב ניט איך קען נאָך אַן אַנדערער זיינע הענט איינריכטן".

טראָץ דער ביטערניש האָבן מיר זיך צוגעהערט צו דער עצה און אַוועק אין וועלדער צוריק ; נאָכן אָפּווינען א לענגערע צייט ווי מענטשן אין אַ שטוב, איז עס טאַקע גאָר שווער צוגעגאַנגען. איצטער האָבן מיר זיך געפונען

אין וויטעבסקער וועלדער און אַלץ נאָך מיר דריי ווי אויך שמעון מיט אסנען
און זייערע ליבעלע. ראשקע און אהרון זיינען דערוויילע דאָרטן געבליבן. אין
וואַלד האָבן מיר זיך צענויפגעטראָפן מיט נאָך יידן, אנטלאָפענע — רוסישע
יידן פון ארום וויטעבסק—פּאָלאָצק ארשע און שקלאָוו און מינסק—סמאָלענסק,
ווי אויך יידן פון אונדזערע שטעטלעך. פול געווען איז דער וואלד. (הלוואי
וואָלטן זיי אַזוי פיל געבליבן!). מיר זיינען ווי אַלע אין וואַלד געלאָפן. צו־
ליב זיכערקייטס־טעמים האָט מען זיך ניט געהאלטן צוזאמען אין גרויסע
גרופּן; — אַ פאַמיליע אָדער צוויי און מער ניט... אַ דריי פיר טעג פאר פּסח
האָט שוין די בלאָקאַדע ארומגענומען אונדזער וואַלד. אַ גרויסער כוח פון
דייטשע אַרמייען איז געווען אין „גרויסן זאק” פון מינסק און האָט ניט גע־
האט קיין אַנדערן אויסוועג ווי דורכצורייסן זיך דורך די וועלדער ביז די טייך־
בעקן פון ווילִיע און ניעמאַן. זיי האָבן דעריבער מיטן גאַנצן כוח אריינגע־
דרונגען אין די וועלדער כדי אויסקאָראָניען פון זיי די קעמפנדע פּאַרטיזאַ־
נער. אַ 30—40 יידן באַוואָפנט אַ ביסל האָבן זיך געפּרוווט אַדורכרייסן דורך
פאַנצער־קייטן און אָן דערפאָלג. מיר זיינען געצוווּנגען געווען צו לויפן פון
וואַלד אין דאָרף און פאַרקערט. יעדער פון אונדז האָט זיך שוין דערוואָרבן
געווער. עס איז אָבער ניט געגאַנגען. אייניקע פאַרזוכן נאָך פּסח דורכצו־
רייסן זיך דורך דייטשע פאנצער־קאָלאָנען, זיינען אויך ניט געלונגען. רעגנס
האָבן ניט אויפגעהערט... דייטשן זיינען געזעסן אין גוט באַזיכערטע בונקערס
און באשאָסן אונדז גאָר שטאַרק. דייטשע אַוויאַציע האָט אויך ניט געשוויגן
און באָמבבארדירט אָן אויפהער. מיר זיינען געבליבן און געמוזט לויפן אין
רעגן. ווידער געקומען צו זומפּן... דער לעצטער פּרווו אדורכצורייסן זיך איז
שוין אויך געמאַכט געוואָרן און אומזיסט! — קרבנות געפאלן בלויז. אַ דריי
הונדערט יידן און אַ דאָפּלטע צאָל כמעט פון קעמפנדע פארטיזאַנער האָבן
באַצאָלט מיט זייערע לעבנס... אַוועק זיינען אַ זעקס צי זיבן וואָכן אַזוי.

לויפנדיק אין וואַלד פון פייער געיאָגט האָבן מיר פּלוצלונג געפונען זיך
אין גלובאָטשקע אויפן ברעג וואַלד. מיר זיינען אַריין אין אַ שייער כדי אָפּ־
צורוען און זיך פארשטעקן. שמעון מיט אסנען און ליבעלע זיינען שוין אַ
טאָג צי צוויי פריער אַהין אָנגעקומען. שמעון האָט געליטן יסורים פון א
ברוך האָט ער זיך דעריבער פארשטעקט אין שייער. און ניט אָנטייל גענומען
אין גרויסן פאַרזוך דורכצורייסן זיך. אַזוי זיינען מיר געבליבן אַ פּאָר שעה
צייט אין שייער. פּלוצלונג זיינען אָנגעלאָפן דייטשע פליער און שטארק
באָמבאַרדירט. מיר זיינען געזעסן שטיל באַזאָרגט איבער אונדזער גורל...
פּלוצלונג האָט אסנע אַ זאָג געטאָן: — „איך האָב שוין געלעבט איבער גע־

נוג... כ׳וויל ניט מערער! ליבעלע דאָרף לעבן, ניט איך... מאַריאשע! זאָלסט איר אָפּהיטן. זי האָט נאָך גאָרניט געפּילט פון איר לעבן״ — אַזוי געזאָגט און לויפן געוואָלט. ליבעלע האָט גענומען וויינען, שמעון, אַ שפּרונג געגעבן פאַרשטעלן איר דעם וועג. מיין מאַן עליע און איך האָבן געמאַכט א שריט איר אָפּצוהאַלטן. חיהלע האָט זיך צו מיר געטוליעט פול שרעק... פּלוצלונג איז אַלץ אַרום און אַרום צעטרייסלט געוואָרן און אונדז אַלע אויף דער ערד נידער געוואָרפן. אַ מוראדיקער אויפרייס האָט געהילכט; אַ באָמבע־שפּלי־טער האָט דורכגעלעכערט אסנעס האַרץ. זי איז טויט געבליבן אויפן אָרט... עס איז ניט געבליבן מערער וואָס צו טאָן. מיט צו אַש געוואָרענע הערצער האָבן מיר אסנען באַערדיקט. (ניט בעסער איז אויך געווען שמעונס גורל; גע־פאַלן איז ער אַ טאָג שפּעטער צי צוויי, אָבער וועגן דעם ווערט ווייטער דער־ציילט).

אין דאָרף האָבן מיר מער ניט געקענט פאַרבלייבן. געברענט האָבן הייזער מיט א שטיקנדן רויך. דייטשע פליער האָבן ניט אויפגעהערט אראָפּ־צושיסן זייער הייסן רעגן פון שטאָל. טאנקן־שראַפּנעלן און ארטילעריע־קאַנאָנען האָבן ניט אויפגעהערט צו בילן און וואַיען... מען איז געלאָפן. עס איז ניט געבליבן צו פרעגן; וווהין? ווו פיס האָבן געפירט און אויגן האָבן געטראָגן — מען איז געלאָפן א טאָג צוויי צי דריי... ווידער זומפּן און בלאָ־טעס אָן א שיעור און ווידער האָט גערעגנט אָן אויפהער. מיין עליע איז שוין שווער קראַנק. ער האָט „זיך געגעבן״... ער ליגט אויפן נאַסן באָדן אין רעגן; עס ווערט אים נאָך ערגער. די האַרץ גייט אויס און טוט תפילה ס׳זאָל ניט גע־געשעען! וואָס טוט מען? ווי אַזוי קאָן איך אים אָפּראַטעווען? — אַ געדאַנק איז מיר איינגעפאַלן: גענומען האָב איך אראָפּרייסן שטרוי פון דעכער און אונ־טערבעטן דעם מאַנס געלעגער מיטן שטרוי...

רייסנדיק דעם שטרוי פון אַ דאַך אין אַ מער דערווייטערטער כאַטע, האָב איך געהערט פּלוצלונג דורכן דאַך דייטש רעדן. איך בין גלייך אַנטלאָפן ווייל עס איז מיר תיכף קלאָר געוואָרן, ס׳איז א גארניזאָן־איינהייט. מיר האָבן נאָך אַלץ ווייטער געביטן די פּלעצער און געלאָפן. ענדלעך זיינען מיר שוין אָנגע־קומען צום דאָרף בערעזאָוקע. שמעון (דער מיאדלער) האָט געזאָגט, אז ער גייט אַריין אינעם דאָרף, דערוויסן זיך צי זיינען יידן פאַראַן. צווישן דאָרף און וואַלד זיינען געווען פיל דייטשן און אריבערשפּרינגען אין וואַלד איז אוממעג־לעך געווען... ער האָט געזאָגט, אז ער קומט תיכף צוריק. מיר ווען ניט באַ־ווייזן אָנצוקוקן גוט דעם פינפטן בוים וועט ער שוין זיין צוריק... מוטיקער אומ־גליקלעכער שמעון! זיכער וואָלט ער דערפילט זיין הבטחה... ער איז שוין אָבער

קיינמאָל ניט געקומען צוריק... מיר האָבן נאָך געהערט דאָס בילן פון א הונט און ניט מער. דייטשן האָבן אים געכאַפּט און געשאָסן. ליבעלע איז אַליין געבליבן  אָן עלנטע קיילעכדיקע יתומה אָן טאטן און אָן מאַמען.

די בלאָקאדע איז שוין כמעט געווען צו ענדע; אוממעגלעך איז אונדז געווען צוקומען זוכן שמעונס טויטן־קערפּער, געפינען און אָפּטאָן אַ „חסד של אמת"... מיר האָבן זיך ווידער דורכגעריסן אין וואַלד און געוואַרט דאָרט, אפשר וועלן דייטשן ציען ווייטער. קיין זאך האָט זיך אָבער ניט געמינערט. מיר האָבן בשום אופן ניט געקענט צוקומען. געוואַרט האָבן מיר נאָך אַ מעת לעת און אין צווייטער נאַכט זיינען מיר צוריק אַוועק אין קרושינע — אויך אין אושאַטשער אומגעגנט. שרעקלעכע גרוילהאפטע זאכן האָבן זיך פאר אונדז אנטפּלעקט; ביי יעדער הויז זיינען געלעגן דערשאָסענע פּויערים מיט זייערע פרויען און קינדער: אַ פּאָר הייזער האָבן נאָך געריכערט פארברענט אינגאַנצן; אַ קריסטין איז געזעסן אויף אַ בערגל פון פארלאָשענעם אַש און געוויינט. אַזוי האָבן דייטשן זיך באַגאַנגען מיט דער ציווילער באָפעלקערונג, וואָס האָט געשטעלט אַ פּאַסיוון ווידערשטאנד און געהאָלפן ווי אויך מיטגעארבעט מיט פּארטיזאנשצינע. די רוצחים האָבן ניט געמאכט קיין אונטערשיידן צווישן ווייסרוסן און פּאָליאקן צי פּראוואָסלאווּנע. מיר זיינען אַריין אין א שטוב, אָנגעקליבן האָבן מיר פולע קעשענעס מיט ארבעס און צוריקגעצויגן זיך ביז צום עק פון דאָרף. דאָרט האַרט ביים טייכל איז געווען אַ דאָרפיש בעדל מיט אַ בוידעם־שאלקע. דאָרט זיינען מיר אַרויף און זיך באַהאַלטן. מיר זיינע דאָרט געלעגן אַ צען טעג און אלץ נאָך געזען די דייטשן...

זיי פלעגן קומען זיך באָדן און וואשן; זיי זיינען געווען גוט אָנגעטאָן און זאט. מיר דאַקעגן זיינען געבליבן הונגעריק און נאַקעט. חוץ טרוקענע ארבעס האָבן מיר גאָרניט געהאַט און אָט האָבן זיך די ארבעס אויך געענדיקט... עליע האָט געזאָגט, אַז קיין סך ברירות האָבן מיר ניט... מען מוז ארויס אָפּזוכן שפּייז און וואַסער — אַ ניט וועלן מיר אויסגיין פון הונגער און דורשט. מיר האָבן זיך געגרייט אדורכשארן. דאָ האָט ליבעלע געפאלן צו די פיס און זיך געבעטן מיר זאָלן ניט גיין! זי וויל נאָך לעבן, זי מוז האַלטן דעם פּאַרזאָג פון דער מאַמען, וואָס האָט פאַרן שרעקלעכן טויט אירן געטענהט אז זי, ליבעלע מוז לעבן! מיר זיינען געווען אין אַ פּאַרלעגנהייט; געפּרוווט האָבן מיר דערקלערן איר, אַז מען קאָן ניט אַנדערש אָבער עס האָט ניט געהאָלפן... פּלוצלונג האָט זיך הערן געלאָזט א „פּאָבודקע" אויף אַ קאָרנעט אויסגעשפּילט... אַלע דייטשן זיינען געלאָפן עסן אין צווייטן עק פון דאָרף. דער וועג ארויס איז פאַר אונדז אָפן און פריי געוואָרן.

מיר זיינען אַרויס אַזוי גייענדיק גלייך מיטן ברעג פֿון טייך ביז צום וואַלד. פּלוצלונג איז קעגן אונדז ווי פֿון דער ערד אויסגעוואַקסן אַ דייטשער וואַכפּאָסטן מיט באַוואָפֿנטע דייטשן. כ׳האָב מיר כמעט פֿאַרלאָרן אָבער עליע האָט זיך ניט וויסנדיק געמאַכט; אַריין איז ער אין וואַלד און זיך גענומען פֿאָרען ביי די הויזן זיינע — פּונקט ווי ער גייט אויף פֿיזיאָלאָגישע באַדערפֿענישן; דייטשן האָבן אַפֿילו ניט געלייגט קיין אַכט. אַזוי האָבן מיר זיך אויך דורכגעזייט אין וואַלד. גייענדיק אַזוי דורכן וואַלד זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף. עליע האָט פּלוצלונג דערקענט אַז מיר געפֿינען זיך ווידער אין גלובאָטשקע — ווו מיר האָבן צופֿיל גרויל איבערגעלעבט מיט אָסנעס טויט — גלייך האָבן מיר זיך פֿאַרנומען אויף צוריק און דער זעלבער נאַכט זיינען מיר צוריק געווען אין קרושינע. מיר זיינען אויך ווי עס איז אַוועק נאָכדעם צו יאַגניסיען — ווו מיר האָבן באַקומען ברויט און ווידער באַהאַלטן זיך אין וואַלד. אין דער צווייטער נאַכט זיינען מיר נאָכאַמאָל געקומען צו דער יאַגניסיען און געזעסן ביי איר אַ ביסעלע. פּלוצלונג האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט און געזען האָב איך אַ מענטשן שטיין ביים פֿענצטער און געהערט ווי ער פֿרעגט דער קריסטין אויף מיר און מיין מאַן. די קריסטן האָט געענטפֿערט, אַז עס זיינען ניטאָ ביי איר קיין יידן. זיי זענען געווען... ווער ווייס אָבער ווו ס׳איז זייער געביין. כ׳האָב מיר גוט צוגעקוקט און דערקענט גלייך יעקב שוד; ער איז געווען פֿאַרוווּנדעט און שרעקלעך צוקאָנטוזשעט פֿון אַ האַנט־גראַנאַט. כ׳האָב געזאָגט דער קריסטין: — „אַ אונדזערייקער נויטיקט זיך אין הילף!״ — און כ׳האָב די טיר געעפֿנט. ער איז שוין קוים אויף זיינע פֿיס געשטאַנען... מיר האָבן אים גלייך גענומען און צוגעשלעפּט צום בעדל אין זומפּיקן באָדן ביים טייכל. געזען האָבן מיר אַז „כינים״ באַלעבאַטעווען צו פֿיל אויפֿן קערפּער זיינעם, וואָס איז גוט צעפֿרעסן... גלייך האָבן מיר צעוואַרעמט דאָס בעדל; געוואַשן אים, דיזענפֿיצירט אין דער היץ זיינע בגדים, קאָמפּרעסן געמאַכט און לאַנגזאַם אויף די פֿיס געשטעלט... נאָך אַ יידן אַרויסגעריסן פֿון מלאך המוות־ציינער...

## צוריק אַהיים פֿון בלוטיקן וועג

### חורבן און עלנט...

אַזוי און אַזוי איז געווען דער בלוטיקער וועג; פֿונדערווייט געשפּירט האָבן מיר שוין דעם סוף פֿון אונדזער פּיין. וועלן מיר נאָך ביכולת זיין אויסצוטראָגן ביז צום נצחון? „נצחון?״ — צי קענען מיר נאָך זיגן? ווי אַזוי

זשע אַז מיר זיינען שוין אויסגעשפּילט און פאַרשפּילט ? — אַזוי פיל יידן אין וואַלד געוועזן, פּאַרטיזאַנער און ניט קעמפנדע פאר דער בלאָקאַדע און מיר בלויז פינף קערן צוריק : איך און מיין מאַן, יעקב שוד און מיר פירן מיט אונדז צוויי יתומות. אַ שטעטעלע געוועזן, אַ קהילה און געבליבן זיינען יחידים !

ניט אַזוי לייכט זיינען מיר צוריקגעגאַנגען. דייטשן האָבן נאָך אַרומ־געבראַדזיעט ; סכנות האָבן געלויערט. אַ חודש צייט איז מען נאָך געווען אויף זומפּן. אין די נעכט בלויז פלעגט מען זיך אין בעדל אַריינכאַפּן. שעהן פון טאָג צווישן זומפּיקע קוסטן אויף גאָטס באַראָט ! אנטדעקט האָבן מיר אַ קאַרטאָפל־גרוב וואָס קריסטן האָבן צוגעגרייט צום זייען. האָבן מיר „אַראָנ־זשירט" קאַרטאָפל, אָפּגעקאָכט ווי ס'איז, געגעסן און וואָס געבליבן צווישן קוסטן באַהאַלטן — אויף נאָך אַ טאָג צום עסן...

אַזוי האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אין זומפּיקן וואַלד צווישן פאַרברענטע אויטאָמאָבילן, צעשטויסענע אויפגעריסענע טאַנקן און טויטן־קערפּער פון דייטשן... גאָר ווייניק דייטשן האָבן זיך געזען... (מיר אויך האָבן זיי ניט גע־וואָלט טרעפן). פון ווייטן אינדער לופט האָבן מיר שוין געשפּירט די פּאַרטי־רנדע רויטע אַרמיי, וואָס איז נאָענט. מען קען שוין צוריקקערן אַהיים... חיה־לע גאַרדאָן — דאָס מיידעלע פון וואַלד איז ניט געזונט געוואָרן. אינעם דאָרף סטאַנאַליבא האָבן מיר זיך איינגעבעטן ביי א קריסטין, אַז זי זאָל נעמען חיהלען אויף אַ פּאָר טעג, ביז עס וועט אַדורכגיין די ענצינדונג. זי איז דערויף איינגעגאַנגען. גיי ווייס אָבער, אַז זי וועט נאָכדעם ניט וועלן אָפּגעבן דאָס קינד, מיט אַ כוונה צו אַדאָפּטירן איר און האַלטן. זי האָט גע־טענהט אז עס איז קיין יידיש קינד. די יידן זיינען משוגע געוואָרן... עס איז אַ קריסטלעך קינד... איי זי רעדט יידיש — „יידן האָבן זי אַוועקגענומען !"... מיר זיינען אַוועק אין אושאַטש. סאָוויעטן זיינען שוין דאָרט געווען. אויפן וועג האָב איך געטראָפן פיל געפאַנגענע דייטשן, וועלכע זיינען „צום וואַנט" גע־שטעלט געוואָרן... אומזיסט האָבן זיי זיך געבעטן אויף זייערע לעבנס... די מאכט האָט מיט מיר געשיקט א פּאָר רויטאַרמייער און זיי האָבן באַפוילן דער קריסטין אָפּצוגעבן חיהלען.

אייניקע טעג זיינען נאָך אַריבער. כ'האָב מיר אומגעקערט מיט דאָס מיידעלע אין אושאַטש. פון אומעטום זיינען אַרויס אַ ביסל יידן, וואָס זיינען געווען פאַרשטעקט. יידישע רויטאַרמייער, וואָס מיר האָבן באַגעגנט האָבן אונדז געגעבן ברויט און צום ברויט. אַ קאַפּיטאַן איז צו מיר צוגעטראָטן און מיר געבעטן, כ'זאָל אים אָפּגעבן חיהלען (עס איז דאָך ניט מיין קינד...

אַז דאָס מיידעלע איז אַ געפונענע פונעם וואַלד ווייסן דאָך אַלע! ער וועט חיהלען צו זיין פּרוי קיין מאָסקווע שיקן. כ׳האָב ניט מסכים געווען; כ׳האָב געזאָגט, אַז דאָס קינד האַלט איך כדי אָפּצוגעבן די קרובים. יידישע סאָלדאטן האָבן געוויינט, דער קאַפּיטאַן אויך...

אַזוי איז געווען דער וועג צוריק אַהיים... ביסלעכווייז זיינען מיר שוין נאָענט געווען צו אונדזער אומגעגנט. אָט איז שוין דאָקשיץ. אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף קריסטן: — „יידן קערן צוריק, עס איז ניט ריכטיק — מען האָט זיי כלל ניט אויסגעהרגעט, אַלע לעבן דאָך. זיי קערן צוריק!" רוסישע יידן — רויטארמייער, פּארטיזאנער אויף אונדזער וועג — האָבן אלע געוויינט; „אַזוי ווייניק געבליבן"... אַ ייד, א צושטעלער פאַרן סאָוויעטישן מיליטער האָט אונדז ארויפגענומען אויף זיין וואָגן און מיטגעבראכט קיין דאלהינעוו. כ׳האָב געזען סוף כל סוף יידן אונדזעריקע. געפרעגט האָב איך, צי האָבן זיי געזען מיין שיינקען?...

דער צושטעלער האָט באַפוילן און אָנגעזאָגט אַ קריסט, ער זאָל אונדז אָפּפירן מיטן פור זיינעם אין קריוויטש. מיר זיינען שוין געוועןביים אַריינפאָר אין שטעטל. כ׳האָב שוין קיין געדולד ניט געהאַט; איך בין פון וואָגן ממש אַראָפּגעשפּרונגען און געלאָזט זיך לויפן. אַ קליין־פּיצל האָפענונג (טליעט אין מיר) צו געפינען שיינקען... ענדלעך זיינען מיר אין אונדזער היימשטעטל און אַלץ איז פרעמד געוואָרן... כ׳שטיי אויפן מאַרק ניט ווייט פונעם ברונעם און זוך: ווו זיינען מיינע טייערע האַרציקע און פּשוטע יידן, ווו איז אונדזער רב? — ניטאָ מער קיינער... קריסטן זיינען אַדורך; מיט פאַרשטאָכענע אויגן און העזה געגריסט און חנופהדיק: — „ווען ביסטו געקומען מאַריאַשקע, וואָס איז מיט עליען? און ווו איז דיין מאַמעביילע?" איך האָב אפילו ניט געוואָלט ענטפערן. זיי האָבן דאָך ניט געוואָלט מיר זאָלן צוריקקומען, אַ שפּור פון אונדז זאָל אפילו ניט בלייבן! און נאַדיר פּלוצים א מין אינטערעס — ווען בין איך געקומען און ווו מיין מאַמע? — אַ שלאַנגען־פאָלק! מיין מאַמע! אָ מיין מאַמע און מיין טעכטערל! ערגעץ ווייט אויף אַ פרעמדער בעט אין שפּיטאָל צי אין אַ „אָבשצעזשיטיע" איז מיין מאַמע אויסגעגאַנגען אַליין אָן קיינעם... מיין טעכטערל, איר אייניקל האָט איר געזוכט געוואָלט איר ברענגען אַ „בלינע"... ארומגעדרייט האָט זיך מיין מיידעלע אומזיסט! און אָט פרעגן זיי נאָך „„ווו איז מיין מאַמע?..."

דער וואָגן מיט עליען און חייקעלע איז אָנגעקומען; מיר זיינען אין אונדזער שטוב אַוועק. קיין זאַך האָבן מיר ניט געפונען גאַנץ — אַלץ צעשטערט און צעבראָכן, פענצטער צעטראסקעט, טירן צעבראָכן און אַראָפּגע־

נומען. ווי אַזוי ווייטער און ווי פאַנגט מען אָן צו לעבן צווישן פאַלנדע ווענט און טייכן בלוט און טרערן? ניין מען קען ניט ווייטער... אנטלויפט!

צוויי אויפגאַבן אָבער דערלאָזן ניט לויפן: טיילן פון טויטן־קערפּער, ביי־נער פון פאַרברענטע און אויסגעשאָכטענע, וואָס וואַלגערן זיך, פאָדערן און בעטן אַ תיקון פאַר זייערע נשמות... די לעבעדיקע רוצחים, וואָס דרייען זיך ארום לאָזן אויך ניט צורו. פון זיי פאָדערן אלע רמ״ח אברים: נקמה! איך שווער צו נעמען נקמה! כ׳וועל ניט רוען און ניט שלאָפן... אויב איך וועל ניט זען אַ נקמה אין זייער בלוט, אין זייער לייב און לעבן, בין איך ניט מאַריאַשע!...

## אויף וועגן פון נקמה

כ׳האָב זיך אין ערגעץ ניט געווענדעט; ניט געבעטן האָב איך קיינעם, שטיל אָבער קאָנסעקווענט האָב איך אָנגעהויבן אויסשפּירן די אַלע רוצחים, וואָס האָבן אַלעמען אַרויסגעשלעפּט פון זייערע באַהעלטענישן און ארויס־געגעבן די דייטשן אָדער אליין זיי דערמאָרדעט. כ׳האָב געמוזט דערפילן די שבועה פון מיין האַרצן, איר דראַנג — וועלכער איז פיל מאָל שטאַרקער פון מיר — האָט אינגאַנצן מיר באַהערשט און איך האָב זיך גענומען צו דער מלאכה.

סטאַשוניע באַדואיכע — די הויפּט־מערדערין, אַ מאָנסטער! זי איז פאַראנטוואָרטלעך געווען פאַרן אויסמאָרדן אַ העלפט יידן אין שטעטל. זי האָט אַפילו אַליין מיט אייגענע הענט רוצחיש דערמאָרדעט יידן. געוווּסט האָב איך וועמען זי האָט אַליין דערמאָרדעט, וועמען זי האָט אויסגעליפערט די דייטשן אָדער אַנדערע רוצחים... די אויסוווּרף־טאָכטער האָט זיך גע־מיינט אויסצובאַהאַלטן פאַר מיר. אין שטוב איז זי קיינמאָל ניט געווען. בלויז אין גאָר שפּעטע נאַכט־שעהן פלעגט זי אַריין בגניבה. געוווינט האָט זי אין דער שטוב פון טאָדרעס שוד עליו השלום. אַ סך מאָל האָב איך איר געזוכט און ניט געפונען — ביז איך האָב איר געפּאַקט.

שפּעט באַנאַכט אַרום דריי פאַרטאָג האָט אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר לובע (שוד) און מודיע געווען אַז באדואיכע איז אין שטוב... כ׳בין גלייך גע־לאָפן אין פאָליציי און געבראַכט צוויי ליטער בראָנפן (פון די וואָליקעס. לעבן זאָלן די וואָליקעס!) אריינקומענדיק צו איר מיט מיליציאָנערן — איז זי צו מיינע פיס געפאַלן:

— „מאַריאַשקא מילענקאיא! האָב רחמנות... פאַריתומט מיר ניט מיינע קינדער!"

— „און וווּ איז געווען דיין רחמנות דו אויסוווּרף־קינד?" — האָב

איך געענטפערט — דו שלאנג! האָסטו ניט געשלעפּט דער חיה־ציפּע מיט פיר קינדער? ניט דו האָסט אנטדעקט און פון בוידעם אראָפּגע־שלעפּט יהושוע־לייבן? און ווו איז געווען דיין רחמנות ווען גוטקע העניע־רייזעס האָט זיך ביי דיר געבעטן און דו מיט דיינע אייגענע הענט, האָסט איר מיטן האַק צום טויט צעהאַקט... רחמנות ווילסטו? האָסט דאָך קיינעם ניט געלאָזט באַהאַלטן זיך. די דערמאָרדעטע טאַטעס און מאַמעס האָבן אויך די קינדער מיט זיך גענומען... דו בעטסט אויפן לעבן ווען צו ווייניק איז פאַר דיר סתם אַ טויט!"

קריסטן פון אַרום זיינען צעגויפגעלאָפן צוליב אירע ספּאזמען און גע־שרייען. מען האָט איר אין פּאָליציי גענומען, זי האָט ניט געוואָלט מיטגיין און קלעפּ האָט מען איר ניט געקארגט. זי איז פארמשפּט געוואָרן אויף לע־בנס־לענגלעכער תפיסה. אויפן וועג אין סיביר האָט זי „מיטן קאָפּ אָנגע־לייגט"...

אַזוי איז געווען אויך מיט לודוויק זשאקעוויטש, דעם רוצחישן מוזיקער דעם אָרגאַניסט. ער איז פאַרשיקט געוואָרן און דאָרט געכאַפּט אַ מיתה משו־נה... כן יאבדו! אַלעקסאַנדער פּאַלאַטשאַנסקי דער גנב האָט זיך אויך ניט אָפּגענאַרט... ער איז צום טויט פאַרמשפּט געוואָרן — פאַרן אויסליפערן דריי רוסישע טאַנקיסטן דעם נאַצי־פאַשיסטישן פיינט; פאַרן דערמאָרדן יידן און חרוב מאַכן זייערע הייזער; געמשפּט האָט אים דער הויכער טריבונאַל, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון מאָסקווע.

ווער האָט אין קריוויטש ניט געקענט דוד־הירשל׳ס, דעם פּרודניקערס? גע־וווינט האָט ער אין שכנות מיט אַ קריסט אַ בוי־אַרבעטער, וואָס האָט צוגע־הונקען און געשלעפּט אַ פוס. אַן אויסוואורף, אַ מערדער, אַ רוצח! שטענדיק האָט ער געוואָלט פאַרכאַפּן זיין שכנס גאָרטן. שטענדיק האָט ער געשלאָגן דודן, זיין פרוי מיט די קינדער. דעמאָלירט האָט ער יידישע הייזער. אַרויס־גענומען פון בית־מדרש ספרים מיט ספרי־תורהס געריסן, געשניטן און אין פייער געוואָרפן... דעם טאָג פון דער שחיטה האָט ער דודן מיט דער ווייב און קינדער אויפן גאַס ארויסגעפירט, צעריסן זייערע זאַכן און נאַקעטע לייבער געשמיסן... נאָכדעם האָבן דעם בוי־ארבעטערס קינדער גענומען דודס קינ־דערלעך און לעבעדיקערהייט אין פייער געוואָרפן!

ענדלעך האָב איך גורם געווען צום אַרעסט פון דעם בוי־ארבעטער, וואָס איז געווען די הויפּט־פיגור אויפן משפּט אין ווילייקע. אַלע אויבנדער־מאָנטע פּרטים זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין דער עדות פון פראַנושיכע מיט אירע קינדער... כ׳האָב דערציילט פאַרן געריכט ווי אַזוי דער בוי־אַר־

בעטער פלעגט זיך שטעלן אויף אַ פּאַס און העצן קריסטן אַז מען דאַרף אויסקאַראַניען אַלע קאָמוניסטן און יידן. געשילדערט האָב איך אויך ווי אַלע צוהעצטע קריסטן זיינען געלאָפן זוכן יידן מיט קאָמוניסטן אין די וועלדער און ווי איז געווען צו די, אויף וועמען זיי האָבן אָנגעטראָפן!... כ׳האָב געפאָדערט אַ געריכטס־פאַראָרדענונג צו ברענגען דעם „יוזיע יד אחת״ אַלס באַשולדיקונגס־עדות קעגן דעם בויער. דער יוזיע איז אויך געווען אַ פאַרברעכער און מערדער. אויף אייביקער תפיסה און קאַטאָרגע איז דער פאַרברעכערישער בויער — וואָס האָט זיינע חזירים געקאָרמעט מיט געקאָכטן פלייש פון יידן — פאַרמשפט געוואָרן און אויך צום פאַרלירן אַלע בירגערלעכע רעכט.

אזוי האָב איך געבראַכט מען זאָל אַרעסטירן מאַניען מיט ניקאָליי שירקין. ניקאָליי שירקין איז געווען דער פורמאַן, וואָס האָט דעם קריוויטשער „יודנראַט״ געפירט אויפן לעצטן וועג... זיין פרוי איז געווען נאָך ערגער. אויך אַ מערדער אין אַ קלייד אָנגעטאָן... ער האָט עדות געזאָגט קעגן זיין פרוי — ווי אזוי זי האָט דערמאָרדעט לייבעטשקע דעם קליינעם מיט ראַשקען. לעבעדיקערהייט האָט זי איר אָפּגעהאַקט אַ פינגער צוליבן רינג, וואָס איז ניט אזוי לייכט אַראָפּ...

— אָט אַזוי זיינען מיינע טעג און נעכט פאַרגאַנגען; מיין נדר האָב איך דערפילט. כ׳האָב ניט גערוט... אָנגעקוואָלן און געקוויקט האָט זיך מיין האַרץ ווי אויך פון אַנדערע... עס איז אָבער אַ טראָפּן פון ים בלויז! — איך האָב אַלץ הפקר געלאָזן... מיין מאַן, חיהלען, אונדזער טאָכטערל, וועלכער איז צוריק געקומען מיט צוריק געקומענע קריוויטשער. מיט מיין לייב און לעבן האָב איך געוואָלט נקמה!

אונדזער טאָכטערל — שוין יאָרן אויסגעהונגערט נאָך ליבשאַפט און קומער פון טאַטע־מאַמען — האָט נעבעך ניט געקענט פאַרטראָגן נאָך אַ קינד ווי חיהלע אין שטוב... זי האָט געוויינט און געליאַרעמט, און עס איז געווען שווער... עס איז אוממעגלעך געוואָרן צו זען דעם צער פון ביידע מיידעלעך. אַפילו מיין עליען האָט דאָס געלייגט זיך אויפן האַרץ און געמיט. ער האָט ניט געקענט ווייטער. כ׳האָב דעריבער אין ווילנע אויסגעזוכט און געפונען אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אויסשליסלעך פאַרנומען מיט אַזעלכע קינדער־יתומים. אָפּגעגעבן האָבן מיר חיהלען — פונקט ווי מיר האָבן פריער ליבעלען אָפּגעגעבן שמעונס קרובים. (זאָל דערביי אָנגעצונדן ווערן אַ ליכטל אין „נר תמיד״ אונדזערן פאַר אסנען מיט שמעונען!). היינט זיינען אונדזער טאָכטער מיט חיהלען גאָר גוט באַפריינדעט. בעסער נאָך ווי

שוועסטער... היינט פארשטייט מיין טאָכטער, וואָס זי האָט אַלס קינד דאַן ניט פאַרשטאַנען. אַזוי זיינען פאַרגאַנגען יענע טעג, וואָכן און חדשים ביי זיך אין שטוב און דאָך אינדער פרעמד...

מיין דערציילונג איבערן לאנגן וועג איז צו ענדע. כ׳ווייס ווי פיינלעך און טראגיש איז אַלעס געווען. געוואָלט האָבן מיר ניט געדענקען, פאַרגעסן... נאָך פיר אונדרייסיק יאָר איז אויך ניט צו פארגעסן. מען מוז מיט דעם לעבן און געדענקען אַלץ... מען מוז — ווייל די גרעסטע און ווערטפולסטע מתנה, וואָס איז דעם מענטשן געגעבן געוואָרן, איז דער זכרון. אַ קדיש און א יזכור, אַ הייסן אלע אונדזערע קדושים!

כ׳וועל זינגען איך אַ העלדן־ליד / אַ לאכט פון מיר ניט
ברידער, / —ניט וווּנדערט זיך: ווי קומט א ייד /
צו זינגען העלדן־לידער? / גוים... זייער איז דער זיג! /
זיי, נאָר זיי די העלדן!
זיי, זיי טויטן זיך אין קריג און פארוויסטן וועלטן.

(יצחק קאצענעלסאָן: דאָס ליד וועגן ראדזינער)

מתתיהו בר־רצון / גבעתיים

## א ברונעם אין קריוויטש

אין קריוויטש אויפן מאַרק אין אַלטער היים,
אין היימשטעטעלע וואָס חרוב געוואָרן ;
שטיל פאַרטתקלט אַ ברונעם שטייט —
שטילשווייגנד שוין טאָג און נאַכט —
מיין האַרץ פאַרברענט אין גלות און שטרייט,
ניט אויפהערנד שרייט ;
טענהט און רופט
קושיות, שאלות פרעגט :
האָסטו בדעה דו ברונעם
אויך איצטער מיר ניט ענטפערן ?
פון דיין פליכט אַנטלויפן ?
שטיין בלייב אויפן אָרט ! וואָס שנעלער ווי ראַשער,
זאַפּ איין מיינע טרערן !
ניט גענוג, גאַר ווייניק
פליסט אין דיר וואַסער ;
און מיין געוויין, מיין בלוטן־יאָמער
פיל נאַסער פון דיין גאַנצן וואַסער !

אַפילו אויך איצטער עפנסטו קיין מויל —
ווי אין הריגה־טאָג ברונעץ, שווייגסטו ווי דענסטמאָל ?
בלייבסטו נאָך ווי אַמאָל ?
ווי דיין נאָענטער הקדש און חרובער בית־מדרש,
ווי אויפן פלאַץ פון אַלטער קלויז די תרבות־שול
פאַרשלאָסן —שטיין געבליבן ביסט, אָן קיין שום עול.
ניט געשריגן... געשוויגן האָסט שטום.
צום אַלמעכטיקסטן גאָרניט געזאָגט,
ניט געבעטן אַפילו און דיין קול ניט רופט :
דערבאַרעם זיך שוין גאָט מיינער !
אל רחום וחנון !
ניט געאיילט האָסטו פייער לעשן אויפן שייטער
פאַר ווענען געשפאָרט האָסטו דיין וואַסער — צו גוט —
ווען ספרי־קודש און ספרי־תורהס צעריסן,
פון מקום־קדוש מיינעם געוואָרפן אין פלאַם און גלוט —
מיט רוצחישע הענט מונטער און הייטער ?
זאָל דערפאַר מיין קללה דיר יאָגן, אויף דיר ליגן —
אָן וואַסער בלייב — ווער טרוקן !

קיין טוי זאָל דיר באַנעצן, קיין רעגן!
פאַרוואַנדלט זיין זאָל דיין וואסער אין אייטער, אין בלוט!
אויך אויף ווייטער בלייב שטום...
כן יהי רצון אל חנון ורחום!

איר שטום־שווייגנדע שטיינער!
אייך טו איך אָן אויפהער רופן —
שוין גענוג — אין ליכט ווי אין שאָטן
אויפן ברוק — לאַנג און ברייט
האָבן פיס אייך געטראָטן.
זאָגט איר: ענטפערט!
אַווו צעשאָטן, ווו צעשפרייט
זיינען ביינער?!
— לויער איך שוין טאָג אוים טאָג איין —
צעאקערט שוין די קברים




דער מאַרק־ברונעם

זוך איך נאָכאַמאָל און ווידער.
אַרום שטוב־גערטלעך, אַרויס, אַריין
ווו ניט ווו קריכט אַ וואָרים...
אויף אַ בלעטל גרינס א פּאַרטריקנט —
טרייבט ווידער, טראָגט אַ ווינטל
אַ „שמהלע"
אַ פּאַפּירל
אויף הויל־נאַקעטע קברים
פון נאַקעטע געשענדעטע ספרים! —

אָך און וויי — שטעטעלע מיין קרידוויטש!
ווי פליסט אַזוי נאָך דיין טייך אין בלויקייט הויל —
אין ליכט פון טאָג, ווי בלאַנק און ווייס דיין סערוועטש?!
ווען מיין צער אָן גרענעץ־שוואַרץ.
קאַלט ווי אייז מיין טרזיער; פינצטער,
ווי קויל פאַרברענט מיין האַרץ, אל חנון!
ווי לוי־יצחק דיין ליבער
דיין לוי־יצחק בן שרה —
פון בערדיטשעוו ביים בעלעמער; —
אַזוי חזער איך איבער אָן מורא —
מדבר ואומר:
איז שוין אַלץ ביי דיר הפקר?
אויך דיין ישראל־פאָלק, זיין גורל?
אומזיסט גאָר שפּאַלטן פרויען־געוויין, געשרייען פון קינדער
דיין הימל אַרום?
און ענטפערן ווילסט דו ניט, אל רחום?!

אל־חנון ורחום!
— ס'וועט שוין מער ניט העלפן קיינער
ווייסן — ווייס איך שוין גוט...
דערציילט דערפון האָבן מיר טייכן בלוט
צו אַש פאַרברענטע ביינער...
פאַרלאַנגסטו נאָך דיין נאָמען לויבן,
מיט אַ קדיש פאַרגלאַנצן און בלאַנקען דיין רום?
עפן זשע סוף כל סוף דיין מויל,
רבונו של עולם!
הילכן זאָל שוין דיין קול
גאָט! טו א ברום
אל רחום!
אל רחום וחנון!

דיר טו איך אַלץ פרעגן: פאַרוואָס?
פאַרוואָס פאַרהאַקט האָסטו אויערן,
ווען א ים וויי־געשרייען
אוןְ טרערן אַקעאַנען שטראָמען? — פאַרוואָס?
דיינע בליי־הימלען שטום געשלאָסן —
ווען (מיערן) הייזער געפּלאַצט פּלוצים
קינדער אותדזערע צעריסן צעשפּליטערט — אָז רחמנות?
ענטפער דו, זאָג! אַבי יתומים ודיין אלמנות?!

אל חנון
אל רחום!
דיין ענטפער גיב מיר!
אן איינזאַם גליד פון אומקום...
ס'פאָדער איך, אַ פּליט! פון דיר — אַ תשובה
פון דיר — ווען אַלע געקרוינט און קרוינען
„הנותן תשועה!"
האָבן אומזיסט געוואַרט קינדער אויף דיין ישועה?
אַפילו מיר געזינדיקט האָבן,
זיינען מיר שוין ניט טייער?
און דערפאַר דיין תורה מיט אונדז צוזאַמען
געברענט אויף איין פייער?
שווייגסטו דו גאָט?!
ביסטו דען באַנקראָט?!
אל חנון!
אל רחום!
וויינט שוין אַלץ מיטאַנאַנדער
פאַרשעמט געבליבן איז דיין רום...
שטיל פאַריתומט אין טונקל שטייט
אַ ברונעם אין קרעוויטש;
מתפלל־זיין „קדיש" טוען ביימער,
רעדן ניט מער ווענט,
שטיינער שווייגן...
אין ווייס־בלויען קיטל וויינט,
פאַראלמנט שטראָמט, סערוועטש...
אויפן גאַנצן שווייגנדן אַרום —
טראָגט זיך בלויז אַ לחשדיקער ברום:
ס'איז געווען...
ניטאָ מער... שוין ניטאָ... ניטאָ שוין! —
אל רחום!
אל חנון!

גבעתיים 27.6.1971

מ. בר־רצון / גבעתיים

# יום אחד בדאכאו

## מסיפוריו של גרשון „ארץ אל תכסי"

לזכרם היקר של קדושי קריביץ' בדאכאו
ולניצולי העיירה מכבשניה
ביראת־כבוד וחרדת־קודש

ערב אביבי — אל שולחן עבודתי ישבתי תוך עיון בעמודי כתב־יד שנערמו לפני וליבי בל עימי; השורות שכתבתין מזה שעה ומעלה, לא הניחו דעתי משום מה. לא ידעתי למה ומדוע אירע כך. אבל אמת היא לאמיתה; כל שעסקתי בו משך היום, לא ישר בעיני; כל פרשה וכל פרק בהם התחלתי, הינחתי מידי (תוך כתיבה ראשונה) בדחותי אותם מעלי. ראיתי בעליל כי אין זה שלם וחסרים פרטים להשלמת „יש" זה ובלעדיהם — לא ניתן להתקדם, אי אפשר. האומנם דורכות הכתיבה והעריכה ומדשדשות במקום ? . . .

הנה קרב שוב ובא י"א באייר (תשל"ד) — יום הזכרון לקהילת יהודים קטנה שהושמדה בימי השואה. עלי הוטלה חובת השליחות להיות לה לפה — לכתוב קורותיה עלי „ספר יזכור", לדובב ניצוליה ושרידיה לתכלית זו; להציב לה „נר־תמיד" — לבל יאבד זיכרה בתהום הנשיה. אולם מבחינת האחריות הגדולה שהוטלה על כתפי תוך שזירת פרט לפרט וסיפור תוך סיפור; השחלת עובדות ופרטים נעלמים בשעתם ובדיקתם תוך עימות וגם אימות — נתחוור לי, כי טרם נתגבשו כל הנתונים הפאקטוגראפיים שבידי והיו בבחינת מיקשה אחת. לעיני התגלם כל שחסר עדיין (ואינו ניתן) להשלמת מגילה זו של עיירה יהודית נלבבת ופעוטה, בכל הנוגע לדמותה, לדרך־חיה וקיומה מאבקיה וחידלונה־חיסולה. והרי אמורים הדברים בפרשיות רבות לא נודעות, שאין להן פה ואין להן פשר. (בסירובם של רבים ובניעור חוצנם מלקחת חלק בריקמתן של יריעות הספר מטעמים השמורים עימהם). אחת מהן; — נציגיה בדאכאו. תופעה מרה לכשעצמה (ובייחוד לי, כמשחזר העובדות, משבצן ועורכן) היא פשר השתיקה והשתקתה של עובדה זו; אף מעיירונת זו לוקחו יהודים לדאכאו וניספו שם בבכור מחנות ההשמדה — אביהם־מולידם של פונאר ואושוויץ', טרבלינקה ומיידנק בלז'ץ, סוביבור ודומיהם. יתר על כן; שבעתיים צורבת העובדה שניצולי העיירה מדאכאו מסרבים (או „אין ביכולתם") לדבר על כך — דבר שהדריך ומדריך מנוחתי, מפריע לשמירה מאוזנת ושקולה תוך שקידה על קשירת החוליות השונות ונפרדות למסכת אחת ומשאירה

חלל ריק. אין זו פרשה יחידה ובודדת; רבות כמוה — (סירובים לספר איך וכיצד ניצלו ותירוצים לכך אינם חסרים) — והחלל הקיים בלאו־הכי גדל והולך. החשש שמא תוכח מלאכתי (על אף המאמצים המרובים) כמעשי רמייה, מדאיג ומטריד ביותר.

בהגיונות עצובים אלה הינחתי כאמור הכל מידי. בכל זאת שאבתי עידוד מה ממראות התפרקותם הנוסטאלגית של שרידי העיירה, על מקומות ואתרים בה, נוף המקום, כל שחיים בזיכרונם — במקומות בהם נרקמו חלומות־נעורים וטווי־מאוויים שנקפדו יחד עם חולמיהם. עסקתי בין השאר בדימוייהם על בארה של העיירה...

**בכיכר השוק בקריביץ' העיירת,**
**ביעדי מכורה שחרבו ואינם;**
**הלומת עצבת באר לה ניצבת**
**קדרות אופפת היא ליל ויומם.**
**עשרות שנים ללא הרף, אילמת**
**בוקר וערב מחרישה היא דומם...**

— — שקעתי בהרהורים — צלצול עז וצורמני ניתק לפתע פקעת־מחשבותי. התבוננתי נכחי, טרם הספקתי לשוב מהליכתי בנתיבי העבר. שוב צלצל הפעמון טורדנית בדלת הכניסה, טרטור סעור ועצבני, — כמו קול אזעקה חודר ומפלח... קרבתי לדלת ופתחתיה. בעודי מסתכל בפני הבא וברכת „שלום" על שפתי, ניתך עלי כבר פרץ־דברים:

*שעה יפה מצאת לך להתבודדות ולמסע מדומה אל אשר לא כאן* — אמר הנכנס לאחר „שלום!" חטוף וכבר עמד ליד שולחני ועיניו נברו ברשימותי — ובכן, קריביץ'... המשיך — פניך מעידים בך שחזרת ממרחקים וכעת, גם אני הנני כאן; אף אני חוזר ממרחקי מקום וזמן, הרהורים וזכרונות... אך הפעם לא תראני עוד כולא כל אלה בחובי, כשם שעשיתי זאת משך שנים. מספיק ודי! לא אוכל עוד... אף באתי להטרידך — הן פעלתן אתה ומעורה בציבור ואין דרכך להתבודד כמוני. למשוך בעט אהבת גם תאהב; חושה איפוא ושמע! הנה גם דברים עימדי הקשורים בעקיפין לקריביץ' וסביבתה.

— בוא נא, היכנס ושב — אמרתי, דבר ברורות ולא סתומות. הן ידעת כי תמיד אני נכון לסייע בידך וגם הפעם אהיה לך אוזן קשבת.

— וודאי שדרושה לי אוזן קשבת. קודם כל לשמוע ולהבין;

אך בכך לא סגי — אמר הוא — יש לעשות, לפעול. אותה בת־נכרים ביאטה זו, אשה דגולה נאה וחסודה, מחסידי אומות העולם, היא שהעמידתני על חובותי לצאת מעוגתי שחגיתי לי וקראה צאתי לפעולה, במעשיה הנאים. הן היא שסטרה לראש ממשלת בון, לקיסינגר על עברו הנאצי; והיא שרדפה אחרי אותו ליסטים רב־שטני לישקה מעושי דברו של אייכמן ימח־שמו־וזיכרו לעולמים !... אחרי מי שהיה מפקד מחנות דאכאו ואחרים ואף רב הטבחים של יהדות צרפת — חי ראשי ! לא יהא שמי גרשון אם תיענש אשה אמיצה זו, ממנה עלינו ללמוד על כבוד אדם — ואתה, כן אתה תלווני אל אותו משפטן מה שמו... נו, ממשרדו של שמואל תמיר. אף יש מוצגים בידי להוכחה חותכת...

— — אודה ללא היסוס כי לא ידעתי נפשי לרגעים מספר; עמדתי אחוז תדהמה ופליאתי גדלה. התאוששתי כמובן ושיחתנו קלחה ונמשכה. אבל לא אעשה מלאכתי בנאמנות, אם לא אסטה לזמן מה משיחתנו זו ואעמוד קצת על דמות הבא בצל־קורתי — האיש ודרכו; הליכותיו ומשפטיו — מחדליו ומשבתיו. היה זה גרשון פ. מווילנא בעל כינויים לאין ספור כמו; „אין־רוגע", „אל דמי !" ו„ארץ אל תכסי"... ועוד. על שום מה, יתברר עוד להלן. גרשון פ. הריהו דודן שני לי מווילנא — בן־דודה של אמי זק"ל וה' ינקום דמה. בוגר הוא ממני רק בשנתיים או שלוש. לא פיללתי ולא העליתי בדעתי כלל, כי צפוייה לי הערב פגישה כזאת — כשם שלא פיללתי גם אז, באותו ערב בשלהי אפריל 1943 על אדמת איטליה — עת פגשתיו לראשונה וראיתיו באושפיזין חי וממשי בעיני בשרי ולא בעיני רוחי. פגישתנו שם חלה בנסיבות מוזרות; — על רקע נגינת „מחול המתים" לסאן־סאנס' מעל תקליט באחד האוהלים במחננו הצבאי של היחידה העברית ובקליטת מישדר פולני מעל גלי האתר — עת הייתי בתצפית. פתע פתאום נשמעה הקריאה בפולנית; — „הקשיבו הקשיבו ! האזינו לקול לונדון, קול ממשלת פולין הגולה. קולה של פולין במחתרת לא נדם ולא הושתק. הנה שמעו לקולה של תחנת הראדיו החשאית בוורשא, הזריחה — (Swit) אשר קלטנו בשעה זו. הקשיבו ! גיטו וורשא בלהבות־אש ! האירגון היהודי הלוחם נאבק על כל בית. זה שלש פעמים הונסו הגרמנים בבהלה מהגיטו, בהשאירם אחריהם עשרות פגרים ופצועים משלהם. הסכיתו ושמעו ! אקדחים ורובים, מול תותחים וטנקים ! — הגרמנים מחישים תגבורת, מפציצים מהאוויר ומפגיזים בתותחים מלמטה. היהודים נלחמים מעל ומתוך החורבות. הם מוסיפים להילחם מתוך בונקרים ותפירות. הם זועקים אלינו; ,אנו לוחמים לחירותכם וחירותנו !... מעל הריסות בתי יהודים מתנוססים דגלי פולין ודגלי תכלת־לבן. הם קוראים לנו; החישו עזרה לגיטו הבוער ! העבירו וקבלו הלוחמים בצד הארי !' ואף אנו מוסיפים

קריאתנו לכל פולני אוהב המולדת; הצילו הלוחמים מהגיטו! —" זה היה לשון המישדר ותוכנו! תוך כך חלה הפגישה.

ברם, לא אספר בזה על אותה פגישה לפרטיה, שהיוותה מעין סיום לכל אשר באני באותו יום. ארכו הדברים מאוד ותורחב היריעה עד בלי די. לכן אשוב לסיפורנו — סיפורו של גרשון. זה זמן רב, עוד בטרם עלותי ארצה נפרדו דרכינו. ואליבא דאמת לא היינו בהיותנו שם אף פעם ביחסי קירבה יתירה. רק לעיתים רחוקות נפגשנו במסיבות־משפחה. עולמות הפרידו בינינו; אני — חניך ובוגר גימנסיה עברית על־שם (הד"ר אפשטיין") סטודנט באוניברסיטה ובוגר הסמינר למורים „תרבות" בווילנא — מעורה בתנועה הציונית החלוצית ואיש „השומר הצעיר" מורד ומתפרץ לעלות, כי הרגשתי האדמה בוערת מתחת לרגלי. הוא — מיקירי בחוריו של ר' חיים־עוזר גרודז'נסקי זצ"ל, בחור־ישיבה ואיש „אגודת־ישראל", ראה בי ובחברי מעין „עוכרי ישראל". עד היום זכור לי היטב כיצד סירב בשעתו לברכני ברכת־פרידה עם עלותי. רק הודות להפצרות הוריו נעתר לברכני, כי אצליח בדרך בה אני הולך. קנאי מאוד היה האיש; בקלות כבחמורות נזהר. מאנשי „המוסר"; מ„המוסרניקים" בישיבת ר' מיילס. בקיא היה וחריף וכל סוגיא חמורה ומסובכת, היתה פתוחה לפניו ונהירה לו. לעיתים הפליא בחור זה את משפחתנו הגדולה. תהינו גם תהינו על טיבו ולא הבינונו; גם בבית־הוריו היה יוצא דופן. הוריו אנשים אמידים, בעלי בית־מסחר סיטונאי גדול לצבעים וחמרי־בניין ברחוב „ווילנער גאס" — חרדים ובני מסורת אמנם אך משכילים ומתקדמים. אחיו ואחיותיו חונכו כולם חינוך יהודי ועברי חילוני; כל אחד מהם עזר גם בבית המסחר. רק הוא היחידי כבר מילדותו התנכר ונמשך לדרך האחרת; — הלך לישיבה ובהיותו עוד עול־ימים הוסמך לרבנות, אך סירב בהחלט לשבת על כסא הרבנות ולהיות רב. עוד בהיותו בישיבה למד מלאכת הנגרות, כדי להתפרנס בה. זכורני, על רקע זה רבו ויכוחים והתנגשויות בבית־הוריו וגם בישיבה — בינו לבין חבריו ורבותיו. אולם כל אלה ללא תועלת; האיש עמד על דרכו ודעותיו בעקשנות עקבית. בשעתו סיפר לי אפילו, כי גם בינו לבין בני־חוגו הקרובים לו ביותר, מרובות היו ה„פלוגתות" ולא תמיד שררה ההבנה ביניהם. „תמהוני והפכפך" היה בעיני כל.

לא פעם התעמקתי בדרכיו והרהרתי על טיבו. דומה היה עלי כי על אף קנאותו היתירה ובטחונו החיצוני, חיפש תמיד אחיזת מה ודרך. זכורים לי גם רגעי־רצון ספורים עת ביטא קנאתו הרבה בנוער היהודי העולה לארץ־ישראל וכמיהתו הוא אליה, על פי דרכו כמובן ובהתאם להשקפת־עולמו ואמונתו. תוסס היה תמיד אך בלתי־יציב; אשר פסל אתמול — התיר היום. ואשר מוכן היה להכשיר היום — פסל למחרתו. היו בו איפוא דברים והיפוכם. כעבור שנים אחדות להיותי כבר בארץ, נודע לי כי נשא אשה ממשפחה לא אדוקה ביותר.

דודנית לאחותו של הרוקח ק. באיליה וקודם לכן בקריביץ' — משם עבר בסוף שנות העשרים — והיא עצמה אחות מוסמכת בבית־החולים היהודי „משמרת־חולים" ב„ירושלים דליטא", בווילנא. שוב גברה אצלי פליאה על פליאה; ידידי ומכרי מבני עירי סיפרו לי, כי לא דרש ממנה, אלא שמירה על „כשרות" וזהירות ב„הילכות נשים", „טבילה" וכו'. הוא גם לא כיהה בה על התלבשה לפי האופנה האחרונה, ואף לא התנגד לעבודתה בשבת לפי התור. הן „פיקוח חולים דוחה שבת". ומעניין: חיי המשפחה שלהם היו להפליא. טוהר ותום שררו בקינם; ילדים נולדו להם; שני בנים ובת וסעודות־מצווה נערכו אצלם כיאות למהדרין מן המהדרין. ואף־על־פי־כן הלך כל אחד בדרכיו; אשתו חזרה לבית החולים לעבודתה והוא לנגריה בה עבד. אופייני הוא כי הירבה בשנים אלה למשוך בעט והשתתף בקביעות בעיתוניה של „אגודת־ישראל" או ברוחה בוורשא. (דער יוד; דאס יודישע ווארט; דאס יודישע טאגבלאט).

על אף קנאתו היתירה לדעותיו ובייחוד כלפי אנשים מחוץ לחוגו, היה סבלני מאוד כלפי בני־חוגו — בחינת „אלה ואלה דברי אלהים חיים". עם זאת ציין אותו תמיד אי־שקט פנימי על כן נקרא בפי בני־חוגו לעיתים גרשון „אין רוגע" או „אל דמי!" הן משום כך והן על אמירתו המיוחדת תפילה זו ב„תשעה באב" או לעת „סליחות" בניגון ערב ומתמשך בנעימות. מאוחר יותר בגיטו ווילנא, וכל שהתחולל בו קונן בקול „ארץ אל תכסי דמם!..." (לאחר ששוחרר על־ידי הסובייטים מהצבא הפולני בשנת 1939). עם מעשי הזוועה של הגרמנים וכל שבא בעקבותיהם הפך למקונן קינה זו בכל עת פורענות. לכן הוכתר גם בכינוי „ארץ אל תכסי..." כנ"ל.

זה האיש וטיבו וזו דרכו בחיים; סתירות וניגודים התרוצצו בו, לשלמות ושקט נפשי לא הגיע אף פעם. אף עם עלותו לארץ כפליט השואה (אליה הגיע בטרם שובי מה„בריגאדה") הוסיף להיות בדל במחיצתו, בודד וערירי. מעולם לא חיפש חברה וגם לא שש להתרועע עם הבריות. הוא שכר לו חדר קטן בפרברי עיר, ישב שם ולא יצא מעוגתו אשר חג לו. לאט לאט נסתמנו בו תמורות; הוא גילח זקנו העבות והשחור שהאפיר מכל אשר עבר עליו, לבש בגדים פשוטים אך נקיים תמיד ללא רבב. על אף הידידות העמוקה וקירבת הנפש — מאז אותה פגישה מרטיטה ונעצבת באיטליה — לא בא רבות אל ביתנו. אף השתדל להתחמק מזה, כי נבוא אנו לבקרו. כמו־כן חדל להתפלל. קודם בציבור ולאחר מכן ביחידות לעצמו — עד שנטש תפילותיו לגמרי. שעות רבות משעות הפנאי הקדיש לישיבה בספריות ורבות קרא, מכל הבא לידו. אורח תדיר היה בספריה התורנית על־שם רמב"ם, כשם שישב רבות ב„בית מיכה־יוסף" — בית־עיזבונו של הסופר והוגה־הדעות מיכה־יוסף בין־גריון — ברדיצבסקי ובספריות אחרות. אפילו מספרית ה„ארבעטער־רינג" של ה„בונד"

לא הדיר רגליו. כמובן שהמשיך לעבוד לפרנסתו בנגרות־רהיטים באחד מבתי החרושת. הוא השתכר יפה כדי מחייתו ובאחד הבנקים הצטבר כבר סכום ניכר מחסכונותיו. נשים רבות חיפשו קירבתו אך הוא דחן בחביבות ובמאור־פנים על־מנת לא לצערן. שדכנים דפקו על פיתחו אך הוא הודיעם בתקיפות כי לא יאבה להפר בדידותו, וטעמו עימו.

באחד מביקוריו המעטים בביתנו, העירה לו פעם רעייתי תוך שיחה — „כי לא טוב היות אדם לבדו וטובים השניים מן האחד" — שוב האירו עיניו ובבת־צחוק קורנת השיב; — „דבריך כנים אמנם ונכונים. אך כאן יושב מאנדהו ומניאני מעשות זאת" — ובכך הראה על לוח־ליבו והעב׳ר שיחו לעניינים אחרים. פעם שניה העיר על כגון דא:

— דין ודברים לי עם אלוהי קוני ולא עם בני־אדם; אותם אהבתי וגם אוקיר. אלוהי לא אבין ודרכיו לא אדע. מסתבר כי עני הוא ואביון; בראש־חוצות נמכרו נכסיו ופסה ממנו הדרת־מלך. לא ולא! אין עולמו מקובל עלי כלל ועיקר. לא אקבלו! — כשם שלא קיבלו (וגם ממנו יש ללמוד) אותו גוי מחונן וגאוני — דוסטוייבסקי המוכה במחלת הניכפה שגאונות, רוח־אלוה ושינאת־יהודים התרוצצו בו ושימשו בו בעירבוביה. הן הוא שקבע אימרת־לשון זו, שהיא נכס יקר לכל אוהבי אדם באשר הם; הוא שאמר; דמעת־ילד ילוד־אשה שקולה בעיני נגד עולם מלא ולא אקבל העולם, כל עוד וכל אימת אראה דמעת ילד קטן.[1] אולם היכן הוא אלוהי סוף־סוף? היכן היה ועל שום מה לא החזיר העולם למכיתות, לתוהו ובוהו של בראשית, עת זרמו ימי דמעות ודם עוללים ויונקים של תינוקות דבית רבן ושל עלמות ונשים? הן אוקייאנוסים של דם ודמעות בני־אדם זרמו! — אמרי לי איפוא את כיצד מוסיף הוא לשלוט בעולמו? וכיצד את אומרת לי, לבנות לי בית ועולם משלי ועולמי נחרב לעיני ומהלך אני בעולמו ואינני מקבלו?! על כן לא אוכל אנוכי בעולמו זה, לבנות לי עולם משלי המושתת על כבוד לאדם, אהבת אשה, טיפוח ילד ושיר לנערה צעירה!...

ארכו איפוא הדברים בספרי על האיש וטיבו. ולאחר שסטינו מסיפורינו נשוב לדוח־שיח באותו ערב, עת משפטה הקרוב והצפוי של ביאטה קלארספלד בגרמניה עורר אותו לפעולות. נכנסנו כמובן לחדר; ישבנו האחד מול רעהו ונתהרהרנו בתוך דממה כבדה שירדה עלינו. לאחר רגע ממושך קרע אותה גרשון:

---

[1] באגרותיו לבני דורו — לביילינסקי ואחרים. בהרצאתו המפורסמת על א. ס. פושקין ליום השנה למותו.

— אני מבקשך ובמפגיע גם תובע ממך; אתה תהיה לי לפה ולמנסח דברי. עזור לי להביא מוצגים משפטיים אלה שבידי לפני אותו משפטן (מריאנסקי דומני) ממשרדו של תמיר ואולי לאחר מכן לפני השופטים העלולים לדון את ביאטה הדגולה — בארץ דאכאו ובוכנוואלד, אם יהא צורך בנסיעתך לגרמניה אממנה אני. לכל מקום אלך, אעצור כוח גם לעמוד בפני השופטים אך נבצר ממני לנסח דברי בלשונם הרצחנית ובאנגלית אינני שולט. אין ברצוני גם להשמיע דברי בלשון הקודש על אדמת התועבה. אכול נא אתה איפוא, מגילת לבבי — בדם ובאפר תתפלש, עלע אותה אל תוך־תוכך וכל־כולך, שתה ומצוץ זעם המשטמה. נסח וכתוב כל זאת כמיסמך, כ„אונדרסטייטמן״; הייה אתה דוברי כי הינך מסוגל לכך. אנא, עשה זאת אם באמת תאהבני כידיד ואם יש את נפשך, כי אמצא איחוי מה לקרעים בתוך־תוכי.

— גרשון יקירי! — עניתי — הן תדע וגלוי לפניך, כי כל אשר אוכל אעשה למענך; עז מאוד חפצי כי תתגבר על מאבק האיתנים בקירבך ותגיע לאיזון ושקט ושלמות־נפש. אעשה כמובן כל שתבקשני. אך ראש לכל — אנא, הירגע קמעא. כך יוקל לך להשמיע כל אשר עימך. הן לא ניטיב לעשות אם נסרב לעצתו של חכם־משלים עתיק ופייטן קדמון שאמר; „חיש מהר תשבור הקשת, אם דרוכה תמיד תחזיקנה״.[2] הבה אם כן נחסוך כוחותינו ונאספם. אתה — על מנת להתרכז, להטיח כאן דברים ולספר. אני — כדי לשמוע ולקלוט ולעכל — להקיף הכל (לנסח כפי שאמרת) ולהטיחו בפני כל וכולם אל כס המשפט!

וזאת לנו לחיזוק! — הושטתי ידי אל המזנון והוצאתי בקבוק קוניאק וכוסות; עמדתי למזוג אך הוא עצר בי.

— אל תיחפז עוד — עוד גדול הערב ורבה הדרך לפנינו — אמר. אל תדון את הבריות... אל תדון חברך עד שתגיע למקומו. אתה זועם ומתמרמר על ניצולי קריביץ׳ מדאכאו המסרבים לספר ועל ניצולים, שחגו להם עוגה סביבם ואינם יוצאים ממנה. ובכן, אשמת שווא טפלת עליהם. לא סירוב כהוא זה, כאן. כי אם חוסר־אונים ודיכאון כללי, מול עוצמת עלבון האדם בהם ועמידה על דמם הרותח בתוך־תוכם ואינו חדל מזעפו כשם שעד היום רותחים

[2] Cito rumpes arcum Semper si Tensum Haberis (פיידרוס משלים).

בקברו דמיו השפוכים של הנביא זכריה ולא חדלים... (לפי המסופר באגדה שבמדרש). מי אתה כי תתגולל עליהם? — אין הם מסוגלים לשוב ולחוות כל זאת, עוד פעם. שעה שאתה מספר זאת, הינך שב ורואה איך וכיצד התרחשו הדברים עוד פעם ולא הכל מסוגלים לכך. הבכי המתלעלע מבפנים וזעף הדם תוך רתיחה בלתי־פוסקת עומדים בגרון ושמים מחנק. הן גם אני בוכה במיסתורים כחיה בסוגר וזועק למרומים, כלפי שמים אטומים. וכי יש בי הרצון לספר על כל שראיתי? אך שהדי במרומים! הכרח הוא לי... כי שעה שכל תפארת האדם ועוז־רוחו — אורו וטהרו; ישרו ותומתו וכבוד הבריאה — שכה יפה נתגלמו בדמותה של בת האדם — באותה ביאטה אשר לא נרתעה ונכנסה לגוב האריות של אויבינו בסוריה בזעקה לשיחרור שבויינו. שעה וכל אלה מוקעים לעין „שופחים במשפח" קבל עולם אדיש ואויב, איני יכול להחריש עוד... באתי לשפוך הכל ולו גם תתפקע בי מררתי! אספר גם אם יחניקני הבכי, גם אם אהפוך בר־מינן — פלט מתלעלע וסומק כולו מדמו העולה, אל פניו בזעם הדווי.

— — לאחר הפרץ הסעור ויוקד נאלם בו גרשון. החרשתי גם אני; שוב הושטתי ידי לבקבוק ומילאתי הכוסות. הפעם לא כיהה בי. עיניו הישירו מבטן אלי. אך היתה בי ההרגשה כי הן ונושאן רחוקים מאוד... אף על פי כן — אזרתי עוז לאחר דקות מספר — חשל רצונך וחזק הווייתך הנרעדת להעלות כל שתאבה; לא תתפקע ידידי ולא תהפוך בר־מינן! חזק היית וככה תעמוד — הושטתי הכוס לגרשון והרימותי כוסי — שתה איפוא והתחזק! זה בריא לנפש ומעודד הגוף ורבה עוד העבודה לפנינו! קמנו ולחצנו ידיים. הכוסות הורקו. שבתי ומלאתין שנית ושוב באין אומר הרקנון. גרשון התיישב בכבדות בכסאו; ראשו נסמך בשתי ידיו ומרפקיו אל השולחן ועצם עיניו. ישבתי גם אני. משך דקות שררה דומיה. התבוננתי בו וראיתי כי חותר הוא במאמץ, להסדיר דבריו שעמדו לפרוץ. בקול עצור שהפך לעיתים סעור ויוקד החל לדבר. הפכתי כולי אפרכסת; במתח עולה קלטתי כל ניד והגה מפיו...

— — אתה זוכר וודאי כיצד התמוטטתי במשפט אייכמן בירושלים ולהשמעת עדותי לא הגעתי — החל גרשון בסיפורו.

— האם זכור לי... וודאי. הן בקושי ניצלת ובעצלתיים שבת לאיתנך מהתמוטטות ושיתוק שבא בעקבותיה...

— אנא, אל תפריעני בשיחי... שיסע גרשון דברי והמשיך —

ובכן, בהישמע העדות על ווילנא ועיירות הסביבה מפי אברהם סוצקובר, אבא קובנר ואחרים, לא עצרתי כוח עוד, נבצר ממני לשבת. דברי עדותי עלו ועמדו בגרוני, עד לידי מחנק... שפרה שלי היקרה והנלבבת עמדה חיה לנגד עיני אותו רגע ועיניה קורנות טוב־לב לכל שנברא בצלם ואהבת־האדם. אף באותו יום עברות, יום הטבח הגדול עת הובלנו... לא פסקה מהיות היא ולא נטשה משמרתה. לא חדלה מלסייע ולסעוד כושלים ודכים. אשה כשלה ונפלה בשורה שהלכה לפנינו. היה זה טבעי ביותר כאשר שפרה נתעכבה והגישה עזרה. אך אותו גרמני, משרתו של מורר ימח־שמו וזכרו, לא הבין זאת; הוא פקד עליה ללכת הלאה, בעוד היא מבקשת להקים את הנופלת. הנאצי ירה במוטלת על הארץ והרגה. שפרה סטרה לרוצח על לחיו, ירקה בפניו... הרוצח ושני גרורים ליטאים התנפלו עליה ורוצצו גולגלתה, בקתות הרובים לעיני ולעיני הילדים הזועקים אל אמם — גם בנימין ותמר ושרה׳לה ומוט׳לה בן השלש הופיעו לנגד עיני... אללי לי! מוט׳לה שראשו הוטח אל הכותל והועף אל הבאר בחצרנו בעוד עיניו עיני ילד עברי נבונות וחכמות, ניבטות אלי ושואלות ממני, מאביו, על שום מה נחטף מזרועות אימו ואף לא הספיק לבכות?... לבדי נשארתי. כלום היה בי כוח לשבת ולהמתין? התפרצתי מתוך נהרות־דינור ואש לוהטת, שדלקו בי בתוך־תוכי מפתיחת המשפט ואילך ועוד קודם לכן. יתר על כן; אש־תמיד יוקדת בי ולוחשת ברמץ־לבבי. אותה אש עצורה בתוכי מאז, נתלהטה ונשתלהבה משהשמיע הקטיגור גדעון הויזנר בפתיחת המשפט בתי־שירו המזעזע וגורם להתפלצות של שמרק׳ע קטשרגי־נסקי „שטילער...״

**שקט, שקט בני נחרישה,**
**כאן צומחים קברים;**
**השונאים אותם נטעו**
**פה מעברים — — —**
**לפונאר דרכים יובילו**
**דרך אין לחזור — — —**
**עם הדרור הלך לו אבא**
**ועימו האור.**

מאז לא פסקה אש זו — עד לאותה ההתמוטטות, לוקחתי ב„אמבולנס״ אל „הדסה״. שבועות וחודשים נבצר ממני להוציא

